Groyse

# די גרויסע
# אידישע געשיכטע

פון די עלטסטע צייטען ביז אויף היינט

באַנד III

פון דעם אויפטריט פון די ערשטע שריפטליכע נביאים
ביז דער אויפבויאונג פון צווייטען בית־המקדש

צוזאמענגעשטעלט לויט פאַרשידענע פאַרשער
פון
**חיים שויס**



ליטעראַרישער פאַרלאַג
ניו יאָרק
1921

# אינהאלט:

זייט

צ ו ו י י ט ע  אָ פּ ט י י ל ו נ ג.



ד ר י ט ע  אָ פּ ט י י ל ו נ ג.



פ ע ר ט ע  אָ פּ ט י י ל ו נ ג.

ערשטע אפטיילונג.

# דער נייער אויפטריט פון די נביאים

## 1.

## די נביאים זינט דעם אכטען יאהרהונדערט.

וואס ווייטער די היסטאריע געהט, אליז מאגערער. זעהט עס אויס. ווערען די ידיעות אין ספר מלכים. נאר אלס אן אויסנאהם ווערט נאך וואו ניט וואו געגעבען א באריכט בפרטות. ווען מיר וואלטען וועגען דער צייט פון נאך יהוא'ן און עתליה'ן געווען אנגעוויזען נאר אויף יענעם דערצעהלונגס־בוך, וואלטען מיר דאן טאקע געווען אין זעהר א שלעכטער לאגע. עס איז פון אן אומאפשאצבארען ווערט פאר אונזער קענטעניש פון דער אידישער פארגאנגענהייט וואס גראד ווען די אינפארמאציעס אין ספר מלכים פארלאזען אונז, עפענט זיך פאר אונז א מקור פון נייע ידיעות אין די שריפטען פון די נביאים. דער מאגערער סקעלעט פון דער דערצעהלונג פון ספר מלכים ווערט דאן באלעבט דורך דעם פרישען הויך פון דירעקטע געפיהלען, וואס וועהט ארויס פון זייערע רייד. ער באקומט פלייש און בלוט און נאך דערצו די פרישקייט פון דער נאטור־פארב. די נביאים זיינען דורכגענומען דורך און דורך מיט דעם וואס עס געהט פאר אין זייער פאלק. זיין נויט קלאפט ביי זיי אין הארצען, זיין זארג איז איינגעגעסען אין זייער נשמה, זיין זינד ברענט אין זייער געוויסען. און דאס וואס עס באוועגט זיי אינערליך קומט ארויס צום אויסדרוק נאטור־געטריי אין שפרודעלדיגע אומגעפוצטע ווערטער.

אט אזוי באקומען מיר א בילד פון די פארהעלטענישען, ווי עמוס און זיינע נאכפאלגער האבען זיי געפינען זינט ירבעם דעם צווייטען אין ישראל און יהודה. דאס בילד דערגענצט אונזער שילדערונג פון דעם לעבען און

די אויפפיהרונגען אין דער צייט דירעקט פאר זייער אויפטרעטען. דעם פינזעל איבער דעם בילד פיהרט דערביי דער הייליגער צאָרן פון עכטע פאטריאָטען, די פארבען זיינען א ווײלע ווי בלענדענדע פלאַמען, א ווײלע זיינען זיי טיף טונקעל — פונקט ווי מיר זעהען ווען אן אפגרונט ווערט באַלויכטען פון די בליצען אין א געוויטער.

ס'איז אויבען דערמאָנט געוואָרען, אז צווישען די, וואס האבען זיך ביי די אידען גערופען נביאים, זיינען געווען אלערליי לייט. יענע משרתים פון די גרויסע לייט און פון די פאָלקס־מאסען און פאָלקס־אינסטינקטען. „וועלכע רופען פרידען ווען זייערע צייהנער האבען וואס צו בייסען", פיהרען נאָך נאטירליך איצט אויך אן זייער טעטיגקייט. אט דער מין פארשוינען, צו וואס פאר א קלאַס זיי מעגען ניט געהערען, שטארבט אין קיין צייט ניט אויס צווישען מענשען. אבער די ערנסטקייט פון דער לאַגע און די גרויסקייט פון דער אויפגאבע האט צו דעם אידישען גליק ארויסגערוקט אין דעם פאָדערגרונט יענע עלעמענטען צווישען די נביאים, פאר וועמען די אינערליכע איבערלעבונג איז ניט א זאך פון פרנסה, נאָר א זאך פון געוויסען און פון הייליגער מאראַלישער פארפליכטונג. פון זיי וועלען מיר דא איצט ריידען.

די מאראַלישע צושטענדען ווערען געשילדערט פון די דאָזיגע נביאים אלס דעגענערירט און פארדאָרבען. די פיעל מלחמות האבען דאָס זייעריגע געטאָן. אבער אפילו אויך די בעסערע טעג, וועלכע די רעגירונגען פון ירבעם בן יואש און עוזיהו האבען געבראכט מיט זיך, האבען אויך ניט געקאָנט גוט מאַכען דעם שאדען. זיי האבען העכסטענס פארגרעסערט די צרה. צו רויקייט און געוואלדטעטיגקייט איז צוגעקומען אפענע העזה און פרייע צעלאָזענקייט. „פאטער און זוהן געהען צוזאמען צו דער מיידעל", זאגט עמוס*), און ישעיה ווארפט פאר שומרון פונקט ווי ירושלים: „זיי זיינען פארשלונגען פון וויין און וואקלען זיך פון מעד... אלע טישען זיינען פול מיט אויסגעבראָכענע אומריינקייט, אז ס'איז מעהר קיין פלאַץ ניטאָ"**). די אומגערעכטיגקייט אין האנדעל שרייט צום הימעל. דאָס רעכט פון דעם

---

*) עמוס ב 7. דאָ האנדעלט זיך אין עיקר וועגען רעליגיעזער און קולט־אויסגעלאַסענקייט; אבער זעלבסטפערשטענדליך ווערט דאָס אויך באַטראַכט פון א מאָראַלישען שטאַנדפונקט. פאַרגלייך הושע ד 11—14.

**) ישעיה כ"ה 7, 8; פאַרגלייך פסוק 1.

שטארקען האט פארנומען דעם פלאץ פון גאט'ס געזעץ. משפט און יושר איז, ווי עס ווייזט אויס, מעהר ניטא, און די סאציאלע פראגע איז געלייזט דורך דער עקספלואטאציע פון די שוואכע. „דעם גערעכטען פארקויפען זיי צוליב געלט, דעם אביון — צוליב א פאר שיך. זיי לעכצען נאך דעם ערד־שטויב אויף דעם קאפ פון דעם ארימאן און צעדרעהען דאס רעכט אין האנדלען מיט דעם עלענדען"*). „וועה צו די — זאגט ווייטער ישעיה —, וועלכע רוקען צו א הויז צו א הויז, א פעלד צו א פעלד, ביז עס בלייבט מעהר קיין ברעקיל פלאץ ניט, און וועה צו די, וועלכע זיינען גבורים אין טרינקען ווייז און העלדען אין מישען מעד, וועלכע באפרייען דעם רשע פאר שוחד און גיבען דעם אומשולדיגען ניט זיין רעכט!" (ה 8, 22, 23). „זיי נעהרען זיך פון דעם פלייש פון מיין פאלק, און זיי ציהען אראפ פון זיי די הויט פון לייב און צעברעכען זייערע ביינער", זאגט מיכה (ג 1—3). אט דא האבען מיר דעם סאציאלען גייסט פון די רכבים.

מ'קאן צווייפלען, צי די דאזיגע שילדערונגען זיינען פולקום אביעקטיוו. מוסר־זאגער און מאראל־פרעדיגער ווילען גאר ניט פארדינען דעם שבח פון זיין אביעקטיוו. דאס איז גאר ניט זייער עובדא. זייער עובדא איז אויפצודעקען די שלעכטע זייטען און דערביי ניט אריבערצוטרעטען די גרעניצען פון אמת. אט אזוי דארפען מיר באטראכטען אויך אט די שילדערונגען. אז עס זיינען גלייכצייטיג געווען הייזער און קריזען. וואו עס האט גאנץ אנדערש אויסגעזעהן, אין דעם איז קיין ספק ניטא.

ניט בעסער ווי מיט דעם מאראלישען שטעהט עס מיט דעם רעליגיעזען לעבען. אויך דא צערייסט די ערנסטקייט פון דעם נביא'ס שטראפענדען ווארט יעדען פארבלענדענדען שיין, און עס איז קיין ספק ניט, אז די שילדערונג איז בעצם ריכטיג. די כנעני'זירונג פון דער רעליגיאן, וואס איז אלץ מעהר און מעהר געווארען א סיסטעם, האט געבראכט מיט זיך א דאפעלטען שאדען. אויף איין זייט קנאה פאר יהוה און דער נאאיווער גלויבען, אז דער כמות איז דער עיקר און אז די אויסערליכע צערעמאניע איז בכוח גוט צו מאכען דאס וואס עס פעהלט אינערליך. אויף דער אנדערער

*) עמוס ב 6, 7; פארגלייך ח 4—6. די מלחמות און די בירגער־קריגען האבען רואינירט לאנדווירטשאפט און האנדעל און האבען געבראכט אסך צום בעטלער־שטעקען. דער פראלעטאריאט וואקסט, וואוכער און קנעכטשאפט דורך חובות בליחען.

זייט — אַן אפענער איבערגאַנג צו פרעמדע געטער אדער א יהוה־דינסט וואס איז גלייך צו היידענטום. ביידע פעהלערן ווערען אהן רחמנות אויפגעדעקט, און די רעליגיעזע שטעלונג פון די נביאים באדייט דאַ ניט אנדערש ווי א סיסטעמאַטישער פּראָטעסט געגען דער היידנייזירונג פון דער רעליגיאָן, וועלכע איז אין אסך פונקטען שוין כמעט געווארען פולשטענדיג.

עס הייסט ניט, אז דאס אַלץ איז ערשט געשעהן צום ערשטען מאָל אין די טעג פון ירבעם און עוזיהו. די צרה איז נאר מיט דער צייט געוואקסען, אבער בעצם איז זי שוין לאַנג געווען. דאס נייע, וואס יענע צייט האט געבראַכט איז געלעגען ניט אין די פארהעלטענישען גופא, נאר אין'ם ליכט וואס איז פּלוצלונג אויף זיי געפאַלען. די אידען האבען פארבראַכט זייערע טעג אהן דאגות און זיך נאר געקימערט וועגען דער דירעקטער געגענווארט. די מלחמות מיט די סיריער און מאַנכע אַנדערע נויטען פון דער צייט האבען אפילו געבראַכט מיט זיך געוויסע זאָרגען. אבער אַלעמאָל איז אזוי צי אזוי באַלד געקומען הילף. יהוה האט קיינמאָל זיין פאָלק אין גאַנצען ניט פארלאָזען. איצט אבער האט פּלוצלונג א העלער בליץ באשיינט דעם הימעל, און די אידען האבען מיט איינמאָל דערזעהן, אז מ'שטעהט ביי אַן אפענעם אפּגרונט. דער בליץ איז געקומען פון מזרח, פון **אשור**.

זינט עמרי'ס צייט האבען מיר זיך שוין מעהרערע מאָל באַגעגענט מיט אשור. די מלכים פון ישראל האבען שוין אויך מעהר ווי איין מאָל געהאט מיט איהר א מגע־ומשא. אבער זינט דער צייט פון יואש און ירבעם דעם צווייטען איז אריינגעטראָטען אַן אַנטשיידענדע ענדערונג*). אונטער די באַזונדערס גינסטיגע אומשטענדען איז יענע ענדערונג נאָך ניט געווען צו זעהן פון אויבען אויף, מחמת ארם איז נאָך באַשטערט געווען זיך צו האַלטען עטליכע יאהרצעהנדליג. אבער זינט דעם אויפטריט פון תגלת־פלאסר דעם דריטען האט ביי די מענשען מיט א ווייטערען בליק מעהר קיין ספק ניט געקאָנט זיין: דאס סירישע קעניגרייך פון דמשק, כאָטש עס האט זיך נאָך א ווייַלע געהאַלטען ווי עס איז, האט איצט נאָך א לאַנגען ראַנגלען באקומען דעם טויט־קלאַפּ. עס האַלט דערביי, אז אשור זאָל ווערען דער שכן פון ישראל. ישראל האט געמעגט א לאַנגע צייט ליידען פון דמשק: מ'האט געמעגט אפּט זעהן אין אשור, וועלכע האט צעשלאָגען די אראמע־

---

*) זעה באַנד 2, ז. 223—225.

אישע שכנים, דעם באפרייער פון ישראל. אבער ווער עס האט אריינגעקוקט אין דעם סאמע תוך פון דער זאך, האט זיך פון דעם ניט געקאנט לאזען פארבלענדען. אשור — ישראל'ס שכן: די געוואלדיגע מלוכה פון עראבערער, וועלכע האט געזיגט מיט דעם שווערד און ברוטאלער מאכט, געשטעלט ביי דער זייט פון דעם קליינעם, שוואכען ישראל: — עס האט קיין ספק ניט געקאנט זיין וואס עס וועט זיך דערפון אויסלאזען. וואס עס איז געשעהן מיט דמשק און חמת, וועט זיכער אויך מוזען טרעפען ישראל (ישעיה י 9). מיט דער אידישער זעלבשטענדיגקייט איז עס געוועזן צו ענד. אויב ניט דורך גאט'ס א וואונדער, מוזען קעניג און פאלק אונטערגעהן.

דאס וואס אפך אידען האבען עס נאך ניט איינגעזעהן, האט די לאגע ניט בעסער געמאכט. אז אומגליק איז אלעמאל גרעסער, וואס מעהר אומדערווארט עס קומט. ס'איז געוועזן דאס גליק פון די אידען און זייער רעטונג—אזוי ווייט ווי עס איז דא נאך געוועזן וואס צו רעטען—וואס עס האבען לכל הפחות זיך געפונען צווישען זיי מענער, וועלכע האבען זיך ניט געלאזט פארנארען אין דעם אלגעמיינעם טומעל פון דער צייט. דאס זיינען געוועזן די נביאים פון יענער צייט, געניער יענע צווישען זיי, פאר וועמען זייער אמט איז געוועזן א מאראלישער חוב. זיי אליין האבען געקוקט די פאקטען אין פנים אריין. און אלס דינער פון זייער גאט האבען זיי געפונען דעם מוט ארויסצוזאגען דאס שרעקליכע וואס זיי האבען געזעהען אפען פאר דעם קעניג און דעם פאלק און פאר אלע אידען וואס ווילען דאס נאר הערען. דערמיט טרעטען זיי אריין אין דעם מיטעלפונקט פונ'ם פאלקס־לעבען. זיי נעמען אריבער די גייסטיגע פיהרערשאפט פון זייער פאלק צי אין הארמאניע מיט די הערשער, צי אין אפאזיציע צו זיי, לויט ווי די צייט ברייגנט מיט זיך. אין יעדען פאל האבען די אידען זיי שוין ניט געקאנט מעהר באזייטיגען אלס פיהרער. כל זמן עס האט נאר עקסיסטירט א אידישע מלוכה. און אפילו לאנג נאכדעם ווי די מלוכה איז פארשוואונדען. עד היום נאר. שטעהט דאס אידישע פאלק און דאס וואס איז פון איהם ארויסגעוואקסען אונטער דער השפעה פון יענער איינגעארטיגסטער, געוואלדינסטער ערשיינונג, וואס א פאלקס־לעבען האט ווען עס איז ארויסגעבראכט פון זיך. אין די נביאים האט דער זשעני פון אידישען גייסט געפונען זיין ריינסטען און העכסטען אויסדרוק. אויף אן אופן וואס האט זיין גלייכען ניט האבען די גייסטיגע גבורים פון ישראל. וועמען קיין פאלק האט ניט צו

שטעלען עפּעס עהנליכעס ביי דער זייט, אריינגעקוקט אין דער טיפעניש פון זייער פאָלק׳ס נשמה. די נבואה האָט מאַקע לכתחילה געמעגט זיין א פּרעמדע זאַך ביי אידען, אבער די נביאים האָבען באַלד טיפער ווי ווער עס איז דער־פיהלט וואָס די אידען זיינען געוועזן און וואָס זיי האָבען געקאָנט ווערען לויט דעם סאַמע תוך זייערען. די נבואה איז געקומען פון א קוואַל, וואָס איז לגמרי ניט געוועזן ריין. זי האָט דעריבער אויסגעקוקט משונה׳דיג שוין פאַר די אידען פון יענער צייט און נאָך מעהר — פאַר אונז היינט. אבער פון שטופּע צו שטופּע איז זי געוואָרען דורכאויס אַ אָריגינעלע און אַלץ מעהר א גייסטיגע ערשיינונג, וועלכע געהערט אין איהר שפּעטעריגער גע־שטאַלט און אויף איהר העכסטען פּונקט צו דאָס גרעסטע, וואָס די מענש־הייט האָט פון זיך ארויסגעבראַכט.

ווען מיר ווילען פאַרשטעהן די נביאים אין זייער נייער געשטאַלט, מוז־ען מיר ניט ווילענדיג וואַרפען א בליק אויף צוריק. ס׳איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר הערען דעם נאָמען נביאים. שוין שמואל און נתן און דערנאָך אליהו און אלישע האָבען געטראָגען דעם דאָזיגען נאָמען. וואו ליגט דאָס נייע אין דער נבואה פון אָט דער צייט, וואו מיר שטעהען? מיר מוזען זיך היטען און ניט לעגען צופיעל געוויכט אויף דאָס אויסערליכע. כאָטש אסך האָט זיך געענדערט און זיך אנטוויקעלט אין פאַרלויף פון דער צייט אויך בנוגע דער אויסערליכער ערשיינונג און דעם אויפטרעטען פון די נביאים. דאָס וואָס די נביאים שרייבען איצט טיילווייז אויף דאָס וואָס זיי האָבען צו זאָגען דעם פאָלק און פאַרעפענטליכען עס אין דער פאָרם פון ביכער אדער באַשריבענע פלוג־בלעטער, גיט זיי נאַטירליך צו אויסערליך אַ אנדער אויס־זעהן. אבער פאַקטיש איז דאָס ניט מעהר ווי דער נאַטירליכער פועל־יוצא פון דער פאַרענדערטער צייט. די אידען זיינען איצט אריינגעטראָטען אין דער עפּאָכע פון ליטעראַטור. טאַ ווי האָבען די פיהרענדע גייסטער פון דער נאַציאָן זיך געזאָלט אנטזאָגען פון דעם ווירקזאַמסטען מיטעל צו פאַרשפּריי־טען זייערע געדאַנקען צווישען די מענשען, בשעת די אנווענדונג פון דעם דאָזיגען מיטעל איז געוואָרען אַ עפענטליכע געוועהנהייט?

די קאָמפּאַניעס פון עקסטאַטישע ענטוזיאַסטען, ווי זיי פלעגען אין שמואל׳ס צייטען ארומציהען איבער׳ן לאַנד, געהערען לאַנג שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. זייער פלאַץ האָבען שוין אין אליהו׳ס טעג פאַרנומען די געזעלשאַפטען פון די „בני הנביאים" — דער רוהיגער, געלייטערטער פּראָ־דוקט פון יענע ארומציהענדיגע פאַראיינען. אויך זיי, די בני הנביאים, האָ־

בען איצט פארלארען אסך פון זייער באדייטונג. פון דעסטוועגן איז נאך געבליבען אן ערינערונג אן זיי, אלס א מין געשלאסענער ארדען, א צעך*). ווער עס צייכענט זיך אויס אין דעם ארדען דורך א באזונדערער נביאי'שער באגאבונג, דער פארנעמט נאטירליך דעם פלאץ אויבען אן. עהנליך ווי אין שפעטערע צייטען דער „רבי", פארנעמט ער די שטעל פונ'ם לעהרער, וואס פארזאמעלט ארום זיך אין אן ענגערען קרייז זיינע פארטרויטע תלמידים (ישעיה ח 16). אבער אויך יעדער איינער, וואס שפירט אין זיך דורך דעם אינערליכען אימפולס פון גאט'ס גייסט דעם רוף צו ווערען א נביא, קאן ווירקען אלס א מאן פון גאט, אפילו ניט זייענדיג קיין מיטגליד פון דעם נביאים־ארדען און ניט געהערענדיג צו די בני הנביאים (עמוס ז 14). ניט דער ארדען און די חברה מאכט דעם נביא, יעדענפאלס ניט דעם גרויסען נביא. דער איינצעלנער טרעט ארויס און רעדט אין יהוה'ס נאמען אויף זיין אייגענער אחריות: וואס עס גיט איהם אויטאריטעט אין די קראפט פונ'ם גייסט, וואס שטראמט ארויס פון איהם. אבער כאטש די פערזענליכקייט טרעט איצט ארויס אין דעם פארערגרונט מעהר ווי פריהער, קאנען מיר ניט זאגען, אז זי איז פריהער פארשלונגען געווארען פון דער געזעלשאפט, און אט אזוי זעהען מיר אויך אין דעם פרט, אז דער פארטשריט פון דער צייט האט ניט געבראכט קיין אבסאלוטען אונטערשייד.

דאסזעלביגע איז אויך מיט דער פסיכאלאגישער אויסדרוקס־פארם פון דעם גייסט פון דער נבואה. אט דא ביי די נייע נביאים, פונקט ווי דארטען ביי די אלטע, איז דער גרונט־שטריך דאס דירעקטע פארכאפט־ווערען פון גאט'ס גייסט, אן איבערלעבונג וואס איז אפט ניט אפהענגיג פון דעם מענשען'ס ווילען און וואס נעמט ניט זעלטען אן די פארם פון אן עקסטאטישער זעהונג. אמת טאקע, אז פון איין זייט ווארפט די נבואה אלץ מעהר און מעהר אוועק די פארבינדונג, וואס זי האט לכתחילה געהאט מיט דער מ־ער־פעריי (מאנטיק) און פון דער אנדערער זייט טרעט מיט דער צייט אלץ מעהר אפ אין דעם הינטערגרונט דער עלעמענט פון פאנטאסטישען זעהער. אבער דאס באוואוסטזיין פונ'ם נביא, אז ער האט זיך גופא ניט גערופען, נאר אז זיין גאט האט איהם געצוואונגען אין ראט אריינגעטאן זיין ווארט אין איהם, בלייבט אלעמאל.

---

*) וועגען די עלטערע נביאים זעה באנד 2, ז. 14. 15 און 100, 101.

נאטירליך זיינען די אלע ענדערונגען, וועלכע די צייט האט מיט זיך געבראכט, בשום אופן ניט אהן באדייטונג. זיי אלע העלפען צו פארגייסטיגען אלץ מעהר און מעהר דעם כאראקטער פון דער נבואה. אט אזוי טרעט איצט אויף דער איינצעלנער פאר זיך אנשטאט אין א גרופע און ער האלט א פארזיכטיגע, אפגעוואויגענע קונסט־רעדע, וועלכע איז איצט געווארען דער כלל. מ׳קאן זעהן, אז אט דער מעהר גייסטיגער אופן האט אסך בייגעטראגען דערצו, אז די נביאים זאלען מעהר ניט באהאנדעלט ווערען מיט אזוי ווייניג אכטונג ווי פריהער*). פארקעהרט, זיי זיינען געווארען א הויך־חשוב׳ער קלאס און האבען זיך געשטעלט אין סאמע צענטער פון פאלקס־לעבען. זיי זיינען איצט אין אסך א העכערען זין ווי אליהו אדער מיכה בן ימלה זיינען עס געווען שוין פריהער, די פיהרער און יועצים פון קעניג און פאלק אין וויכטיגע פאליטישע און רעליגיעזע ענינים.

לגמרי ניי איז אבער נאר איין זאך: די דירעקטע אריינמישונג פון אשור אין דעם גורל פון אידישען פאלק און דער אופן ווי דאס שפיגעלט זיך אפ אין דער נשמה פון די נביאים. פאר זייערע אויגען אנטפלעקט זיך דער אפענער, משפט׳דיגער אפגרונט, ביי וועלכען דאס אידישע פאלק שטעהט: זיי זעהען דאס שרעקליכע בילד פון א פאלקס־קערפער, וועמעס קיום איז צעטרייסעלט דורך און דורך, און זיי הערען שוין דאס כארכלען פון דער גסיסה, דעם סימן פון א לעבען וואס ענדיגט זיך. אבער דאס לעבען פון א פאלק ווי ישראל דארף ניט און טאר זיך ניט ענדיגען, אפילו ווען עס האט געגען זיך אלס פיינד א וועלט־מלוכה! אט דער געדאנק רייסט די נביאים ארויס מיט געוואלד פון זייערע נאציאנאלע גרעניצען און לאזט זיי דערקענען דעם ציל און די באשטימונג פון אידישען פאלק אינ׳ם א י נ ט ע ר נ א צ י א נ א ל ע ן ליכט, אינ׳ם ליכט פון דער וועלט־געשיכטע. אט אין דעם ליכט פון דער וועלט־געשיכטע האט ישראל געלאזען הינטער זיך אשור און אלע וועלט־מלוכות, וועלכע האבען איהם אנגעטאן געוואלד. אט דאס האבען די נביאים דערקענט. און וואס זיי האבען דערקענט, האבען זיי אויסגעפיהרט.

צוויי פראגען לעגען זיך ביי די נעטליכע מענער שווער אויף דער נשמה: איין פראגע די פון דערקענונג און די צווייטע — פון האנדלען. די ערשטע מאכט זיי פאר אומפארגלייכליכע לעהרער, פאר באנייער פון דעם

---

*) שמואל א, י 11 (איז אויך שאול צווישען די נביאים?); מלכים ב, ט 11 (אט דער משוגע׳נער); עמוס ז 14 (זעהער, עס דיין ברויט!).

גלויבען פון זייערע פאטערס, די אנדערע מאכט זיי פאר אומפארגלייבליכע פאטריאטען און פאר רעפארמאטארס פון דעם מענשען׳ס פיהרונג.

די ערשטע פראגע קאן פארמולירט ווערען אזוי: ווי איז נאר איבערהויפט מעגליך געווען דאס וואס איז פארגעקומען פאר זייערע אויגען? יהוה איז דאך פון אלעמאל דער גאט פון ישראל, וועלכער האט איהם געמוזט באשיצען פון אלע סכנות. טא ווי אזוי האט דאס גאט געקאנט איבערגעבען זיין פאלק אין אשור׳ס האנט? און ווי באלד, אז ער האט עס פארט געטאן, דאן איז ער ענטוועדער ניט געווען מעהר ישראל׳ס גאט אדער ישראל איז מעהר ניט זיין פאלק. ער האט עס געטאן. און אזוי ווי יהוה׳ס געטריישאפט און מאכט האבען ניט געקאנט ווערען שוואך און וואקעלדיג, איז דער לאגישער שלום פון דעם נביאי׳שען געדאנק געווען אומפארמיידליך: די אידען זיינען ניט מעהר דאס וואס אמאל, זיי זיינען א פאלק פון ווידערשפעניגער, אויסגעלאסענע קינדער, וועלכע האבען געבראכען די טריישאפט צו זייער האר. ישראל׳ס שולד, זיין זינד איז עס, פאר וועלכער זיין גאט איז זיך אן איהם נוקם דורך דעם שונא׳ס האנט. דער ביז־איצטיגער צושטאנד פון דעם אידישען פאלק, דער רעליגיעזער פונקט ווי דער מאראלישער און סאציאלער, מיט זיינע פארשידענע פינסטערע זייטען, ערשיינט אט אזוי פלוצלינג אין א נייעם ליכט. פאר אט די פינסטערע זייטען איז דעם מעכטיגען פיינד ערלויבט זיך צו דערנעהנטערען צו ישראל׳ס טויערן. יהוה גופא ערשיינט דורך דעם פלוצלונג אין א נייעם ליכט: ער איז עס, וועלכער האט אין זיין מאראלישער הייליגקייט באשלאסען דעם אונטערגאנג פון ישראל, און האט באשטימט די פיינד אלס א בייטש איהם צו שטראפען.

ניי איז ניט יענע מאראלישע הייליגקייט אין יהוה. שוין משה האט געהאט א פאר־געדאנק וועגען יהוה׳ס מאראלישען מהות; נתן האט עס קלאר אויסגעדריקט צו דוד׳ן און אליהו צו אחאב׳ן. ניי איז אבער וואס יהוה׳ס מאראלישע הייליגקייט קאן ניט בלויז שטראפען ישראל, נאר איהם אויך לאזען אונטערגעהן. דער פייער־גייסט פון משה און אליהו לעבט ווידער אויף אין עמוס און ישעיה, אבער אין א נייער געשטאלט, ניט מעהר צוגעבונדען צו דעם ענגען ־רעגיין פון דער נאציאן. דורך אליהו׳ן און אלישע׳ן האט יהוה געסטראשעט צו פארניכטען מיט שווערד און פייער אליז וואס האט זיך איהם אין וועג געשטעלט, כדי ער זאל בלייבען דער גאט פון ישראל. דורך עמוס, הושע און ישעיה האט דער וועלט־גאט באשלאסען דעם ציזאמענבראך פון זיין אייגענעם פאלק, כדי ער זאל נערעכט בלייבען אין

דער וועלט מיט זיין מאראלישער וועלט־ארדנונג. כאטש די נביאים פון אמ דער נייער צייט האבען ניט ערפונדען דעם מאראלישען כאראקטער פון יהוה, דאך בלייבט עס זייער פארדינסט, וואס זיי האבען דאס מאראלישע אין גאט'ס מהות אוועקגעשטעלט אין מיטעלפונקט פון דער באטראכטונג מיט אן ענערגיע און אויסגעהאלטענקייט, וואס איז ביז אהער נאך ניט געהערט געווארען. זיי האבען דערמיט געקרוינט דעם געדאנק פון משה'ס רעליגיאנס־גרינדונג און איהם דערהויבען צום אוניווערסאלען עטישען מאנאטעאיזם.

צוערשט האבען די נביאים געקעמפט געגען די פלשתים, שפעטער געגען דעם „בעל". מ'האט זיך דערפאר געקאנט ריכטען, אז זיי זאלען קעמפען אויך געגען אשור. אין א געוויסען זין איז דאס טאקע דער פאל פון ישעיה'ן אן, אזוי ווייט, הייסט עס, ווי אשור טרעט אריבער דעם אויפטראג, וואס יהוה האט איהר געגעבען*). אבער הויפטזעכליך פיהרען זיי דעם קאמף ניט געגען אשור, נאר געגען ישראל. עס הייסט: ווייל ישראל האט פארלאזען גאט, דעריבער מוז ער פאלען, און אשור, וואס ברייננגט איהם צום פאל, איז ניט מעהר ווי א בייטש פאר ישראל אין יהוה'ס האנט. דאס איז די שטעלונג, וואס די נביאים מוזען ממילא אננעמען לויט זייער השגה פון גאט. יהוה איז פאר זיי ניט בלויז דער גאט פון ישראל, נאר דער האר און דער היטער פון דער מאראלישער וועלט־ארדנונג, אפילו דארטען וואו די דאזיגע ארדנונג איז געגען ישראל. דערמיט איז אין אייןווארט כאראקטעריזירט די וועלט־היסטארישע באדייטונג אין דער שטעלונג און אין דער אויפגאבע פון די דאזיגע נביאים.

ווי אזוי זיי זיינען געקומען צו דער דאזיגער דערקענטעניש, קענען מיר וויסענשאפטליך ניט מעהר דערקלערען. דאס געהיימניש פון דער פערזענליכקייט קאן ניט צעגלידערט ווערען היסטאריש, אזוי אז עס זאל קיין רעשט ניט איבעריג בלייבען. עס שפילט זיך אפ אין דער פארבארגעניש, בחדרי חדרים פון דער נשמה, און מיר קאנען נאר באשרייבען די אויסערליכע ווירקונג פון דעם וואס קומט אינערליך פאר צווישען דער נשמה און איהר גאט. אזויפיעל לאזט זיך אבער באשטימט זאגען, אז מיר האבען דא לחלוטין ניט צו טאן מיט דער קענטעניש, וואס קומט דורך ספעקולאציעס פון מוח אדער דורך וואסערע ניט איז נאכקלערונגען און נאכגריבלונגען, נאר

*) פארגלייך ישעיה י 5—7.

מיט אינערליכער אינטואיציע אדער בעסער מיט דירעקטער אויפפאסונג. אין א גרויסען מאמענט ווערט גאט געשפירט אלס א מאכט, וואס באהערשט און באוועלטיגט אלצדינג און האלט דעם מענשען געפאנגען. און אַז די פערזענליכע איבערלעבונג ציהט אריין דעם נביא ניט בלויז אין דעם דינסט פון זיין גאט, נאר זי אנטפלעקט איהם אויך דעם מהות פון זיין גאט אלס א מאראלישע מאכט, וועלכע באהערשט אלצדינג. די פראגע וועגען דער דערקענונג פון גאט איז דערמיט געוועזען געלייזט.

די צווייטע פראגע אבער, די פראגע פון האנדלונג, איז געוועזען מעהר דרינגענד פאר די לעהרער פון יענער צייט. ביי ישראל'ס אונטערגאנג, וואס די מאראלישע וועלט־ארדנונג האט געפאדערט, האט מען ניט געקאנט בלייבען שטעהן. די נביאים וואלטען ניט געקאנט זיין קיין פאטריאטען און קיין מענער פון גאט און זיי וואלטען ניט געקאנט זיין די רעליגיעזע פיהרער פון זייער פאלק, ווען זיי וואלטען ניט געזוכט קיין הארמאניע אין דער צע־שפאלטונג, קיין אויסגלייכענדען אפשלוס פון דער גרויסער טראגעדיע. וואס איז בכן געוועזען צו טאן? איין וועג נאר איז געוועזען: דער געגענווערטיגער צושטאנד פון דעם אידישען פאלק האט געמוזט פאלען, איצט אדער שפע־טער. די רעליגיעזע, מאראלישע און סאציאלע איבלען אין פאלק זיינען די אורזאך פון גאט'ס צארן: ווען זיי וועלען פארשווינדען, וועט אויך דער צארן מעהר ניט זיין. מיט א ראדיקאליזם, וואס דערמאנט אן דער עקס־טרעמסטער ערשיינונג פון סאציאל־פאליטישער און רעליגיעזער אגיטאציע אין דער היסטאריע, פרעדיגען זיי אפען דעם פונדאמענטאלען פרינציפ: וואס עס עקסיסטירט ביי די אידען איז ווערט, אז עס זאל געהן צו־גרונד! נאר א גרינטליכע באנייאונג פון אלע צושטענדען אויף א פולשטענדיג ניי־עם יסוד קאן העלפען. אפטמאל האפט מען צו דערגרייכען דעם נייעם צושטאנד נאך איצט דורך דעם וואס מ'וועט זיך אומקעהרען און טאן אמת'ע תשובה. באלד אבער ווייזט זיך ארויס, אז די דאזיגע האפנונג האט אפגענארט. קודם כל מוז פאלען די מלוכה, די גאנצע איצטיגע גע־זעלשאפטליכע ארדנונג, אפילו די רעליגיאן גופא אין דעם פארדארבענעם אופן ווי זי ווערט איצט פראקטיצירט. יהוה גופא, אזוי זיכער ווי ער איז דער גאט פון ישראל, וועט דורכפיהרען די באנייאונג דורך דעם קעניג פון דער צוקונפט, דעם מ ש י ח. אונטער איהם וועט ישראל זיין א קעניג־רייך פון גאט, א הייליג גאטגעפעליגעס פאלק. גערעכטיגקייט און מאראל וועלען זיין לויט גאט'ס פארערונגען, די רעליגיאן וועט פראקטיצירט ווע־רען אין איינקלאנג מיט זיין ווילען.

האבען די נביאים דערגרייכט דאס וואס זיי האבען געוואלט? צווישען זייער אייגען פאלק און אין זייער צייט זיינען זיי אפט געגוג באטראכט געווארען אלס פאררעטער פונ'ם לאנד צום שונא. אבער אינ'ם ליכט פון דער היסטאריע זיינען זיי די פאטריאטען, וועמען דאס אידישע פאלק האט צו פארדאנקען, וואס עס איז ארויסגעקומען פון די פארבייגעהענדע שטורעמים אפגעשוואכט און געבויגען, אבער ניט געבראכען. זייער פאלק, וואס איז צו שוואך געוועזען צו קעמפען מיט'ן שווערד געגען די וועלט־מעכטען, האבען זיי ארייגעדריקט אין האנט די פאהן פון גלויבען און האפענונג. מיט אט דער פאהן האט דאס אידישע פאלק געזיגט. ניט בלויז האט עס אריבערגעלעבט די וועלט־אימפעריעס, נאר אינערליך, גייסטיג האבען די וועלט־אימפעריעס זיך איהם געלעגט צו די פיס. — און בנוגע צו דער האנדלונג, סאי דער מאראלישער און סאי דער רעליגיעזער, האט זייער שטים נאטירליך איז אנהויב ווייניג וואס אפגעקלונגען. אבער אונטער דעם דרוק פון דעם געטליכען משפט האבען די אידען אלץ מעהר און מעהר זיך צוגעהערט צו זיי. עס האט זיך דורכגעשלאגען א ריכטונג צו טאן גאט'ס ווילען, און זי האט מעהר ניט אפגעלאזט די אידען און האט באלד צוגעגעבען צו זייער לעבען א נייע ווענדונג.

## 2.

## די נביאים אלס גאט'ס-מענער, רעדנער און שריפטשטעלער.

די אייגענארטיגקייט פון דעם נביא'ם באוואוסטזיין און פון דעם אינערליכען לעבען פון זיין נשמה, וואס האט זיך שוין אויף די פריהעריגע שטופעס געלאזט צום טייל באמערקען, לאזט זיך אויף אט דער שטופע באמערקען מיט א פארהעלטענישמעסיגער דייטליכקייט, ווייל מיר האבען דא אנדייטונגען און אויסדרוקען אין א גענוגענדער צאהל.

קודם כל האבען אלע יענע מענער בשותפות, דאס וואס זיי ווערען באצייכענט אלס גאט'ס מויל*) אדער אלס פארשפרעכער פון דער גאטהייט.

---

*) ירמיה ט"ו 19. פארגלייך כ"ו 2; ער זאל אזוי ריידען, ווי יחוה האט עס איהם געגעבען — קיין ווארט ניט אראפנעמען.

ווארים דאס איז די באדייטונג פון נביא*). זיי ווילען קיין אנדער זאך ניט זיין ווי נאר די רעליגיעזע פיהרער און לעהרער פון זייער פאלק. אלע איבעריגע זאכען, וועלכע שפילען מיט אין זייער מהות און זייערע אינטערעסען: דאס פאטערלענדישע, דאס סאציאלע, דאס פאלקסטימליכע האט פאר זיי א באדייטונג נאר אויף אזוי ווייט ווי עס ווערט געשטעלט אין דעם דינסט פון זייער רעליגיעזען אמת. זיי ווילען בעיקר זיין ניט מענער פון זייער לאנד אדער פון זייער פאלק. נאר גאט'ס מענער. זיי ווילען האבען די גאטהייט און זי ברייננגען צו זייער פאלק — אלע אנדערע זאכען זיינען נאר א מיטעל צו אט דעם צוועק. זיי ווייסען דעריבער ניט פון קיין העכערער זאך ווי דאס אין שטרענגסטען זין פערזענליכע פארהעלטעניש צו זייער גאט: זיי „שטעהען אין דעם ראט פון דער גאטהייט" און צו האבען אין זיך גאט איז צו לעבען מיט איהם איז פאר זיי די אויפגאבע און דער צענטער פון לעבען.

אבער אום צו זיין באמת די פארשפרעכער פון גאט, האבען זיי פריהער געמוזט פארנעמען די רייד פון גאט. דאס איז טאקע פאקטיש זייער איבערצייגונג. דער אויסדרוק: „אזוי האט געזאגט יהוה" ביים אנהויב אדער „דאס איז די רייד פון יהוה" ביים סוף פון אסך רעדעס זייערע מוז ווערטליך גענומען ווערען: דאס וואס זיי זאגען דא איז ניט זייער אייגענטום, דאס זיינען ווערטער פון גאט. זיי האבען יענע ווערטער פארנומען אין שטונדען אדער אוינגנבליקען פון עלית־נשמה, ווען די גאטהייט האט זיך דערנעהנטערט צו זיי אדער זיי האבען זיך געפיהלט אוועקגעטראגען נאהנט צו איהר, דארטען וואו די הימלישע מעכטען באשליסען דעם גורל פון די מענשען און פון די געשעהענישען אויף דער ערד**).

נאך מעהר, זיי האבען ניט בלויז געהערט און געזעהן דאס וואס זיי ריידען, זיי פארבינדען אויך דערמיט דאס באשטימטע באוואוסטזיין, אז זיי האבען גאר ניט קיין פרייען ווילען לגבי דאס געהערטע און געז

*) פארגלייך אין שמות ז 1, „זעה איך האב דיך געמאכט אלס גאט פאר פרעה'ן און אהרן דיין ברודער וועט זיין דיין נביא", עס הייסט דיין פארשפרעכער וועלכער וועט ריידען אין דיין נאמען. פארגלייך אויך ד 16 („ער וועט זיין פאר דיר א מויל און דו וועסט זיין פאר איהם א גאט"). ת. ש.

**) ירמיה כ"ג 18. 22; פארגלייך ישעיה ו און עהנליכע שטעלען אזויגע עמוס ג 7: יהוה טוט איבערהויפט ניט קיין זאך, איידער ער טוילט פריהער זיין באשלוס ניט מיט צו זיינע קנעכט די נביאים. פארגלייך ביי יחזקאל: יהוה'ס האנט ליגט אויף מיר.

זעהענע. ירמיה באַקלאַגט זיך, אַז גאָט האָט איהם באַצוואונגען, ער ליידט אינערליך שווער אונטער דעם יאָך וואָס יהוה האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט מיט זיין אמת, און ער קאָן זיך פון דעם יאָך ניט לויז מאַכען: זיין גאָט איז פאַר איהם צו מעכטיג. און עמוס לאָזט אונז וויסען, אַז אַ נביא ווערט ניט, ווען ע ר ו ו י ל, נאָר ווען גאָט וויל. וויל אָבער גאָט, דאַן מ ו ז ע ר ע ס. פאַרנעמט ער יהוה׳ס שטים אין זיך, איז דאַן מעהר ניטאָ קיין פרעגען און באַשליסען: ער מעג יאָ וועלען אָדער ניט, מיט דער נויטווענדיגקייט פון אַ נאַטור־געזעץ ווערט ער אַ נביא:

> אַ לייב ברומט — ווער מוז זיך ניט שרעקען?
> דער האַר יהוה רעדט — ווער מוז ניט ווערען קיין נביא?
> (עמוס ג 8).

קלערער און דייטליכער קאָן ניט געזאָגט ווערען, ווי נאַריש עס איז די פריהער אָפט פאַרטראַטענע מיינונג, אַז ביי די זעהונגען און איבערלעבונגען פון די נביאים האַנדעלט עס זיך כלומר׳שט בלויז וועגען פּאָעטישע בילדער: אויסגעטראַכטע און אָנגעגעבענע איבערלעבונגען אָדער שאַפונגען פון דער פּאָעטישער פאַנטאַזיע: צי עס האַנדעלט זיך דערביי בלויז וועגען רעדע־פאָרמען: די איינקליידונג פון דעם פּערזענליכען מאָראַלישען באַשלוס אין אַ באַזונדערס וויכטיגער פאָרם, וועלכע רייצט די אויפמערקזאַמקייט און גיט צו אַ העכערע אויטאָריטעט. גראַד דאָס אייגענע טאָן און וועלען ווערט פון די נביאים לחלוטין צוריקגעוויזען. עס לעבט אין זיי דאָס פעסטע באַוואוסטזיין פון מ ו ז ע ן. ניט דער פרייער ווילען אָדער די אייגענע נייגונג טרייבט זיי, נאָר דער ה ע כ ע ר ע ר מ ו ז, דער צוואַנג פון אַ קאַטעגאָרישען אימפּעראַטיוו, וואָס קומט אָן אויף זיי מיט געוואַלד און באַצווינגט זיי מיט אַ שטאַרקערער מאַכט און ציהט זיי אַריין אָהן זייער ברירה אין דעם דינסט פון זייער אמת, דאָס הייסט פון זייער גאָט.

אַזאַ באַוואוסטזיין וואָס קומט כסדר צום אויסדרוק אונטער העכסט מאָראַלישע אַפעקטען, און ביי איינצעלנע פון די נביאים אונטער אַן אינערליכען ווידערווילען, וואָס דרינגט אַריין ביז אין די טיפענישען פון דער נשמה, פאַרדינט אומבאַדינגט אונזער גלויבען. לכל הפּחות ביי די ערשטע אויסדרוקען פון אָט דעם זאַרט, וועלכער באַשעפטיגט אונז דאָ. מיר האָבען דאָ ניט צו טאָן מיט פּראָדוקטען פון פּאָעטישער פאַנטאַזיע, נאָר מיט פאַקטען און איבערלעבונגען פון אַ ספּעציפישען זאַרט.

וואס פאר א זארט זיינען עס די דאזיגע איבערלעבונגען? געוויסע פארגלייכונגען מיט עהנליכע ערשיינונגען אויסער ישראל קאנען אונז העלפען צו פארענטפערען די פראגע. וועגען מוהאמעד ווייסען מיר פון דעם אראבישען היסטאריקער און טעאלאג טאבארי, אז בעת ער איז פארטיפט געוועזן אין זיינע כונות, נאכדעם ווי ער האט זיך פריהער יאהרען לאנג געפונען אין דער העכסטער רעליגיעזער אויפרעגונג, האט ער פלוצלונג דערהערט א שטים און דאן, נאך א לאנגען ארומקוקען זיך, האט ער געזעהן אויפ'ן הימעל אן ערשיינונג. דערביי איז איהם אנטפלעקט געווארען א שפרוך. לויט איבן איצחאק באשטייגט מוהאמעד א בארג אין דער העכסטער אומרוהיגקייט, ארומגעהענדיג מיט געדאנקען פון זעלבסט־מארד. דא הערט ער א שטים פון הימעל; ס'איז דער מלאך גבריאל, וועלכער מאכט איהם פאר גאט'ס שליח. ער ווערט דערצו גערופען. ער בלייבט שטעהן און זעהט ארום זיך אויפ'ן האריזאנט א וואונדערליכע ערשיינונג. עהנליכע זאכען באריכטען אויך אנדערע וועגען מוהאמעד'ס צושטענדען און איבערלעבונגען. לויט בוכארי פלעגט מוהאמעד גאנץ פלוצלונג פארכאפט ווערען אזוי, אז זיינע חושים פלעגען פארטונקעלט ווערען. דאך, ווי עס ווייזט אויס, פלעגט ער ניט לגמרי פארלירען דאס באוואוסטזיין. ווען ער פלעגט זיך אויפכאפען, פלעגט ער קודם כל זיך אפווישען דעם שוויים פון שטערן און דאן מיטטיילען וואס ער האט פארנומען.

פון אסך א פריהעריגער צייט באריכטעט אונז דער פאפירוס גאלענישטשעף, וואס איז געפונען געווארען אין 1891 און 1892 פון גאלענישטשעף און ברוגש. די אמאן־פריסטער פון טעבען ברייננען האלץ פאר זייער געטערשיף פון לבנון און גיבען דערפאר דעם קעניג פון ביבלאס געלד אדער טייערע חפצים. אט אזוי קומט אויך א געוויסער ווען־אמאן אין פינפטען יאהר פון רעמסס דעם צוועלפטען, דאס איז ארום 1100, צום קעניג זעקאר־

*אַן אַנדער פראגע קאַן זיין, אויב אין די שפּעטעריגע צייטען איז מיט מאַנכע אַנדערע נאַכמאַכונגען פון דער עלטערער נבואה אויך די זעהונג ניט געוואָרען א זאַך פון פאָרם. מיט דער דאַזיגער מעגליכקייט וועט מען זיך מוזען רעכענען; אָבער זיכערע ביישפּילען וועלען זיך שווערליך לאָזען אויפווייזען. יעדענפאַלס מאַכען זעהונגען ווי די פון ישעיה כ"א אָדער פון זכריה דורכאויס אַן אורשפּרינגליכען איינדרוק. אויך ביי מוהאמעד דאַרף מען האַלטען אין זינען דעם אומכאַדינגטען גלויבען אין איהם פון זיינע געטריייע, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען אזוינע מענער ווי אָמאַר און אבו־בעקר.

באַל (זכר־בעל) קיין ביבלאָס. ער האָט איהם געזאָלט פּרעזענטירען מיט אַ געטער־בילד, וואָס איז אָבער, ווייזט אויס, ניט געווען פאַר דעם קעניג אַ גענוגענדער געצאַהלט פאַר זיינע טייערע צעדער־האָלץ. דאַן איז געשעהן, אַז „בעת ער האָט געאָפּפערט צו זיינע געטער, האָט דער גאָט פאַרכאַפּט איינעם פון זיינע חשיב'סטע בחורים: ער האָט איהם געמאַכט טאַנצען*) און ער האָט געזאָגט: ברייננ (דעם גאָט) אהער! ברייננ דעם שליח, וועל־כער האָט איהם ביי זיך, צו אַמאָן! שיק איהם אָפּ! לאָז איהם געהן! בעת דער טאַנצענדער האָט אַזוי געטאַנצט אין דער דאָזיגער נאַכט, האָב איך געפונען אַ שיף..." דער עגיפּטער ווערט פאַרטריבען פון לאַנד.

ס'איז קענטיג געווען אַז אַוועקגעבן אָפּפער: דער וואָס איז פון דער גאָט־הייט פאַרכאַפּט געוואָרען — מ'דאַרף פאַרגלייכען עהנליכעס דערצו אין תנ"ך — הייבט אַן צו „טאַנצען" און טאַנצט דורך די גאַנצע נאַכט. און ווי עס זעהט אויס רעדט ער אין מיטען טאַנצען אַרויס זיינע ווערטער. די ווערטער זיינען קלאָר און פאַרשטענדליך, וועגען באַוואוסטלאָזיגקייט האַנ־דעלט זיך איך דאָ ניט; און דער קעניג פאָלגט דעם שפּרוך פון דעם מאַן אַם ווענינסטען אויף אַזוי ווייט, אַז ער פאַרהאַנדעלט פון דאָס ניי מיט דעם עגיפּטער. דאָס געטער־בילד נעמט ער על־כל־פּנים ניט אָן: ער שטעלט צוערשט דאָס האָלץ צו, ווען ווען־אַמאָן האָט אויסגעשריבען דאָס נויטיגע גאָלד און זילבער פון עגיפּטען.

לאָמיר נאָך נעמען די שילדערונג אין במדבר כ"ב—כ"ד פון דעם ניט־אידישען זעהער ב ל ע ם. בלעם לאָזט אויפבויען מזבחות און מקריב זיין קרבנות. דאַן געהט ער אַוועק אַן אַ זייט כדי מקבל צו זיין זיין אָראַקעל: אין אַ קורצער צייט אַרום קומט ער צוריק און טיילט מיט וואָס ער האָט פאַרנומען. דאָס וואָס ער פאַרנעמט, איז ניט אין איינקלאַנג מיט דעם וואָס ער האָט געוואָלט הערען; אָבער ער מוז עס אַרויסריידען אַזוי ווי עס קומט איהם אָן אין דער איינזאַמקייט, אפילו ווען ער וויל ניט. ער זוכט אָהן ערפאָלג צו באַקומען אַנדערע שפּרוכען, דורך דעם וואָס ער ענדערט די מיטלען. וועלכע ער ווענדט דערביי אָן. פון וואָס פאַר אַ מין די דאָזיגע

---

*) דער זין פון דעם בעצם אומבאַקאַנטען וואָרט איז אומגעפעהר געזיכערט דורך דעם צייכען פון אַ טאַנצענדען מאַן, וואָס שטעהט דערביי. וואהרשיינליך האָט דאָס וואָרט אַ באַשטימטערען זין ווי „טאַנצען", אַ שטייגער „אַריינגעהן אין עקס־טאַז". דאַן האָט עס בערך די באַדייטונג פון'ם העברעאישען וואָרט „התנבא".

מיטלען זיינען, איז ניט גאנץ קלאר*). דערפאר איז זעהר דייטליך דאס וואס מיט איהם קומט פאר. דער אופן ווי אזוי די גאטהייט קומט צו איהם און ווערט באשריבען אין די פערזען:

„דאס איז דער שפרוך פון בלעם, דעם זוהן פון בעור,
און דער שפרוך פון דעם מאן וואס זיין אויג איז געשלאסען,
דער שפרוך פון דעם וואס הערט גאט'ס ווערטער,
וואס ווייסט דאס וויסען פון דעם העכסטען,
וואס זעהט די זעהונג פון דעם אלמעכטיגען,
ער פאלט אנידער און זיין אויג איז געעפענט."
(במדבר כ"ד 3, 4).

ס'איז קיין ספק ניט, אז דא ווערט באשריבען דער צושטאנד פון א מאן אין עקסטאז. דאס אויסערליכע אויג איז געשלאסען, ער ליגט בכן אין א האלב־שלאפענדיגען צושטאנד, מיט פארטונקעלטע הושים ווי מ'־ראמעד, פון וועמען בוכארי זאגט, אז מ'האט איהם אין אזוינע פאלען צוגעדעקט מיט א געוואנט און איהם אונטערגעלעגט א קישען צו־קאפענס. אבער וואס מעהר ־ער גוף שלאפט, ווי עס דוכט זיך, אלץ וואכזאמער ווערט די נשמה. ביי דעם אזוי אנידערגעפאלענעם עפענט זיך דאס אינערליכע אויג, דער אינערלי־כער זין: ער זעהט און הערט זאכען, וועלכע האבען געקאנט האבען א שייכות נאר צו דער גאטהייט — ער איז אריינגעטראטען אין דעם ראט פון דעם העכסטען.

ווען מיר נעמען ארויס די שותפות'ע שטריכען פון די דאזיגע בילדער, וועלכע געהערען צו פארשידענע צייטען און אומשטענדען, איז די אונ־טערסטע שורה דאן די פאלגענדע: ביי א גאט'ס־דינסט אדער ביי אן אנדער רעליגיעזער אויפרעגונג פונ'ם געמיט קומט פאר, אז געוויסע פון אלעמען אויסגעצייכענטע און אייגענארטיגע פערזאנען פאלען אריין אין א צושטאנד ווען זיי ווערען לגמרי אויסגעטאן פון דער הרויסענדיגער וועלט. אין יענעם צושטאנד ווערט אבער דוקא דאס אינערליכע לעבען פון דער נשמה שטאר־

*) במדבר כ"ד 1. צוערשט איז ער ארויסגעגאנגען אנטקעגען „נחשים" (מרעך־ סימנים? כשוף?), איצט לאזט ער דעם אנקוק פון ישראל ווירקען אויף זיך — צוערשט, הייסט עס, באשווערונגען, דאן דאס קוקען מיט אויסגעשטעלטע אויגען אויף א געגענשטאנד.

קער און דערהויבענער און איז גרייט מקבל צו זיין אזוינע פיינע השפעות. וואס קאנען בשום אופן ניט צוקומען צו אנדערע מענשען און אפילו אויך ניט צו זיי זיי גופא אין א וואכעדיגען און וואכענדיגען צושטאנד. זיי זעהען און הערען זאכען וואס דער געוועהנליכער מענש וועט קיינמאל ניט דער־געהן, און זיי ווייסען עס ניט אנדערש, ווי נאר אז דער ראט פון דער גאט־הייט האט זיך געעפענט פאר זיי. ניט אלעמאל איז דער צושטאנד פון עקסטאז פולקום גלייך, אבער אלעמאל קומט דער עקסטאז פאר אונטער שטארקע אויפרעגונגען און צעטרייסלונגען: מ'פאלט אנידער שלאף מיט פארטונקעלטע אויסערליכע חושים אין א מין האלבען שלאף, אדער די נשמה ווערט געוואלדיג אויפגערייצט דורך א ווילדער, שרעקליכער התלהבות. וואס געהט ביז'ן גרעניץ פון משוגעת. פאר יענעם כנעני פון ביבלאס איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט נויטיג געווען אויפצואוואכען און זיך צוריקצוקעהרען צו דעם אלטעגליכען צושטאנד, כדי מיטצוטיילען פון דער ערינערונג דאס וואס ער האט פארנומען: און ביי מוהאמעד קומט די אנטפלעקונג איז אנהויב ניט געזוכטערהייד: דער גייסט קומט איבער איהם. פאלט אז, בעת בלעם געברויכט געוויסע מיטלען איהם צו קריגען. אבער דאס זיינען ניט קיין וויכטיגע חילוקים. בעצם הערשט אויך ביי בלעם'ען דער צוואנג פון א העכערער מאכט, אזוי אז אויך ער קאן ניט טאן ווי ער וויל. און אויך ביי דעם נביא פון ביבלאס איז דער צושטאנד פון עקסטאז, דאס אריינפאלען די גאנצע נאכט דורך, עהנליך צו די בעל־נביאים פון כרמל, אין א הייליגער ווילדער התלהבות, נאר אז אויסדרוק פון זיין ווערען אויסגעטאן פון דער וועלט און פון דער שטורעמדיגער, געוואלדיגער קאנצענטראציע אויף זיין גאט. דאס וואס ער רעדט נאך, ווי עס ווייזט אויס, פארשטענדליכע ווער־טער, איז אויך ניט קיין וויכטיגער אונטערשייד.

ווען מיר קעהרען זיך צוריק צו די אידען, געפינען מיר אסך פאר־גלייכונגען צו קענען אפשאצען אלץ וואס מיר האבען דא פריהער באגע־גענט. נאכדעם ווי מיר האבען זיך שוין באקענט מיט עטוואס עהנליכעם אויף דעם כנעני'שען באדען פון א פארהעלטענישמעסיג אלטער צייט, וועט אונז שוין מעהר ניט אויסקוקען אזוי משונה'דיג דאס וואס מיר האבען גע־טראפען אין די טעג פון שמואל און שאול און אויך ניט ווייניגער דאס וואס מיר לייענען פון דער צייט און פון די קרייזען פון אליהו און אלישע. מיר דערקענען אין נביאים פון שאול'ס צייט, וועלכע ציהען ארום איבער'ן לאנד אונטער באגלייטונג פון מוזיק און רייסען מיט אנדערע מיט זיך אין זייער ווילדען ענטוזיאזם, אדער אין אליהו'ן, וועלכער לויפט ווי א שטורם פאר־

אויס פאר אחאב׳ס וואגען, דאס עהנליכע בילד צו יענעם טאנצענדען, עקסטאטישען כנעני. מיר פארשטעהען ווי אזוי זייער ווילדע צעבושע־וועטע התלהבות האט געקאנט פיהרען דערצו, אז מ׳זאל זיי פארבייטען מיט משוגעים: דער גרעניץ איז הפנים זעהר אפט געווען א גענוג פליסיגער*). און אין אלישע׳ן, וועלכער לאזט זיך אריבערטראגען דורך מוזיק אין א צו־שטאנד פון עקסטאז, דערקענען מיר נאך געוויסע שטריכען פון בלעם׳ען, וועלכער זוכט דורך אלערהאנט מיטלען צו קריגען דעם שלאף פון אנט־פלעקונג (מלכים ב, ג 15). און ענדליך דער אופן ווי מוהאמעד ווערט דער נביא פון אלאה, געפינט זיין ווידערשפיל אין ישעיה און ירמיה.

דערמיט זיינען געגעבען די באדינגונגען צו פארשטעהן אויך די שפע־טערע נבואה. דער נאטור־יסוד איז דערזעלביגער, נאר ס׳איז איינגעטראטען א פראצעס פון א כסדר׳דיגער הייבונג און פארגייסטיגונג. די שפורען פון דעם פראצעס לאזען זיך אומעטום דערקענען.

וואס ישעיה און ירמיה דערצעהלען אונז ווי אזוי זיי זיינען גערופען געווארען צו דעם אמט פון א נביא, לאזט קיין ספק ניט איבער, אז מיר האבען דא צו טאן מיט איבערלעבונגען פון אן עהנליכען זארט. אין צייטען פון רעליגיעזער אנגעצויגענקייט און פון אויפרעגונג פון זייער געמיט פיה־לען זיי זיך אין א געוויסען מאמענט אוועקגעטראגען צו דער דירעקטער נאהנטקייט פון יהוה, און זיי באקומען דארטען טיפע איינדרוקען, וועלכע בא־שטימען זייער גאנצען לעבען. זיי זעהען און הערען יהוה גופא. דאס זיינען ניט אנדערש ווי זעהונגס־איבערלעבונגען אין א צושטאנד פון עקסטאז. דעם פסיכאלאגישען יסוד דערפון בילדען יענע אייגענארטיגע ערשיינונגען, וועל־מעם פארבינדונג עס איז א ניט נארמאלע רייצונג פון׳ם נשמה־לעבען. די ראזיגע ערשיינונגען ווייזען זיך באזונדערס ארויס אין אן אויסערגעוועהנ־ליכער פארשטארקונג פון׳ם כוח הדמיון, דערהויפט אבער אין דער פאר־שטארקונג פון דער פראדוקטיווער און רעפראדוקטיווער איינבילדונגס־קראפט.

ביי ישעיה׳ן זעהען מיר פולקום קלאר, ווי ער פיהלט זיך איין טאג — פילייכט בעת ער האלט זיך אויף אין פאר־הויף פון בית־המקדש פארזונ־קען אין זיינע טיפע כונות — ניט ווילענדיג אוועקגעטראגען אין דעם הימ־

---

*) שמואל א, י און באזונדערס י״ט 24 (ער רייסט אראפ די קליידער פון לייב און בלייבט ליגען נאקעט אויף דר׳ערד א גאנצען טאג מיט א גאנצער נאכט — דאס זיינען געוועהנליך סימפטאמען פון וואהנזין).

לישען הייליגטום, דאס אורבילד פון דעם ערדישען. ער האָט בכן פאַרלאָרען דעם וואַכענדיגען, אַלטעגליכען באוואוסטזיין און ער געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון עקסטאַז. און דאָ זעהט ער זאַכען, וועלכע מ'קאָן אַזוי ניט זעהן, און ער הערט וואונדערליכע ווערטער. ער זעהט יהוה גופא זיצענדיג אויף אַ קעניגליכען טראָן, איינגעוויקעלט אין אַ הייליגען קעניגליכען מאַנטעל, וואָס פילט אויס דעם גאַנצען היכל. הימלישע גייסטער רופען אויס זיין לויב אַזוי הויך און מיט אַזאַ גערויש, אַז דאָס הויז הייבט אָן אַזש צו ציטערען, און אויף דעם הימלישען מזבח ברענט לכבוד איהם דאָס קרבן־פייער, אַזוי אַז דער דאַמף פון קרבן שטראָמט דורך דעם הייליגען רוים. ער זעהט וואָס די שרפים טוען און ער הערט דאָן זייער שטים און דאָן יהוה'ס שטים ריידענדיג צו איהם, און נאָכדעם ווי ער האָט פון דעם דאָזיגען צושטאַנד פון עקסטאַז־חלום זיך צוריקגעקעהרט צו דעם וואַכענדיגען באוואוסטזיין, שטעהט נאָך אַלצדינג קלאָר און לעבעדיג פאַר זיינע אויגען, אַזוי אַז זיין זכרון קאָן עס האַלטען פעסט און זיין האַנט קאָן עס איבערשרייבען. אויף אַן עהנליכען אופן האָבען מיר זיך אויך פאָרצושטעלען די רופונג פון ירמיה און יחזקאל, און געוויס האָבען מאַנכע אַנדערע געהאַט עהנליכע איבערלעבונגען*). אָבער די איבערלעבונגען זיינען ניט באַשרענקט אויף דער רופונג. זיי קומען אויך פאָר אַנדערשוואו, ביי מאַנכע נביאים, ווי, למשל, ביי עמוס און זכריה, באַזונדערס אָפט, ביי אַנדערע ווייניגער רעגעלמעסיג, אָבער דאָך אין ספּעציעל וויכטיגע סיבות און אין פאַלען, וואו עס ווערען זיי מיטגעטיילט אויסערגעוועהנליך וויכטיגע זאַכען.

דער מהות און דער אויפפיהר פון די נביאים האָט אויסגעקוקט עפּעס משונה'דיג אַלעמאָל, אויך פאַר די מענשען פון זייער צייט. שוין דער אופן גופא פון זייער צייכען־שפּראַך ברייננט דאָס מיט זיך. אויך אין זייער קליידונג האָבען זיי, ווי עס ווייזט אויס, זיך אויסגעצייכענט ניט בלויז אין דער אַלטער, נאָר אויך אין דער נייער צייט**). בכלל אָבער האָט דער מהות פון די נביאים געמוזט ווערען מיט דער צייט רוהיגער און קלאָרער.

---

*) פאַרגלייך ישעיה ו; ירמיה א; יחזקאל א. פאַרגלייך אויך דערצו אַזעלכע אויסדרוקען ווי ישעיה ח 11 („יהוה האָט מיר געזאָגט, מיך אָנגעמענדיג ביי דער האַנט", עס הייסט: אין אַ באַזונדערס פאַרטרויטער צורופונג).

**) פאַרגלייך ישעיה כ 2: „נעם אַראָפּ דעם זאַק פון דיינע לענדען" — ישעיה, הייסט עס לויט דעם, האָט געטראָגען געוועהנליך דעם זאַק אנשטאָט אַן אויבער־מלבוש.

אט אזוי האט יענער ניט נארמאלער צושטאנד פון עקסטאז אנגענומען ביסלעכווייז רוהיגערע, מילדערע פארמען. פון היליגער צעבושעוועטקייט און ווילדע, צעהולעטע פארמען פון אויפטרעטען הערען מיר מעהר ניט פון 8טען יאהרהונדערט אן. זייער פלאץ פארנעמט איצט א צושטאנד פון א געוויסער לעטארגיע, פון א פארזינקען אין א האלבען שלאף, ווען מ'נעמט קיין אנטייל ניט אין דער אויסערליכער וועלט. אפילו אין דער אנווענדונג פון דער זעהונג קענען מיר שוין באמערקען א געוויסען עלעמענט פון פארגייסטיגונג. ביי עמוס'ן למשל (קאפ. ז און ח) קומען נאך פאר זעהונגען, גלייך אבער נאך דער זעהונג קומט איהר אויסטייטשונג און פון דער דאזיגער אויסטייטשונג פליסט ארויס די איינפאכע מוסר־רעדע: אדער ביי ישעיה'ן ווערט געגעבען דער פראגראם פון זיין לעבענס־ארבייט אין דער זעהונג, וואו ער קריגט דעם רוף צו ווערען א נביא: דער פראגראם גופא אבער ווערט דאן אויסגעפיהרט אין אסך איינצעלנע רעדעס. ערשט ביי יחזקאל'ען געפינען מיר ווידער אנדערע פארמען, וועלכע האבען אבער קענטיג זייער פיזישע אורזאך אין קראנקהאפטע צושטענדען, וואס האבען א נאהנטע שייכות צו עפילעפסיע אדער קאטאלעפטיק.

אבער דער עקסטאז פון א שטורעמדיגען אדער זאנפטערען זארט איז דורכאויס ניט די איינציגע פארם, אין וועלכע יהוה'ס ווארט און ווילען קומט צו יענע מענער, אפילו ניט וואו זיי קריגען דעם רוף צו ווערען נביאים. שוין דער פריהער דערמאנטער אריבערגאנג צו דער איינפאכער מוסר־רעדע לאזט דאס דערווארטען. מיר געפינען פאקטיש ניט דערמאנט ביי עמוס'עס רוף קיין עקסטאטישען פארגאנג. דורך א שטארקער אינערליכער זיכערקייט, וועלכע זיין געוויסען האט אויסגעטייטשט אלס גאט'ס רוף, איז צו איהם געקומען דער אימפולס און דער היליגער צוואנג צו ריידען אין יהוה'ס נאמען. מיר לייענען א גאנצע מאסע רעדעס פון נביאים, אין וועלכע ס'איז ניטא די מינדסטע אנדייטונג, אז זייער אינהאלט זאל זיין אינספירירט עפעס דורך א זעהונג. בנוגע צו דעם פרט האט ניט קיין זעהר וויכטיגע באדייטונג וואס אמאל שטעהט געזאגט, און אמאל ניט, אז דאס איז די רייד פון גאט. צי דעם נביא'ס רעדע שטאמט פון א זעהונג אדער ניט, אין ביידע פאלען אבער וויל זי האבען די וויכטיגקייט פון יהוה'ס ווארט. מעהר ניט אין איין פאל איז דאס ווארט פון יהוה אנטשטאנען אויף אן אנדער אופן ווי אין דעם אנדערען פאל.

מיר האבען דא צו טאן ניט מיט א דירעקטער, נאר מיט אן אינדירעקטער אינספיראציע. דאס וואס עס ווערט דעם נביא געוויזען אדער געזאגט

אין יענע שטונדען פון באזונדערער הייליגונג, אנטהאלט מעהר ווי איינצעל־נע ווערטער אדער בילדער. עס פליסען פאר איהם ארויס פון דעם רייכע געדאנקען און השפעות, וועלכע שטאַמען אויך פאר איהם פון יהוה׳ס ראט. אבער זיי דארפען ערשט פארמולירט און אויסגעפיהרט ווערען. דאס וואס דער נביא ווערט דא געוואהר, מוז ער דעריבער זעלבשטענדיג אויסארביי־טען און ווייטער אנטוויקלען. דאס קערענדיל וואס ער געפינט וואקסט ביי איהם: פון די אנגענומענע הנחות ווערען שלוסען ארויסגעדרונגען. און אט אזוי ווערען געשאפען יענע רעדעס — טיילווייז גענוי אויסגעפיהרטע קונסט־רעדעס —. זיי זיינען פאר די נביאים דורכאויס דאס ווארט פון זייער גאט, אבער באמת זיינען זיי שוין דורכגעגאנגען דורך זייער שטארקער סוביעקטיוויטעט. אט די סוביעקטיוויטעט פון די נביאים האט צוגעגעבען א נייע געשטאלט צו דעם קערענדיל, וואס זיי האבען מקבל געווען. כאטש זיי גופא איז דאס גאר ניט אזוי קלאר באוואוסט.

העכסט אייגענארטיג און ווידער דורכאויס אונטערוואַרפען אונטער דער פארענדערונג פון די צייטען איז דערביי די שייכות פון דער פערזאן צו דער זאך. אין אנהויב שטעהען די נביאים פולקום פאסיוו צו דער זאך. די אלטע נביאים גיבען איבער נאר דאס וואס זיי זעהען און הע־רען. נאכצוקלערען וועגען דעם איז ניט זייער זאך און עס פאלט זיי גאר ניט איין. אזוי איז עס נאך ביי עמוס, יהושע, ישעיה. זייער פערזאן געהט נאך אויף אין דער זאך גופא: דארטען וואו זיי קלערען וועגען דעם נאך, טוען זיי עס ריין אביעקטיוו און אויף אזא׳ן אופן, אז זיי טיילען מיט דאס וואס זיי דרינגען ארויס פון דעם געזעהענעם. אלצדינג וואס זיי זאגען, איז פאר זיי ניט אנדערש ווי יהוה׳ס ווארט. מיט דער צייט אבער ענדערט עס זיך. ירמיה איז כאראקטעריסטיש פאר דעם. איצט האט אויך דער סוביעקט אויפגעוואכט אין דעם נביא. ער הייבט אן נאכצודענקען וועגען דאס געהערטע און נעמט א שטעלונג צו דעם. אט אזוי ברעכט זיך דורך די אייגענע פערזענליכקייט נעבען דער גאטהייט, און ביידע, זאך און פער־זאן, גאט און די אייגענע אינדיווידואליטעט קענען אפילו זיך שטרייטען. דער נביאי׳שער א י ך איז אויפגעוועקט, דער נביא איז געווארען א ר ע ל י ג י ע ז ע ר ד ע נ ק ע ר. דערמיט איז עטוואס דערגרייכט גע־ווארען, וואס קאן באטראכט ווערען אלס דאס העכסטע. — אבער אויך עט־וואס וואס איז פרעמד געווען דעם מהות פון דער נבואה. סוף־כל־סוף מוז די נבואה ענטוועדער זיין א זאך פאר זיך אליין אדער זי קאן גאר ניט זיין. דעם באווייז פאר דעם גיט די ווייטעריגע אנטוויקלונג. דער באטרא־

טענער וועג ווערט פארטגעזעצט, און זינגט דעם צווייטען ישעיה (ישעיה פון קאפ. מ אן) קומט דער סוביעקט אלץ מעהר און מעהר ארויס שטאר־קער, אזוי אז מיט דער צייט זעהט אויס ווי עס וואלט שטעהן א מחיצה צווישען יהוה אין דעם נביא*), און א נייע פערזאן מוז אריינגעפיהרט ווע־רען אלס פארמיטלער צווישען זיי, דאס איז דער מלאך פון זכריה. אזא'ן אבסטראקטער גאט האט ניט קיין נביאים, נאר כהנים; ס'איז דערמיט צוגעגרייט דער וועג פאר דער תקופה פון דער כהונה. — —

ס'איז זעלבסטפארשטענדליך, אז מענער, וועלכע האבען אזוינע אי־בערלעבונגען זאלען ווערען פ א ל ק ס ־ ר ע ד נ ע ר און אז אונטער געוויסע אומשטענדען זאלען זיי ווערען ש ר י פ ט ש ט ע ל ע ר. דאס וואס זיי איבערלעבען איז דאך זיי געגעבען געווארען, כדי זיי זאלען עס קאנען מיטטיילען צו אנדערע. עס זיינען קענטיג פון אנהויב אן געווען צוויי הויפט־פארמען פון מיטטיילונג. אין דעם עקסטאז גופא ווערען ארויס־געלאזען איינצעלנע, פיליכט נאר האלב־פארשטענדליכע ווערטער, וואס מי־זען אויסגעטייטשט און דערקלערט ווערען, אדער קלאנגען וואס זיינען א מין ריידען מיט'ן צונג, אדער אויך איינצעלנע אפגעריסענע ווערטער אדער זאץ־טיילען און גאנץ קורצע זאצען. אז דאס ריידען אומפארשטענדליכע ווערטער דערמאנט אונז דער אופן ווי אזוי ישעיה מאכט חוזק פון זיינע געגנער (כ"ח 10): זיי שטאמלען ווי שיכור'ע. דאס ריידען אין אפגעריסענע ווערטער און קורצע זאצען זעהט זיך נאך אין די אפגעריסענע באפעהלען פון דעם אויבען דערמאנטען כנעני פון ביבלאס אין זיין עקסטאז. אין די אויפגערעגטע זשעסטען פון יחזקאל'ען בשעת ער רעדט דערקענען מיר נאך דאס נאכציטערען פון ריידען אין עקסטאז גופא**). אבער דער כלל איז הפנים פון אנהויב אן געווען, אז דאס איבערגעלעבטע ווערט ערשט מיטגעטיילט אין וואכענדיגען צושטאנד, צי אלס פשוט'ע דערצעהלונג און ווידערהוילונג, צי אין א פרייער פארם. אין אט דעם פאל ווערען די נביאים ממילא עפענטליכע רעדנער. מיר מוזען זיך פארשטעלען ווי זיי טרעטען אויף ביי די פארשידענסטע געלעגענהייטען. וואו נאר זיי קענען געפינען מענשען פארזאמעלט אין א גרעסערער צאהל: ביים טויער פון

*) פארגלייך ישעיה מ 3, 6 די שטים פון דער יענזייטיגער וועלט; ישעיה כ"א דעם וועכטער, דעם ארויסקוקער נעבען יהות און דעם נביא.

**) יחזקאל ו 11 (אין די הענט קלאפען, מיט די פיס טופען).

שטאָדט, אויף פרייע פּלעצער, אין פאַר־הויף פון א טעמפּעל, באַזונדערס אין די טעג פון יום־טוב**).

די רעדעס זיינען אָפט געגוג געהאַלטען געוואָרען אין דער העכסטער אויפרעגונג. פון איינצעלנע רעדעס פון עמוס אָדער ישעיה וועהט אונז נאָך היינט אַנטקעגען א געוואַלדיגע ליידענשאַפט און א שטורעמדיגע ווירקונג. און באַגלייט זיינען די רעדעס געווען ניט בלויז מיט לעבהאַפטע זשעסטען. כדי בולט צו מאַכען דאָס וואָס זיי ווילען זאָגען, באַגלייטען די נביאים זייער רעדע ניט זעלטען דורך אייגענאַרטיגע „צייכענס". דאָס זיינען סימבאָלישע האַנדלונגען, אילוסטראַציעס פון דער רעדע דורך אַן אומישנע משונה'דיגען אויפפיהר וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען, כדי צו רייצען דערמיט די אויפמערקזאַמקייט און צו דערוועקען די פראַגע: „וואָס קאָן דאָס באַדייטען?" „וואָס וויל ער זאָגען דערמיט?" די דאָזיגע צייכענס זיינען אָהן א ספק אוראַלט און שטאַמען פון א צייט, ווען מ'האָט נאָך ווייניג וואָס געשריבען און אויך פאַר דעם נביא איז נאָך די צוזאַמענהענגענדע רעדע ניט געווען דער געוועהנליכער מיטעל אויסצודריקען זיינע געדאַנקען. אין אַזעלכענע אומשטענדען דריקט דעם עיקר אויס א האַנדלונג וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען, און דער נביא באַדאַרף נאָר געבען א קורצע דערקלערונג. אינ'ם ווייטעריגען פאַרלויף פון דער צייט האָט זיך די דאָזיגע צייכען־שפּראַך אָפט דערהאַלטען, דאָס רוב כדי צו רייצען די אויפמערקזאַמקייט און כדי צו געבען א שאַרפע אילוסטראַציע פאַר א רעדע אָדער א שפּרוך. ווי משונה'דיג און כמעט אָפּשטויסענד די דאָזיגע צייכענס זיינען אָפטמאָל, איז באַקאַנט. שוין איינער פון די געגנער פון מיכהו בן ימלה לאָזט זיך מאַכען אייזערנע הערנער. אַן אַנדער נביא פון דערזעלביגער צייט זאָל זיך האָבען געלאָזט בלוטיג צעשלאָגען, יענער כדי אָנצודייטען א נצחון, דער צווייטער כדי אָנצודייטען א נידערלאַגע פונ'ם קעניג (מלכים א, כ"ב 11; כ 35—37). ווען ישעיה געהט אַרום האַלב נאַקעט, ווען ירמיה לאָזט זיך אַרויפציהען א יאָך אויפ'ן האַלז ווי אַן אָקס, ווען יחזקאל באַלאַגערט מיט א בראַט־פאַן דאָס בילד פון ירושלים וואָס איז אויסגעקריצט אויף א ציגעל־שטיין — אין אַלע דריי פאַלען כדי אָפּצומאָלען דעם גורל פון זיין לאַנד אָדער פון די שכנות'ע פעלקער — דאַרף מען פיליכט אָננעמען על־פּי השערה, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען דעם צו געברויכען אומישנע פאַרעלטערטע אויסדרוק־מיטלען, וועלכע זיינען געווען גאַנגבאַר ביי די אַל־

**) פאַרגלייך עמוס ז 13: „דאָס איז א קעניגליך הייליגטום."

טע עקסטאַז־מענער און וועלכע די שפּעטעריגע האָבען נאָכגעטאָן (ישעיה כ: ירמיה כ"ז: יחזקאל ד).

אבער וואָס ווייטער די צייט געהט, אַלץ מעהר ווערען די אידען א פאָלק וואָס שרייבט און לעזט. אויך די נביאים באַנוצען זיך מעהר מיט דער שריפט. זיי ווערען שריפטשטעלער. אין א קלענערער מאָס זיינען זיי עס שטענדיג געווען. אויב מ'האָט געוואָלט רופען שריפטשטעלער איינעם, וועלכער האָט אויפגעצייכענט איינצעלנע ווערטער אָדער שפּרוכען און האָט זיי אויף אַזאַ'ן אופן באַקאַנט געמאַכט צו לייט. וואָרים מיר האָבען קיין גרונד ניט אַנצונעמען, אַז געוואוינהייטען, וואָס מיר קענען פעסט־שטעלען זינט עמוס און ישעיה, האָבען זיך נאָר וואָס נעהאָט אָנגעהויבען מיט זיי. שפּורען פון איינצעלנע אָראַקלען וואָס זיינען שוין פריהער געווען אויפגעשריבען*), גיבען אונז א מעגליכקייט זיך משער צו זיין, אַז מאַנכע על־טערע נבואות זיינען אונז פאַרלאָרען געגאַנגען. פון עמוס'ן אָן האָבען מיר יעדענפאַלס געננוג ראיות, אַז די דאָזיגע געוואוינהייט צו שרייבען איז גע־וואָרען אַן אַפּטע ערשיינונג. און מיר מוזען דערין זעהן דעם נאַטירליכען פועל־יוצא דערפון וואָס די אידען זיינען זינט א געוויסער צייט אַריינגע־טראָטען אין דער עפּאָכע פון ליטעראַטור. נאַטירליך איז נאָך דערווייל קיין רייד ניט פון פאַרפאַסען ביכער פון נבואות. אחוץ וואָס די נביאים צייכענען אויף איניגע ווערטער פאַר עדות, כדי מ'זאָל אין דער צוקונפט האָבען א געשריבענעם באַווייז, אַז געוויסע פאַקטען זיינען לאַנג שוין פאָראויסגע־זאָגט געוואָרען**), הייבען זיי הפּנים אָן זייער שריפטשטעלערישע אַרבייט דערמיט וואָס זיי שרייבען אויף איינצעלנע שפּרוכען אָדער איינצעלנע קור־צערע אָדער לענגערע רעדעס און פאַרטיילען דאָס צווישען מענשען, כדי צו געבען די מעגליכקייט די צוהערער איבערצוליינען אין דערהיים דאָס וואָס זיי האָבען געהערט און דאָס איינצוקריצען אין געדאַנק און אין זכרון: נאָך מעהר אבער כדי אַז די וואָס זיינען ניט דערביי געווען זאָלען הערען דאָס וואָס זיי, די נביאים, האָבען צו זאָגען דעם פאָלק. אַט אַזוי דאַרפען

---

*) די נבואות אויף מואב, ישעיה ט"ו; בלעם'ס אָראַקלען; יעקב'ס און משה'ס ברכות פון בראשית מ"ט און דברים ל"ג. די גאָט־שפּרוכען אין בראשית ג 14—19; י"ב 1—3; כ"ז 27—29 און אַזוי ווייטער.

**) פאַרגלייך ישעיה ח 1: „למהר שלל, חש בז" ווערט אויפגעשריבען אויף א טאָוועל; ח 16: באַשטימטע ווערטער ווערען באַהאַלטען פאַרזיגעלטערהייד. פאַר־גלייך ל 8.

מיר זיך פאָרשטעלען די ערשטע התחלות פון די נביאים־ביכער אין דער פאָרם פון איינצעלנע רעדעס און קורצע זאמלונגען פון איינצעלנע שפּרו־כען און רעדעס, אשטייגער ווי די פלוג־בלעטער און פלוג־שריפטען אין פּאָ־ליטיש און רעליגיעז אויפגערעגטע צייטען ביי אנדערע פעלקער; ווי, למשל, אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע. פון די איינצעלנע בלעטער ווערען מיט דער צייט קלענערע זאמלונגען און פון די זאמלונגען ווערען ביכער. אזוי אַם וועניגסטען ביי ישעיה׳ן*) און קענטיג אויך ביי עמוס׳ן און ביי מאַנכע אנדערע. בעת ירמיה ווארט 23 יאָהר און גיט דאַן ארויס אַ גרעסערע זאמלונג פון רעדעס.

האָבען די נביאים געשריבען און נערעדט אין פּראָזאַ אָדער אין פּאָעזיע? מיר ווייסען, אז די אָראַקלען און שפּרוכען פון די זעהער ביי די גריכען האָבען דאָס רוב געטראָגען די געבונדענע פאָרם. זע־הער און דיכטער זיינען איינס. אין ביידען לעבט אַ גאָט. די נבואות וואָס דער נביא באַקומט אין אַ מאָמענט פון הייליגער באַגייסטערונג טראָגען ממילא אין זיך דעם כאַראַקטער פון דעם באַוועגטער נשמה־שטימונג, פון וועלכער זיי זיינען ארויסגעפלאָסען. אט אזוי מערקען מיר אַ ריטם אין בלעם׳ס שפּרוכען אָדער אין די גאָט־שפּרוכען פון בראשית**), הגם אַט די לעצטע האָבען ניט קיין דירעקטע שייכות צו נביאים. דאָסזעלביגע מוז מען אויך אננעמען ביי נתן, אליהו און אנדערע, אפילו וואו מיר קענען עס היינט מעהר ניט נאָכווייזען. ס׳איז דערפאַר בשום אופן ניט קיין חידוש, נאָר דורכאויס גאַנץ נאַטירליך, וואָס מיר געפינען די געבונדענע פאָרם אויך שטאַרק פאָרטראָטען ביי די קומענדיגע שריפטליכע נביאים. מיר מעגען אננעמען, אז לכתחילה איז די געבונדענע פאָרם געווען די הערשענדע, צי אין דער שטרענגערער פאָרם פון דעם קונסט־געדיכט, צי אין דער פרייערער ריטמיש באַוועגטער פּאָעזיע. ביי אַט דער לעצטער פאָרם זיינען די גרעני־צען צווישען פּאָעזיע און פּראָזאַ ניט זעלטען פליסענד און מיר זיינען אָפּט־מאָל בספק, צי מיר האָבען דאָ צו ריידען פון ריטמיש באַוועגטער, רעטאָרי־שער פּראָזאַ אָדער פון פרייער פּאָעזיע. דאָס איז ניט דערפאַר ווייל מיר

---

*) קיין דירעקטע ראיות, אַז ס׳איז אַט אזוי צוגעגאַנגען, האָבען מיר ניט; אָבער פון דעם סדר ווי די רעדעס זיינען אַראַנזשירט אינ׳ם בוך איז דאָס וואַהר־שיינליך.

**) זעה די ערשטע באַמערקונג אויף דער פריהערדיגער זייט.

זיינען נ̄יט זיכער אויב דער טעקסט האט זיך ריכטיג דערהאלטען, נאר דאס ליגט זיכער אין דעם כאראקטער פון דער זאך גופא. וואס מעהר די נבואה געהט אריבער פון דעם קורצען שפרוך צו דער לענגערער רעדע, און וואס מעהר די סוביעקטיוויטעט און די נאכקלערונג ווערט אריינגעמישט אין דער רעדע, אלץ מעהר האט געמוזט צוריקטרעטען דאס דירעקטע, דאס וואס דריקט אויס די באוועגונג פון דעם נביא'ס נשמה. אנשטאט דעם קומט איצט א רוהיגע שטימונג פון דער נשמה, וועלכע דריקט זיך אויס אין א וועניגער געבונדענער פארם און צולעצט אין דער פראזא.

נאטירליך וואקסט צוזאמען דערמיט דער שריפטשטעלערישער כאראקטער פון די נביאים און דער איבערגאנג פון דער נבואה ביסלעכווייז פון א מונדליכער רעדע צו ריינער ב ו ך - נ ב ו א ה. שוין ביי ירמיה'ן, נאר מעהר ביי יחזקאל'ען און אין גאנצען ביי חגי און זכריה, מוז מען זיך פרעגען, אויב געוויסע טיילען פון'ם בוך זיינען נאר איבערהויפט ווען גערעדט געווארען און זיינען ניט זיכער לכתחילה געשריבען געווארען, כדי אויפ'ן פלאץ פון דער אמאליגער פאלקס־רעדע צו ווירקען נאר אלס בוך און אויסשליסליך אלס בוך. דער נביא איז דא בכלל ניט מעהר קיין רעדנער, נאר בלויז א שריפטשטעלער, און די פארם פון די רייד איז בעיקר דאמאלסט געוועזן געהויבענע, רעטארישע פראזא. נאטירליך איז אויך דא דער כלל ניט געוועזן אהן אן אויסנאם. דער צווייטער ישעיה (פון קאפ. מ אן) איז אויך קענטיג געוועזן א בוך־נביא: שוין די אויסערליכע אומשטענדען פון'ם גלות האבען שווער געמאכט דאס אויפטרעטען אין אן עפענטליכער רעדע: ער אדרעסירט זיין פאלק דורך דער שריפט, כאטש ער איז גלייכצייטיג אויך א גרויסער דיכטער. דאך האבען מיר שוין דא צו טאן מיט עטוואס ווי קונסט־דיכטונג: זיין בוך אנטהאלט ניט מעהר נביאים־רעדעס אין שטרענגען זין, נאר דערהויפט דרשות און איבערצייגענדע (פארענעטישע) גערדיכטען, זיך סומך זייענדיג אויף עלטערע נביאים־רעדעס, באזונדערס אויף די רעדעס פון ישעיה'ן. אבער עס געפינען זיך אין די טיילען פון ספר ישעיה, וועלכע שטאמען פון גלות בבל און נאך פון שפעטער, ניט וועניג אויסנאמען פון נבואה אין א שטרענגען זין. טיילווייז זיינען זיי דער נאך־וואוקס פון דער עכטער ארט נבואה, טיילווייז זיינען זיי קינסטליכע נאכבילדונגען.

אבער אויך דא, פונקט ווי אויבען ביים פארהעלטעניש צום אביעקט, איז עס זעלבסטפארשטענדליך, אז מיט אזא גרינטליכער אומענדערונג פון דעם עצם פון דער זאך איז די זאך גופא געשטעלט געווארען אין געפאהר.

דערמיט וואס די נבואה הייבט אן צו ווערען בעצם א ליטעראַרישע ערשיי־ נונג, גראבט זי זיך אליין אונטער. זי געהט אריבער צו די הייליגע גע־ שריבענע זאכען און ווערט אן ענין פאר די סופרים, א זאך פון דער שריפט־ ליכער געלערזאמקייט. דעם פּלאַץ פון דער לעבעדיגער רעדע פאר'ן פאר־ זאמעלטען פאלק פארנעמט די פארלעזונג פון א טעקסט פון די נביאים פאר דער געמיינדע ביים גאָט'ס־דינסט, און נעבען דער תורה שטודירט מען אויך די ביכער פון די נביאים. אט אזוי האבען איין חלק פון דער ירושה פון די נביאים אריבערגענומען די כהנים, דעם אנדערען טייל די סופרים.

## 3.

## עמוס און הושע.

ניט ביי אלע שריפטליכע נביאים גיט זיך אונז איין ארויסצוקריגען עפּעס זיכערעס בנוגע צו דער צייט פון זייער אויפטרעטען. דער ערשטער צווישען זיי, וואס מיר זיינען זיכער מיט זיין צייט, איז ע מ ו ס. פון יהודה לויט געבורט, שטאמענדיג פון דעם שטעטיל תקוע וואס ליגט ביי בית־לחם, טרעט ער אויף אונטער ירבעם דעם צווייטען, פאראויסזאגענדיג אומגליק אויף דעם קעניגרייך ישראל. זיין צוזאמענהאנג מיט די רכבים איז לייכט צו דערקענען. וואס איהם טרייבט איז ניט מחמת ער געהערט צו דעם קלאס פון די נביאים אדער ווייל ער האט זיך לאנג צוגעגרייט דערצו אין דעם קרייז פון די בני הנביאים. לויט זיין בעשעפטיגונג גיט ער זיך גאר אפּ מיט'ן האדעווען בהמות*) און פלאנצען סיקאמארען (שקמים). אבער דער רוף פון יהוה, וועלכער איבערוועלטיגט דעם מענשען פונקט ווי אן אי־ בערמעכטיגער נאטור־כוח, האט איהם „אוועקגענומען פון דער סטאדע“ און איהם דאס מויל געעפענט:

*) דאָס באדייט „נוקד“, ניט א פּאסטוך־קנעכט וואָס דינט ביי אַן אַנדערען. אזוי ווי תקוע ברייננגט הייגט ניט ארוים קיין סיקאַמאָרען, בית־לחם און די אומ־ געגענד אבער יא, קאָן עס דערפאר געמאָלט זיין, אז ער איז געווען א פארמעגליכער אייגענטימער (דער אויסדרוק „אוועקגענומען פון דער סטאַדע“ אין ז 14 איז ניט קיין סתירה דערצו), ווענעס פלאנצונגען האָבען זיך געפונען אויסוועדטס. אָט אזוי דערקלערט זיך בעסער עמוס'עס בילדונג און זיין ווייטער און זיכערער פּאָליטישער בליק איידער ווען מ'נעמט אָן, אז ער איז געווען א פּשוט'ער קנעכט.

„געהען צוויי צוזאמען, נים האָבענדיג פריהער אפגערעדט?
ברומט א לייב אין וואלד, אויב ער האָט נים קיין פארצוקונג?
לאָזט הערען דער יונגער לייב זיין שטים פון זיין הייהל, אויב ער האָט
נים געפאנגען?...

דער לייב ברומט — ווער מוז זיך נים שרעקען?
דער האר יהוה רעדט — ווער מוז נים ווערען קיין נביא?"

(עמוס ג 3, 4, 8).

וואס ער האט צו זאגען אין יהוה'ס נאמען איז ניט קיין קלענערע זאך ווי דאס, אז עס האלט ביים ענד מיט דער מלוכה, דעם פאלק און דעם קעניגטום פון ישראל. יהוה, וועלכער האט באשאפען דעם הימעל און די ערד און קי־רעוועט די שטערן, איז א גערעכטער גאט, די מאס פון ישראל'ס זינד איז שוין אבער לאנג פול, עס קומט באלד דער טאג פון יהוה'ס משפט, עס פאלט באלד אראפ די צייטינג פרוכט (עמוס ח 1, 2). מ'הערט ווי עס רעדט דער פאסטוך פון בית־לחם און פון מדבר יהודה ווען ער רופט אויס:

„אזוי האָט געזאָגט יהוה:
פונקט ווי א פאַסטוך ראַטעוועט פון דעם לייב'ס מויל
צוויי קנית אָדער א לעפעל פון אן אויער,
אזוי וועלען זיך ראטעווען די קינדער פון ישראל,
וועלכע ליגען אין שומרון אויפ'ן ברעג פון דיוואן
און אויפ'ן דאמאסטענעם קישען."

„וועה, די וואס וואַרטען אויף דעם טאָג פון יהוה!
וואָס וועט איהר האָבען פון דעם טאָג פון יהוה?
ער איז פינסטערניש און נים ליכטיגקייט: —
אזוי ווי א מענש וואָס אנטלויפט פון דעם לייב,
און עס טרעפט איהם דער בער:
ער קומט אריין אין הויז,
לעהנט אן זיין האַנט אן וואַנט,
און עס בייסט איהם איין א שלאַנג."

(עמוס ג 12; ח 18, 19).

עס הייסט ניט, אַז יהוה'ס גרויסער טאָג וואָס שטעהט פאַר איז דער ערשטער משפט איבער זיין פאָלק. שולד און זינד זיינען לאַנג שוין געווען, דעריבער האָט מען אויך געהאַט צו פיהלען גאָט'ס שטראָף. אָבער קליינע שלעק, ווי אַ שלעכט געוועטעניש און אַ יקרות, אַ טריקעניש, אַ בראַנד און אַ היישעריק, אַפילו פעסט און ערד־ציטערניש, פון וועלכע מ'האָט גע־ליטען אין דער לעצטער צייט, האָבען ניט געבראַכט די געווינשטע רע־זולטאַטען*). עס בלייבט נאָר איבעריג, אַז יהוה זאָל הייסען ישראל גופא אונטערגעהן, כדי צו דערגרייכען דערמיט זיין ציל. עמוס זעהט שוין די לויה און ער פאַרנעמט דאָס קלאָגען און יאָמערען, ער אליין באַקלאָגט שוין זיין פאָלק מיט אַ קלאָג־ליד אויף אַ טויטען:

„געפאַלען, ניט מעהר אויפצושטעהן,
איז די יונגפרוי פון ישראל!
אויסגעשטרעקט אין איהר אייגענעם לאַנד,
און קיינער הייבט זי ניט אויף!

„אויף אַלע פלעצער איז אַ קלאָג,
אין אַלע גאַסען רופט מען: אוי! וועה!
דעם לאַנדמאַן רופט מען צו דעם טרויער,
און די קלאָג־געלערענטע צום קלאָג.
אין אַלע וויינגערטנער איז אַ יאָמער —
וואָרים איך געה דורך ביי דיר אין מיטען, זאָגט יהוה."
(עמוס ה 2, 16, 17).

די סיבה פון אָט דעם גאַנצען אומגליק און חורבן איז ממש מיט דער האַנט אָנצוטאַפּען. אומעטום זעהט מען אומרעכט און עולות, אומדערבאַ־רימליכע דריקונג פון די אָרימע, מיאוס'ע קאָרופּציע צווישען די ריכטער, אָפענע עקספּלואַטאַציע פון די שוואַכע, דערביי לוקסוס, וואוילטאָג און אַ באַקוועם לעבען מיט דער הילף פון אומגערעכטע געווינסען: בעלי־חובות, וואָס קענען ניט צאָהלען, ווערען פאַרקויפט פאַר קנעכט צוליב אַ פּאָר שיך:

*) עמוס ד 6—11. די ערד־ציטערניש געפאַלט לויט אַ 1 (פאַרגלייך זכריה י"ד 5) צוויי יאָהר נאָך עמוס'עס ערשטען אויפטריט. עס געהערט בכן אין דער צייט צווישען זיין ערשטען אויפטריט און דער אויפשרייבונג און אַרויסגעבונג פון זיין בוך.

פון זשעדנעקייט נאך אומגערעכטע ריוחים קאן מען שוין קוים דערוואר־
טען, אז די רוהע־טעג, שבת און ראש־חודש, זאלען פארבייִ, כדי מ'זאל זיך
שוין האסטיג קענען נעמען צו וואוכער און באטרוג מיט פאלשער מאס און
געוויכט (עמוס ב 6 ה 10—13; ח 4—6). מאן און ווייב האבען א גלייַ־
כען חלק אין די עולות; נאך מעהר, די ווייב טרייבט נאך דעם מאן אז
צו נידערטרעכטיגע פארדינסטען: „שאף געלט, כדי מיר זאלען טרינקען!“
(עמוס ד 1). אחוץ פעטע סעודות פארשטעהט מען אויך ווי זיך צו באנו־
צען מיט דעם זינדיגען געלט. פרעכטיגע בנינים פון געהאקטע שטיינער
מיט טייערען איינזאץ פון עלפענביין, וואוינונגען אין שטאדט פאר ווינ־
טער און הייזער צו לאנד פאר זומער, גערטנער און וויינגערטנער, פרעכטיגע
דיוואנען פאר לוסטיגע סעודות, זאלב־אויל, שפיל און געזאנג דינען דערצו.
אז מ'מאכט זיך אין שומרון זיס דאס לעבען און מ'פארגעסט דעם בראך פון
יוסף (עמוס ג 12, 15; ה 11; ו 1—6).

אבער נאך ערגער ווי דאס אלצדינג איז די עפענטליכע אפקעהרונג פון
יהוה. מען איז אפילו זעהר היציג אין דינען גאט אויסערליך. אבער צי קען
מען דען אפקויפען יהוה מיט געשאנקען ווי מ'קויפט אפ די אידישע ריכ־
טער ביי א משפט? קאן מען דען געווינען זיין לייטזעליגקייט דורך ימים־טובים
און קרבנות, דורך לידער־ און הארפען־שפיל? (עמוס ה 21—25). און אלס
צוגאב נאך: וואלט לכל הפחות אט דאס נאך צוגעגאנגען ווי עס געהערט
צו זיין! אבער וואס די אידען טוען איז פשוט'ער געצענדינסט. זייערע היי־
ליגע ערטער, בית־אל, גלגל, באר־שבע, זיינען געצען־ערטער, זייערע מזבחות
זיינען געווארען פלעצער פון עברות, וואס מוזען פאלען. צו שווערען ביי
דעם גאט פון דן און ביי דעם עולה־רגל זיין קיין באר־שבע איז א זינד
(עמוס ג 14; ד 4 ה 5; ז 9; ח 14). עס הייסט ניט, אז זיי פראקטי־
צירען אז אמת פרעמדען קולט, ווי אישטייגער דעם בעל־דינסט. יהוא'ס די־
נאסטיע האט געהאט צו פארדאנקען איהר טראן דעם קאמף געגען בעל,
און אין עמוס'עס צייט, ווי עס איז פון אלעמאל געוועזן איז דעם קעניגרייך פון
צפון, איז בית־אל דאס קעניגליכע הייליגטום. בנוגע צו רעליגיאן האט
ירבעם בן יואש קענטיג ניט אנדערש געדענקט איידער ירבעם בן נבט און
יהוא. די נביאים האבען אבער אונטערדעסען געלערנט די אידען צו קוקען
אנדער־יש אויף די אלע זאכען. דעם בילדער־דינסט פון בית־אל און דן האט
אליהו נאך געדולדעט; די ערטער וואו דאס איז פראקטיצירט געווא־
רען זיינען נאך געעהרט און פארהערליכט געווארען פון דעם יהווי'סט און
דעם אלהי'סט; אבער איצט איז דער בילדער־דינסט געווארען גלייך צו גע־

צענדינסט און זיינע הייליגע פלעצער זיינען געווארען גלייך צו די במות פון בעל.

עס איז מערקווירדיג וואס עמוס זאגט צומאל ניט איין ווארט וועגען דעם, דורך וועמען און ווי אזוי יהוה׳ס פסק־דין וועט דורכגעפיהרט ווערען איבער ישראל. ער באגנוגענט זיך צו געבען די רעזולטאטען פון דער שטראף פאר׳ן קעניג און פאלק. ער איז כולל אלצדינג צוזאמען אין די ווערטער:

„דורכ׳ן שווערד וועט ירבעם שטארבען
און ישראל מוז פארטריבען ווערען פון זיין לאנד.“
(עמוס ז 11).

דאך וואס און וועמען ער מיינט דערמיט איז פולקום קלאר, און זיין ווארנונג האט געמוזט זיין ווירקזאמער, ווען ער האט געקענט אנווייזען אויף אשור אלס אויף א מאכט, וועלכע איז באקאנט יעדערען אין לאנד, און וועלכע ער דארף גאר אפילו ניט דערמאנען מיט׳ן נאמען.

כאטש יהוה האט געשווארען, אז ישראל זאל איצט אונטערגעהן, דאך זאל ישראל פארט ניט אפגעווישט ווערען פון דער ערד. גאט׳ס גנאד איז גרעסער איידער די שולד פון די מענשען. אמת טאקע, דאס הויז פון ישראל זאל צעטרייסעלט ווערען צווישען אלע פעלקער, ווי מ׳שאקעלט ווייץ אין א זיפ; און וואהרשיינליך נעמט ער אן, אז אויך מיט יהודה וועט ניט בעסער געהן*). אבער אמאל אין דער צוקונפט וועט יהוה ווידער אויפריכטען זיין פאלק, וואס וועט געלייטערט ווערען דורכ׳ן אומגליק, כדי עס זאל ווידער שטעהען אין זיין פולען גלאנץ ווי פריהער. דאן וועט קומען איבער ישראל א צייט פון שפע. „די בערג וועלען טריפען פון זאפט, און די היגלען וועלען פליסען. און איך וועל זיי ווידער איינפלאנצען אין זייער לאנד, און זיי זאלען מעהר ניט אויסגעריסען ווערען פון זייער לאנד וואס איך האב זיי געגעבען. האט געזאגט יהוה, דיין גאט“**).

---

*) פארגלייך ו 1 („ווער, איהר זארגלאזע אין ציון“). לויט דעם זיינען צו באאורטיילען אזוינע שטעלען ווי ט 11.

**) עמוס ט 13—15. לויט אסך ביבעל־פארשער איז עמוס ט פון פסוק 8 ביז׳ן ענד: די שארפע אונטערשיידונג צווישען ישראל און יהודה און דער ארויס־קוק אויף א פרעהליכער, גליקליכער צוקונפט, א הוספה צוגעשטעלט פון אן איבער־שרייבער פונ׳ם בוך נאכ׳ן גלות בבל. ח. ש.

ס'איז גאר קיין חידוש ניט, וואס עמוס האט מיט זיינע שארפע רייד זיך פארשאפט ווייניג פריינד אין דער צפון־מלוכה. בעת ער האט פאראויס־געזאגט אין בית־אל דעם אונטערגאנג פון ישראל'ס הייליגטימער צוזאמען מיט ירבעם'ס הויז האט איהם דער כהן אמציה פאר'מסר'ט ביים קעניג, אז ער איז א לעסטערער און ער האט איהם ארויסגעשיקט פון לאנד (ז 10). וואס פון איהם איז געווארען, ווייסען מיר ניט; ס'איז געניג, אז ער האט אונז א בוך געשאנקען. —

אבער עמוס'עס זאט איז ניט געווען אומזיסט. א קורצע צייט נאך איהם, נאך אונטער ירבעם דעם צווייטען, טרעט ארויף אויף דער סצענע א מאן פון אפרים גופא, וועלכער זעצט פארט עמוס'עס טעטיגקייט. דאס איז ה ו ש ע  ב ן  ב א ר י. ער ווירקט נאך אויך נאך ירבעם'ס טויט און האט יע־דענפאלס איבערגעלעבט די מהומות נאך ירבעם'ן און מנחם'ס אונטערוואר־פונג אונטער אשור; פילייכט האט ער נאך אויך איבערגעלעבט די נעכסטע פאלגענדע צייט. אויף שריט און טריט ווערט אנגעדייט אויף דעם יאמער, וואס דער חיל פון אשור בריינגט אויף די פעלקער, און אויף די זעלבסט־מערדערישע פארטיי־שטרייטיגקייטען אין ישראל. אויך אין הושע'ס בוך ניט דער צוזאמענברוך פון דער נאציאן דעם גרונט־טאן וואס באהערשט אלצדינג. גלייכצייטיג אבער ציטערט הושע פון שרעק פאר דעם געדאנק. וואס עס קאן ווערען פון אזא פאלק ווי ישראל, ווען עס זאל אמאל פאר־פלאנצט ווערען אין א טמא'ן לאנד*).

א פערזענליכע איבערלעבונג מאכט הושע'ן פאר א נביא**). זיין פרוי,

---

*) דער טעקסט פונ'ם בוך איז שרעקליך פארגרייזט, דערצו נאך איז עס אין יהודה איבערגעארבייט געווארען. וואהרשיינליך האט מען פון די ווייניגע עקזעמפ־לארען, וועלכע זיינען געווען בנמצא אין 722, דעם יאהר פון חורבן שומרון, נאר איינעם געראטעוועט. יענער עקזעמפלאר איז דאן, פילייכט שוין ביי דער אויס־ראבירונג פון שומרון, געקומען באשעדיגט קיין ירושלים און איז דארטען דער־גענצט געווארען, ניט שטענדיג אויף א גליקליכען אופן.

**) הושע'ס פארהעלטעניש צו זיין פרוי ווערט פארשידענארטיג אויסגעטייטשט אין דער מאדערנער ביבעל־פארשונג. לויט מאנכע פארשער איז זיין נבואה ניט דער רעזולטאט פון זיין פערזענליכער איבערלעבונג מיט זיין אומגעטריער פרוי, נאר פונקט אומגעקעהרט: זיין פארהעלטעניש צו זיין פרוי איז א פראדוקט פון זיין טעטיגקייט אלס נביא. ער נעמט, הייסט עס לויט דעם, אומישנע אן אומגעטריע פרוי, כדי דורך דעם צו סימבאליזירען די אומגעטריישאפט פון ישראל צו יהוה.
ת. ש.

וועלכע ער ליבט הארציג, ווערט איהם אומגעטריי. ווי אזוי האט יהוה איהם געקאנט אנטאן אזא וועהטאג? דער אייגענער שמערץ און די פארדארבענ־קייט פון זיין פרוי פליסען צוזאמען אין זיין געדאנק מיט דעם, וואס ער זעהט טעגליך ביי זיין פאלק. איינע איז איהם א בילד פון דער אנדערער. און אט אזוי שטעהט עס קלאר פאר איהם אין זיין נשמה: דאס וואס ער האט איבערגעלעבט, איז געשעהן, כדי ער זאל אין זיך גופא שפירען און זאל אנדערע דערקלערען ווי ישראל באהאנדעלט זיין גאט און ווי גאט באהאנדעלט ישראל. די נאציאן איז געווארען אומגעטריי צו איהר האר. אט די אנערקענונג מאכט הושע'ן פאר א נביא און זי בלייבט אויף דער מיטעלפונקט פון זיין נבואה. אבער צי ליבט ער דען ניט איצט גופא נאך די פרוי וואס ער האט אויסגעקליבען, ניט קוקענדיג אויף אלץ וואס איז פארגעקומען? פונקט אזוי פארשטויסט יהוה זיין אומגעטריי פאלק, און דאך ליבט ער עס נאך, און ער וועט עס נאך אמאל מוזען ברייגנען צוריק צו זיך.

ישראל איז געגליכען צו דער אומגעטרייער, פארדארבענער פרוי, יהוה איז געגליכען צו דעם טריי געבליבענעם מאן; דערמיט זיינען צוויי באגריפען אריינגעפיהרט געווארען אין דער אידישער געדאנקען־וועלט, באגריפען, וואס האבען זי מעהר ניט פארלאזען. הושע איז דער נביא פון דער געטליכער ליבע: קיין שריפטשטעלער פון תנ"ך האט ניט גערעדט וועגען איהר האר־ציגער און טיפער ווי ער. אין הארטע, קורצע אפט פלוצלונג אפגעריסענע ווערטער אבער פול מיט א הויכען שוואונג און רייך אין זעלטענע בילדער און ווענדונגען גיסט ער אויס זיין גאנצע הארץ. הושע איז אפט משונה'דיג און כמעט אפשטויסענדיג. שטעהענדיג אין דינסט פון יהוה און פון זיין גרויסער זאך אין ישראל, שרעקט ער זיך ניט צו לאזען די גאנצע וועלט אריינקוקען אין די טיפענישען פון זיין נשמה און אין די געהיימנישען פון זיין הויז און זיין הארץ.

פאר איהם איז דער עיקר צו געבען א טריי בילד פון ישראל'ס זינד אין איהר אמת'ער געשטאלט און אין איהר גאנצער פארדארבענקייט. די הויפט־צרה, פון וועלכער הושע זעהט אז זיין פאלק ליידט, איז, וואס ישראל האט פארלאזען דעם אמת'ן גאט. ס'איז פאר איהם אלץ דאסזעלביגע צי זיי לויפען נאך בעל און אנדערע געצען, אדער זיי דינען יהוה גופא אויף אן אופן וואס פאסט ניט פאר איהם — דאס אלץ איז געצענדינסט. ישראל פארלאזט איהר אייגענעם מאן און לויפט נאך נאך פרעמדע מענער, נאך די געטער פונ'ם לאנד, וועלכע גיבען איהר די גוטע מתנות פונ'ם לאנד. ער רופט דעריבער צו די קינדער פון ישראל:

„קריגט זיך מיט אייער מוטער, קריגט זיך!
ווארים זי איז נים מיין ווייב (און איך בין נים איהר מאן):
און זאל זי אפטאן איהר זנות פון איהר פנים
און איהר הורעריי פון איהרע ברוסטען...
ווארים מזנה געוועזן האט זייער מוטער,
שענדליך פיהרט זיך אויף די וואס האט זיי געבארען;
זי זאגט: איך וויל נאכלויפען נאך מיינע ליבהאבער,
וואס גיבען מיין ברויט און מיין וואסער,
מיין וואל און מיין פלאקס, מיין וויין און מיינע געטראנקען...
זי אבער ווייסט נים, אז איך האב איהר געגעבען
די קארן און די וויין און די אויל,
און זילבער האב איך איהר אסך געגעבען,
און גאלד, וואס זיי האבען דערפון א בעל געמאכט.“
(הושע ב 4, 7, 10).

דער גרעסטער טייל פון הושע׳ס נבואות, ווי די אויפשרייבונג פון זיין בוך בכלל, שטאמט פון דער צייט פון נאך ירבעם דעם צווייטען׳ס טויט. מיט דעם פאל פון יהוא׳ס דינאסטיע איז אהן ספק אויך דער פרעמדער קולט פון דאס ניי איינגעדרונגען אין ישראל. שוין פריהער האט דער נביא פארדאמט דעם דינסט צו דעם אקס און צו די במות, ווייל די מגושם׳דיגע פארשטעלונג פון גאט פארלייקענט דעם הייליגען כאראקטער פון יהוה און ווייל עס זיינען נאך דערצו געווען פארבונדען דערמיט די אויסגעלאסענע הולאנקעס פון׳ם כנעני׳שען נאטור־דינסט. זיין כעס האט זיך דעריבער געמוזט נאך מעהר אנצינדען, זעהענדיג ווי יענער נאטור־דינסט גופא האט ווידער אנגעהויבען זיך איינצופעסטיגען עפענטליך אין ישראל:

„זנות, וויין און טרויבען־זאפט נעמען דעם פארשטאנד אוועק:
מיין פאלק פרעגט אן עצה ביי זיין האלץ,
און זיין שטעקען דערקלערט צו איהם...
אויף די שפיצען פון די בערג שעכטען זיי,
און אויף די בערגלעך רייכערען זיי,
אונטער אייכען, טאפאלען און טערעבינטען,
ווייל ס׳איז גוט זייער שאטען:
עס אזוי זיינען אויסגעלאסען אייערע טעכטער

**און אייערע שניר זיינען מזנה.**
**איך קאָן ניט שטראָפען אייערע טעכטער,**
**וואָס זיי זיינען אויסגעלאסען,**
**און ניט אייערע שניר,**
**וואָס זיינען מזנה,**
**וואָרים זיי גופא געהען אוועק מיט די זונות**
**און זיי שעכטען מיט די „קדשות“ (געהייליגטע זונות).**

**(הושע ד 11—14).**

**אבער די זינד פון דעם קעלבער־ און בילדער־דינסט איז געווים שוין** גענוג גרויס. נאָכדעם ווי דורך דער אָפּקעהרונג פון בעל און דער צוריקקעהרונג צו יהוה אונטער יהוא איז ישראל ווידער אויפגעהויבען געוואָרען, איז ער דורך דעם דאָזיגען דינסט פון דאָס נייע געזונקען:

**„ווען אפרים האָט גערעדט, האָט מען געציטערט,**
**הויך איז ער געשטאַנען אין ישראל:**
**דאָ האָט ער זיך פאַרזינדיגט מיט דעם בעל**
**און ער איז אונטערגעגאַנגען.**
**און איצט זינדיגען זיי פון דאָס ניי און מאַכען זיך בילדער**
**פון זייער זילבער נאָך דעם מוסטער נאָך פון געצען,**
**די אַרבייט פון מייסטערס זיינען זיי אלע:**
**אמורים זיינען זיי*),**
**מענשען וואָס שעכטען קושען די קעלבער!“**

**(הושע י״ג 1, 2).**

דערצו נאָך האָט ישראל'ס זינד פאַרמעהרט די מאָראַלישע הפקרות, אין וועלכער הויכע און נידעריגע האָבען אנטייל גענומען, מעהר ווי אלע אבער די באַרופענע פיהרער פון פאָלק, די כהנים און די נביאים**). טראָן־פּאַרכאַ־פּונג, נעוואַלד־הערשאַפט און אַנאַרכיע, וועלכע זיינען געווען אויף דער טאָגעס־אָרדנונג זינט ירבעם'ס טויט, קענען ניט פאַרבעסערען די פאַרהעל־

---

*) „הם אומרים“ אין י״ג 2 ווערט אויסגעבעסערט פון אַסך מאָדערנע מבארים אין „אמורים הם“. ת. ש.

**) הושע ד; ח 1; ו 8, 9; ז 1; ט 15; י״ב 9.

טעניִען*). אויך מנחם׳ס פאליטיק צו קריגען אויף זיין זייט די אשורים, וועלכע זיינען זינט דעם פאל פון סיריען געשטאנען נאהנט צום גרעניץ פון ישראל, קאן לויט הושע׳ס אורטייל ניט צוריקהאלטען דעם חורבן, פונקט אזוי וועניג ווי די שטרעבונגען, וועלכע זיינען אויפגעטראטען קענטיג אין דער־זעלבינער צייט, צו מאכען עגיפטען פאר ישראל׳ס פריינד**). זיי צע־טומלען נאר די מוחות און ווענדען אפ די בליקען פון דעם, וואס קאן נאר אליין העלפען, ווען ער וואלט נאר געוואלט זיין גנעדיג: — אבער כאטש ער האט איצט פארשטויסען זיין פאלק און עס געמאכט הפקר פאר די פיינד, דאך קאן ער, איבער זיין ליבע צו איהם, עס אויף אלעמאל ניט פארלאזען. ישראל מוז פאלען צוזאמען מיט זיין קעניגטום, וואס איז פון לכתחילה אן געווען דערווידער צו יהוה׳ס ווילען. אבער דערנאך, ווען דער משפט וועט איהם האבען אויסגעלייטערט, וועט זיך גאט ווידער דערבארימען אויף איהם:

„דיין צעשטערונג בין איך, ישראל — ווער קאן דיר העלפען?
וואו איז דיין קעניג, וואו? — זאל ער דיך ראטעווען!
און אלע דיינע פירשטען? — און זאלען זיי דיר א משפט געבען!***)
דו האסט דאך געזאגט: גיב מיר א קעניג און פירשטען!
איך גיב דיר א קעניג אין מיין כעס,
און נעם איהם אוועק אין מיין צארן...
וואו זיינען דיינע פעסטען, טויט?
וואו דיינע פלאגען, „שאול"?
חרטה איז פארבארגען פון מיינע אויגען...
פארוויסט מוז ווערען שומרון,
דורכ׳ן שווערד מוזען זיי פאלען,
איהרע קינדער וועלען צעשמעטערט ווערען,
איהרע שוואנגערע וועלען צעריסען ווערען."

(הושע י"ג 9—11, 14).

איצט אבער בייט זיך דאס בילד. גאט׳ס דערבארימדינע ליבע ברעכט

*) הושע ז 7; ה 3, 4; י 8, 15; י"ג 10.

**) הושע ה 13; ז 11; ה 9; י 6; י"ב 2; י"ד 4. זעה דערצו דעם פאל־גענדען קאפיטעל אין אונזער בוך וועגען דעם ענד פון דער צפון־מלוכה.

***) מ׳דארף לויט דעם לעזען פסוק 9 און 10: „שחתיך, ישראל, כי מי בעוזריך? איה מלכך אפוא ויושיעך, וכל שריך וישפטוך."

זיך דורך א וועג. ווארים קומט דאס אומגליק — דער צוזאמענברוך פון דער מלוכה און דער גלות — וועט אויך קומען אין פאלק חרטה און בייגס־שאפט נאך יהוה. דאמאלסט וועט ישראל זאגען:

„איך וויל געהן און זיך צוריקקעהרען צו מיין פריהערדיגען מאן,
ווארים ס'איז מיר דאמאלסט בעסער געווען ווי איצט.
און זי וועט דאָרטען אָפּענטפערען ווי אין די טעג פון איהר יוגענד,
און ווי אין דעם טאָג ווען זי איז ארויסגעגאַנגען פונ'ם לאַנד מצרים"...

„און איך וועל דיך פאר'קנס'ען צו מיר אויף אייביג,
און איך וועל דיך פאר'קנס'ען צו מיר מיט גערעכטיגקייט,
און מיט רעכט, און מיט גוטסקייט, און מיט דערבאַרימדיגקייט...
און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, זאָגט יהוה,
וועל איך ריידען צו די הימלען,
און זיי וועלען ריידען צו דער ערד.
און די ערד וועט ריידען צו דעם קאָרן,
און דעם פרישען וויין און דעם אויל,
און זיי וועלען ריידען צו יזרעאל (ישראל)...
איך וועל אויסהיילען זייער ווידערשפעניגקייט,
איך וועל זיי גערן ליב האָבען,
יוארים מיין צאָרן האָט זיך אָפּגעווענדט פון זיי...
אפרים — וואָס האָט ער נאָך צו טאָן מיט די געצען?
איך וועל איהם ענטפערען און איהם אָנקוקען.
איך בין געגליכען צו א גרינער ציפּרעסע:
פון מיר קומט דיין פרוכט."

(הושע ב 9, 17, 21, 23, 24; י"ד 5, 9).

נאך מעהר ווי עמוס האָט הושע געווענדט זיין בליק מיט האפענונג אויף „דוד'ס איינגעפאלען ביידעל". ווי ווייניג יהודה איז איהם פאר־געקומען פריי פון זינד, די צוקונפט געהערט אבער פארט צו איהר און צו איהר קעניגס־הויז. אמאל, נאָכדעם ווי די אידען פון דער צפון־מלוכה וועלען זיין א לאנגע צייט אהן יהוה און אהן א קולט, וועלען זיי זיך דאן צוריק־קעהרען צו יהוה, פון וועמען זיי האבען זיך אפּגעקעהרט, און זיי וועלען

ווידער אנערקענען דוד'ן — דעם צווייטען דוד פון דער נייער צייט — אלס זייער געזעצליכען קעניג (הושע ג 4, 5). דאס דארף אונז גאר קיין חידוש ניט זיין. ווי אזוי האט הושע, אויב ער האט דערוואַרט, אז ישראל זאל אמאל תשובה טאן און אויפגעריכט ווערען, זיך איבערהויפט דאס גע־קאנט פארשטעלען אנדערש ווי נאר אין א פאראייניגונג מיט א באנייטער און צו גאט צוריקגעקעהרטער יהודה? ניט קוקענדיג אויף דער פאליטישער צעשפאלטונג האט דער באנד צווישען יהודה און אפרים שווערליך געקאנט זיין אין גאנצען אפגעשניטען אין די קרייזען פון די איבערגעבענע צו יהוה, און די האפענונג אויף דוד, וועלכע איז לאנג שוין געווען לעבעדיג אין ירושלים, האט אויך אין אפרים ניט געקאנט בלייבען אומבאקאנט*). ס'איז דעריבער קיין אורזאך ניטא צו דערקלערען אט די אלע צוקונפט־דערוואר־טונגען אין הושע אלס שפעטערע הוספות, ווי עס טוען אסך ביבעל־פארשער. האט מען נאר אנערקענט אלס נישטיג אפרים'ס קולט, „דאס קאלב פון בית־אל און שומרון“ (הושע ח 5, 6; י 5), האט אויך א נביא פון אפרים געקאנט ריכטען זיין בליק אויף ירושלים און איהר בית־המקדש אדער, אויב דער בית־המקדש זאל חרוב ווערען, אויף איהר נייעם קעניג. ניט אין זייער איצטיגער געשטאלט, נאר אין דער געשטאלט וואס זיי וועלען קריגען דורך דער אויפריכטונג פון דוד'ס באנייטען קעניגרייך, זיינען יהוה און ירושלים געשטאנען פאר איהם אין א נייעם גלאנץ, און אויך פאר יעדען אידען אין אפרים מיט א טיפערען אריינקוק האט שוין איצט געמוזט שטעהן דוד'ס הויז, וואס האט אריבערגעלעבט די שטורעמס פון די יאהרהונדערטען, הויך דער־הויבען איבער דעם קעניגטום פון אפרים, וואס האט זיך גופא אויפגעפרעסען.

*) זעה אין צווייטען באנד ז. 270.

צווייטע אפטיילונג.

# גלות שומרון

## 1.

### עזריה־עוזיה. מנחם.

דער נאכפאלגער פון יענעם אמציה פון יהודה, וועלכער האט העכסט וואהרשיינליך באצאהלט מיט'ן לעבען פאר זיין העזה געגען ישראל, איז געווארען זיין זוהן ע ז ר י ה. ביי ישעיה'ן און אין דברי הימים טראגט ער דעם נאמען ע ו ז י ה. דערזעלביגער נאמען איז אויך טיילווייז ארייג־נעדרונגען אין ספר מלכים, אבער פון לכתחילה געהערט ער דארטען ניט. די שייכות צווישעןביידע נעמען איז ניט אין גאנצען קלאר, דאך איז עזריה הפנים דער ריכטיגער נאמען און עוזיה די נעבען־פארם, וואס איז ארויס־געקומען פון עוזה, א פארקירצונג פון עזריה.

דער ספר מלכים רעדט זעהר קורץ וועגען זיין לאנגער רעגירונג, וועלכע ער גיט אן אויף 52 יאהר (? 782-730). דאס איינציגע וואס ווערט דער־צעהלט פון זיינע אויפטואונגען באציהט זיך אויף דער באפעסטיגונג פון אילת, וואס ווערט צו איהם צוגעשריבען. דער דאזיגער אויפטו שטעהט על־כל־פנים אין צוזאמענהאנג מיט זיין פאטער'ס גליקליכע פעלד־צוגען געגען אדום. פון דער נאטיץ, אז ער האט ווידער געבראכט אילת צו יהודה (מלכים ב, י"ד 22), קאן מען פילייכט דרינגען, אז די דאזיגע שטאדט איז שוין עראבערט געווארען פון זיין פאטער, אבער נאך זיין טויט, פילייכט אויך נאך זיין יענגדליכער מפלה דורך יואש פון ישראל, איז זי פארלארען געגאנגען. אזוי אז עזריה האט זי ווידער געמוזט פארנעמען. יערענפאלס באדייט דאס

פאַרנעמען פון אָט דער וויכטיגער האַפען־שטאָדט ביים רויטען ים א נייע אויפבלעבונג פון האַנדעל און פּראָספּעריטעט.*) „און יהוה“, שטעהט עס, „האָט געפּלאָגט דעם קעניג און ער איז געווען א מצורע ביז דעם טאָג פון זיין טויט“ (מלכים ב, ט"ו 5). אזוי ווי ער איז מעהר ניט געווען בכוח צו פיהרען די ענינים פון דער מלוכה, איז ווי עס ווייזט אויס זיין זוהן יותם געווען א מין רעגענט נאָך אין דער צייט פון דעם קעניג'ס לעבען. דאָס קאָן מען ארויסדרינגען פון דעם טעקסט פון ספר מלכים. עס שטעהט טאַקע, אז פאָרמעל האָט ער איבערגענומען די רעגירונג ערשט נאָך עוזיה'ס טויט. אָבער דורך אגב ווערט דערצעהלט, אז בעת דעם קעניג'ס קראַנקהייט האָט שוין יותם געמאַן די וויכטיגסטע רעגירונגס־ארבייט, דאָס מישפּט'ען. מיט אָט דער הנהה ווערען אויך לייכטער די גרויסע כראָנאָלאָגישע שוועריקייטען פון דער צייט פון די מלכים**). העכסט וואהרשיינליך פאַלט יותם'ס רעגענטשאַפט צוזאַמען אין גאַנצען אדער צום גרעסטען טייל מיט זיין רעגירונג. דאָס יאָהר פון עוזיה'ס טויט מוז ליגען רעכט נאָהענט צו דעם יאָהר פון יותם'ס טויט.

מעהר ידיעות ווי אין ספר מלכים געפינען מיר וועגען עוזיה'ן אין דברי הימים, וואו ער הייסט עוזיהו. לויט'ן ספר דברי הימים האָט עוזיהו אָפּגע־האַלטען ניט קיין אומבאַדייטענדע נצחונות איבער די שכנים פון יהודה אין דרום, אין מערב און אין מזרח, נצחונות מיט וועלכע ער האָט זיך קונה שם געווען. ער זאָל אויך האָבען גרינטליך איינגעשטעלט די מויער פון ירושלים, געשאַפען אין מדבר טורעמס און וואסער־רעזערוואוארען און פאַר־בעסערט די גרייטקייט פון חיל צו מלחמה. זיין שפּעטערדיגע קראַנקהייט אָבער איז פאַרבונדען אין דברי הימים מיט א קאָנפליקט וואָס ער האָט גע־האַט מיט די כהנים פון בית־המקדש. עס ווערט דאָרטען דערצעהלט, אז דער ערפאָלג פון זיינע מלחמות האָט אריינגעבראַכט גדלות אין זיין האַרץ, אזוי אז ער האָט געוואָגט אריינצודרינגען אין היכל מיט „קטרת“ (רויכער־אָפּפער).

*) פאַרגלייך ישעיה ב 7, 16.

**) ווען מ'רעכענט צוזאַמען לויט'ן ספר מלכים די יאָהרען פון די מלכים פון ישראל פון יהוא ביז דעם חורבן שומרון קומט ארויס א סך־הכל פון 143 יאָהר מיט 7 חדשים. רעכענט מען אָבער צוזאַמען די יאָהרען פון די מלכים פון יהודה פונקט פון דערזעלביגער צייט קומט ארויס א סך־הכל פון 165 יאָהר. די יאָהרען וואָס מ'נעמט אראָפּ פון יותם'ס רעגירונג קומען דערפאַר שטאַרק צוניץ אויסצוגלייכען די דאָזיגע דיפערענץ פון גענויע 22 יאָהר. ת. ש.

אומזיסט האָבן די כהנים געזוכט איהם אָפּצוהאַלטען דערפון; דערפאַר אָבער האָט איהם יהוה געשטראָפט מיט א צרעת (דברי הימים ב, כ״ו).

צוליב אינערליכע טעמים קאן מען די ערשטע פּון אַט די דערצעהלונגען ניט לגמרי פאַרוואַרפען. פון ישעיה מוז מען אָננעמען אלס פאַרבאַדינג, אז ביים אויסברוך פון דעם קריג פון סיריען און אפרים געגען יהודה האָט גע־הערשט א געוויסע מאָס פון פּראָספּעריטעט און מיליטערישע מאַכט איז יהודה. נאָר דער קלעגליכער מפּלה דורך ישראל, מיט וועלכער אמציה האָט נעענדיגט זיין לעבען, איז אוממעגליך צו פאַרשטעהן די שילדערונג, וואָס ישעיה גיט אונז פּוּן עוזיהו׳ס און יותם׳ס צייטען, סיידען אויב עס האָט זיך עזריה׳ן אונטערדעסען איינגעגעבען ווי עס איז גוט צו מאַכען דעם שאָדען. אן ערפאָלג אויף יהודה׳ס זייט געגען דער צפון־מלוכה איז, כל זמן ירבעם בן יואש האָט געלעבט, ניט וואהרשיינליך. אדרבה: דאָס וואָס אונזערע באַריכטען שווייגען לגמרי מכוח א צוזאַמענשטויס פון דיביידע אידישע מלוכות אין יענער צייט איז א שטיקעל ראיה, אז יהודה איז אין א געוויסער מאָס געווען אָפּהענגיג פּוּן ישראל. וואָס מעהר די מלוכה פון ישראל האָט אונטער ירבעם דעם צווייטען באַקומען א פרייע האַנט געגען די סיריער, אלץ וועניגער האָט זי געמוזט זיין גענייגט צו לאָזען ניט אויסגענוצט דעם ער־פאָלג, וואָס זי האָט געוואונען געגען אמציה׳ן. אַט פון דעם אלצדינג איז צו דרינגען, אז דער באַריכט פון דברי הימים וועגען עזריה׳ס געוויסע נצחונות אויף די איבעריגע גרעניצען פון זיין קעניגרייך האָט פאַר א יסוד היסטאָ־רישע ערינערונגען. פאַר דעם פּרייז פון א געצוואונגענעם בונד מיט דער צפון־מלוכה האָט עזריה געקאָנט אומגעשטערט אַרויסטרעטען געגען זיינע שכנים. אלס פאַקט דאַרפען מיר יעדענפאַלס אָננעמען, אז פונקט ווי דאָס קעניגרייך פון צפון אונטער ירבעם׳ען, אזוי האָט יהודה אונטער עזריה׳ן זיך געפינען אין א בליהענדען צושטאַנד, וואו רייכקייט און מסחר זיינען געווען הויך אַנטוויקעלט. נאָר אויף אזא אופן פאַרשטעהען מיר ישעיה׳ס ערשטע רעדעס.

אויך דעם אַנדערען באַריכט פון דברי הימים וועגען עזריה׳ס א פיינד־ליכען צוזאַמענשטויס מיט די כהנים פון בית־המקדש, וואָס האָט געהאַט ערנסטע רעזולטאַטען פאַר איהם, קען מען ניט אַט גאָר אזוי מיט דער האַנט אוועקמאַכען. ווען מיר באַטראַכטען וואָס פאַר אן איינפלוס אויף דעם גורל פון דעם קעניגליכען הויז דער כהן יהוידע האָט געהאַט אונטער עתליה׳ן, קענען מיר אויך דאָ גאָר ניט זאָגען געגען דעם, אז עזריה׳ס באַזייטיגונג פון

דער רעגירונג האט געהאט א שייכות צו א קאנפליקט, וואס איז אויסגע־בראכען צווישען איהם און די כהנים פון בית־המקדש. עפעס באשטימ־טעם לאזט זיך נאטירליך וועגען דעם ניט זאגען, מחמת עס פעהלען אונז די מיטלען צו קאנטראלירען די ידיעות פון דברי הימים.

אונטער עזריה׳ס זוהן יותם (פון 740—751 ביז 735) האבען זיך אנ־געהויבען לויט דעם ספר מלכים די ערשטע אטאקעס געגען יהודה פון די פארבינדעטע מלוכות פון סיריען און אפרים. יענע אטאקעס זיינען דער אנהייב פון דעם קריג פון סיריען און אפרים געגען יהודה, וואס וועט אונז נאך באשעפטיגען. אונזער קוועלע אין ספר מלכים ווייסט גאר נישט צו באריכטען פון יותם׳ען, אחוץ די איינצינע זאך, אז ער האט געבויט דעם אויבערסטען טויער אין בית־המקדש.*)

אין דעם קעניגרייך פון צפון פאלט מיט ירבעם דעם צווייטען׳ס טויט דער שטערן פון יהוא׳ס דינאסטיע און גלייכצייטיג אויך דער שטערן פונ׳ם קעניגרייך. איין אוזורפאטאר נאך דעם אנדערען פארכאפט דעם טראן מיט געוואלד. דער שווערד פון איין טראן־פארכאפער ראמט אפ פון וועג דעם אנדערען, ביז סוף־כל־סוף ווערט דער לעצטער פון זיי, און צוזאמען מיט איהם דאס קעניגרייך, דער רויב פון א שטארקערער מאכט. פון די ווייניג מלכים פון אפרים, וועלכע זיינען געשטארבען מיט א נאטירליכען טויט, איז ירבעם בן יואש דער לעצטער. איהם פאלגט זיין זוהן זכריה, וועלכער ווערט דערמארדעט נאך א רעגירונג פון זעקס חדשים (740) פון ש ל ו ם ב ן י ב ש, דעם אנפיהרער פון א קאנספיראציע געגען איהם (מלכים ב, ט״ו 12-8).

דער מערדער נופא האט זיך געהאלטען אויפ׳ן טראן נאר איין חודש. מ נ ח ם ב ן ג ד י מארשירט ארויס „פון תרצה אהער“ געגען איהם, עראבערט שומרון און טויטעט איהם (מלכים ב, ט״ו 13—15). דאס ווייזט אונז, אז שלום איז קיינמאל ניט געוועזען קיין קעניג אומבאשטריטען. מיר קענען גלייכצייטיג אויך א בליק טאן אין דער קאכעדיגער אנארכיע נאך ירבעם דעם צווייטען׳ס טויט. תרצה איז אמאל געוועזען די הויפטשטאדט פון דער צפון־מלוכה. זי איז נאך דעמאלט אויך געוועזען א שטארקע פעס־טונג און מנחם געוועלטיגט דארטען — יעדענפאלס אין שלום׳ס צייט. וואהר־

*) דער ספר דברי הימים (ב, כ״ז) דערצעהלט נאך פון א מלחמה געגען עמון. ס׳ווערט דארפען אורטיילען וועגען דעם עהנליך ווי וועגען עוזיה׳ס מלחמות.

שיינליך אויך שוין אונטער זכריה'ן. עס הייסט, אז נאך ירבעם'ס טויט האט מנחם בן גדי נעקראגנט אויף זיין צד איין העלפט און שלום בן יבש די אנדערע העלפט פונ'ם קעניגרייך. שלום איז הפנים געווען דער שנעלערער און אזוי גיט זיך איהם איין צו באזייטיגען זכריה'ן און צו פארכאפען אויף א רגע דעם טראָן. אבער ער האָט דאָ צו טאָן מיט א קאָנקורענט וואס באהערשט תרצה, און וואס אטאקירט פון זיין דאָרטיגער הויפט־קוואַרטיר מיט פייער און מיט שווערד אלץ וואס וויל זיך ניט בייגען פאר איהם, און איז משך פון א חודש נעוועלטיגט ער שוין איבער שומרון גופא. אבער ווי עס ווייזט אויס איז אויך דערמיט דער בירגער־קריג נאך ניט געענדיגט. העכסט וואהרשיינליך שפילען איצט שוין א געוויסע ראָלע אין ישראל דיביידע שכנות'ע גרויס־מעכטען, עגיפטען און אשור. איין פארטיי איז קענטיג געשטאַנען פאר א פאַרבינדונג מיט עגיפטען*), די אנדערע פאר א פאַר־בינדונג מיט אשור.

מיר קענען לעבעדיג מיטפיהלען וואס פאר אן איבערוועלטיגענדען רושם עס האָבען געמוזט מאַכען אויף די מענשען פון יענער צייט די צושטענדען, אין וועלכען דער ספר מלכים לאָזט אונז דאָ א קוק טאָן. ווי באשיידען עס האָבען ניט געמעגט זיין די פארהעלטעניסען אין קעניגרייך יהודה, האָט עס אָבער באָרט געהאט די מעלה פון א פעסטער דינאַסטיע, וואס האָט ניט צוגעלאָזען אזעלכע צעטרייסלונגען, וועלכע שטעלען אין סכנה דעם גאַנצען קיום פון דעם קעניגרייך. קיינמאָל האָט זיך ניט נאך אזוי שארף ארויס־געוויזען, אז די זאָט פון מרידה, פון וועלכער די צפון־מלוכה איז אַרויס־געוואַקסען, איז געווען גלייכצייטיג די קללה פון דעם גאַנצען קעניגרייך. אלץ מעהר און מעהר האָט מען אנערקענט, אז עס איז קראַנק ביז אין ווארצעל און עס קאָן מעהר ניט געהיילט ווערען. אנארכיע און טראָן־פארכאפונג איז געווען און געבליבען דער קיין־צייכען פון דער דאָזיגער מלוכה. „מלכים האָבען זיי זיך אויסגעקליבען“, רופט הושע אויס, „אָהן מיר, הארען, פון וועלכע איך האָב ניט געוואוסט... זיי אלע גליהען ווי אן אויווען און פרע־סען אויף זייערע ריכטער; אלע זייערע מלכים פאלען, קיינער צווישען זיי

*) דער אומשטאַנד וואָס עגיפטען האָט זיך דאַמאָלסט געפונען אין א געוויסער צעפאַלענקייט, דאַרף ניט צו שטאַרק באַטאָנט ווערען. א געוויסע השפעה אויף דער פאָליטיק פון די סירישע, באַזונדערס פון די דרום־סירישע קליינע מדינות, האָבען נאָך אַלץ געקאָנט האָבען די לאָקאַלע פירשטען אָדער אויך די לפנים־הערשער פון דער 22טער דינאַסטיע.

רופט ניט צו מיר“ (הושע ח 4 ; ז 7). און ישעיה זאָגט פון אפרים מיט א קלאָרער אָנדייטונג אויף יענע צייטען פון בירגער־קריג : „איטליכער פרעסט דאָס פלייש פון אייגענעם אָרעם. מנשה אפרים און אפרים מנשה“ (ישעיה ט 19, 20).

די רעזולטאטען פון דער דאָזיגער זעלבסט־צעררייסונג האָבען זיך באַלד געוויזען. „אין זיין צייט“, זאָגט דער ספר מלכים וועגען מנחם׳ען, „האָט זיך פול דער מלך פון אשור ארייינגעריסען אין לאַנד און מנחם האָט געגעבען פול׳ן 1000 טאַלענטען זילבער, כדי ער זאָל האַלטען מיט איהם און ער זאָל באַפעסטיגען זיין הערשאַפט*). ס׳איז דאָס ערשטע מאָל וואָס אשור שטעלט איהר פוס אויף דעם היימישען באָדען פון ישראל.

דער צוזאַמענשטויס פון ישראל מיט אשור אין אייגענעם לאַנד איז געוועזען אומפאַרמיידליך. נאָכדעם ווי דער ווידערשטאַנד פון דמשק איז געוועזען געבראָכען, איז עס נאָר געוועזען א פראַגע פון צייט. אָבער עס איז געוויס ניט קיין צופאַל וואָס דער צוזאַמענשטויס איז גראָד איצט פאָרגעקומען. געוואַלד־הערשאַפט און בירגער־קריג האָבען אָפּגעשוואַכט דאָס קעניגרייך, קיין פאַרטיי איז ניט געוועזען בכוח צו קריגען די הערשאַפט אין לאַנד מיט איהר אייגענער קראַפט. איין פאַרטיי, ווי הושע זאָגט אונז, האָט געזוכט איהר שטיצע אין עגיפטען, די אַנדערע אין אשור. אויך מנחם פיהלט זיך נאָך ניט זיכער אויף זיין טראָן. דער אינערליכער קריג, הייסט עס, דויערט נאָך ווייטער. אפילו אויב מנחם וואָלט ניט געהאַט קיין געגנער, וואָלט עס אויך געוועזען לייכט פאַר אשור, נאָך דעם וואָס איז פריהער געשעהן, צו אונטערנעמען אן אָנפאַל אויף ישראל. ווען מיר לאָזען צוערשט רידען דעם תנ״ך פאַר זיך, לעגט זיך אונז נאָהענט די השערה, אז פול, גערופען פון מנחם און זיין פאַרטיי, האָט געוואוסט ווי אויסצונוצען די מהומות אין ישראל, כדי צו אונטערנעמען אן עראָבערונגס־צוג געגען שומרון. עס ווייזט אויך אויס וואהרשיינליך, אז פול האָט געהאַט נאָך אַנדערע גרונדען צו מאַרשירען געגען ישראל. מנחם קויפט דעם ריקצוג פון פיינד און גלייכצייטיג די זיכערונג פון זיין טראָן געגען זיינע אינערליכע געגנער מיט א שענדליכען טריבוט.

דער אופן, ווי אזוי מנחם שאַפט דעם טריבוט, איז זעהר אינטערעסאַנט.

---

*) פאַר ״כל ימיו״ ביים ענד פון פסוק 18 לעזט דער תרגום השבעים „בימיו“ אלס אנהויב פון פסוק 19.

דער סכום פון דעם טריבוט ווערט ארויפגעלייגט אויף די געוועהר־פליכטיגע (מלכים ב, ט"ו 20). דאָס קאָן נאָר געמאָלט זיין, ווען די געוועהר־פליכטיגע זיינען צוגלייך אויך געווען די פארמעגליכע. עס זעהט דערפון אויס, אז אין יענער צייט האָט נאָך געהערשט דער אלטער מנהג אין ישראל, אז די וואָס פארמאָגען ניט קיין זאך זיינען אויסגעשלאָסען פון מיליטער־דינסט. די איי־גענטימער פון נחלאות טיילען צווישען זיך די לאסטען פון דער מלוכה און אויך די לאסטען פון דינען אין דער ארמיי. אזוי ווי דער טאלענט (ככר) ווערט גערעכענט צו 3000 שקלים*) און אזוי ווי יעדערער האָט געהאָט צו צאָהלען צו 50 שקל, לערנען מיר דערפון, אז אין דער צפון־מלוכה זיינען געווען אין מנחם׳ס צייט 60.000 פאמיליעס, וועלכע האָבען פארמאָגט אן אייגענע נחלה**).

מיר זיינען איצט אין דער גינסטיגער לאגע צו באלייכטען יענע עקס־פעדיציע פון דעם אשורישען קעניג פול געגען מנחם פון ישראל מיט דער הילף פון די אשורישע מאָנומענטען. פול, ווי מ׳האָט לאנג זיך שוין משער געווען און איצט מיט זיכערקייט נאָכגעוויזען, איז ניט קיין אנדערער ווי תגלת־פלאסר דער דריטער, איינער פון די מעכטיגסטע אשורישע עראָבערער (745—727). ער האָט געבראָכען מיט דער פאָליטיק פון אפּגעלאָזענקייט, ביי וועלכע זיינע נעהענטסטע פארגעהער האָבען זיך געהאַלטען, און האָט ווידער אויפגענומען די טראדיציעס פון די גרויסע אשורישע עראָבערער־מלכים, וועלכע האָבען ארויסגעקוקט אויף דער עראָבערונג פון׳ם מערב. איצט זאָלען דורכגעפיהרט ווערען יענע פלענער און דאָס ווערק זאָל געקרוינט ווע־רען. אט אזוי הייבט זיך אן מיט תגלת־פלאסר׳ן די רייה פון יענע ציל־באוואוסטע הערשער, וועלכע האָבען מיט א שטארקער האנט געפיהרט די אשורישע מלוכה פון שטופע צו שטופע. די דירעקטע אורזאך פון זיין אריינמישונג אין מערב־לאנד איז געווען דאָס קעניגרייך א ר פ ד אין צפון־סיריען. זינט אשורניראַרי דעם פערטען (754) איז ארפד געשטאַנען

---

*) דאָס איז גרינג צו באַרעכענען לויט שמות ל"ח 25, 26. 603550 נפשות האָבען לויט פסוק 26 געגעבען צו א האַלבען שקל. דאָס ווערט א סך־הכל פון 301775 שקל. לויט פסוק 25 ווערט דערפון 100 ככר און 1775 שקל. א ככר איז בכן געווען 3000 שקלים. ח. ש.

**) ווי הושע דענקט וועגען מנחם׳ס האַלטונג, קאָן מען ארויסדרינגען פון שטעלען ווי ה 13 (ער איז געגאַנגען צו אשור און האָט געשיקט צום גרויסען קעניג, אָבער ער קאָן ניט היילען); ח 9; י"ב 2.

אונטער דעם אשורישען איינפלוס. דורך דער אריינמישונג אבער פון דעם מעכטיגען קעניגרייך פון אוראַרטו (אררט) האט אשור פארלארען איהר איינפלוס אויף ארפּד און דערמיט דעם צוגאַנג פאר איהר האַנדעל צום ים. נאָך מעהרערע פעלד־צוגען מאַכט תגלת־פלאסר ארפּד אין יאָהר 740 פאר אַ אשורישער פראָווינץ. עס פארשטעהט זיך ממילא, אַז דורך דעם טריאומפירענדען מארש פון דעם גרויסען קעניג ווערען אויך די אַנדערע סירישע מדינות דערמאַנט אַן דעם, אַז זיי זיינען אונטערטעניג צו אשור און זיי שיקען פריי־וויליג טריבוט; באַזונדערס טוען עס רצין פון דמשק און חירם פון צור. אשור'ס מאַכט ווערט איצט ווידער שנעל אויפגעשטעלט אין גאַנץ סיריען. אויך ח מ ת, וועלכע האט זיך נעהאט געווענדט נאָך הילף צו איינעם א קעניג א ז ר י ־ י א ו פון י א א ו ד י *), ווערט אונטערוואָרפען. פון יענע אלע געגענדען ווערט געמאַכט א באַזונדערע פראָווינץ. דמשק און צור אונטערוואַרפען זיך פון דאָס ניי, מיט זיי אויך מנחם. תגלת־פלאסר באַריכטעט לויט דעם אין זיינע כראָניקעס, אַז פּונקט ווי פון חירם פון צור און רצין פון דמשק, האט ער אויך נעקראָגען טריבוט פון מנחם פון שומרון. מיר דערווייסען זיך אויך פון די אשורישע אויפשריפטען, אַז די דאָזיגע אונטערוואַרפונג מנחם'ס אונטער דעם קעניג פון אשור איז פאר־געקומען אין תגלת־פלאסר'ס אכטען רעגירונגס־יאָהר, דאָס איז בכן אין יאָהר 738 פאר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג.

אבער תגלת־פלאסר גופא באַריכטעט נים, אַז ער האט טאַקע אונטער־נומען א פעלד־צוג נעגען ישראל, אויך ניט אפילו, אַז זיינע חיילות זיינען ערשינען פאר שומרון. פון זיינע באַריכטען טראַגט מען גיכער ארויס דעם איינדרוק, אז ער האט זיך נעפונען עפּעס וואו אין צפון־סיריען און אהין זיינען געשיקט געווארען צו איהם די טריבוטען. צווישען זיי אויך דער טריבוט פון א קעניגין פון אריבי (אראַביען). אבער דער טעקסט פון תנ"ך לאָזט ניט איבער קיין ספק וועגען דעם, אז תגלת־פלאסר האט געשיקט אַן אָפּ־טיילונג פון זיין חיל קיין דרום, און דאָס לעגט זיך אויך בעסער אויפ'ן שכל. מיר וועלען זיך בכן דאַרפען פארשטעלען דעם גאַנג פון די געשעהענישען

---

*) מ'האָט לאַנג געהאַלטען בטעות, אז דאָס איז עזריה פון יהודה. ווינקלער אין זיינע „אַלטאָריענטאַלישע פאָרשונגען" (ערשטער העפט) האָט אָבער אויפגע־וויזען, אַז דאָס איז א געגענד אין סיריען און האָט מיט אונזער אידישער יהודה לתלוטין ניט צו טאָן. דער גלייכער קלאַנג פון די נעמען איז אָבער סאָרט מערק־ווירדיג און וואַרט נאָך אויף א באַפרידיגענדער דערקלערונג.

אויפ'ן פאָלגענדען אופן. באַלד ווי חמת ווערט אונטערוואָרפען, נעמט זיך תגלת־פלאסר צו דער איבעריגער סיריען. אויך ישראל, וואו די עגיפטישע פּאַרטיי איז געווען מנחם'ס געגען־פּאַרטיי, זאָל אונטערוואָרפען ווערען און די עגיפטישע פּאַרטיי באשטראָפט ווערען. פאַר מנחם'ס פּאַרטיי, דער אשור־רישער, אויב זי האָט אפילו ניט דירעקט גערופען אשור'ס הילף, ווי ס'איז אויבען אָנגענומען געוואָרען, איז אבער על־כל־פּנים אשור'ס אריינמישונג געווען ווי געוואונשען, מחמת זי האָט געשטיצט מנחם'ס נאָך אליין זיך וואַק־לענדיגען טראָן. נאַטירליך איז עס געווען נאָר א צרה'דיגער ערפאָלג פאַר א רגע. איבעריגענס זעהט עס אויס, אז תגלת־פלאסר'ס חיל איז צוגעקומען אזוי ווייט ווי ביז שומרון. פילייכט איז דער טריבוט געווען דער איינ־ציגער אויסוועג זיך צו ראַטעווען פון א פולער ערּאָבערונג און ניט צו ווערען קיין פּראָווינץ פון דער אשורישער אימפעריע.

2.

## די מלחמה פון ארם און אפרים געגען יהודה. דער אָנהויב פון ישעיה'ס טעטיגקייט.

מנחם האָט ניט לאַנג געקאָנט האָבען אריבערגעלעבט זיין שאַנד. וואָרים שוין אין 734 געפינען מיר אויפ'ן טראָן זיין צווייטען נאָכפאָלגער. ער האָט לויט דעם געמוזט שטאַרבען באַלד נאָך 738. אָט טאַקע צוליב דעם לעגט זיך ניט אויפ'ן שכל, אז די צעהן רעגירונגס־יאָהרען, וואָס ווערען איהם צוגעשריבען אין ספר מלכים זאָלען שטימען מיט די ווירקליכע פאַקטען. זיין נאָכפאָלגער איז זיין זוהן פּ ק ח י ה, וועלכער האָט לויט'ן ספר מלכים רעגירט בלויז צוויי יאָהר (735—737). ער ווערט אומגעבראַכט פון זיין אדיוטאַנט פּ ק ח בן רמליהו (734/3—735), וועלכער איז אריינגעדרונגען אין קעניגליכען פּאַלאַץ בראש פון א באַנדע פון פופציג גלעדים (מלכים ב, ט"ו 23—26).

פקחיה'ס באזייטיגונג איז זיכער געווען דער רעזולטאַט פון דעם שענד־ליכען אפּמאַך, וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט געמאַכט מיט אשור. וואָרים אויב מען איז אין סיריען ניט געווען אין גאַנצען געשלאָגען מיט בלינדקייט,

האט מען געמוזט איינזעהן, אז די איינציגע הילף געגען אשור'ס באַניימען און אומדערבאַרמליכען פּאַרמאַרש איז נאָר געווען צו דערוואַרטען פון אַן ענגער פאַרבינדונג פון אַלע סירישע מלוכות צווישען זיך. ווען דאָס וואָלט זיך איינגעגעבען, דאַן וואָלט נאָך געווען אַ שטיקעל האָפענונג, אַז עהנליך ווי מיט 120 יאָהר צוריק, וועט סיריען אויך איצט זיין בכוח צו באַגעגענען נאָך אַמאָל דעם שטורעמדיגען אָנפאַל פון פיינד. נאַטירליך האָט אויך די עגיפּטישע פאַרטיי באַנייט איהר טעטיגקייט. עס קאָן זיין אַז פקח איז עס געווען דאָס ווערקצייג פון יענער פּאַרטיי. אָבער לויט ווי דער מצב איז געווען אין עגיפּטען אין יענעם מאָמענט, איז ניט געווען צו דערוואַרטען קיין שום הילף פון דאָרטען. די נאַציאָנאַלע עגיפּטישע הערשער האָבען געמוזט אָנשטרענגען די לעצטע כוחות כדי זיך צו העלפען פון דער אינערליכער צער־פאַלונג און פיליכט אויך שוין זיך אָפּצואָוועהרען פון די עטיאָפּער, וועלכע האָבען כסדר געמאַכט נייע אַטאַקעס אויף זיי. ווי שטאַרק זיי האָבען ניט געמוזט זיין פאַראינטערעסירט אין אָפּוועהרען זיך פון דער אשורישער גע־פאַהר, האָבען זיי גופא אָבער ווינציג וואָס געקאָנט בייטראָגען דערצו.

אַט אזוי פאַרשטעהען מיר, ווי מ'האָט אין סיריען אויסגענוצט די ערשטע געלעגענהייט, וועלכע האָט זיך נאָר געמאַכט, אויפצוגעבען די אַלטע קריגערייען, כדי זיך צו שטעלען מיט פאַראייניגטע כוחות געגען דעם איבער־מעכטיגען פיינד. אין די יאָהרען 735—737 איז תגלת־פלאסר געווען פאַר־נומען אין ווייטען מזרח, און ער וואָלט געהאַט גענוג אורזאַכען זיך דאָרטען לענגער אויפצוהאַלטען, ווען די דרינגענדע לאַגע וואָלט איהם ניט צוריק־גערופען קיין סיריען. אַט דאַ, אין סיריען, האָבען אין זיין אָפּוועזענהייט צוויי אַלטע פיינד זיך ווידער געאייניגט. די שותפות'ע כויט צווינגט פקח פון ישראל און רצין פון דמשק צו פאַרגעסען די קריוודעס צווישען דיביידע מלוכות, וואָס זיינען שוין הונדערטער יאָהרען אַלט געווען. עס שליסען זיך אַן זיי אַן די ביידע פעניקישע הויפּטשטעדט צור און צידון, אויך אַן אראַ־בישע קעניגין שאמשי.

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָלט זיך ווייט פון דער אַליאַנץ אַ ניט אומבאַדייטענדער טייל פון סיריען. דער גורל פון דער אַליאַנץ איז דעמאָר געווען אין פאַראויס פאַר'חתמ'עט, אויב עס האָט זיך איהר ניט געלאָזט איינ־געבען צו צווינגען מיט געוואַלד די וואָס האָבען זיך געקווינקעלט. צו די וועלכע האָבען זיך נאָך געשלאָגען מיט דער דעה, געהערען אויף איין זייט די צפון־פעניקיער און באַזונדערס די חתים. אויף דער אַנדערער זייט די

דרום־פאַלעסטינער: יהודה, עמון, מואב, אדום און די פלשתים. זיי צו געווינען איז נאַטירליך געווען דער גרויסער ציל פון די פאַרבינדעטע.

אין יהודה האָט אַרום דער דאָזיגער צייט (בערך 736) רעגירט קעניג יותם, זינט איינציגע יאָהר אַלס אַליין־הערשער, נאָכדעם ווי ער האָט אַ לענגערע צייט געפיהרט די רעגירונג אַלס רעגענט פאַר זיין קראַנקען פאָטער*). דער ספר מלכים דערצעהלט אונז, אז אין זיין צייט האָט יהוה אויפגערייצט די ביידע מלכים רצין פון ארם־דמשק און פקח פון ישראל געגען יהודה (מלכים ב, ט"ו 37). אויב ס'איז אונז בכלל ערלויבט צו פאַרשטעהן די מאָגערע נאָטיצען פון אונזער ביבלישער קוועלע אין צוזאַמענהאַנג מיט די וועלט־געשעהענישען, האָבען מיר דאָ אַ רעכט צו באַטראַכטען רצין'ס און פקח'ס שותפות'ע אַטאַקע געגען יהודה אַלס פועל־יוצא דערפון, וואָס יותם האָט זיך אַנטזאָגט אריינצוטרעטען אין דעם בונד געגען אשור. אין ספר מלכים קומט גלייך נאָך יענער נאָטיץ די נאָכריכט וועגען יותם'ס טויט**), און פון דעם אופן ווי אזוי דאָס שטעהט זעהט עס אויס, אז יותם איז געשטאָרבען באַלד נאָך דעם אנהייב פון דעם קריג. דאָס איז אין איינקלאַנג מיט דעם בילד וואָס מיר באַקומען בכלל פון די געשעהענישען. דער קריג איז לויט דעם פאַרטגעזעצט געוואָרען אין דער רעגירונגס־צייט פון אחז פון יהודה.

דער קריג וואָס איז אויף אזא אופן אויסגעבראָכען אין פאַלעסטינא גופא איז באַקאַנט אין דער היסטאָריע אַלס די מלחמה פון סיריען און אפרים געגען יהודה. וועגען די געשעהענישען אין איהר האָבען מיר דריי באַזונדערע קוועלען פון אינפאָרמאַציע: דעם ספר מלכים, די אויפשריפטען פון תגלת־פלאסר און ישעיה. און מיר קענען ניט דערמאָנען דעם דאָזיגען קריג, ניט טראַכטענדיג בעת מעשה פון יענעם געוואַלדיג־גרויסען מאַן, וועלכער איז זינט עטליכע יאָהר שוין אויפגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט און האָט אויף זיין גאַנצער צייט ארויפגעלעגט דעם שטעמפעל פון זיין כאַראַקטער.

ישעיה בן אמוץ איז אַ געבאָרענער פון יהודה, אָבער זיינע געדאַנקען זיינען ניט באַשעפטיגט מיט יהודה אַליין. פון די טעג פון עוזיה ביז חזקיה'ס ענד, דאָס איז בכן מעהר ווי אַ דור, האָט ער באַהאַנדעלט אַלע

*) זעה אויבען ז. 49.

**) מלכים 2, ט"ו 38. פסוק 37 און 38 געהערען צוזאַמען אַלס הוספה צו דער געשיכטע פון יותם'ען.

באדייטענדע געשעהענישען פון זיין פאלק אין זיינע נביא'ישע רעדעס. ער האט דורכגעלעבט דעם קריג פון סיריען־אפרים געגען יהודה, דעם פאל פון שומרון, די געפאהר, אין וועלכער ירושלים האט זיך געפונען דורך סנחריב'ן. און אין אט די אלע ווענדונגען פון שיקזאל האט ער פארטראטען יהוה'ס שטים צו זיין פאלק. זיינע געדאנקען זיינען ניט אומעטום ניי. ער שטעהט אויף די פלייצעס פון זיינע פארגעהער עמוס און הושע. אבער ער שטייגט זיי ביידען אריבער אין פיעלזייטיגקייט, טיפקייט אין קראפט פון די געדאנקען און אין ענערגיע און ווייטקייט פון דער רעליגיעזער באטראכטונג. זיין שפראך איז איידעל און דערהויבען, אפט אן עכטע בלומען־שפראך און הויך־פאעטיש, אבער אסך מאל אויך הארט און אומישנע שטייף, דאך אלע־מאל פול מיט קראפט און אריגינעל; זיין פאנטאזיע איז רייך אין שארפע ווארטשפילען און פאסענדע בילדער, אפטמאל צו רייך, אזוי אז איין בילד האלב אויסגעפיהרט ווערט ארויסגעשטופט פון א נייעם; ישעיה איז א מייסטער פון דער ווארט־שענקייט און פון דעם מעכטיגען רעטארישען עפעקט.

דער עיקר אבער איז ישעיה דער טיפ פון גאט'ס א נביא אין ישראל. וואס עס פאסט בכלל פאר די אידישע נביאים*), פאסט ספעציעל פאר איהם. ער איז א הויכע רעליגיעזע פערזענליכקייט, פול אנגע־זאפט מיט די גרויסע רעליגיעזע געדאנקען, וועלכע ער האט געשעפט פון דער יהוה־רעליגיאן. אט פון די געדאנקען האט ער זיך געלאזט אוועקטרא־גען צו דער העכסטער שטרענגקייט, פונקט ווי צו דער העכסטער באגייס־טערונג און האפענונג. פונקט ווי משה און אליהו געהערט ער אויך צו די רעליגיעזע העלדען פון זיין פאלק, אין וועמען עס האט זיך פולקום אויסגע־דריקט דאס טיפסטע פון אידישען נאציאנאלען כאראקטער און די וועלט־היסטארישע שליחות פון דעם אידישען פאלק צו דער פעלקער־וועלט. ישעיה'ס געשטאלט הייבט זיך ארויס ווי א ריזיגער מאנומענט וואס לאזט זיך זעהן ברייט און ווייט ארום. ער געהערט צו יענע לייכט־טורעמס, פון וועלכע א ליכטיגקייט שטראהלט ארויס ווייט איבער די גרעניצען פון אידישען פאלק. זיינע געדאנקען זיינען געווארען געשיכטע. זיי האבען א נייעם אטעם אריינ־געהויכט אין דעם שטארבענדען ישראל און האבען א ניי לעבען געבראכט צו אסך נאך שפעטערדיגע דורות. דער וואס אנערקענט און עהרט גאט'ס

*) זעה וועגען דעם אויבען ז. 9—36.

שפּירען אין דער היסטאָריע, דער וועט אין אזא געשטאַלט ווי ישעיה דער־זעהען דעם מאַן פון גאָט.

אין לעצטען יאָהר פון עזריה־עוזיה טרעט ישעיה דאָס ערשטע מאָל ארויס אין דער עפענטליכקייט. די מאַכט פון יהודה איז נאָך ניט געבראָכען. „זייער לאַנד איז פול מיט זילבער און גאָלד און ניטאָ קיין ענד צו זייערע אוצרות, זייער לאַנד איז פול מיט פערד און ניטאָ קיין ענד צו זייערע רייט־וועגען“*). אָבער אונטער דעם אויסערליכען גלאַנץ זעהט ישעיה די אינער־ליכע פאַרדאָרבענקייט: עולות און אונטערדריקונג געגען די אָרימע, לייכט־זיניגע לוסט צו תענוגים ביי דער זייט פון אבערגלויבען און א העזה'דיגע־אָפּקעהרונג פון גאָט. פאַרדאַמענדיג די עולות צו די אָרימע, ווערט ישעיה, ווי אַמאָל עמוס, א רעליגיעז־סאָציאַלער פאַרטיידיגער פון די פאָלקס־רעכטע:

„וועה צו די, וואָס רוקען צו א הויז צו א הויז,
ברענגען נאָהנט א פעלד צו א פעלד,
ביז ס'איז מעהר קיין פּלאַץ ניטאָ
און איהר אליין קענט וואוינען אין לאַנד!...
פאַרוואהר! פיעל הייזער וועלען ווערען וויסט,
גרויסע און שענע אָהן איינוואוינער...

„וועה צו די, וואָס שטעהען אויף באַגינען
נאָכצולויפען נאָך דעם מעד,
וואָס שפּעט אין אָווענד
דערהיצען זיי זיך מיט דעם וויין!
וואָס צו זייער הולאַנקע געהערט
גיטאַר, האַרף, צימבעל, פליוט און וויין,
אָבער אויף יהוה'ס ווערק קוקען זיי ניט,
און די טואונג פון זיינע הענט זעהען זיי ניט!**).
מיין פאָלק וועט דעריבער אין גלות געהן,
ווייל עס פעהלט איהם איינזעהעניש.
זיינע אדעליגע מוזען ליידען הונגער
און זיין המון שמאַכטען פון דאָרשט!“

(ישעיה ה 8, 9, 11—13)

---

*) ישעיה ב 7. אויך איז דאָס לאַנד רייך אין טייערע חפצים, פסוק 16.

**) יהוה'ס טואונג איז זיין משפט וואָס קומט באלד.

א שרעקליכער משפט מוז קומען איבער יהודה. דער הייליגער פון ישראל לאזט נים שפאטען פון זיך. נאטירליך קומט עס פון איהר. א „טאג פון יהוה פון די הערשארען" האלט אין אנקומען אויף אלע פרעכטיג־קייטען פון יהודה, וואס עקסיסטירען נאך:

„אויף אלע צעדערן פון לבנון,
וואס זיינען הויך און דערהויבען,
און אויף אלע אייכענבוימער פון בשן...
און אויף אלע תרשיש־שיפען,
און אויף אלע טייערע בילדער־ווערק...
און די אפגעטער וועלען אין גאנצען פארשווינדען!
און זיי וועלען דעמאלט אריינקריכען
אין פעלז־הייהלען און ערד־לעכער
פון לויטער שרעק פאר יהוה
און זיין מאיעסטעטישער פרעכטיגקיים,
ווען ער וועט זיך דערהייבען,
צו צעטרייסלען די ערד."

(ישעיה ב 12, 13, 16, 18, 19).

אבער גלייך ווי עס ווייזען זיך די פינסטערע וואלקענס אויפ'ן האריזאנט פון יהודה און עס ווערט קלאר, אז דער בונד צווישען ארם און אפרים וועט פריהער פאר אלעמען טרעפען יהודה, מוז אייך ישעיה אננעמען א נייע שטעלונג. דער משפט איבער יהודה וועט טאקע קומען — אבער די געפאהר וואס שטעהט איצט פאר איז נים די בייטש פון גאט, נאר דאס ווערק פון מענשען; און אויסגעברענטער פאקעל האט נאר רויך, נים קיין פייער. די פאליטיק פון אפרים און איהר גאנצע האנדלונג איז פון יאהרען שוין פאר־בלענדעט, איהר גורל איז א קיים פון גאט'ס משפטים, וואס האט נאך אלע איהר ענד נים דערגרייכט. „אפרים און די איינוואוינער פון שומרון" האבען זיך געטראכט, ווען די ערשטע קלעפ זיינען געקומען:

„ציגעל זיינען איינגעפאלען
אבער מיר וועלען איצט בויען מים געהאקטע שטיינער!
מוילבער־בוימער זיינען אונטערגעהאקט,
אבער מיר וועלען זיי אויף צעדערן פארבייטען!

און יהוה האָט אויפגעהויבן זיינע דריקער געגען איהם*),
און זיינע פיינד האָט ער אָנגעהעצט:
ארם אין מזרח, די פלשתים אין מערב,
און זיי האָבען ישראל געפרעסען מיט א פולען מויל...
אָבער דאָס פאָלק האָט זיך ניט צוגעווענדט
צו דעם וואָס שלאָגט איהם...
און יהוה האָט אָפּגעהאַקט פון ישראל
קאָפּ און וויידעל, פּאַלמען־צווייג און טייך־ריטעל אין איין טאָג...
אָבער דאָך האָט זיין צאָרן זיך ניט אָפּגעווענדט,
און נאָך איז זיין האַנט אויסגעשטרעקט.״**)
(ישעיה ט 8—13).

אזוי ווי די אלע קלעפּ האבען ניט געקאָנט צוריקפיהרען ישראל צו יהוה. דעריבער מוז איצט קומען דער לעצטער, אנטשיידענדער קלאַפּ: „יהוה הייבט אויף א פאָהן פאר א פאָלק פון וויטען און ער פייפט איהם צו פון עק פון דער וועלט״ — אשור.

און ניט בעסער ווי אפרים זאָל עס געהן איהר פארבינדעטען רמשק. פונקט ווי אפרים׳ס פעסטונגען מוזען ווערען גלייך צו די פארוויסטעטע רואינען פון די חוים און די אמורים***), וואָס זיינען אמאָל אנטלאָפען פאר ישראל, אזוי מוזען אויך ווערען דמשק אין איהרע לאנד־שטעדט. „ווארים צו סטאדעס בהמות זאָלען זיי געהערען, זיי וועלען דארטען הויערען און קיינער וועט ניט דערשרעקען. און עס וועט אויפהערען א פעסטונג פון אפרים און א קעניגטום פון דמשק, און די איבערבלייבעכץ פון ארם וועט זיין ווי די פראכט פון די קינדער פון ישראל, זאגט יהוה פון די הער־שארען!״ (ישעיה י״ז).

אָט אזוי אומגעפעהר האָט ישעיה געקאָנט אורטיילען ביים אנהויב פון

---

*) רצין אין ט 10 איז א שפּעטער צוגעשטעלטע באַמערקונג.

**) די שטיק בליקט צוריק אויף די פארשידענע קאַטאַסטראָפען, וואָס האָבען געטראָפען אפרים אין פארלויף פון דער צייט, ניט דערגרייכענדיג דעם ציל. דער־פאר מוז איצט יהוה דערלאַנגען דעם לעצטען קלאַפּ. אָט דאָס ווערט באַשריבען אין ה 25־29, וואָס איז דער אָפּשלוס פון אונזער שטיק.

***) „החוי והאמורי״ אנשטאט „החרש והאמיר״, לויט׳ן תרגום השבעים.

קריג, בשעת יותם האט נאך געלעבט און די טראדיציעס פון עזריה'ן זיינען נאך געווען לעבעדיג. אבער יותם שטארבט און עס ווערט מקוים וואס ישעיה האט שוין געזעהן פאראויס: „איך וועל זיי געבען אינגלעך פאר פירשטען און קינדער וועלען איבער זיי הערשען... מיין פאלק! זיינע באצווינגער זיינען קינדער און ווייבער באהערשען עס!“ (ישעיה ג 4, 12). יותם'ס שטעל פארנעמט זיין נאך יונגער זוהן אחז (מלכים ב, ט"ז). יהודה, וועלכע האט גראד איצט אזוי נויטיג באדארפט א שטארקען, אנטשלאסענעם פיהרער, פאלט אריין אין די הענט פון א צוואנציג־יעהריגען, וועמען עס פעהלט אי די געניטקייט פון לעבען, אי די מאראלישע קראפט און האלטונג פון פעסטען בטחון אין גאט. א היבשער טייל פון דער זארג וועגען דעם מצב פון לאנד ליגט איצט, ווי ס'איז שוין פיעל מאל פארגעקומען, אויף די פלייצעס פון די נביאים — די בעסטע ראיה וואס פאר א באזונדערע באדייטונג די נבואה האט געהאט ביי די אידען.

עס קאן גריילעך געמאלט זיין, אז יותם'ס טויט און דער אויפטריט פון דעם יונגען אחז אויף זיין פלאץ האט פון דאס ניי אנגערעגט די פארבינדעטע צו פרובירען קריגען יהודה אויף זייער זייט. יעדענפאלס קומט פאר זייער הויפט־האנדלונג אין דער זאך אונטער אחז'ן. רצין אונטערנעמט א פעלד־צוג געגען דרום*), דורך וועלכען יהודה פארלירט אילת, דער קוואל פון איהר רייכקייט אונטער עזריה און יותם. אילת נעהט צוריק צו איהרע אלטע באלעבאטים, די אדומים. דאן אבער נעמען זיך די פארבינדעטע צו אטאקירען אחז'ן דירעקט. זיי מארשירען מיט פאראייניגטע כוחות געגען יהודה, כדי צו עראבערען ירושלים און אויב מעגליך צו באזייטיגען דעם ווידערשפעניגען אחז גופא (מלכים ב, ט"ז; ישעיה ז).

אין יענער לאגע האט מען אין יהודה ניט געוואוסט ווי זיך אן עצה

*) דער קרי פון „וארומים“ (אין מלכים ב, ט"ז 6) איז „ואדומים“. ממילא מוז מען שוין אויך אנשטאט „לארם“ לעזען „לאדום“. ס'איז דעריבער אסך וואהרשיינליכער, אז דער נוסח פון פסוק איז לכתחילה געווען: „בעת ההיא השיב מלך אדום את־אילת לאדום“... און „רצין“ איז צוגעשטעלט געווארען בשעות שפעטער ווען „אדום“ איז שוין געווען פארגרייזט אין „ארם“. רצין האט לויט דעם גאר ניט געשיקט קיין עקספעדיציע אזוי ווייט אין דרום, נאר דער מלך פון אדום האט אויסגענוצט אחז'עס געדריקטע לאגע און האט צוריק פארכאפט אילת, א זאך וואס לעגט זיך אויך בעסער אויפ'ן שכל. זעה וועגען דעם בענציגער'ס קאמענטאר אויף מלכים אין מארטי'ס האנד־קאממענטאר און „נאטס אן דהי היברו טעקסט און דהי בוקס און קינגס“ פון בורניי. ח. ש.

צו געבען. די אשורישע פּאַרטיי אין ירושלים און אין אחז׳עס הויף האָט געקאָנט נעמען אַלס ביישפּיל מנחם׳ען, וועמען תגלת־פּלאסר האָט מיט עט־ליכע יאָהר צוריק געראַטעוועט פון גרויס נויט. דאַרטען, פּונקט ווי דאָ, זיינען עס געווען אשור׳ס פיינד, געגען וועמען מ׳האָט זי גערופען. שוין בלויז דערהערענדיג, אַז דער פיינד מאַרשירט געגען יהודה האָט אחז און גאַנץ ירושלים דעם קאָפּ פאַרלאָרען*). און דער קעניג האָט ווי עס זעהט אויס, געפּאַסט אַ באַשלוס איידער די עצה פון די פּאַרזיכטיגע איז געווען בכוח איהם דערפון אָפּצוהאַלטען. ער שיקט שלוחים צו תגלת־פּלאסר און אונטערוואַרפט זיך אונטער דעם גרויסען קעניג מיט ווערטער פון גרויס הכנעה. זיין הכנעה׳דיגע בקשה נאָך הילף געגען זיינע פיינד באַקרעפטיגט ער דערמיט וואָס מ׳שיקט גאָר דאָס גאָלד און זילבער, וואָס האָט זיך געפונען אין בית־המקדש און אין קעניגליכען אוצר (מלכים ב, ט״ז 7—9).

אחז האָט געהאַט אויף זיין זייט די עפענטליכע מיינונג אין ירושלים אין דער דאָזיגער פּאָליטיק זיינער, אין וועלכער אסך האָבען געזעהן דעם קליגסטען שלום. אויך נייערע היסטאָריקער האָבען אחז׳ן אונטער זייער שוץ גענומען. ישעיה אָבער אורטיילט אַנדערש, און ער ווייסט, אַז ער איז דערין איינס מיט יהוה׳ס ווילען און עצה. ער דענקט אָהן ספק אויך פון דער קורצזיכטיגער פּאָליטיק פון אסא, אַן אור־זיידע פון דעם איצטיגען קעניג, וועלכער האָט אמאָל אין אַן עהנליכער לאַגע געהאַנדעלט עהנליך און האָט געבראַכט אָהן אַ שיעור צרות אויף זיין לאַנד און אויף זיין פיינדליכען שכן. אפרים איז ניט בלויז יהודה׳ס ברודער, נאָר ער איז אויך מיט יהודה צוזאַמען די לעצטע פעסטע וואַנט, וואָס שטעהט נאָך צווישען אשור און עגיפּטען. בעת אחז מאַכט די נויטיגסטע צוגרייטונגען ביי דער וואַסער־לייטונג פון אוי־בערסטען טייך**) פאַר דעם פאַל פון אַ באַלאַגערונג פון דער הויפּטשטאָדט, זוכט איהם אויף ישעיה מיט די ווערטער: „נעם זיך איין אכט און האַלט זיך רוהיג, שרעק זיך ניט און דיין האַרץ זאָל ניט פאַרצאַגט ווערען צוליב אָט די צוויי נאָך רויכערענדיגע האָלצוועשקעס ביי דעם גליהענדיגען צאָרן פון רצין, ארם און דעם זוהן פון רמליהו!... ניט קומען וועט עס און ניט געשעהן!"

*) ישעיה ז 2. — פּוליטיש האָט עס אחז ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט געאָפּ־פערט זיין זוהן, מלכים ב, ט״ז 3.

**) וועגען דער לאָקאַליטעט ווייסט מען ניט צו זאָגען עפּעס זיכערעס.

„וואָרים נאָר דער קאָפּ פון ארם איז דמשק
און נאָר דער קאָפּ פון דמשק איז רצין;*)
נאָר דער קאָפּ פון אפרים איז שומרון
און נאָר דער קאָפּ פון שומרון איז דער זוהן פון רמליהו:
גלויבט איהר ניט, דאַן בלייבט איהר ניט!"
(ישעיה ז 7—9).

דער נביא פרעדיגט דא צו זיין קעניג גלויבען, בטחון אין גאט. ישעיה איז קוים געווען אזא נאר צו מיינען, אז מ'קאן באגעגענען א פיינדליכע אטאקע מיט צונויפגעלעגטע הענט און מיט אויגען איפגעהויבען צום הימעל. אבער זיין איבערצייגונג איז, אז אין דעם איצטיגען מצב האט קיינער ניט געקאנט העלפען יהודה אחוץ גאט אליין. העלפט ער ניט, דאן איז יהודה פארלארען — וואוהין זי זאל זיך ניט ווענדען צווישען מענשען. צו געווינען יהוה'ס הילף, איז נאר דא איין מיטעל: צו זיין שטיל און זיך פארלאזען אויף גאט. די רעזולטאטען האבען געוויזען, אז ישעיה איז גערעכט געווען. אין יענער נויט איז זיין עצה געוויס געווען די ריכטיגע. אויף א ווײלע האט די באפעסטיגטע ירושלים געקאנט אויסהאלטען די באלאנגערונג. אונטערדעסען האט תגלת־פלאסר, אויב די אינטערעסען פון זיין אימפעריע זיינען איהם געלעגען נאהענט צום הארצען, געמוזט פון זיך אליין ארויסמארשירען נעגען די פארבינדעטע, ווערעס זאך איז פון אנהויב אן געווען פאולארען, ווען גאנץ סיריען איז ניט געשטאנען צוזאמען. אין אט דעם פאל וואלט אשור איבערהויפט ניט געהאט קיין אורזאך זיך צו פארנעמען מיט יהודה, און אחז וואלט דערווייל געקאנט ראטעווען לכל הפחות יענע מאס פון זעלבשטענדיגקייט, וואס זיינע פאטערס האבען איהם געלאזען בירושה.

אט אזוי האט זיך די זאך פארגעשטעלט ישעיה'ן, זי באטראכטענדיג ריין פאליטיש. ישעיה איז אבער קודם כל ניט קיין מאן פון פאליטיק, נאר א מאן פון גאט, דער רעליגיעזער פיהרער פון זיין פאלק. מעסטענדיג מיט אט דער מאס ערשיינט איהם אחז אלס איינער, וואס האלט אין באגעהן א נארישקייט און א פארברעכען צוזאמען. און ער ארבייט דעריבער מיט אלע כוחות, כל זמן ס'איז נאך ניט צו שפעט, צו איבערציינען דעם קעניג וואס

*) די אנדערע העלפט פון פסוק 8 איז א שפעטערדיגע תוספת.

פאר אן אומגליק אשור׳ס אריינמישונג מוז זיין פאר יהודה. ער זעהט איז גייסט ווי אשורישע מחנות פון איין זייט און עגיפטישע מחנות פון דער אנדערער זייט צעשפרייטען זיך איבער די פעלדער פון יהודה, און ער זעהט שוין יהודה אין דער ראלע פון דעם אומגליקליכען שטרייט־פונקט צווישען די צוויי וועלט־מעכטען, ווען אחז זאל פרייוויליג אראפרייסען די לעצטע פעסטע וואנט, וואס שיידט נאך אפ צווישען אשור און מצרים. זייענדיג זיכער מיט זיין זאך און פול מיט זיין גאט, נעמט זיך ישעיה צום לעצטען מיטעל. ער באט אן דעם קעניג א וואונדער, כדי איהם צו איבערצייגען, אז ער זאגט דעם אמת. אבער אויך דאס ווירקט ניט אויף דעם שוואכען אחז: ער וויל ניט פרובירען גאט.

אט אזוי איז דער גורל געפאלען, די שלוחים צו אשור ווערען ניט צו־ריקגערופען, ישעיה׳ס רעדעס און זיין טרחה זיינען אומזיסט. ער זעהט וואס עס מוז דערפון ארויסקומען, און ער לאזט עס וויסען. יהודה׳ס שרעק־ליכער גורל און איהר עלענדער אונטערגאנג שטעהען איהם פאר די אויגען. אבער אלס באווייז, אז אט דער גלויבען זיינער איז פארט ניט קיין פוסטע אילוזיע דערהייבט ער זיך דוקא אין יענער דריקענדער לאגע צו דעם העכס־טען שפיץ פון האפענונג און בטחון. כאטש דער גורל פון יהודה איז איצט נאר יאמער און עלענד און כאטש דוד׳ס הויז גופא איז טיף געזונקען, אבער דאס „גלויבט איהר, דאן בלייבט איהר" מוז זיך דאך ארויסווייזען אלס אמת. א נייער דור, וואס וועט ארויסוואקסען פון דעם טרערן־זאמען פון דער איצטיגער צייט, וועט דאס זיך דערוויסען פון אייגענער איבערלעבונג. יענער נייער דור וועט מיט א שטארקער האנט ארויסטרייבען די פיינד פון׳ם לאנד און וועט זעהן בראש פון זיך א נייעם קעניג פון דוד׳ס שטאם — אבער ניט מעהר פאר א קעניגרייך פון מלחמה, נאר פאר א מלוכה פון פרידען און יושר.

די שעה, אין וועלכער ישעיה האט זיך גע־שיידט פון אחז׳ן, האט געגעבען דער וועלט דעם משיח־געדאנק.*)

„הערט נאר, איהר פון הוד׳ס הויז; איז עס ווייניג פאר אייך מיד צו מאכען מענשען, אז איהר מאכט אויך מיד מיין גאט? דערפאר וועט דער

---

*) זעה אין צווייטען באנד ז. 271, 272.

האר גופא אייך געבען א צייכען: די יונגע פרוי וועט שוואנגער ווערען און א זוהן געבארען און זי וועט איהם רופען ע מ נ ו א ל (גאט־מיט־אונז). דיקע מילך און האניג וועט ער עסען ביז ער וועט וויסען צו פאר־מיאוס'ען דאס שלעכטע און אויסצואוועהלען דאס גוטע; ווארים איידער דער אינגעל וועט וויסען צו פאר'מיאוס'ען דאס שלעכטע און אויסצואוועהלען דאס גוטע וועט פארלאזען ווערען דאס לאנד, וואס דיר גרוילט פאר זיינע צוויי מלכים: אבער יהוה וועט ברייגנען אויף דיר און דיין פאלק און דיין פאמיליע טעג, אזעלכע וואס זיינען שוין ניט געווען זינט אפרים האט זיך אוועקגעקעהרט פון יהודה" (ישעיה ז 13—17). אשור וועט פארוויסטען דאס לאנד, אז עס וועט בלויז בלייבען פאשע פאר רינדער און שאף און אנשטאט מיט ברויט און ויין וועלען די איינוואוינער זיך נעהרען מיט מילך און ווילדען האניג.

ווען און וואו אזוי'עס געזאנדטע האבען געטראפען תגלת־פלאסר'ן, איז אונז ניט באקאנט. ס'איז ניט אוממעגליך, אז ער האט זיך שוין געפונען אויפ'ן וועג קיין סיריען, וועלכע תגלת־פלאסר האט אהן אחז'ן אויך געמוזט אונטערוואַרפען. יעדענפאלס טרעפען מיר שוין דעם גרויסען קעניג אין יאהר 734 פאקטיש אין סיריען, אום צו שטראפען די בונטאוושציקעס. ווי ישעיה האט שוין פאראויסגעזעהן, איז דאס פאר איהם ניט געווען קיין שווערע ארבייט ביי דער אומאייניגקייט פון די איינצעלנע קליינע מלוכות צווישען זיך. בלויז דמשק האט, ווי עס זעהט אויס, ארויסגעוויזען אן ענערגישען ווידערשטאנד.

דער ספר מלכים דערצעהלט, אז תגלת־פלאסר האט אוועקגענומען פון פקח'ן ע י ו ן, א ב ל־ב י ת־מ ע כ ה, י נ ו ח, ק ד ש און ח צ ו ר, ג ל י ל און דאס גאנצע לאנד נ פ ת ל י, דערצו פילייכט איינצעלנע געגענדען אין גלעד און האט זייערע איינוואוינער פארשיקט קיין אשור (מלכים ב, ט"ו 29). דאס זיינען אין דער הויפטזאך דיזעלבינע געגענדען, וועלכע די סיריער האבען שוין געהאט צוגענומען אמאל אונטער בעשא'ן און וועלכע זיינען ערשט אונטער ירבעם בן יואש צוריק אריבער צו ישראל. דערמיט שטימט אי דאס וואס מיר וויסען פון ישעיה'ן (ח 23), אי דאס וואס דער גרויסער קעניג גופא באריכטעט. שומרון גופא האט זיך נאך דעם מאל געראטעוועט פון עראבערונג און צעשטערונג דערמיט וואס די געגענ־פארטיי פון פקח האט איהם שנעל דערמארדעט און האט זיין מערדער ה ו ש ע ב ן א ל ה פארגעשטעלט פאר דעם גרויסען קעניג אלס זיין

נאכבאַלגער (734/3).*) דער ערשטער אקט פון גלות שומרון האָט זיך דער־מיט אָנגעהויבן. די צפון־מלוכה איז דורך דעם געבליבן באַשרענקט אויף דעם בערגלאַנד אפרים און דעם טאָל יזרעאל. נאכדעם ווי ישראל איז אויף אזא אופן באַשטראָפט געוואָרען און ירושלים איז באַפרייט געוואָרען, ווענדט זיך תגלת־פלאסר אין 733 געגען דמשק. די ביבעל דערצעהלט קורץ, ער האָט איינגענומען דמשק, איהרע איינוואוינער פאַרטריבען און רצין׳ען גע־לאָזט הינריכטען (מלכים ב, ט״ז 9). פון די אויפשריפטען פון דעם גרויסען קעניג גופא דערנעהען מיר, אז מיט דער באַלאַגערונג און עראָבערונג פון דער פעסטער סירישער הויפּטשטאָדט איז ער געווען פאַרנומען צוויי יאָהר.

אחז האָט אויף א ווייַלע דערגרייכט זיין צוועק; זיינעביידע נעגענער זיינען אומגעקומען דורכ׳ן שווערד און זייערע לענדער זיינען אין גאַנצען אָדער צום טייל אריינגעפאַלען אין די הענט פון פיינד. אָבער פאַר וועלכען פרייז אחז האָט געקויפט דעם שוץ פון גרויסען קעניג, ווייזט אונז א דער־צעהלונג אין ספר מלכים. פון יענער דערצעהלונג זעהען מיר, אז די זאַך איז נאָך ניט געווען געענדיגט דערמיט וואָס ער האָט איינמאָל געצאָהלט טרי־בוט. דער גרויסער קעניג האָט דערוואַרט נאָך צושוועהרונגען פון טרייהייט, און ס׳איז דעריבער געווען זעלבסטפאַרשטענדליך, אז אחז, זיין טרייער וואַ־סאַל, זאָל איצטער נאכטאָן אשורישע זיטען און מנהגים אין טעגליכען לעבען ווי אויך אין קולט. נאָך דער עראָבערונג פון דמשק קומט אחז אהין ארויס־צואווייזען זיין יראת־הכבוד פאַר תגלת־פלאסר׳ן. אָט דאָ קריגט ער צו זעהן א מזבח, און ער שיקט גלייך א מאָדעל דערפון צו זיין כהן אוריה אין ירושלים און לאָזט מאַכען אזא פאַר׳ן בית־המקדש. דער נייער מזבח פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון דעם ביזאיצטיגען מזבח פון בראַנד־אָפּפער (מזבח העולה, מלכים ב, ט״ז 10—16**). דאָס הייסט ניט בשום אופן, אז דער יהוה־קולט איז

---

*) בעת תגלת־פלאסר׳ס ארמיי שטעהט נאָך אין גליל, קומט פאַר פקח׳ס דער־מאָרדונג אין שומרון. אשור אָבער פאַרלאַנגט גאַראַנטיעס פון הושע׳ן און מאַר־שירט דעריבער געגען איהם. ער אונטערוואַרפט זיך דאַן אָהן באַדינגונגען. פסוק ג אין מלכים ב, י״ז באַציהט זיך נאָך לויט דעם אויף תגלת־פלאסר׳ן און דעם נאָמען שלמנאסר איז דאָרטען צו שטרייכען. וואָרים די גאַנצע שטיק י״ז 1־6 רעדט נאָר פון א קעניג פון אשור אָהן א נאָמען. דער נאָמען איז א הוספה, וואָס א שפּעטעריגער איבערשרייבער האָט דאָ בטעות אריינגעשטעלט פון י״ח 9.

**) ביז אויף אחז׳ן האָט שלמה׳ס איינפאַכער בראָנזענער מזבח געטאָן זיין דינסט אויף דעם הייליגען פעלז; איצט אָבער מוז ער מאַכען פּלאַץ פאַר א שענערע און גרעסערען. ס׳איז וואַהרשיינליך געווען א הויכער געבוי מיט טרעפּען ארויפ־

באזייטיגט געווארען. אבער עס האנדעלט זיך אויך ניט וועגען רצין׳ס א מזבח. אזוי גיך ווי דמשק איז געפאלען אין די הענט פון די אשורים, האבען זיי דארטען הפנים איינגעפיהרט זייער פארם פון קולט. אחז זעהט דעם אשורישען הויפט־מזבח אין דמשק און ער מיינט, אז נאכמאכענדיג איהם וועט ער זיך מאכען געפעליג אין די אויגען פון דעם גרויסען קעניג. אויך בכלל ווייזט אחז ניט ארויס קיין צופיעל פרומקייט לגבי דעם בית־המקדש פון ירושלים (מלכים ב. ט״ז 17, 18*). די מעהרסטע פון די מיטלען, וועלכע אחז האט אנגענומען אין צוזאמענהאנג מיט דעם, ווערען ערקלערט מיט דער נויט צו שאפען געלד, אבער אנדערע שפורען ווייזען אויף דעם, אז אחז האט איינגעפיהרט אין ירושלים דעם אשורישען שטערן־און זון־דינסט און האט אפילו געהאלטען ביים בית־המקדש אין ירושלים הייליגע זון־פערד**).

### 3.

## שומרון׳ס ענד.

ביידע מלוכות, ישראל און יהודה, האבען אין דער נעכסטער צייט געקאנט לעבען אומגעשטערט אין פרידען אונטער אשור׳ס שוץ, ווען זיי וואלטען זיך געהאלטען רוהיג און וואלטען זיך צופרידען געשטעלט מיט דעם פאקטישען צושטאנד, וואס איז דאמאלסט געשאפען געווארען. אחז האט באטראכטען יענעם וועג און עס האט זיך איהם איינגעגעבען זיך צו האלטען יאהרען לאנג אויף זיין טראן. אין ישראל אבער ווערט די צערודערונג ניט איינגעשטילט. זינט 732 איז תגלת־פלאסר פארנומען אין מזרח, און אין 727 טרעט ער דעריבער אראפ פון דער סצענע. זיין נאכפאלגער איז

צוגעהן. — אחז האט ווי עס ווייזט אויס, אויך אויפגעשטעלט אן אשרה (מלכים ב, י״ח 4) און האט אויך באגינסטיגט דעם מנהג פון קינדער־אפפער (ט״ז 3).

*) ער האט געלאזט צעשניידען די געשטעלען און די ראמען זייערע און דעם קעסעל פון זיי אראפנעמען און דעם בראנזענעם באסיין האט ער געלאזט אראפנעמען פון די בראנזענע אקסען, אויף וועלכע ער איז געשטאנען, און איהם אוועקגעשטעלט אויף אן אונטערבוי פון שטיינער (מלכים ב, ט״ז 17). ת. ש.

**) מלכים ב, כ״ג 11, 12. צו די „מלכים פון יהודה“, וועלכע ווערען דארטען דערמאנט, האט אחז יעדענפאלס געהערט; אויב נאך פריהערדיגע מלכים, איז א פראגע.

שלמנאסר דער פערטער (722—727). די אפּוועזענהייט פון דעם גרויסען קעניג און, נאָך מעהר, דער בייט אויף דעם טראָן פון אשור, גיט אריין נייע האָפענונג אין דער פּאַרטיי פון ״אומאָפּהענגיגקייט אין שומרון.

עגיפּטען טוט דאָס איהריגע צו האַלטען וואַרים די דאָזיגע האָפענונג. וואָרים וואָס ווייטער אשור איז אין דער לעצטער צייט אריינגעדרונגען אין סיריען, אַלץ מעהר האָט די מלוכה פון די פרעה׳ס געמוזט פיהלען, אז עס שטעהט פאַר אָן ערנסטע געפאהר פאַר דער פּאָזיציע וואָס זי האָט ביז דאָ־כ׳אַלסט פאַרנומען. אויב זי זאָל ניט ארבייטען מיט איהרע לעצטע כוחות צו פאַרהאַלטען אשור און אויפצוהעצען די סירישע מדינות צו א ווידער־שטאַנד געגען דעם גרויסען קעניג, וואָלט עס הייסען זיך גופא שלאָגען. ס׳איז געוועזען די העכסטע צייט פאַר עגיפּטען אויפצוגעבען איהר ביז־איצטיגע פּאָ־ליטיק פון גאַר נישט טאָן, צו וואָס די אינערליכע פאַרהעלטענישען האָבען זי געהאַט פאַר׳משפּט. אַסך געלעהרטע נעמען אָן, אז דער נצחון פון דעם עטיאָפּער סאַבאַקאָ, וועלכער האָט, נאָך לאַנגע אינערליכע מלחמות, געבראַכט ענדליך עגיפּטען אין די הענט פון די עטיאָפּישע הערשער, האָט איצט שוין געשאַפען, לכל הפּחות פאַר א געוויסער צייט, אַן אָרדנונג אין עגיפּטען און האָט איהר דערמיט געגעבען די מעגליכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט די ענינים פון סיריען. עס לעגט זיך אָבער בעסער איין שכל אז פּיאַנכי האָט דעמאָלט געהאַט די אויבער־ממשלה*). יעדענפאַלס געפינען מיר איהם גלייך אין פאַרבינדונג מיט די סירישע מלוכות, און עגיפּטען בלייבט פון איצט אָן ביז אסר־חדן די באַשטענדיגע רוהע־שטערערין, וועלכע זוכט צו העצען די סירישע

*) וועגען די פאַרהעלטענישען אין עגיפּטען פאַר סאַבאַקאָ ווייסען מיר אומ־געפעהר פאָלגענדעס: פון פּיאַנכי׳ס אויפשריפט מוז מען אָננעמען אלס פאָרבאַדינגג א צושטאַנד פון צעפאַל (פּיאַנכי צעהלט אויף אין דער פון איהם אונטערוואָרפענער געגענד ניט וועניגער ווי 20 מלכים און פירשטען, בכן איינצעלנע הערשער). דעם דאָזיגען צושטאַנד האָבען אויסגענוצט די עטיאָפּער אום צוערשט אריינצודרינגען אין טעבען און פון דאַנעט אויס אריינצודרינגען ביסלעכווייז אין אונטער־עגיפּטען. אָט דאָ טרעפען זיי א ווידערשטאַנד; פון דעם אלגעמיינעם צעפאַל איז אויפגעקומען א שטרעבונג אויפצושטעלען ווידער די אייגהייט. די פירשטען פון דער דעלטא ווערען אָבער דאָך אונטערוואָרפען און פּיאַנכי צווינגט זיי צו אַנערקענען זיין אויבער־הערשאַפט. אלס צייט פאַר די דאָזיגע געשעהענישען נעמט ברעסטעד אָן די יאָהרען קורץ פאַר 720. דאַן ערשט קומט פאָר דער אריינפאַל פון סאַבאַקאָ. ער האָט מעהר ערפאָלג ווי פּיאַנכי און האַלט אונטערוואָרפען גאַנץ עגיפּטען ארום 12 יאָהר, בערך 701—713.

מלוכות געגען זייער אונטערדריקער. האנא פון עזה, וועלכער האט זיך געהאט אויפגעהאלטען אלס פליכטלינג אין עגיפטען, קעהרט זיך צוריק אהיים, גלייך נאך תגלת־פלאסר׳ס טויט אדער איינינע יאהר נאכדעם, כדי אונטער דעם עגיפטישען איינפלוס צו העצען צו אן אויפשטאנד; און פון הושע פון ישראל ווערט דערצעהלט אין תנ״ך, אז ער האט אויפגעהערט צאהלען דעם טריבוט צו אשור און אז דאס איז געווען בהסכם מיט דעם קעניג סוא פון מצרים, צו וועמען ער האט געשיקט א געזאנדטשאפט (מלכים ב, י״ז 4). דעם דאזיגען סוא קענען מיר פון די אשורישע אויפשריפטען אלס סיבו פון מוצורי*). מאנכע האבען אידענטיפיצירט סוא און סאבאקא. די כראנא־לאגיע איז אבער געגען דעם. עס לעגט זיך גאנץ גוט אויפ׳ן שכל צו אידענ־טיפיצירען סוא מיט פיאנכי; אויב ניט, האט סוא געמוזט זיין איינער פון די אנפיהרענדע פירשטען פאר פיאנכי׳ס אויפטרעטען און פילייכט אויך נאך ביי זיין צייט. ס׳איז כדאי צו באמערקען, אז לויט די אויפשריפטען הייסט סיבו פאקטיש קיינמאל ניט קעניג, נאר שטענדיג ט ו ר ט א ן. עס הייסט אויבער־גענעראל, פון מוצורי.

שלאנאסר האט ניט געקאנט רוהיג צוקוקען ווי שומרון רעוואלטירט, ווייל די אשורישע אויבער־ממשלה איבער גאנץ סיריען איז דא אין קאן געשטאנען. גלייך נאך זיין באשטייגען דעם טראן, בערך אין זיין צווייטען יאהר, האט ער שוין געמוזט ארויסמארשירען. ווארים אויב ס׳איז ריכטיג, ווי עס שטעהט אין ספר מלכים, אז הושע האט רעגירט ניין יאהר, האט שלמנאסר געמוזט ארויסטרעטען געגען איהם שוין אין יאהר 725. עס ווייזט אויס, אז ווי נאר דער גרויסער קעניג איז געקומען נעהנטער מיט זיין חיל, האט זיך הושע איבערגעגעבען אין זיינע הענט. ס׳איז דערפון צו הריננען, אז סוא האט אין אנטשיידענדען מאמענט איהם געלאזען אין פארלעגענהייט. הושע ווערט גענומען געפאנגען און האט הפנים געהאט דעמזעלבינען גורל ווי די איבעריגע געפאנגענע. זיין הויפטשטאדט שומרון אבער איז ניט גע־נייגט זיך איבערצוגעבען גאר אזוי אין אשור׳ס הענט. שלמנאסר מיז זיך נעמען צו א רעגעלמעסיגער באלאגערונג, און דורך איהר פעסטער לאגע ניט זיך שומרון איין זיך צו האלטען פולע דריי יאהר. שלמנאסר׳ן איז ניט בא־

---

*) אז סוא (סעווע) פון תנ״ך און סיבו פון די אויפשריפטען איז איין און דערזעלביגער קאן מען זעהן דערפון, וואס ביידע טוען די גלייכע זאך: סוא אונ־טערשטיצט הושע׳ן, סיבו אונטערשטיצט חאננא׳ן געגען אשור

שערט צו דערלעבען די ערֿאַבערונג פון דער שטאָדט*). לויט די גלויב־ווערדיגע אשורישע באריכטען איז שומרון ערשט געפאַלען אין דער האַנט פון שלמנאסר׳ס נאָכפאָלגער סרגון (722).

אין דער צייט, ווען שלמנאסר האָט זיך גערוקט ווייטער און האָט באַלאַגערט שומרון, האָט זעלבסטפארשטענדליך אויך יהודה געוואָרפען איהרע בליקען מיט געשפאַנטער אויפמערקזאַמקייט אויף איהר שכן אין צפון. ס׳איז אהן ספק צו פאַרדאַנקען ישעיה׳ן, וואָס אחז איז געבליבען רוהיג און איז בייגעשטאַנען אלע פּראָבעס, וואָס זיינען געווים געמאַכט געוואָרען אויך איהם צוצוציהען צו דעם אויפשטאַנד. וואָלט אחז אַנדערש געהאַנדעלט, וואָלט שוין איצט געקומען דער סוף צו יהודה. אָבער ישעיה איז איבערצייגט, אַז שומרון וועט אויך דעם מאָל ווינציג וואָס געווינען פון איהר געוואַגטער און געפעהרליכער אונטערנעמונג. די מאָס פון שומרון איז פול, אָבער יהודה מעג זיך אראָפּנעהמען א מוסר, זעהענדיג וואָס עס קומט דאָרט איצטער פאָר. „וועה צו דער שטאָלצער קרוין פון די שיכורים פון אפרים“, רופט ער אויס איבער שומרון, „און צו דער וועלקענדער בלום פון זיין פּרעכטיגער צירונג. אויף דעם אייל־פעטען טאָל־קאָפּ פון די בארוישטע פון וויין! אָט קומט אָן א שטאַרקער און געוואַלטיגער פון דעם האר! ווי א האַגעל־שטראָם, ווי א וועטער־שטורם, ווי א שטראָם פון מעכטיגע וואַסער־גוסען וועט ער זיי מיט געוואַלד צו דער ערד וואַרפען, כדי זי זאָל מיט די פיס צעטראָטען ווערען. די שטאָלצע קרוין פון די שיכורים פון אפרים“ (ישעיה כ״ח 1—3).

בערך אין דערזעלביגער צייט שטעהט אויף אין יהודה נעבען ישעיה׳ן א גלייכגעזונענער נביא, פיליכט ישעיה׳ס א תלמיד, מיכה פון מורשת (מיכה המורשתי). אויך פאַר איהם איז א זיכערע זאַך שומרון׳ס חורבן און אונטערגאַנג:

„שוין געהט יהוה ארויס פון זיין אָרט,
און נידערט אראָפּ און טרעט אויף די הויכען פון דער ערד.
און עס צעשמעלצען די בערג אונטער איהם,
און די טאָלען צעשפּאַלטען זיך
ווי וואַקס פאַר דעם פייער,
ווי וואַסערן וואָס גיסען זיך אין א נידערונג.

*) אין מלכים ב, י״ז 5, 6; י״ח 9, 10 איז ניט גענוי. פאַקטיש איז דער ערֿאָבערער סרגון.

איבער יעקב'ס פאַרשולדיגונג איז אַט דאָס אלץ
און איבער די זינד פון ישראל'ס הויז:
וואָס איז יעקב'ס פארשולדיגונג? — ניט שומרון?
און וואָס יהודה'ס זינד?*) — ניט ירושלים?
דעריבער וועל איך מאַכען שומרון פאר א וויסטער קופע אין פעלד,
פאר פלאנצונגען פון וויינגערטנער,
און איך וועל אין טאָל אראָפוואַרפען איהרע שטיינער,
און איהרע גרונטען וועל איך אנטבלויזען".**)

(מיכה א 3—6).

אז ירושלים וועט חרוב ווערען, קאָן מיכה איצט קיין מורא ניט האָבען. וואָרים אזוי ווי זי האָט זיך ניט געשטעלט געגען אשור, איז קיין גרונט ניט געווען פאר קיין קריג. ס'איז אבער געווען גרינג צו זעהן, אז די כוואליעס וואָס האָבען אראָפּגעשווענקט שומרון, וועלען אויך ניט לאָזען יהודה אין גאנצען אומבאשעדיגט. דערצו נאך זיינען יהודה'ס זינד געווען גלייך צו אפרים'ס: וועט יהוה ווידער אויפהייבען ווען עס איז זיין בייטש, וועט דאָן קומען אויך יהודה'ס ענד (מיכה א 8, 9). די קלעפּ וואָס פאלען אויף אפרים זיינען טויטליך ניט בלויז פאר שומרון — „זיי קומען ביז צו יהודה, גרייכען ביז צום טויער פון מיין פאָלק, ביז ירושלים." —

וואָס עס איז געוואָרען פון די איינוואוינער פון דעם עראָבערטען לאנד, לאָזט זיך נאר טיילווייז מיט זיכערקייט זאָגען. א טייל פון זיי ווערען אוועקגעשלעפּט פון זייער היים. דאָס איז געווען דער מנהג ביי די אשורישע און באבילאנישע מלכים, א מנהג פון וועלכען מיר הערען דעם ערשטען מאָל ביי תגלת־פלאסר'ן. לויט סרגון'ס אויפשריפטען האָט ער אוועקגעפיהרט אין געפאנגענשאפט 27290 איינוואוינער פון שומרון. די געבליבענע האָט ער געלאָזען אין לאנד אונטער אן אשורישען גובערנאטאָר און שוין איצט האָט ער דאָ באזעצט לייט פון איינגענומענע לענדער. די פארטריבענע זיינען אהן ספק געווען די אנפיהרענדע שיכטען אין דער מלוכה: באאמטע און פארמעגליכע, קריגס־לייט און כהנים. לויט דעם באריכט פון ספר מלכים זיינען זיי פאר־

---

*) מיכה א 5. לויט'ן תרגום און לויט דעם תרגום השבעים דאַרף מען לעזען „ומי חטאת בית יהודה."

ת. ש.

**) די נבואה, קאָן מען זעהן בפירוש שטאַמט פון פאר דעם חורבן שומרון (722). דאָס שטימט מיט דער צייט־באַשטימונג פון מיכה א 1.

טריבען געווארען קיין מעסאָפּאָטאַמיען און מעדיען (מדי); צווישען אַנדערע ווערט דערמאָנט אַלס זייער נייער וואוינאָרט דער ח ב ו ר, אַ נעבען־טייך פון פרת, און „די שטעדט פון מדי“ (מלכים ב, י״ז 6).

די געבליבענע, וועלכע זיינען נאַטירליך געווען די גרויסע מאַסע פון פאָלק, זיינען אַשורישע אונטערטאַנען, דאָס לאַנד איז פון אַן אונטערוואָרפענער וואַסאַל־מלוכה געוואָרען אַ רעגולערע אַשורישע פּראָווינץ. אָבער איידער דאָס לאַנד האָט זיך אונטערוואָרפען אונטער דעם דאָזיגען שיקזאַל האָט עס נאָך איינמאָל געפּרובירט זיך צו ראַטעווען דורך אַן אויפשטאַנד. אין תנ״ך ווערט דערפון ניט דערמאָנט; מיר ווייסען עס אָבער פון סרגון׳ס אויפשריפטען. פון זיי ווייזט עס אויס, אַז גלייך ווי סרגון האָט פאַרלאָזען סיריען האָט פון דאָס ניי זיך אָרגאַניזירט דער ווידערשטאַנד געגען אַשור. בראש פון׳ם אויפשטאַנד איז געשטאַנען אילובידי פון חמת. כמעט גאַנץ סיריען אין צפון־זייט פון שמרון האָט זיך אַנגעשלאָסען. שומרון גופא, צי זי האָט יאָ גענומען ווען אַדער ניט, איז אריינגעצויגען געוואָרען אין דער באַוועגונג. אין דרום שטעהען צו די פאַרבינדעטע צו חאַנאָ פון עזה און אַן אַראַביש־עגיפּטישער קאָרפּוס אונטער דעם גענעראַל סעווע (סוא, סיבו). יהודה, כאָטש מ׳האָט געזוכט דורך געזאַנדטע צו קריגען איהר הילף, געהערט צו וועניג אויסנאַמען, וועלכע האַלטען פאַר אַסך גלייכער צו בלייבען אויף אַשור׳ס זייט*). אין יאָהר 720 קומט דערפאַר סרגון ווידער אין סיריען. אילובידו פון חמת ווערט גיך צעשלאָגען ביי קאַרקאַר. דער גרויסער קעניג מאַרשירט דאַן ווייטער קיין דרום און שלאָגט די איבעריגע פאַרבינדעטע ביי ראַפיהי, אָהן ספק די שפּעטערע ראַפיא פון די גריכען, ניט ווייט פון עזה ביים עגיפּטישען גרעניץ. סרגון ריהמט זיך אפילו אַז ער האָט גענומען טריבוט פון פרעה׳ן („פּירו“). דערמיט איז שומרון׳ס ווידערשטאַנד אויף שטענדיג געבראָכען, לכל הפחות ווערט אין די אַשורישע נאָכריכטען ניט דערמאָנט מעהר פון קיין פּראָבע אָראָפּצוּוואַרפען דעם פרעמדען יאָך.

וואהרשיינליך האָט סרגון ספּעציעל צוליב אָט די אומרוהען איצט און ביי שפּעטערע געלעגענהייטען באַזעצט פרעמדע קאָלאָניסטען אין דער גע־

---

*) סרגון דערמאָנט אפילו אַ לאַנד „יאַאודו“ אויף זיינער אַן אויפשריפט אויף אַ שטיין־פּלאַטע פון יאָהר 717. ס׳איז אָבער דערמיט געמיינט די סירישע „יאַדי“, מיט וועלכער מיר זיינען שוין אויבען באַקאַנט געוואָרען אונטער תגלת־פּלאסר׳ן. אַ שטיקעל ראיה דערצו איז וואָס עס שטעהט אין צוזאַמענהאַנג מיט חמת

נענד פון שומרון. אזוי רעדט סרגון גופא וועגן „געפאנגענע פון פארשי־דענע לענדער", וועלכע ער האט באזעצט אין שומרון. צווישען די געפאנ־גענע רופט ער אן באזונדערס מיט נעמען אייניגע אראבישע מדבר־שבטים, וועלכע האבען זיך ניט געוואלט אונטערווארפען און זיינען דעריבער פאר־טריבען געווארען פון זייער היים. געבען זיי ווערען אין תנ"ך דערמאנט באבילאנישע שטעדט, וועמעס איינוואוינער דער קעניג פון אשור האט פאר־פלאנצט אין די שומרונ'ישע שטעדט*). דאס זיינען אפשר רוועלבינע, וואס זיינען לויט סרגון'ס איינענעם באריכט פארטריבען געווארען איבער די אומרוהען אין באבילאניען אין דעם לאנד פון די חתים. דערצו נאך קומען צו אייניגע יאהרצעהנדליג שפעטער אונטער אסר־חדון נאך אנדערע פרעמדע עלעמענטען**).

די צפון־מלוכה האט דערמיט דערגרייכט איהר ענד. הגם די גרויסע מערהייט פון די איינוואוינער בלייבען אין לאנד, האט אבער די נאציאן איהר לעבענס־קראפט פארלארען, און דערצו נאך איז אויך פארשוואונדען דער לעצטער שאטען פון פרייהייט אום ניט מעהר צוריקצוקומען. א פרעמדע נאציאנאליטעט און א פרעמדע רעליגיאן מישען זיך דורך מיט ישראל; אשורישע גוברנאטארען און באאמטע געוועלטיגען אין לאנד; אשוריש, באבילאניש און אראביש בלוט דרינגט אריין אין די היימישע משפחות. אויסלענדישע געטער דרינגען אריין אין די הייליגע ערטער פונ'ם לאנד. אין אנהויב וועהרט מען זיך געגען זיי, אזוי ווייט ווי עס לאזט זיך. בית־אל האט

דאסזעלביגע לאזט זיך אויך ארויסדרינגען פון ישעיה י"ד 28—32. די רעדע איז א ווארנונג צו די פלשתים, צי ביי שלמנאסר'ס טויט אדער ביי דער נידערלאגע וואס סרגון האט געליטען ביי דורילו (אויפ'ן גרעניין פון עילם), אז זיי זאלען זיך נים מאכען צו גרויסע האפענונגען, און ער זאגט זיי פאראויס גרויס אומגליק. ווען יהודה וואלט געווען באטייליגט, וואלט געוויס ישעיה אויך איהר געסטראפעט. נאר פלותים, מיט'ן צוועק ארויסצוציהען יהודה אין דער באוועגונג, זיינען געווען אדער זיינען נאך דא (פסוק 32). דער אנטוואורט אויף יהוה, אלס דעם אלייניגען באשיצער פון ציון, זאל זיין דער איינציגער ענטפער צו זיי.

*) מלכים ב, י"ז 24. די דארטען דערמאנטע סירישע שטעדט (עוא, חמת) זיינען פוליטיש א שפעטעריגע הוספה, מחמת א דעפארטאציע פון סיריער צו דער נאהנטער פאלעסטינא איז אוממעגליך. „ספרוים", נעמט ווינקלער אן, איז פאר־גרייזט געווארען פון סיפאר ביים פרת.

**) פארגלייך עזרא ד 2. עזרא ד 10 דענקט פיליכט פון דערזעלביגער פאסי־רונג, דאך איז וואהרשיינליך, אז עס זיינען צוגעקומען פרעמדע עלעמענטען נאך שפעטער אונטער אשורבאניפאל (אסנפר רבא ויקירא).

נאָך אויף א ווײלע אָנגעהאלטען איהר כאַראַקטער אלס היילּיגטום פון יהוה. און זי זוכט אפילו אויסצושפּרייטען איהר השפעה אויף די פרעמדע קאָלאָ־ניסטען*). ביז צו א געוויסען גראד האָט זיך איהר דאָס אויך געמוזט איינגעבען, וואָרים נאָך אונטער יאשיהו׳ן שטעהט דער מזבח פון בית־אל**), און בשעת די אידען פון יהודה קעהרען זיך צוריק פון גלות בבל געפינען זיי

---

*) מלכים ב, י״ז פון פסוק 24 אָן. עס קלינגט דורכאויס גלויבהאַפט וואָס דאָ ווערט דערצעהלט. אז ווייל די נייע קאָלאָניסטען האָבען ניט געוואוסט „דאָס רעכט פונ׳ם גאָט פון לאַנד״ האָט זיי דערפאר דער מלך פון אשור געשיקט פון גלות א כהן פון יהוה, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין בית־אל. לכל הפחות שפּיגעלט זיך דערין אָפּ דער פאַקט, אז אי די געבליבענע, אי די צוגעקומענע האָבען געדינט יהוה. א׳ניט וואָלט זיך ניט געלאָזט דערקלערען די עקסיסטענץ פון די שומרונים, וועלכע ווילען דאך זיין יהוה־דינער. דער פאַקט ווערט אויך געפאָדערט דורך דער פארהעלטעניסמעסיג קליינער צאָהל פון די פארטריבענע. אפילו אויב מיר זאָ־לען שוין אָננעמען, ווי ס׳איז שוין אויבען געזאָגט געוואָרען, אז הושע׳ן האָט געהעריט נאר נאָך די שפּעטערע געגענד פון סאַמאַריען, איז אלין צו באשיידען די צאָהל פון 27290. עס האָבען בכן געמוזט בלייבען אסך לייט פון געמיינעם שטאַנד און די געוועזענע אנהענגער פון דער אשור־פּאַרטיי. ס׳איז זעלבסטפארשטענדליך, אז זיי דינען צו יהוה. מ׳וועט נאָך מוזען געהן ווייטער: ווען לויט ירמיה מ״א 4, 5 זיינען לייט פון באַרג אפרים עולה־רגל קיין ירושלים נאָך איהר חורבן, דאַן האָבען זיי עס מסתמא פריהער נאָך גיכער געטאָן. דער צובונד צו ירושלים איז הפנים אין דער צפון־מלוכה, ניט קוקענדיג אויף דער פּאָליטישער שפּאַלטונג, קיינ־מאָל ניט אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען, און נאָך דעם פאַל פון שומרון האָט יענער צושטאַנד נאָך געמוזט שטאַרקער ווערען ביי די פרומע. וואהרשיינליך האָט דאָ אויך אסך מיטגעהאָלפען דאס וואָס די מלכים פון יהודה האָבען פון נאָכ׳ן חורבן שומרון אָן געזוכט ארויסצורוקען זייער גרעניין ווייטער אין צפון. אָט אזוי גע־פינט יאשיהו אויך דאָ א גרונטלאגע פאר זיינע שטרעבונגען (מלכים ב, כ״ג 15—20).

**) מלכים ב, כ״ג 15. ס׳איז כדאי צו באַמערקען, אז יאשיהו׳ס רעפאָרם האָט דאָ ניט באַגעגענט קיין היידנישען ווידערשטאַנד. דערמיט שטימט אויסער ירמיה מ״א 5 אויך עזרא ד 2, וואו די שומרונים טענה׳נען, אז זינט אסר־חדן׳ס צייט דינען זיי דעם אידישען גאָט. דאָס באווייזט ניט, אז זיי זיינען געווען „יודעאיש״, נאָר אז זיי זיינען געווען געזונען יהו׳יסטיש. די אידישע עלעמענטען האָבען בכן געמוזט גייסטיג אַראָפּוועגען די היידנישע קאָלאָניסטען, אָבער זיי האָבען נאַטירליך אויך געמוזט גלייכצייטיג באאיינפלוסט ווערען פון זיי. דאָך אָבער ווייזט עס אויס, אז מ׳האָט ביז אויף יאשיהו׳ן זיך געהאלטען אין בית־אל ביי דער פאָלקס־רעליגיאָן, ווי זי שפּיגעלט זיך אָפּ אין עמוס, הושע און ישעיה. מיט יאשיהו׳ן טרעט איין אן ענדערונג; אָבער זינט מנשה׳ן און דעם גלות בבל האָט מען זיך נאַטירליך צוריקגעקעהרט צו דער אַלטער פאָלקס־רעליגיאָן. ערגער פאַר אַט דער

דא א פאלק, וואס האט זיך געהאלטען פעסט אין דינען יהוה. אבער די צוריקגעקעהרטע דערקענען פארט אין זיי ניט מעהר פלייש פון זייער פלייש און אין איהר גאט דערקענען זיי מעהר ניט זייער אייגענעם גאט, וועלכער האט נאטירליך אונטערדעסען זיך שטארק דערווייטערט פון דעם אמאליגען יהוה פון די נביאים. די צוריקגעקעהרטע פארשטעהען מעהר ניט די אלטע פאלקס־רעליגיאן, נאך וועניגער פארשטעהען זיי איהר פסולת, וואס איז צו־געמישט געווארען פון פרעמדע לענדער. אט אזוי שיידען זיי זיך פון די שומרונים, וועלכע ווערען פון דאמאלסט אן א זעלבשטענדיגער רעליגיעזער קיבוץ. און כאטש די שומרונים האבען זיך באטראכט אלס זיהן פון דעם אלטען פאלק ישראל, דאך איז עס ניט געווען בלויז גאוה מצד פון די צוריקגעקעהרטע פון בבל, וואס עס איז זיי שווער געווען צו דערקענען אין זיי די יטטריכען פונ׳ם אלטען ישראל, לויט ווי זיי האבען זיך עס פארגעשטעלט (מלכים ב, י״ז 24—41).

באזונדערס אינטערעסאנט איז אבער פאר אונז די מעטאדע, וואס די אשורים האבען דא אנגענומען. זי איז אנגעווענדט געווארען פון זיי זינט א געוויסער צייט אויך צו אנדערע פעלקערשאפטען און געהערט ביסלעכ־ווייז צום רעגירונגס־סיסטעם. איהר ציל איז איינצוגלידערען די פעלקער פולשטענדיג אין דער אשורישער אימפעריע און צו מאכען אוממעגליך יעדע פראבע צו רעוואלטירען. די אויבערסטע שיכטען פון דער באפעלקערונג: רעגירענדע, קינסטלער, האנטווערקער, בוימייסטער ווערען דערפאר העפאר־טירט אינ׳ם לאנד פון דעם זיגער. דארטען ווערען זיי הפנים באזעצט אלס קעניגליכע קאלאניסטען, וועלכע האבען זייער אייגענטום אלס שויך־גוט פונ׳ם קעניג*). זיי ווערען דורך דעם געשטעלט אין א גינסטיגער פאזיציע. יעדענ־פאלס עקאנאמיש גוט פארזארגט, און זיי ווערען דערמיט שטארק צוגעבונדען צו דעם קעניג און צו דעם לאנד, נאטירליך ניט מען איך זיי אויך גוט אב־טונג. אט אזוי זארגט מען דערפאר, אז זיי זאלען שנעל פארגעסען זייע־

---

פאלקס־רעליגיאן איז וואהרשיינליך ניט געווען די רעליגיאן פון די שומרונים נאכ׳ן גלות בבל, נאר מיט דעם חילוק וואס אנשטאט א כנעני׳שע האט זי ארוינ־גענומען אין זיך א שטארקע בייטישונג פון אן אנדער היודענטום.

*) פארגלייך די שילדערונג אין מלכים ב, י״ח 32, וועלכע מאג זיין אין איינקלאנג מיט דער ווירקליכקייט אויף אזוי פיעל, אז מ׳האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו מאכען די פארטריבענע פארגעסען אן דער אלטער היים און אז דער קעניג האט זיי געגעבען לאנד־אייגענטום.

נאציאנאלע איינענארטיגקייט. אין דעם ליגט א סיסטעם, וואס האט פאליטיש געמעגט זיין גוט אויסגערעכענט, אבער מאראליש באטראכט האט עס שוין געמוזט אויפטרייסלען די פיינערע געפיהלען פון די מענשען פון יענער צייט. דער סיסטעם האט באדייט ניט ווייניגער ווי די פולקומע צעשטערונג פון פעלקער און דאס ארויסרייסען מיט געוואלד גאנצע נאציאנען פון זייער היימישען באדען. פאר ישעיה'ן איז אט די מעטאדע א ברוטאלע, בארבארישע צעטרעטונג פון די פעלקער.

פון די איינוואוינער פון שומרון איז פאקטיש ניט געבליבען היסטאריש קיין שריד ופליט אין דער אשורישער אימפעריע. דער סיסטעם האט זיך גלענצענד איינגעגעבען. איינצעלנע שפורען פון טיילען פון א אידישער באפעלקערונג אין ווייטען מזרח ביז צו אינדיען און כינא קענען פיליכט שטאמען אין זייערע ערשטע התחלות פון יענע קאלאניסטען. אבער זיי זיינען דער „יוצא מן הכלל“, אלס כלל זיינען די אלטע איינוואוינער פון דעם קעניגרייך ישראל פארשלונגען געווארען אין יענע אימפעריעס פון מזרח, ניט לאזענדיג קיין סימן פון זיך. די סיבה דערפון איז אהן ספק געלעגען אין דעם, וואס זייער רעליגיאן האט געהאט ארייננענומען אין זיך צופיעל עלעמענטען פון דער היידניש־כנעני'שער פאלקס־רעליגיאן און זי האט דעריבער ניט געקאנט דינען פאר זיי אלס נאציאנאלע מחיצה נעגען יענע היידנישע פעלקער. די לעהרע פון די נביאים האט צו קורץ געווירקט צווישען זיי און איהר רושם האט דעריבער ניט געקאנט לאנג אנהאלטען*).

---

*) ס'איז וואהרשיינליך א פועל־יוצא פון דער פארשווינדונג פון דער צפון־מלוכה, וואס מיר לעזען אין דברי הימים א, 21—23 פון א פארבינדונג פון אמאליגע משפחות פון גלעד מיט יהודה. אלע אין דער טעריטאריע פון דער צפון־מלוכה, וועלכע האבען ערנסט געטראכט צו בלייבען ביים פאלק ישראל, האבען, קאן זיין, געוויס געוואנדערט קיין דרום, כדי זיך איינצוגלידערען אין דעם פארבאנד פון יהודה. דער ספר דברי הימים טיילט עס מיט וועגען די איינוואוינער פון די אמאליגע יאיר־דערפער (חות יאיר) אין צפון פון עבר־הירדן אין אזא נוסח, וואס ברייננט ארויף די השערה, אז מיר האבען דא צו טאן בלויז מיט א פראגמענט און אז אויך אנדערע משפחות האבען דאסזעלביגע געטאן.

ערשטע אפטיילונג.

# אשור און יהודה

## 1.

## חזקיה (686—719)

בעת די געוואלדיגע שטורעמס האבען געברויזט איבער שומרון און האבען זי ארויסגעריסען מיט די ווארצלען, האט עס אפגעגליקט אחז׳ן פון יהודה צו בלייבען אומבאשעדיגט. באטראכטענדיג קלוג די אומשטענדען, האט ער זיך געהאלטען פעסט או דער אשורישער הערשאפט און האט רעגירט מיט אויפגעהאלטען דעם כתר ביז צום ענד פון זיין לעבען און האט איהם ביי זיין טויט איבערגעגעבען צו זיין זוהן חזקיה׳ן. דער בייט איבער׳ן כתר איז וואהרשיינליך פארגעקומען אין יאהר 720 אדער 719.

דורך די געשעהענישען פון דער לעצטער צייט זיינען די פאליטישע פארהעלטענישען געווארען פאר יהודה נאך ערגער ווי פריהער. דער פאל פון שומרון האט געבראכט די וואסאל־מלוכה יהודה פאר א דירעקטען שכן פון דער אשורישער אימפעריע. ביז אהער זיינען אלץ נאך געשטאנען קליינע מדינות אלס מחיצה צווישען יהודה און אשור, צוערשט דמשק און ישראל, צולעצט ישראל אליין. די אונטערוואורפענע מלוכה יהודה איז דורך דעם ניט געווען אזוי שטארק נאהנט צו דעם גרויסען קעניג פון אשור; די רייבונג איז געווען פארטיילט צווישען מעהרערע מלוכות און די דירעקטע סיבות פאר רייבונגען זיינען געווען ווייניגער. איצט אבער איז ישראל אן אשורישע פראווינץ. און עטליכע שעה אין צפון־זייט פון יהודה, אין דער געגענד פון

בית־אל, רמה און מצפה, קענען די בירגער פון ירושלים און יהודה זעהן ווי עס געוועלטיגען די גובערנאטארען און באאמטע פון דעם גרויסען קעניג. ווער ס'איז אין יהודה ניט געווען לגמרי בלינד, האט געמוזט דערקענען די שרעק־ליכע לאגע, אין וועלכער די מלוכה האט זיך געפונען. ס'איז געווען פולקום קלאר, אז יעדער צוזאמענשטויס מיט אשור האט געמוזט ברייגען ירושלים און יהודה אין א דירעקטער סכנה און אז די צוקונפט פון לאנד איז אפגע־האנגען בלויז פון צוויי מעגליכקייטען. ענטוועדער עס גיט זיך איין די פאראייניגטע כוחות פון אלע נאך פעהיגע קליינע מלוכות פון פאלעסטינא און די שכנות'ע לענדער אין פארבינדונג מיט עגיפטען און בבל צוזאמענ־צונעמען אלע הילפסמיטלען וואס זיי פארמאגען און ארויסצורייסען דאס לאנד פון אשורישען ריז און זיך צו באפרייען פון דער טריבוט־צאהלונג; אדער די מלוכות פון פאלעסטינא, יהודה פאראויס, נעמען אן זייער נויט פאר גוט און אונטערוואַרפען זיך אונטער דעם שווערען יאך, וואס איז אויף זיי ארויפגעצוואונגען געווארען. אויב יהודה, פארגעסענדיג די אמאליגע זעלבשטענדיגקייט, האט געוואלט איינארדנען איהר לעבען אונ־טער דער באשיצונג פון דער אשורישער ממשלה, דאן זיינען איהר מלך און איהר פאלק אפילו ניט געווען מעהר וואס אמאל, אבער זיי האבען גע־קאנט פארברייגען זייערע טעג אהן סכנות און אין פרידען, אזוי לאנג ווי אשיר גופא האט זיך געהאלטען. אזוי האט הפנים אחז געאורטיילט, און וואהרשיינליך האט עהנליך אזוי געטראכט ישעיה אין דער צייט בשעת אחז איז געשטארבען און חזקיה האט איבערגענומען די רעגירונג. ביי ישעיה'ן האבען דא געווירקט מעהר רעליגיעזע מאטיוון איידער פאליטישע: ער האט אויף אזא אופן דערקלערט יהוה'ס ווילען בנוגע צו יהודה. אלץ איז איצט אפגעהאנגען דערפון, וואס פאר א שטעלונג דער נייער קעניג וועט אננעמען אין יענער לאגע.

חזקיה האט איבערגענומען די רעגירונג יעדענפאלס אין די יונגע יאהרען, פיליכט ווען ער איז נאר וואס געווארען בחור. ס'איז געווען זיין גליק, וואס עס זיינען איהם געשטאנען ביי דער זייט אזעלכע מענער ווי ישעיה און מיכה. צו זייער, הגם אויך אומדירעקטער, השפעה וועט מען מוזען צושרייבען געוויסע מיטלען, וואס חזקיה האט אנגענומען צו רייניגען דעם יהוה־דינסט. דער שרייבער פון ספר מלכים דערצעהלט וועגען דעם אין צוזאמענהאנג מיט חזקיה'ס טראן־באשטייגונג. חזקיה האט לויט דעם דא־זיגען באריכט צעבראכען א בראנזענע שלאנג, וואס מ'האט גערופען „נחשתן" און צו וועלכער די אידען האבען גערינט איז אדער ביי ירושלים שויז פון

אלטע צייטען אן, און איבערבלייבעכץ נאר פון אמאל ווען מ׳האט געדינט צו שלאנגען*). אחוץ דעם האט ער אויך באזייטיגט די במית, מצבות און אשרות**).

דער דאזיגער באריכט פון ספר מלכים, אזוי ווייט ווי ער רעדט פון במות, מצבות און אשרות, איז לעצטענס באצייכענט געווארען פון אסך פארשער אלס אומהיסטאריש. מ׳האט געבראכט געגען איהם אי גראמאטיקאלישע, אי היסטארישע ארגומענטען. פאקטיש איז טאקע דער אופן פון אויסדרוק אין אט דעם פסוק לחלוטין ניט אין איינקלאנג מיט די געזעצען פון דער עלטערער און קלאסישער העברעאישער שפראך. עס קענען דעריבער אויפקומען ספקות וועגען דעם, צי א דערצעהלער פון פאר׳ן גלות בבל האט געשריבען דעם זאץ אין זיין היינטיגען נוסח. אויך דאס וואס אין פסוק 22 ווערט די באזייטיגונג פון די במות אנגענומען אלס פארבאדינג, באווייזט נאך ניט די היסטארישע עכטקייט פון אט דעם פאקט. ווארים עס איז גאנץ פשוט: אויב די דאזיגע שטיק איז געשריבען געווארען פון א שפעטערען פארפאסער, האט יענער אויך געקאנט אריינלעגען רבשקה׳ן אין מויל אזעלכע זאכען, וועלכע ער האט באמת גאר ניט געזאגט. דערצו נאך טענה׳ען די פארשער, אז ניט ישעיה, ניט קיין אנדער נביא פון אכטען יאהרהונדערט האט ניט געפיהרט קיין שארפען קאמף געגען די במות, מצבות און אשרות, וועלכע חזקיה זאל האבען באזייטיגט. ס׳איז אבער אויסגעשלאסען, אז חזקיה איז געגאנגען ווייטער ווי די נביאים גופא.

מ׳דארף פון דעסטוועגען ניט אויפגעבען דעם באריכט וועגען חזקיה׳ס רעפארם אלס אומהיסטאריש. וואס איז שייך די שפראך לאזט זיך ניט באשטימען אין איהר קיין גענויער גרעניץ צווישען פאר׳ן גלות און נאכ׳ן גלות אויף איינינע יאהרצענדליג אדער א האלבען יאהרהונדערט. דער עיקר איז דא די רעליגיאנס־געשיכטליכע באטראכטונג: צי איז עס מעגליך, אז מ׳האט אין חזקיה׳ס צייט אונטערגענומען אזא רעפארם. אט די זייט פון

---

*) פארגלייך דעם שלאנגען־שטיין ביי ירושלים אין באנד 2 ז. 98. פיליבט האט דער „נחשתן“ געהערט צו איהם. יעדענפאלס שטעהט אין ערגיץ ניט, אז ער איז געשטאנען אין בית־המקדש.

**) מלכים ב י״ח 4. פארגלייך אויך פסוק 22. אין מעקסט רעדט זיך וועגען איין אשרה. אויב אט דער נוסח איז ריכטיג, האט זיך דא געוויס האנדלען וועגען אן אשרה, וואס איז אונטער אחז׳ן אריינגעדרונגען אין בית־המקדש

דער זאך מוז צוליב דער וויכטיגקייט פון דעם ענין ארומגערעדט ווערען אביסעל מעהר באריכות.

ס'איז שוין אויבען גערעדט געווארען וועגען דעם, אז אפילו נאך דער צעשפאלטונג פון דער מלוכה איז דאס איבער־געוויכט פון דעם בית־המקדש אין ירושלים געגען די עלטערע היילגטימער געוועזן אן אומבאשטריטענער פאקט, וואס ירבעם האט אפט אנערקענט און אהן א ספק אומזיסט באַ־קעמפט. דארטען איז אויך געזאגט געווארען, אז די מענשען מיט א ווייטען בליק אין אפרים האבען העכסט וואהרשיינליך באדויערט די צעשפאלטונג צוליב א רעליגיעזען גרונט און אז ביי זייער גאנצער פאליטישער טריישאפט צו זייער היים זיינען זיי פארט אין א רעליגיעזן זין געבליבען אנהענגער פון ירושלים. און פון גאנץ זעלבשטענדיגע באטראכטונגען זיינען מיר געקומען צו דער וואהרשיינליכער הנחה, אז ביי מענער פונ'ם קרייז פון יהוי'סט און באזונדערס פון אלהי'סט, ביי וועמען די במות זיינען בלויז געווען פלעצער וואו יהוה האט זיך אנטפלעקט און די מצבות האבען בלויז פארגעשטעלט ערינערונגס־צייכענס, און וועמען די בילדער פון די אקסען זיינען געווען דערווידער, — אז ביי די מענער פון אט דעם קרייז האט זיך אנטוויקעלט א שטרעבונג, וואס האט זיי ארויסגעהויבען איבער דער פאלקס־רעליגיאן און האט זיי גענייגט געמאכט צו א רעפארם אין דענקען און אין לעבען פון אידישען פאלק. דערמיט האט א גייסטיגער און רעליגיעזער באנד ממילא צונויפגעקניפט אט די מענער מיט ירושלים און איהר בילד־לאזען קולט, ניט קוקענדיג אויף דער פאליטישער צעשפאלטונג*).

פון דאנעט איז צו פארשטעהן די שטעלונג פון די נביאים צו ירושלים און דעם בית־המקדש. מאנכע פארשער מאכען א טעות, ווען זיי זוכען אין עמוס, הושע, ישעיה אדער מיכה אויסדרוקען געגען די במות און לטובה פון ירושלים, כדי דערפון צו באווייזען, אז אט די נביאים האבען ענערגיש געארבייט פאר חזקיה'ס רעפארם. נעבען שטארקע אויסדרוקען געגען דעם בעל־ און געצען־דינסט אויף די במות און געגען דעם דינסט פונ'ם אקס געפינט מען דא פונקט אזוינע שטארקע אויסדרוקען געגען דעם קרבנות־קולט אויך אין בית־המקדש פון ירושלים און ביי מיכה אפילו געגען דעם בית־המקדש גופא. געגען אט די לעצטע אויסדרוקען קענען ווינציג וואס אראפוועגען איינצעלנע ירושלים־פריינדליכע ווערטער פון הושע און ישעיה.

---

*) זעה אין צווייטען באנד ז. 270.

כדי צו באווייזען פון זיי, אז די נביאים האבען אונטערשטיצט די קעניגליכע רעפארם־שטרעבונגען אדער כדי אפצושלאגען מיט זיי די טענות געגען דער היסטארישער עכטקייט פון דער רעפארם איבערהויפט.

פאקטיש זיינען די נביאים, פון וועלכע דא ווערט גערעדט, אויך אין אט דער זאך, קודם כל מענער פון ר ע ל י ג י א ן, ניט פון פאליטיק אדער פון קולט. אויב ס׳איז פארגעקומען א רעפארם אין קולט, האט זי ניט געקאנט שטאמען פון זייערע פלענער און שטרעבונגען. נאך מעהר, עס קאן זיין, אז די רעפארם האט גאר געמוזט דורכגעפיהרט ווערען געגען זייער ווילען — הגם איך שווערליך געגען זייער אפענעם פראטעסט — מחמת מ׳האט געקאנט מורא האבען, אז זי וועט נאך פארמעהרען און פארגרעסערען די אויסערליכע זייט פון דעם קולט. לכל הדעות האט די רעפארם געקאנט באלד ארויסרופען זייער טיפע אומצופרידענקייט. אבער דאס שליסט ניט אויס, אז ווען ס׳איז באפוילען געווארען, צוליב פאליטישע טעמים אדער צוליב טעמים פון דער אפיציעלער מלוכה־רעליגיאן אויף דער איניציאטיווע פון די כהנים, צו שליסען אלע אנדערע קולט־פלעצער אין יהודה אויסער ירושלים און אין פארבינדונג דערמיט צו רייניגען דעם בית־המקדש אין ירושלים פון פרעמדע עלעמענטען, וואס זיינען דערווידער די שטרענגע יהודה־דיגער — זיינען די נביאים געצוואונגען געווען לויט זייער רעליגיעזער שטעלונג אינערליך צוצושטימען דערצו.

די נביאים האבען אוממעגליך זיך געקאנט איינשטעלען פאר אזוינע קולט־פלעצער ווי אשטיינער בית־אל און דן אדער באר־שבע און גלגל; זיי האבען זיך ניט געקאנט איינשטעלען פאר די אקסען און געצען־בילדער און געגען דער בילדלאזער ירושלים. דערצו נאך איז עמוס צו ישראל אויסגעטראטען געגען די במות און הייליגטימער פון יצחק און ישראל, בעת געגען דעם בית־המקדש אין ירושלים געפינען מיר לכל הדעות קיין ווארט ניט ביי איהם. אויך הושע האט צו קרעפטיג געשטורמט געגען דעם בעל און געצען־דינסט פון אפרים און דעם קאלב פון בית־אל, אין פון דער אנדערער זייט ווידער, איז ניט בלויז וואס ער קעמפט נים מיט קיין ווארט געגען ירושלים, נאר אדרבה, כאטש ער איז א בירגער פון אפרים, הוסט ער מיט ביינקשאפט אין האפענונג אויף ציון*). אלס צוגאב נאך האט ישעיה אזוי אפען אויס־

*) זעה וועגען דעם אויבען ז. 46, 47. אויך הושע קען געוויס די שוואכקייטען פון דעם בית־המקדש אין ירושלים אין זיין קולט. ראה. ב״יוסן זיין אורטעאל פון קאפ ו 6 איז ניט געווען דורכגעפיהרט. האט ער געמוזט אנערקענען די רעלאטיווע

גערדריקט דעם גלויבען, אז יהוה וואוינט אין יהושלים און ציון און דערצו איז זייער בית־המקדש געווען דער ארט וואו ער האט פערזענליך פארבראכט דעם דערהויבענסטען מאמענט פון זיין לעבען, ווען ער האט געזעהן דעם היילינען פון ישראל גופא.

נאך אזוינע אויסדרוקען און איבערלעבונגען, נאך מעהר לויט זייער גאנצער אינערליכער רעליגיעזער שטעלונג און זייער צוזאמענהאנג מיט די רעליגיעז־העכערע קרייזען פון דער געגענווארט און פון דער אינגסטער פאר־גאנגענהייט, האבען די נביאים געמוזט איינזעהן די געפאהרען, וואס זיינען ארויסגעקומען פון די קליינע קולט־פלעצער אינ׳ם לאנד אלס די נעסטען פון דער פאלקס־רעליגיאן, און זיי האבען געמוזט צושטימען צו דער נייער רע־פארם, אפילו אויב זיי האבען פאראויסגעזעהן די צרות און די פלאגען וואס וועלען ארויסקומען פון די נייע צושטענדען. ווען די נייע פלאגען האבען זיך שוין אבער באוויזען, האבען די נביאים געקאנט עפענטליך נעמען א שטעלונג געגען זיי, און מיכה האט אפילו געמעגט נעמען א שטעלונג געגען דעם בית־המקדש גופא. אט דאס אלצדינג וואלט געווען משונה׳דיג, ווען זיי גופא וואלטען געווען די איניציאטארס פון דער רעפארם, ניט אבער ווען די רעפארם האט געשטאמט פון דעם קעניג און די כהנים, און זיי, די נביאים, זיינען געווען בלויז די רעליגיעז־פאראינטערעסירטע צוקוקער.

וואס חזקיה און די וואס זיינען געשטאנען הינטער איהם האבען גע־וואלט אויפטאן מיט דער באשרענקונג פונ׳ם קולט אויף ירושלים, קאן קיין ספק ניט זיין. שומרון׳ס אונטערגאנג איז געווען א קלארע אזהרה, אז יהוה׳ס צארן פלאקערט געגען זיין פאלק. כהנים און נביאים זיינען געווען איינינ דעריין, אז ישראל׳ס אומגליק איז געווען דאס וואס ער האט זיך אפגעקעהרט פון דעם בילדלאזען יהוה אין ציון. דאסזעלביגע אומגליק איז אויך פאר־געשטאנען יהודה און ירושלים, אויב זיי וועלען ניט גרינטליך תשובה טאן*). ווי די נביאים האבען געדענקט וועגען אט דעם תשובה טאן, ווייסען מיר; ווי די פארטרעטער פון דער אפיציעלער רעליגיאן פון דער מלוכה האבען וועגען דעם געדענקט, קענען מיר זיך אויך גאנץ גוט פארשטעלען. מ׳קאן לייכט באגרייפען, אז דער יונגער קעניג האט זיך צוגעהארכט צו די אפיצי־

הויכקייט פון דעם בילדלאזען בית־המקדש, פארגליכען מיט דעם וואס ער האט טעג־ליך געזעהן ארום זיך (י״ג 2; ד 12; י 5).

*) פארגלייך מיכה ג 12. אויך אייניגע פון ישעיה׳ס סטראשענדע רעדעס קענען געהערען צו דער צייט.

עלע פארטרעטער פון דער רעליגיאן, און זיי האבען איהם אודאי נעזאגט. אז אויב מ'וויל אויסהיטען יהודה פון ישראל'ס גורל, מוז מען האלטען דעם יהוה־דינסט פריי פון דאס וואס האט געבראכט דעם אונטערגאנג פון ישראל. לויט זייער מיינונג האט מען אבער געקאנט דערגרייכען פילקוס דעם דאזיגען ציל נאר ווען ניט בלויז דער בית־המקדש און ירושלים גופא זיינען נערייניגט געווארען, נאר ווען עס זיינען אויך אויסער ציון געפאלען אלע אנדערע הייליגטימער. ווארים כאטש מ'האט אויך אין זיי נעדינט צו יהוה, איז אבער פארט געווען צו נאהנט די סכנה, אז מ'וועט קוקען אויף דעם יהוה פון חברון אדער באר־שבע ווי אויף אן אנדערען איידער דעם יהוה פון ציון, און פיעל־געטעריי און היידענטום וועלען קריגען דערמיט פון דאס ניי אלע זייערע רעכטען. ווען מ'וואלט געפרעגט די נביאים, וואלטען זיי געוויס בעסער געהייסען דינען גאט מיט'ן הארצען איידער צו רעפארמירען און באניייען דעם אויסערליכען קולט; דאך וועט מען מוזען צוגעבען, אז אין יענע רעפארם־שטרעבונגען איז געלעגען א גרויסער און צוקונפט־רייכער געדאנק. ס'איז ניט דער לעצטער געדאנק פון א רעליגיאן פון גייסט, און די וועלכע האבען איהם פארטראטען זיינען אין זייערע מאטיווען פיליכט ניט געווען אין גאנצען פריי פון עגאאיסטישע פניות; אבער נאך אלעמען איז עס געווען א וויכטיגער טריט פארווערטס. דאך גראד אין דער גרויסקייט און אין דער וויינ־גרייכענדער באדייטונג פון דעם געדאנק ליגט אויך דער גרונט פון זיין שוואכער דורכפיהרונג אונטער חזקיה'ן. די רעוואלוציע, צו וועלכער מ'האט אין יענער צייט געשטרעבט איז געווען צו גרויס זיך צו לאזען דורכפיהרען מיט דער ערשטער אטאקע. מ'האט צוגעלעגט די האק צום ווארצעל פון בוים; די אנטשיידענדע קלעפ, וואס האבען אירם לגמרי אונטערגעהאקט זיינען געקומען שפעטער אין יאשיהו'ס צייט. אבער דאס וואס די ערשטע קלעפ האבען ניט אנידערגעווארפען דעם בוים אויף ד'ערד, הייסט נאך ניט, אז זיי זיינען אין גאנצען ניט פארגעקומען. —

חזקיה איז ווינציג וואס געווען עהנליך אויף זיין פאטער אחז. ניכער קאן מען זאגען, אז אין פיעל פונקטען האט ער זיך גענומען צוריק צו די פרינציפען פון זיין עלטערזיידען עזיה. ווי עזיה אזוי האט אויך חזקיה אנגענומען געוויסע מיטלען פאר דער מיליטערישער זיכערקייט פונ'ם לאנד און באזונדערס פון דער הויפטשטאדט; ווי אין עזיה'ס צייטען, אזוי זיינען אויך איצט יהודה'ס אוצרות און ארסענאל'ען פול געווען. צום באדויערען האבען מיר ווינציג ידיעות וועגען דער כראנאלאגישער ארדנונג פון די געשעהענישען אין דער צייט פון זיין לאנגער רעגירונג. ניט וויסען מיר.

ווען ער האט באזיגט די פלשתים (מלכים ב, י"ח 8); ניט אין וועלכער צייט פון זיין רעגירונג ער האט געלאזט מאכען די וואסער־לייטונג, וואס ווערט איהם צוגעשריבען (מלכים ב, כ 20)). עס קאן געמאלט זיין, אז דער קריג מיט די פלשתים איז נאך געווען א ירושה פון זיין פאטער אחז, צוליב דעם וואס יהודה האט זיך אנטזאגט צו נעמען אן אנטייל אין דעם אויפשטאנד אונטער חנא פון עזה. און אזוי ווי מיר ווייסען, אז חזקיה'ס ווידערשפעניגונג געגען אשור איז צוגעגרייט געווארען א גאנצע צייט פריהער, לעגט זיך דעריבער אויפ'ן שכל, אז דער בוי פון זיין וואסערלייטונג איז געפאלען אין דער ערשטער צייט פון זיין רעגירונג.

זיין וואסערלייטונג האט אהן א ספק געהאט דעם צוועק צו פארטיידיגען ירושלים אין פאל פון א באלאגערונג. אינוועניג פון שטאדט־מויער פארמאגט ירושלים איבערהויפט קיין פליסיג וואסער ניט. דער איינציגער באדייטענדער קוואל גאר נאהנט צו דער שטאדט איז דער ניחון ביים דרום־מזרח'דיגען שיפוע פונ'ם בארג, וואס האט אמאל געטראגען די דוד־פעסטונג און האט איצט געטראגען דעם קעניגליכען פאלאץ. ס'איז געלעגען נאהנט ביי דער האנט אריינצופיהרען דאס וואסער פונ'ם גיחון אויף דער־זייט פונ'ם שטאדט־מויער, כדי צו זיין באזארגט מיט וואסער אין אלע אומשטענדען, וואס מעגען פארקומען. אויב מ'האט דאס אין אנהויב פיליכט פרובירט דורכפיהרען פון אויבען אויף דער ערד, האט מען אבער באלד איינגעזעהן, אז ס'איז גלייכער צו לעגען די וואסערלייטונג אונטער דר'ערד. אט אזיי זיינען געשאפען געווארען וואסערלייטונגען, אזוינע ווי דער קאנאל, וואס געהט פון גיחון צום שלח־טייך. פון דער אלט־העברעאישער אויפשריפט, וואס איז געפונען געווארען אין אט דעם קאנאל אין יאהר 1880 דערווייסען מיר זיך עפעס ווי אזוי די ארבייט איז געמאכט געווארען. די אויפשריפט זאגט אונז אבער גאר נישט וועגען דער צייט ווען דער קאנאל איז דורכגעגראבען געווארען. אזוי אבער ווי דער ספר מלכים דערצעהלט פון חזקיה'ן, אז „ער האט געמאכט דעם טייך און דעם קאנאל און ער האט געבראכט דאס וואסער אין דער שטאדט", און דער ספר דברי הימים פארבינדט אט די נאכריכט בפירוש מיט דעם שלח־קאנאל, איז דעריבער קיין ספק ניט, אז חזקיה איז עס דער בויער פון יענעם שלח־קאנאל און פון איינעם פון די שלח־טייכען.

אויב דער יונגער חזקיה האט געזוכט פון אנהויב אן פון זיין רעגירונג צו פארשטארקען זיינע פארטיידיגונגס־כוחות און צו באפעסטיגען זיין צוגעגרייטקייט פאר מלחמה, מעגען מיר דערפון דריננגען אז פונקט

ווי אין רעליגיעזען, אזוי אויך אין פּאָליטישען לעבען פון יהודה, איז איינגעטראָטען א נייער גייסט מיט דעם בייט אויפ'ן טראָן*). די אשור־פיינדליכע פּארטיי, וועלכע איז געווען באאיינפלוסט פון עגיפּטען, די פּאַר־טיי פון די „פּאַטריאָטען", וועלכע האָט געטריבען ווידערשפּעניגען געגען אשור, האָט באַלד געמוזט געווינען דעם יונגען קעניג'ס אויער. ווען עס איז ניט געקומען צו א צעררייסונג שוין פריהער איידער דאָס איז פּאַקטיש געווען דער פּאַל, קאָן דאָס, ווייזט אויס, צוגעשריבען ווערען נאָר צו ישעיה'ס השפּעה.

## 2.

## סנחריב אין פּאַלעסטינא. ישעיה.

באַלד ווי סרגון האָט נאָך דער שלאַכט ביי ראַפּיא**) נאָר פאַרלאָזען פּאַלעסטינא, איז דאָ דער ווידערשטאַנד פון דאָס ניי אָרגאַניזירט געוואָרען. דעם פּלאַן פון דער צעשלאָגענער עזה פאַרנעמט איצט אשדוד אלס צענטער פון דער באַוועגונג. און עס ווייזט אויס, אז עס האָט זיך איינגעגעבען איהר קעניג אזורי, דורך דער אויסזיכט אויף עגיפּטען'ס הילף, צו באַוועגען די פעלקער און שבטים פון דרום־פּאַלעסטינא, צווישען זיי אויך יהודה, זיך צו שטעלען צוזאַמען אַנטקעגען אשור. לכל הפחות דערצעהלט אזוי סרגון אין זיינע אויפשריפטען; פאַרקעהרט ווידער אין תנ"ך ווערט חזקיה'ס באַטיי־ליגונג אין אשדוד'ס אונטערנעמונג אין גאַנצען פאַרשוויגען אין ספר מלכים אָדער עס ווערט אין ישעיה קאַפּ. כ בלויז געגעבען א וואונק אויף דעם. כ'איז וואהרשיינליך, אז ווען סרגון האָט געשיקט זיין אַרמיי קיין פּאַלעסטינא, האָבען די פאַרבינדעטע זיך נאָך אין צייט צוריקגעצויגען פון אזורי. אזוי

*) עס קאָן גרוילער געמאָלט זיין, אז אויך נאָכ'ן פּאַל פון שומרון און אין דער מהומה, וואָס האָט געהערשט באַלד נאָכדעם, האָט שוין חזקיה געזוכט ארויסצורוקען זיין גרעניץ אביסעל ווייטער צו צפון און דאָס האָט זיך איהם אויך איינגעגעבען אויף די געגענד אין מזרח צווישען בנימין און יריחו האָבען די מלכים פון יהודה אָהן א ספק גאַנץ פריה צוגענומען. דאָס דערקלערט אויך, וואָס עס האָבען גאַנץ פריה זיך געפונען אין יהודה עלעמענטען פון בנימין און כ'האָט מיט דער צייט געקריגט פון דער מלוכה פון יהודה אזוי ווי זי וואָלט באַשטאַנען פון יהודה און בנימין

**) זעה אויבען ז. 74.

אז דער אשורישער קאמאנדיר, וועלכער הייסט ביי ישעיה׳ן תרתן, האט פאקטיש נאר געהאט צו טאן מיט אשדוד. די באלאגערונג פון אשדוד האט זיך געענדיגט, ווי ס׳איז געווען צו דערווארטען, מיט דער עראבערונג פון דער שטאדט. איהרע איינוואוינער זיינען אוועקגעשלעפט געווארען אין געפאנגענשאפט.

אויך דא האט שטארק מיטגעוויקרט דאס לאזען זיך פארפיהרען פון עגיפטען. וואס ישעיה האט וועגען דעם געדענקט, זאגט ער אונז קלאר אין איינער פון זיינע ווענינ רעדעס, פאר וועלכע מיר קענען מיט פולער זיכערקייט פעסטשטעלען דעם דאטום. ביי דער געלעגענהייט פון דער באלאגערונג פון אשדוד זאגט ער פאראוים, אז אין א משך פון דריי יאהר וועלען עגיפטען און עטיאפיען אונטערגעהן דורך אשור, און פאר יהודה, וואס פארלאזט זיך אויף דעם אומזיכערען פריינד, וועט עגיפטען׳ס אונטערגאנג ברייננען שאנד און שרעק. „אויב דאס איז געשעהן מיט די, אויף וועמען מיר האבען געהאפט, צו וועמען מיר זיינען אנטלאפען נאך הילף און רעטונג פון דעם קעניג פון אשור — טא ווי קענען מיר אנטרונען ווערען?“ דאס איז בקיצור געווען הפנים די לאזונג פון יהודה און פון דער איבעריגער פאלעסטינא (ישעיה כ).

פונקט אזוי באשטימט ווי ישעיה איז אין אנהויב אויפגעטראטען געגען דער אנשליסונג אן אשור, אזוי ווענינ האט ער איצט געקאנט זיך באפריינדען מיט דעם געדאנק זיך פון איהר אפצוזאגען. די רעדע פון קאפ. כ אנטהאלט לויט דעם א שטארקע אזהרה צו חזקיה׳ן און זיינע פאליטיקער. כאטש זיך צו באשיצען אונטער אשור׳ס הערשאפט איז געווען א דערנידעריגונג פאר יהודה, און די צאהלונג פון א יעהרליכען טריבוט איז נאך ניט געווען דאס ערגסטע דערביי, האט אבער עגיפטען׳ס פריינדשאפט אויסגעזעהן פאר ישעיה׳ן ניט ווענינער אייגענגוציג און אסך אומזיכערער.

אזוי לאנג ווי סרגון האט געלעבט, האט נאך אשדוד׳ס פאל קיין אשורישע ארמיי מעהר ניט בעטראטען פאלעסטינא. סרגון איז ביז צום ענד פון זיין לעבען געווען כסדר פארנומען אין צפון און אין מזרח. נאך א זיבעצעהן יעהריגער רעגירונג, רייך אין אויפטואונגען און געקרוינט מיט אן אומפארגלייכליכער הצלחה, איז סרגון געשטארבען אין יאהר 705, וואהרשיינליך דורך א מערדער־האנט. זיין שטעל פארנעמט זיין זוהן סנהריב (681—705) — דער גרויזאמסטער עראבערער און דער געוואלדיגסטער לענדער־פארכאפער, וואס די אשורישע אימפעריע האט ווען עס איז ארויסגעבראכט. אין דער לאנגער צייט וואס קיין אשורישער חיל האט זיך ניט געפונען אינ׳ם

מערב האט ביי די סיריש־פאלעסטינישע פעלקער פון דאס ניי אויפגעלעבט דער געדאנק צו באקומען ווידער זייער זעלבשטענדיגקייט. די מהומות וואס זיינען אויפגעקומען אין אשור און בבל צוליב סרגון׳ס דערמארדונג זיינען, ווייזט אויס, אויסגענוצט געווארען אלס דער פאסענדער מאמענט צו באַנייען דעם בונד געגען אשור.

די אומשטענדען האבען אויסגעזעהן איצט צו זיין באזונדערס גינסטיג. אין עגיפטען, וואו די נידערלאגע ביי ראפיא און דער פאל פון אשדוד האבען געמוזט זיך שלעכט אפרופען אויף די אינערליכע צושטענדען, האט אַרום דער צייט פון סרגון׳ס טויט נאך געהאלטען דעם טראָן דער עטיאפישער איזורפאטאר סאבאקא. ער האט געהאט יעדען גרונט פארטצוזעצען די פאַליטיק פון באקעמפען דעם אשורישען איינפלוס אין סיריען, הן צוליעב דעם שווערען מצב פון זיין מלוכה, הן מיט דער כונה צו באפעסטיגען דורך דעם זיין טראָן*). שוין אונטער איהם האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע אויפטואונגען דער שפעטערדיגער איזורפאטאר ת ר ה ק ה, וועלכער האט געהאט מיטגעמאכט כאבאקא׳ס פעלד־צוג קיין אונטער־עגיפטען און האט פון דאַרטען זיך מעהר ניט צוריקגעקעהרט קיין עטיאפיען; עס ווייזט נאר אויס, אז ער האט איצט שוין באהערשט די פאליטישע לאגע אין עגיפטען. דעם טראָן גופא באשטייגט איינינע יאהר נאכדעם ווי סנחריב האט איבערגענומען די רעגירונג (בערך 689—701) סאבאטאקא. אויך אונטער איהם איז קענטיג יענער תרהקה געווען דער גייסט אין דער מלוכה־פיהרונג, ביז ער נעמט אליין איבער אין 690/89 די רעגירונג. פון דער אנדערער זייט איז אויפגעשטאנען געגען אשור אַ ערנסטער געגנער אין בבל אין דעם כאלדעער מ ר ד ך ־ ב ל א ד ן**). שוין סרגון האט געהאט צו קעמפען מיט מרדך־בלאדן. בשעת סרגון האט איבערגענומען די רעגירונג האט מרדך־בלאדן זיך געלאזט אויסרופען צום קעניג אין בבל און עס האט זיך איהם איינגעגעבען זיך צו האלטען נעבען סרגון׳ען פולע 12 יאהר. ערשט ביים ענד פון זיין רעגירונג (710 אדער 700) איז סרגון געווען בכוח בייצוקומען מרדך־בלאדן׳ען. ער איז אנטלאפען אין עילם. אבער ווי נאר סרגון האט די אויגען צוגעמאכט

*) א דורכאויס זיכערען באווייז פאר דעם האָבען מיר אין ישעיה׳ס פיעל ווארנונגען געגען א בונד מיט עגיפטען, וועלכע געהערען צו דער דאָזיגער צייט.

**) באריכות וועגען די כאלדעער (כשדים) ווייטער ז. 146—148.

איז קענטיג דער אומדערמידליכער מרודך־בלאדן ווידער ערשינען אויף דער סצענע. און אין 702 גיט זיך איהם איין צו ווערען ווידער איבער געוואלד דער קעניג פון בבל.

מרודך־בלאדן האט, זעהט אויס, פארבראכט זיין לאנגען לעבען קעמפענדיג געגען אשור. ווי ערנסט אט דער פארביסענער און אונטערנעמענדער קריגער האט דורכגעפיהרט די אויפגאבע פון זיין לעבען, קאן מען זעהן דערפון, וואס ער זוכט א פארבינדונג מיט די געגנער פון אשור אזש אין ווייטען מערב. דער ספר מלכים האט אונז דערהאלטען אן ערינערונג אן דעם אינ׳ם באריכט, אז מרודך־בלאדן האט געשיקט צו חזקיה׳ן ביי דער געלעגענהייט פון זיין גענעזונג פון א שווערער קראנקהייט געזאנדטע מיט גליקוואונשען, און אז חזקיהו האט זיי געוויזען זיינע רייכע אוצרות און זיינע פולע ארסענאלען. ס׳איז קיין ספק ניט, אז דער הויפט־צוועק פון דער געזאנדטשאפט, וואס ווערט נאטירליך פארשוויגען פון דעם ביבלישען שריפטשטעלער, איז געווען אויפצומונטערען חזקיה׳ן ער זאל צושטעהן צום בונד געגען אשור, עס מאכט ניט אויס צי יענע שלוחים זיינען שוין פריהער געקומען אדער ערשט איצט*).

פאקטיש איז געווען שווער פאר די פאלעסטינישע מלוכות צו בלייבען רוהיג, ווען עגיפטען אין דרום און בבל אין מזרח האבען געטריבען צו האנדלען און האבען פארשפראכען זייער הילף. ווער האט געקאנט וויסען צי עס וועט אויך זיי ניט אפגליקען דאס וואס עס האט זיך מרודך־בלאדן׳ען איינגעגעבען אין בבל צום צווייטען מאל? דער עיקר איז דא געווען זיך צו האלטען צוזאמען אין אחדות און אויסנוצען דעם ריכטיגען מאמענט. אין

*) די דערצעהלונג געפינט זיך אין מלכים ב, כ. פאראויס געהט די דערצעהלונג פון דעם קעניג׳ס קראנקהייט און גענעזונג. הגם דער ביבלישער דערצעהלער ווייסט שוין מעהר ניט דעם צוזאמענהאנג פון אט די געשעהענישען, דאך זיינען ביידע דערצעהלונגען, לכל הדעות די דערצעהלונג וועגען די שלוחים, באגרינדעט אויף א היסטארישער ערינערונג. נאטירליך איז ניט אויסגעשלאסען, אז שוין ביי חזקיה׳ס טראן־באשטייגונג, וואס פאלט אויס אומגעפעהר ניט ווייט פון דער צייט ווען סרגון האט איבערגענומען די רעגירונג און מרודך־בלאדן איז אויפגעטראטען צום ערשטען מאל, האט מען פרובירט איהם אריינציהען אין דעם בונד. אז עס זיינען דאמאלסט געקומען שלוחים צו איהם לעגט זיך גאנץ גוט אויפ׳ן שכל (זעה אויבען ז. 74, 75 אין דער באמערקונג). און אין 711 האבען זיי טאקע געהאט אויף א ווײַלע אויך אן ערפאלג. עס קאן דעריבער זיין, אז אין ישעיה י״ד 32 רעדט זיך פון אט די שלוחים פון מרודך־בלאדן. גיכער אבער איז דארטען געמיינט א געזאנדטשאפט פון די פלשתים אדער פון אן אנדער נאהנטען לאנד.

צפון איז, ווייזט אויס, צידון געשטאנען אין צענטער פון דער באוועגונג; אין דרום זיינען עס, נאכדעם ווי די קראפט פון עזה און אשדוד איז געבראכען געווארען, די פלשתים־שטעדט א ש ק ל ו ן און ע ק ר ו ן. אלס באזונדערס וויכטיג האט מען אבער געהאלטען חזקיה'ס מיטווירקונג אין דער אונטערנעמונג. דאס ווייזט די געזאנדטשאפט צו איהם, אין פאל אייב דאס געהערט צו יענער צייט, און אויך די פראמינענטע שטעלונג, וואס ער האט שפעטער פאקטיש פארנומען אין דעם בונד.

מיר קאנען היינט ניט זאגען, ווי ווייט חזקיה איז פון אנהויב אן געניינט געווען זיך צוצוהערען צו די שטימען, וועלכע האבען געטריבען צו א צערייסונג מיט אשור. זיין ביז־איצטיגע אויפפיהרונג מאכט פאר וואהרשיינליך, אז דאס איז איהם ניט שווער אנגעקומען. דערצו נאך איז די מלחמה־פארטיי געווען אהן א ספק שטארק פארטראטען אין ירושלים און אין הויף. די דאזיגע פארטיי, ווי די פארטייען פון די איבערטריבענע פאטריאטען אין אלע צייטען, האט ניט געהאט קיין שווערע ארבייט ארייצוקריגען אויף איהר זייט די בלינדע מאסע. אויף דער אנדערער זייט אבער איז געשטאנען די פארטיי פון די ניכטערע און באזונענע. זי איז, ווי אומעטום, תמיד געווען אין דער מינדערהייט. אין איהר שפיץ שטעהט ישעיה. אין א צערייסונג מיט אשור קאן ער נאר זעהן די זריעה פון נייע אומגליקען, וואס וועלען קומען אויף יהודה. ניט פון פריינדשאפט פאר אשור האט ישעיה געהאט אזא מיינונג, דאס האט ער שוין געוויזען אונטער אחז'ן. נאר פון א קלארען אריינבליק אין דער לאגע און נאך מעהר דורך רעליגיעזע באטראכטונגען, וואס זיינען געווען באגרינדעט אויף יענער לאגע.

שוין אין יאהר 711, ווען אשדוד איז געווען דער צענטער פון דער מרידה געגען אשור, האט ישעיה אזוי שטארק ווי מעגליך געווארענט יהודה זיך צו היטען פון אן אומבאזונענעם טריט. און איצט, בעת דער פלאן פון דעם אויפשטאנד איז אלץ מעהר און מעהר רייף געווארען, שטעלט ער ירושלים פאר מיט די קרעפטיגסטע פארבען, וואס פאר א גורל עס ווארט אויף איהר; — אפשר וועט זיך איהם נאך איינגעבען אפצוהאלטען דעם לעצטען טריט. ס'איז וואהרשיינליך, אז צו אט דער צייט פון ישוב הדעת און פון פלאנעווען געהערט א גאנצע רייה פון ישעיה'ס רעדעס (קאפ. כ"ח—ל"א). זיי שטאמען פון פארשידענע פאזען פון דער פארהאנדלונג אין דערגרייכען דירעקט ביז

צו דער קאטאסטראפע*). ער ווענדט אָן זיין גאַנצע קראפט פון דער רעדע־קונסט, אום צו דערהאַלטען דעם קעניג און דאס פאָלק אויף דעם וועג פון איבערלעגטקייט און אויסגערעכענטקייט.

„וועה, אריאל, אריאל**),
די שטאָדט וואו דוד האָט זיין לאַגער געהאַלטען!
לעגט צו יאָהר צו יאָהר,
זאָלען די ימים־טובים קומען און אוועקגעהן,
דאן וועל איך דריקען אריאל,
און עס וועט זיין א יאָמער און א קלאָג...
און איך וועל אויפשטעלען א לאַגער ארום און ארום,
און איך וועל דיך באַלאַגערען מיט א באַפעסטיגונג,
און איך וועל אויפשטעלען שאַנצען געגען דיך“...
(ישעיה כ"ט 1—3).

באזונדערס איז ישעיה שטארק באזארגט וועגען דעם בונד מיט עגיפּ־טען. טריט נאך טריט פארפאלגט ער מיט זיינע רייד די פארהאנדלונגען, וואס געהען אָן איז געהיים. ער רעדט דערביי מיט דער גרעסטער פאראכ־טונג פון דער מלוכה פון די פרעה'ס. ער דערווארט ניט קיין גוטס פון איהר פאר יהודה און ער שרעקט זיך נאר פאר ווייטערע פארוויקלונגען: די עגיפּ־טער זיינען פאר איהם מענשען און ניט קיין גאט און זייערע פערד זיינען פלייש און ניט קיין גייסט.

„וועה, איהר ווידערשפעניגע זיהן, זאָגט יהוה,
צו מאַכען פּלענער ניט פון מיר,
און צו שליסען א בונד ניט מיט מיין ווילען...
וועלכע נידערען אראָפּ קיין מצרים
און מיין מויל ניט געפרעגט,
זיך צו באַשיצען אין פרעה'ס מאַכט,

*) כ"ח 1—4 שטאַמט פון א פריהעריגער צייט (קורץ פאר 722), ווערט אָבער איבער'גע'חזר'ט, כדי אָנצוקניפּען פון פסוק 7 אָן די רעדע געגען ירושלים.
**) א נאָמען, מיט וועלכען ישעיה רופט אָן ירושלים. די עטימאָלאָגישע באדייטונג פונ'ם וואָרט איז זעהר א באַשטריטענע זאַך ביי די מבארים. ת. ש.

**און זיך צו פארבארגען אין דעם שאטען פון מצרים...**
**דורך א לאנד פון אנגסט און ענגעניש,**
**וואו עס האלטען זיך אויף דער ליוב און די לייבין,**
**דער פיפערנאטער און די געפליגעלטע שלאנג,**
**טראגען זיי אויפ'ן רוקען פון די אייזלען זייער גוטס,**
**און אויפ'ן הויקער פון די קעמלען זייערע אוצרות**
**צו א פאלק וואס קאן זיי נים נוצען!"...**

**(ישעיה ל 1, 2, 6, 7).**

די דאזיגע רעדעס פון ישעיה'ן נעגען עגיפטען וויזען, אז דעם נביא'ס טרחה איז געווען אומזיסט. חזקיה'ס שלוחים זיינען שוין אונטערוועגנס — באלאדען נאטירליך מיט רייכע אוצרות. ישעיה קאן העכסטענס נאר האפען, אז מ'וועט זיי צוריקרופען און דער בונד וועט צו־נישט ווערען. אויך אט די האפענונג ווערט נים ערפילט. די אנטי־אשורישע, עגיפטען־פריינד־ליכע פארטיי אין ירושלים האט קענטיג אלץ מעהר געוואונען די אויבער־האנט. חזקיה איז אנטשלאסען נים פארבייצולאזען דעם גינסטיגען מאָ־מענט, כדי ווידער אויפצושטעלען יהודה'ס זעלבשטענדיגקייט און פיליכט זאגאר דוד'ס טראן. זיך נים צוריקהאלטענדיג, שליסט ער זיך אן אן דעם אלגעמיינעם אויפשטאנד, און פארנעמט, ווייזט אויס, א פראמינענטען פלאץ אינ'ם קרייז פון די אליאירטע; דער קעניג פ א ד י פון עקרון, וועלכער ראט זיך געהאלטען פעסט אן אשור, ווערט פון חזקיה'ן באצוואונגען און גע־נומען געפאנגען.

צום צווייטען מאל ווייזט זיך דא ישעיה אין זיין גאנצער רעליגיעזער גרויסקייט. אויך איצט, כאטש ער זעהט זיין פאלק אויף א פארקעהרטען וועג, גיט ער די האפענונג נים אויף. טראץ איהר נאריש'ער אויפפיהרונג קאן יהודה איצט נים אונטערגעהן. יהוה וועט נים פארלאזען דוד'ס הויז און וועט נים מפקיר זיין זיין הייליגען ארט. אבער די רעטונג וועט געוויס נים קומען אויף דעם וועג, וועלכען יהודה'ס פיהרער זוכען פאר איהר, לכל הדעות וועט זי נים קומען פון עגיפטען. י ה ו ה א ל י י ן וועט זיין איהר הילף. זיינע גרויסע געדאנקען בנוגע צו יהודה'ס צוקונפט האלט ישעיה פעסט אויך איצט, אין דער צייט פון דער גרעסטער נויט. די גלענצענדע צוקונפט שטעהט פאר זיין אויג נאך נעהנטער כמעט איידער פריהער. אבער נים פון יהודה'ס פארניכטונג וועט זי ארויסקומען. די נויט און דאס עלענד פון דער באלאגערונג דורך אשור ערשיינט פאר

איהם אלס א לייטערונגס־משפט, פון וועלכען יהודה וועט ארויסקומען גע־ראטעוועט און געלייטערט אלס א נייער, גאטגעפעליגער שטאם. נאר די זינדיגע וועט דער משפט אומברייננגען, יהוה'ס שטאדט און בית־המקדש אבער וועלען איבערקומען דעם משפט. ציון איז א פעסטער ווינקעל־שטיין, אן וועלכען יעדע פיינדליכע מאכט וועט צעשלאגען ווערען.

צוויי זאכען שטעהען פאר ישעיה'ן פעסט אויך אין יענער צייט, ווייל זיי געהערען צו די אומפארענדערליכע יסודות פון זיין וועלט־באטראכטונג: דער גלויבען אין יהוה און, אלס פועל־יוצא דערפון, דאס אפזאגען זיך פון יעדער זעלבסט־הילף. אייף דעם איז באגרינדעט ישעיה'ס רעליגיעזע און פאליטישע איבערצייגונג אין דער דאזיגער אומרוהיגער צייט. דאס וואס ער האט אמאל צוגערופען אחז'ן, חזר'ט ער איצט איבער כמעט מיט דיזעל־ביגע ווערטער: „ווער עס גלויבט, דער וועט ניט צו שאנד ווערען"*). ער האט דעם פעסטען צוטרוי, אז יהוה וועט ריכטיג פיהרען זיין פאלק, ווען דאס פאלק וועט זיך אויף איהם פארלאזען**). אין אט דעם פאל איז נויטיג פאר יהודה צו טאן נאר דאס, וואס ישעיה האט שוין אמאל — נאטירליך אהן ערפאלג — פארלאנגט פון אחז'ן, נעמליך זיך רוהיג צו פארלאזען אויף גאט: „דורך אומקעהרונג און זיך רוהיג האלטען האט איהר געקאנט זיך ראטעווען; אין זיין שטיל און האבען בטחון איז געלעגען אייער גבורה —

---

*) „המאמין לא יבוש" איז דער נוסח פון תרגום השבעים אין ישעיה כ"ח 16. מאנכע אנדערע מבארים שלאגען פאר „המאמין לא ימוש", וואס פאסט זיך בעסער צו דעם בילד פון פעסטען גרונט־שטיין. ת. ש.

**) אויף וואס פאר אן אופן ישעיה שטעלט זיך פאר, אז יהוה וועט פיהרען זיין פאלק, קענען מיר אומגעפעהר ארויסנעמען פון קאפ. כ"ח. איהם שוועבט פאר די אויגען, ווייזט אויס, א באשיידענע קליינע מדינה אונטער דער אשורישער אויבער־ממשלה; אבער אלס באצאהלונג פאר דער פארלארענער פרייהייט דערווארט ער עטוואס וואס איז העכער און טייערער ווי דאס אלין, נעמליך די זאמלונג פון די פרומע און דעם אויפבוי פון דער ג א ט'ס ־ מ ל ו כ ה אין ירושלים — ביז די וועלט־אימפעריע וועט צעפאלען פון זיך אליין, און דאן וועט די נייע מלוכה (די משיח־מלוכה) זיך גרינדען אויף דעם ווינקעל־שטיין אין ציון און אויף גערעכ־טיגקייט — הגם אויך דורכגעהענדיג דורך א לייטערונגס־משפט. אט דאס אלצדינג קאן אבער נאר גאט אליין מאכען, דעריבער זאל מען איהם לאזען געוועלטיגען. א בינד מיט עגיפטען קאן ניט ברייננגען נעהנטער צו אט דעם ציל; אדרבה, אלע אויז־ערע פאליטישע מאכענאציעס קענען נאר שאדען טאן: זיי קאנען ברייננגען גאט'ס משפט און שטראף; פארגלייך פסוק 16—19.

אבער איהר האט ניט געוואלט!"*) יערע זעלבסט־הילף אבער דורך איי־נענע פאליטישע, און ווער רעדט נאך דורך קריגערישע, האנדלונגען וועט ברייננען אומגליק, מעהר ווי אלץ — דער בונד מיט עגיפטען.

אט דא דערקענען מיר ווידער דעם ישעיה פון אחז'עס צייט. פאר איהם איז אויך די פאליטיק קודם כל א רעליגיעזער פראבלעם. גאט מאכט זי און מיר מענשען קענען נאר דינען איהרע צוועקען אדער ווערען צו שאנד. עס איז דיזעלביגע דרייסטקייט און גרויסקייט פון דעם רעליגיעזען אידעאליזם, דיזעלביגע הויכקייט און ריינקייט פון דעם רעליגיעזען גלויבענדען אופן פון באטראכטונג.

פון אט דער שטעלונג, וואס אונזער נביא האט אנגענומען אין מיטען פון א דרייסטען רעליגיעזען אידעאליזם, דרינגען מאנכע מבארים ארויס פון זיין בוך, אז בעת יהודה האט געגען ישעיה'ס ווילען באטראטען דעם וועג פון פאליטישער זעלבסט־הילף, האט דער נביא זי איבערגעלאזען צו איהר אייגענעם גורל, הפנים מיט דעם געדאנק, אז דורך דעם דאזיגען משפט וועט יהוה אויסלייטערען זיין פאלק, אבער ער וועט די זינדיגע לאזען אונטער־געהן. די דאזיגע מבארים האלטען עס פאר אוממעגליך, אז דערזעלביגער מאן, וועלכער פאדערט אומעטום נאר גלויבען און מעסט אלצדינג מיט אן עטישער מאס, זאל אין דער שעה פון געפאהר כלומר'שט זיך גופא ווערען אומגעטריי און זאל פאראויסזאגען ירושלים'ס רעטונג צוליב ציון. אויב אט די הנחה פון די מבארים וואלט געווען ריכטיג, וואלט מען געמוזט אננעמען דערפון אלס פועל־יוצא, אז אלע שטעלען אין אונזער היינטיגען ספר ישעיה, וואס זייער תוך איז דער אונטערגאנג פון אשור און די רעטונג פון ירושלים, שטאמען ניט פון אונזער נביא, נאר זיינען א פראדוקט פון א שפעטערער צייט.

אזוינע שטעלען געפינען זיך אבער אין אונזער בוך ישעיה אין א גרוי־סער צאהל און ביי די מעהרסטע פון זיי איז ענטוועדער מ'קאן זעהן, אז זיי זיינען כאראקטעריסטיש פאר ישעיה'ן אדער עס פאסט זיך לכל הפחות זעהר גוט אזוי אנצונעמען. מיר קאנען דעריבער אויף אט דעם וועג בשום אופן ניט געהן. עס האט געמוזט זיין בנמצא א גרעסערע אדער קלענערע צאהל רעדעס דירעקט פון ישעיה'ן גופא, וועלכע האבען געסטראשעט אשור מיט

*) ישעיה ל 15. „זיי האבען פארגעצויגען צו פליהען אויף פערד, צו רייטען אויף לייכטע לויפערס אויפ'ן שלאכט־פעלד, דערפאר וועט זייער נארישע פיהרונג זיי ברייננען צום ראנד פון אונטערגאנג.“

אונטערגאנג און האבען פארשפראכען ירושלים רעטונג. באזייטיגען אט די אלע רעדעס איז אוממעגליך, ווען מ'וויל זיי דערקלערען אהן פאראורטיי־לען*).

מיר זעהען דא בכן, אז ס'איז קיין אנדער ברירה ניטא ווי צו ברייננגען די דאזיגע שטעלען אין א באציהונג מיט דעם ווירקליכען באוואוסטזיין פון אונזער נביא, וואס איז אונז באקאנט פון די אנדערע אומבאשטריטענע רע־דעס זיינע. מיר ווייסען ווי סרגון און פריהער שוין תגלת־פלאסר האבען באהאנדעלט דאס קעניגרייך אפרים. אין יאהר 733 און באזונדערס דער־נאך אין 722 האט ישעיה דאס ערשטע מאל געזעהן נאהנט נעבען איהם דעם סיסטעם פון דער אשורישער פאליטיק, וואס איז געווען בארבאריש אפילו פאר די מאראלישע השגות פון אלטערטום, א סיסטעם וואס האט באצוועקט צו מאכען פעלקער בויגזאם און נאכגיביג דורך דעם, וואס זיי וועלען איבער געוואלד ארויסגעריסען ווערען פון זייער היימישען בארען און עס וועלען זיך אויף אזא אופן אפרייסען אין זיי די כוחות פון לעבען. אזוי ווי נאך 722 האבען אשורישע ארמייען זיך אפט באוויזען אין פאלעס־טינא, האט מען בלי ספק געהאט אסך געלעגענהייטען זיך ווייטער צו באקע־נען מיט דער ברוטאליטעט און דער אוממענשליכער אויפפיהרונג פון די אשורים.

אזוי האט זיך אויסגעבילדעט אין ישעיה'ן די געוויסקייט, אז די וועלט־אימפעריע פון אשור איז פ א ר ' מ ש פ ט צ ו ם א ו נ ט ע ר ג א נ ג. אויך די דאזיגע געוויסקייט איז לכתחילה ניט קיין פאליטישע, נאר א רעלי־גיעזע און מאראלישע. אויך אט דא איז די פאליטיק א פועל יוצא ביי איהם פון דער רעליגיאן און מאראל. די מאס פון דער מאראלישער וועלט־אורד־נונג, וואס איז ביי איהם א פעסט־שטעהענדיגע זאך, ווענדט ער אן אויף אשור'ס אויפפיהרונג. געמאסטען לויט דער דאזיגער מאראלישער וועלט־ארדנונג און לויט יהוה'ס מאראלישען ווילען, וואס דריקט זיך אין איהר אוים קאן אשור קיין תקומה ניט האבען; פון דעם פסק־דין פון דער וועלט־געשיכטע איז זי פאר'משפט צום אונטערגאנג**).

*) די שטעלען, וועלכע קומען דא אין פראגע זיינען: י 32—34; י"ד 24—27, 32; י"ז 12—14; כ"ט 5—8; ל"א 8, 9.

**) ישעיה י 5—19 „יהודה האט געמאכט אשור פאר דער בייטש פון זיין צארן צו שטראפען זינדיגע פעלקער. אשור אבער דענקט ניט אזוי, נאר וויל זיי אין

דער גלויבען אין אשור'ס אומבאזיגבארקייט איז רערמיט פאר ישעיה'ן, אויב ער האט אזא גלויבען ווען געטראגען אין זיך, צעטרייסעלט. אז ער גופא זאל פון אט דער נייער געוויסקייט האבען געצויגען פאליטישע שלוסען, קאן בשום אופן ניט געמאלט זיין. אבער די פאליטיקער און איינצעלנע פרומע פון יהודה האבען, קאן זיין, אט אזוי איהם פארשטאנען און האבען געצויגען חיות פון זיינע רייד פאר זייערע באזונדערע פלענער און געדאנקען*). פאר איהם גופא שטעהט פעסט זיין פראגראם, אז יהוה און נאר יהוה אליין וועט ברייגגען די מפלה אויף אשור און אז מענשליכע פאליטיק און אליאנצען קאנען גאר ניט אויפטאן דערביי. געגען ישעיה'ס ווילען ווערט יהודה פארפלאנטערט אין די דאזיגע פאליטישע אליאנצען און דער פועל־יוצא דערפון איז וואס יהודה און ציון שטעהען אין סכנת. זאל אט די לאגע פון דער זאך, ווי ווינציג זי איז ניחא געווען ישעיה'ן, איהם האבען באוואויגען אויפצוגעבען זיין איבערצייגונג פון אשור'ס גורל? געווים זיינען זינדיג די מענשען פון יהודה און ציון און האבען פארדינט א שטראף אלס לייטערונג; אבער אשור האט זיך געמאכט פאר יהוה'ס פיינד דורך איהר סטראשען ירושלים, ווארים ציון איז יהוה'ס הייליגע וואוינונג. ווי נאר אשור ריהרט אן ציון, דעם ארט וואו יהוה האט זיין מזבח און וואו ישעיה גופא האט איהם געזעהן אין דעם העכסטען מאמענט פון זיין לעבען, דאן איז יהודה'ס שולד פארגעסען אויף א רגע — ניט אויף תמיד — און דער פסק־דין איבער אשור טרעט אריין אין קראפט.

ישעיה בלייבט ביי זיין ווארט פון גלויבען, און זיך האלטענדיג דערביי

---

אויגענעם נאמען, ניט אלס יהוה'ס ווערקצייג, שטראפען און גלויבציוטיג אויך פאר־ניכטען. „מיט דעם כות פון מיין האנט האב איך עס אויפגעטאן און מיט מיין קלוגקייט, ווארים איך בין פארשטענדיג. די גרעניצען פון פעלקער שאף איך אפ... ווי מ'זאמעלט צונויף פארלאזענע אייער, אזוי האב איך צוזאמענגענומען די גאנצע ערד.“ ס'איז איינע פון ישעיה'ס גראנדיעזעסטע רעדעס און גלייכצייטיג אויך די ערשטע פראבע פון א געשיכטע־פילאזאפיע אין א גרויסען סטיל, וואס איהר יסוד איז דאס גלויבען פון דער מאראלישער וועלט־ארדנונג אין דער געשיכטע: די וועלט־געשיכטע איז דער וועלט־משפט. די שטיק שטאמט פון דער צייט נאך 717, וואהר־שיינליך ארום 711.

*) שוין חזקיה'ס רעפארם און נאך מעהר מאנכע ווערטער ישעיה'ס האבען געקאנט שאפען דעם טעות, אז מ'האט בלומר'שט ניט בארארפט אריינטאן א פינגער אין קאלט וואסער, אדער אז יהודה'ס פרומקייט איז איבער יעדען ספק און דער בארג ציון איז א באשיצונג פאר אלערליי עולות וואס מ'טוט, מיכה ג 11. אין ג 12 נעמט מיכה א שטארקע שטעלונג געגען דעם.

איז ער געגען זעלבסט־הילף. אדרבה, מיט זיין באַציהונג צו ציון וויל ישעיה אהן א ספק ווירקען, אז מ'זאל זיך פארלאזען אויף יהוה און זיך אנטזאגען פון יעדער אייגענער הילף. מען מוז זיך אבער היטען פון ווען ארויסברייננגען א פולקומע איינהייט אין ישעיה'ס רייד און אין זיין באוואוסטזיין, כדי זיך צו שאפען א פאנטאסטיש בילד פון דעם נביא, וואס האט באמת גאר ניט עקסיסטירט. קיינער קאן אונז ניט ערב זיין, אז אויך אין זיין באוואוסטזיין האבען זיך ניט געפונען קווינקלונגען בנוגע פארשידענע פראגען. ס'איז גלייכער צו לאזען אט די פארשידענקייטען אין מאנכע פונקטען צו־רוה איידער זיי צו ווען אויסגלייכען מיט קליינליכע קונצען אין דעם פירוש פון די פסוקים. קיינער קאן אונז קודם כל ניט ערב זיין, אז אויך אין זיין גייסט, כאטש ער איז געווען פולקום קלאר וועגען יהוה'ס שטעלונג צו קולט און קרבנות, דארטען וואו זיי שטעהען אין וועג דער מאראל, האט נאך ווייטער ניט געלעבט די פארשטעלונג, אז אויך יהוה, אזוי לאנג ווי ער האט אנגענומען קרבנות, האלט אין כבוד זיין אפפער־פלאץ אויף דעם ציון. ווי דרייסט און פריי זיין גלויבען איז און ווי מעכטיג ער באקעמפט די פאלקסרעליגיאן, קאן ער אבער פארט אין אט דעם פונקט — צום טייל פילייכט בלויז דורך דער מאכט פון די פארהעלטעגישען און דער אייגענארטיגקייט פון יהודה'ס געגנער — זיך ניט באפרייען פון די השגות, וועלכע ער גופא באקעמפט אומעטום אזוי שטארק. — דאך לאמיר זיך אומקעהרען צו סנחריב'ן.

סנחריב האט געוויס קלוג געהאנדעלט, וואס ער האט צוערשט קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאנקען דעם אויפשטאנד אין פאלעסטינא, כאטש הינטער איהם איז געשטאנען עגיפטען. ער נעמט זיך קודם כל צום ווארצעל פונ'ם אויפשטאנד, וועלכער איז געלעגען אין בבל. די ערשטע זאך האט געמוזט באצוואונגען ווערען דער אלטער רעבעל מרדך־בלאדן. אין יאהר 702 האט זיך סנחריב'ן איינגעגעבען איהם צוצושלאגען און אין פריהלינג פון יאהר 701 האט ער מארשירט צום מערב־לאנד. אין ריזיגע מחנות האט זיך באוועגט די אשורישע ארמיי. איבער 185000 מאן האט באטראפען די שטרייט־מאכט פון אשור. קיין חידוש דעריבער ניט, וואס „די מורא פאר דעם גלאנץ פון דער אשורישער הערשאפט" איז דעם חיל פאראויסגעגאנגען און האט געמאכט ציטערען די הערצער. אהן א ספק האט סנחריב מארשירט דורך דעם אלטען מיליטערישען וועג: צוערשט דעם פרת ארויף צו, דאן אריבער צום ברעג פון מיטעללענדישען ים און פון דארטען צו דרום. אט אזוי האט בעני קין די ערשטע דערפיהלט זיין האנט. דארטען איז לולי,

דער קעניג פון צידון, געווען דער פיהרער פון די רעבעלען. אבער ער האט געזוכט זיך צו ראטעווען דורכ'ן אנטלויפען, און אויך די איבעריגע שטעדט ביים ברעג ים, אין צפון און אין דרום־זייט פון צידון, ביז אראפ צו עכו האבען מעהר ניט ארויסגעוויזען קיין מוט. ניט ארויסציהענדיג דעם שווערד האבען זיי זיך אונטערווארפען אונטער דעם קעניג פון אשור. נאר צור האט קעגניג זיך געשטעלט פעסט. די ערָאבערונג פון אָט דער שטאלצער אינזעל־פעסטונג האט זיך סנחריב'ן ניט איינגעגעבען. ער האט עס וואהרשיינליך גאר ניט פרובירט. יעדענפאלס בלייבט צור לחלוטין ניט דערמאנט אין סנחריב'ס באריכט. אבער אזוי פיעל האט זיך סנחריב'ן פארט איינגעגעבען: דעם איינפלוס פון צור האט ער פאר דעם כמעט געהאט געבראכען דורך דעם, וואס ער האט איינגעזעצט אין צידון א נייעם קעניג און האט איהם אלס אשורישען וואסאל איבערגעגעבען די ממשלה איבער אבט פעניקישע שטעדט. דערשראקען פון דעם דאזיגען ערשטען ערפאלג סנחריב'ס אין פאלעסטינא, זיינען גלייך געקומען פירשטען פון דעם דרום פון לאנד, איב ארויסצואווייזען דעם אשורישען זיגער זייער אונטערווארפענקייט, פאראיב פון אלעמען אשדוד, וועלכע האט נאך ניט געהאט פארגעסען איהר מפלה פון יאהר 711, דאן עמון, מואב און אדום. אבער עס זיינען נאך פארט געבליבען איניגע פירשטען, וועלכע האבען בשום אופן ניט געוואלט ווידער אוועקגעבען אזוי לייכט די פרייהייט, וואס זיי האבען נאר וואס געוואגט צו פארכאפען. זיי האבען געזוכט צו באפעסטיגען זייערע הויפט־שטעדט און פאל אויב עס זאל קומען צו א באלאגערונג. דאס זעהען מיר אין ירושלים. א לעבהאפטע טעטיגקייט קומט דארטען פאר; די וואסער־רעזערוואארען אויסערן שטאדט ווערען צוגעדעקט, כדי די מלכים פון אשור זאלען קיין וואסער ניט געפינען ווען זיי קומען (דברי הימים ב, ל"ב 3, 4); דער אלטע־שטאדט־מויער ווערט גוט צורעכטגעמאכט, טורעמס ווערען געבויט און אין איין שטעל ווערט אפילו דער מויער פארשטארקט דורך א צווייטען מויער; אין די וואך־שטאטען פון די שמידען און די געווער־מאכער ווערט געארבייט מיט פיבערהאפטער אנשטרענגונג. דער קעניג [illegible] מוסטערט זיינע סאלדאטען, וועמ'ס צאהל ער האט פארמעהרט דורך אראבישע זעלנער. אויף דעם ברייטען פלאץ ביים טויער פון שטאדט און ער דערמוטיגט אלעמען זיך צו פארלאזען אויף יהוה (ישעיה כ"ב).

אין פעניקיען האט סנחריב, ווייזט אויס, זיך לאנג ניט אויפגעהאלטען. פון מיליטערישע אויסטואונגען דארט ווייסט ער נאר ניט צו באריכטען. ניט ארויסווייזענדיג קיין ווידערשטאנד האבען זיך דא איהם אלע אונטער־

ווארפען. אַט אַזוי האָט ער געקאָנט שנעל ווייטער מאַרשירען. דער וועג פונ׳ם הויפּט־חיל האָט זיך געצויגען פאַר לענגס ביים ברעג ים צו אשקלון צו. דאַך ווייזט אויס, אַז סנחריב האָט אין פעניקיען אָפּגעזונדערט קלענערע אָפּ־טיילונגען פון זיין הויפּט־אַרמיי און האָט זיי אַרויסגעשיקט אויסראַבעווען די נגענענדען פון יענע פירשטען, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט געהאַט אונטער־ווארפען און צו וועלכע ער האָט ניט געקאָנט צוקומען גלייך מיט דעם הויפּט־חיל. אַזעלכע מיליטערישע טרופּעס, האָבען זיך אויך געמוזט אריינרייסען אין יהודה און האָבען דאָרטען פאַרניכטעט דעם תבואה־שניט פונ׳ם פריה־יאהר 701 (מלכים ב, י״ט 29).

אונטערדעסען האָט די הויפּט־אַרמיי אַליין ווייטער מאַרשירט ביים ברעג ים צו דרום צו. גאַנץ לאַנגזאַם האָט זי זיך באַוועגט פאָרווערטס, מחמת פאַרשידענע שטעדט, צווישען זיי בני־ברק, יפו און בית־דגון האָבען אַרויס־געוויזען עקשנות און האָבען געלאָזט קומען צו אַ באַלאַגערונג. עראָבערענ־דיג אַט די שטעדט איינע נאָך דער אַנדערער, האָט סנחריב מיט מיה פריי געמאַכט דעם וועג פאַר זיין ווייטעריגען מאַרש און ער האָט נאַטירליך פאַר־לאָרען ד׳ערביי אַסך צייט. ענדליך האָט ער דערגרייכט אשקלון. צידקא (צדק), דער קעניג, איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען און צוזאַמען „מיט די געטער פון זיין פאָטער׳ס הויז, זיין ווייב, זיינע זיהן, טעכטער און ברידער״, אויך מיט אַלע קרובים זיינע פון דעם פאָטער׳ס צד איז ער אוועקגעשיקט געוואָרען אַלס געפאַנגענער קיין אשור. אַנשטאָט איהם, איז אַרויפגעזעצט געוואָרע־אויפ׳ן טראָן שאַרלודאַרי, דער פריהערדיגער קעניג, וועלכער איז הפנים אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון די רעבעלען צוליב זיין אַשור־פריינדליכער שטע־לונג.

איצט איז מען געגאַנגען פון דעם ים־ברעג אין לאַנד אריין. עקרון איז געווען דער נעכסטער ציל פון דער אשורישער אַרמיי. און אימה איז געפאַלען אויף די איינוואוינער פון עקרון, בשעת זיי האָבען עס דערהערט; „עס האָט זיך געטראָגען זייער הארץ״, און ציטערענדיג האָבען זיי זיך אַרומ־געקוקט, צי די צפון־אַראַבישע פירשטען פון מוצרי און מלוכה, ביי וועמען זיי האָבען געבעטען הילף, קומען ניט אָן. זיי האָבען זיך ניט גענאַרט אין זייער דערוואַרטונג. נאָך איידער סנחריב האָט דערגרייכט עקרון, איז דער אַראַבישער חיל געקומען צו הילף. אָבער ער איז צעשלאָגען געוואָרען פון סנחריב׳ן ביי אלתקה*). איצט האָבען עקרון און די שטעדט, וואָס האָבען

*) צווישען תמנה און עקרון; ווערט אויך דערמאָנט אין יהושע י״ט 44.

נעהערט צו איהר, זיך שוין מעהר ניט געקאָנט ראַטעוועז פון סנחריב'ס צאָרן. אפילו אויב זיי וואָלטען זיך איצט אונטערגעגעבען, וואָלטען זיי אויך ניט געקאָנט דערוואַרטען זיין גנאָד. ס'איז בכן געוועזן די עקשנות פון פאַר־צווייפלונג, ווען זיי האָבען אויך איצט נאָך ניט געעפענט זייערע טויערן. סנחריב איז צוגעקומען מיט זיין חיל, און נאָך א העלדישער פאַרטיידיגונג איז איין שטאָדט געפאַלען נאָך דער אנדערער; צולעצט אויך עקרון. ווי עס איז געוועזן צו דערוואַרטען האָט סנחריב זיך נוקם געווען מיט גרוים אכזריות: די פאַרשטעהער פון שטאָדט זיינען געטויט געוואָרען און זייערע טויטע קערפּערס זיינען אויפגעהאנגען געוואָרען אַלס אן אזהרה אויף די זיילען פון שטאָדט־מויער. אלע איבעריגע איינוואוינער, וועלכע זיינען גע־ווען פאַר דעם אויפשטאַנד געגען אשור, זיינען געמאַכט געוואָרען פאַר קריגס־געפאנגענע.

ערשט איצט איז געקומען די רייה צו יהודה. חדשים פון אנגסט און געדריקטקייט האָט מען פאַרבראַכט אין ירושלים זינט מ'האָט דערזעהן די ערשטע אשורישע סאָלדאַטען־אפּטיילונגען אינ'ם בערגלאַנד פון יהודה. איין אומגליק־אנזאָגער נאָך דעם אנדערען האָבען געבראַכט די טרויעריגע ידיעה, אז דער זיגרייכער אשורישער חיל מאַרשירט כסדר אלץ ווייטער. ניט זיינענ־דיג אין ערגיץ פאַרהאַלטען, און אז עס האָבען זיך פרייוויליג אַדער גע־צוואונגען אונטערוואַרפען אלע מדינות און שטעדט. וועלכע האָבען ערשט מיט איינינגע חדשים צוריק, צוזאַמען מיט יהודה, זיך אזוי באַגייסטערט פאַר דעם פרייהייטס־קאַמף געגען אשור. אבער מ'האָט ניט פאַרלאָרען דעם מוט. א טייל פון דער באַפעלקערונג פון ירושלים האָט אומגעדולדיג געוואַרט צו הערען פון הילפס־ארמייען, וואָס קומען פון די ברעגען פון טייך נילוס; חזקיה אבער האָט זיך פאַרלאָזען אויף זיין גאָט אז ער וועט איהם ראַטע־ווען פון אשור'ס האַנט.

אגב האָט נאָך געדויערט א היבשע צייט ביז מ'האָט געזעהן די אשורים פאַר די מויערן פון ירושלים. סנחריב איז הפנים דערגאַנגען, אז ירושלים איז צוליב איהר נאַטירליכער לאַגע כמעט אומבאַזיגבאַר. ער איז דעריבער ניט געקומען גלייך צו ירושלים, נאָר האָט פאַרוויסט מיט זיין חיל דאָס לאַנד פון יהודה ארום און ארום ירושלים. ער האָט געמיינט, אז דערמיט וועט ער צווינגען ירושלים זיך אונטערצוגעבען. „46 פעסטע, ארומגעמויערטע

שטעדט", אזוי דערצעהלט סנחריב אין זיין באריכט*). „און די קליינע שטעדט ארום זיי אהן א צאהל האב איך באלאגערט און איינגענומען דורך אראפרייסענדיגע שטורם־ווידערס און דורך אטאקעס פון שטורם־מאשינען, דורך דעם קאמף פון די פוס־געהער, דורך מינען, איינברעכונגען און... 200.150 איינוואוינער**), גרויס און קליין, מאן און ווייב, פערד, מויל־אייזלען, אייזלען, קעמלען, רינדער און שאף האב איך פון זיי ארויסגעפיהרט און צוגענומען אלס רויב". עס הייסט ניט, אז די גאנצע ארמיי האט זיך אפגעשטעלט ביי יעדער איינצעלנער שטאדט. די הויפט־ארמיי האט הפנים נאר איינגענומען די גרעסערע שטעדט. בעת קלענערע אפטיילונגען האבען פארענדיגט די צעשטערונג אויף'ן אפענעם לאנד. וואכען זיינען קענטיג פארגאנגען דערמיט. אין ירושלים איז די שטימונג אלץ געווארען דריקענ־דער. הגם די שטאדט איז נאך ניט געווען איינגעשלאסען פון פיינדליכע מחנות, איז אבער פארט איהר לאגע ניט געווען קיין בעסערע ווי פון א באַ־לאגערטער שטאדט. צו ווייט האט מען ניט געטארט וואגען ארויסגעהן, וויל אומעטום האט זיך געפונען דער פיינד. דערצו נאך האט מען ווייט ארום געקאנט געפינען ווינציג וואס פראוויאנט אדער דאסגלייכען. נאך דא און דארטען האט עס אפגעגליקט א שליח אדער איינצעלנע אנטלאפענע זיך דורכצו'גנב'ענען קיין ירושלים אומבאמערקט פון פיינד. אבער אויך אט די וועניגע האבען ניט געבראכט קיין טרייסט. אדרבה, זיי האבען נאר פארמעהרט די גרויסע צאהל אנטלאפענע, וועלכע האבען געזוכט זיך צו באשיצען הינטער די מויערען פון ירושלים און האבען אויף אזא אופן פאר־קלענערט די לעבענסמיטלען פון שטאדט. און אז די אראבישע זעלנער, וועלכע חזקיה האט געקראגען צו פארשטארקען די שטרייט־קרעפטען פון שטאדט, און, וואהרשיינליך איבערגערעדט פון זיי, אויך אידישע סאלדאטען פון יער גארניזאן האבען דעזערטירט***), האבען דאן די איינוואוינער פון ירושלים פארלארען דעם מוט. צי האט חזקיה גופא איצט געראטען צו אונטערהאנדלען מיט סנחריב'ן, אדער זיינע אונטערטאנען האבען איהם דערצו געצוואונגען — דאס ווייסען מיר ניט. יעדענפאלס האט אין יענעם מאמענט זיך געוואקעלט דער צוטרוי צו יהוה. ניט זייער נאט, נאר זייער

*) איז געפונען געווארען אין די חורבות פון נינוה אין יאהר 1830 און געפינט זיך איצט אין בריטישען מוזעאום. ת. ש.

**) עס האנדעלט זיך דא ניט וועגען אן אוועקפיהרונג אין גלות, נאר וועגען א דעמאנסטראציע פאר דער אנערקענונג פון דער אשורישער הערשאפט.

***) לויט סנחריב'ס אויבען דערמאנטען באריכט.

רייכע אוצרות זיינען איצט געווען די לעצטע האָפענונג פון די עלענדע אין צעשראָקענע.

פון אַט דעם פונקט אָן האָבען מיר שוין ידיעות אין תנ"ך. חזקיה האָט געשיקט צום קעניג פון אשור, וועלכער איז דאַמאָלסט געשטאַנען גראָד ביי לכיש, אין צפון־מזרח־זייט פון עזה, און האָט איהם געלאָזט זאָגען: „איך האָב געזינדיגט, ציה אַוועק פון מיר; וואָס דו וועסט אַרויפלעגען אויף מיר, וועל איך טראָגען". סנחריב האָט געפאָדערט 300 טאַלענטען זילבער און 30 טאַלענטען גאָלד, לויט אונזער געלט אַרום 6.200.000 מאַרק, אַלס שטראָף־סומע צו באַצאָהלען גלייך אויפ'ן שטעל און דערצו האָט סנחריב לויט זיין באַריכט נאָך געהעכערט דעם יעהרליכען טריבוט. חזקיה האָט געמוזט אָנשטרענגען די לעצטע כוחות צוזאַמענצונעמען די געוואַלדיגע סומע. אפי"ו דעם אוצר פון בית־המקדש האָט מען געמוזט אויסלעדיגען, און די גאָלדענע בלעכען, מיט וועלכע די טירען פון בית־המק"ש זיינען געווען באַצויגען, האָבען געמוזט אראָפגעריסען ווערען און מ'האָט זיי אויפגעלאָדען אויף די וואָגענס. וואָס האָבען אַוועקגעפיהרט די אוצרות פון ירושלים אין דעם אשורישען לאַגער (מלכים ב, י"ח 13—16). אויך דעם קעניג פאַדי פון עקרון האָט חזקיה דאַמאָלסט איבערגעגעבען צו סנחריב'ן, וועלכער האָט איהם ווידער געמאַכט פאַר א קעניג איבער עקרון און איהם דערמיט פון דאָס ניי איינגעזעצט אין די רעכטען און פליכטען פון א קעניג מיט אשור'ס גנאָדען. אָבער סנחריב האָט געוואָלט נאָך טיפער דערנידעריגען ירושלים. כדי צו ברעכען דעם איינפלוס פון ירושלים אין דרום, פונקט ווי ער האָט געבראָכען דעם איינפלוס פון צור אין צפון, האָט ער פאַרטיילט די עראָבערטע שטעדט פון יהודה צו די פירשטען אַרום, צו די מלכים פון אשדוד, עקרון און עזה.

איצט לכל הפחות האָט ירושלים געהאָפט אַז ס'איז געקומען א סוף צו די צרות. זי איז ביז צום טיפסטען גראָד דערנידעריגט געוואָרען. זי האָט ערפילט די אומדערהערטע הויכע פאָדערונגען סנחריב'ס און זי האָט געגלויבט, אַז דערמיט האָט זי זיך אויסגעקויפט פון איהם. אָבער סנחריב האָט ניט געמאַכט די מינדסטע הכנות זיך צוריקצוציהען. רוהיג איז ער געבליבען ביי לכיש, וועלכע ער האָט נאָר ניט געהאַט איינגענומען, פונקט ווי לבנה און פיליכט נאָך א פּאָר אַנדערע שטעדט, און באַלד האָבען די ירושלים'ער באַמערקט, אַז זיי זייכען מיאוס אָפגענאַרט געוואָרען און אַז סנחריב איז אַנטשלאָסען ניט אַוועקצוציהען ביז ער וועט ניט מאַכען אַן ענד צו זייער שטאָדט. זייער פאַרמעגענס, זייער לעצטע האָפענונג האָבען זיי

אוועקגעגעבען, כדי מ'זאל זיי שאנעווען, אבער זייער לאגע איז דורך דעם נאך הילפלאזער און פארצווייפעלטער געווארען. זיך אינטערוואַרפען אהן תנאים אדער א קאמף פאר לעבען און טויט, דאס זיינען געווען די צוויי ברירות, וואס זיינען פאר זיי איצט נאך געבליבען. און זיי האבען אויסגע־קליבען דעם קאמף.

סנחריב האט זעהר גוט געוואוסט, פארוואס ער ציהט זיך ניט צוריק. ער האט געוואלט מארשירען ווייטער צו דרום, צו עגיפטען צו. ס'איז איהם בכן פארגעקומען אלס העכסט ריזיקאליש צו לאזען הינטער זיך אזא'ן אומ־זיכערען וואסאל ווי חזקיה אין דער שטארקסטער פעסטונג פונ'ם לאנ־אט ווען ער קאן עראבערען די שטאדט און מאכען אומשעדליך די אשור־פיינדליכע פארטיי מיט דעם קעניג בראש, ווי ער האט אשטייגער געטאן אין אשקלון און עקרון, דאן וואלט ער געקאנט אהן האגות מארשירען ווייטער צו דרום. אבער איידער דאס איז געשעהן האט סנחריב ניט געהאט קיין אנדער ברירה ווי נאר צו בלייבען אין פאלעסטינא. ער האט מסתמא בא־קומען ידיעות, אז די שטימונג אין ירושלים האט זיך איבערגעדרעהט, און באלד האט ער געשיקט, נאך פון לכיש אויס, א היבשע אפטיילונג פון זיין ארמיי, אנגעפיהרט פון זיינע דריי אויבערסטע גענעראלען: רבשקה, תרתן און רב־סרים קיין ירושלים צו פועל'ען, אז די שטאדט זאל זיך אונטערגע־בען. פאר די מויערן פון ירושלים, אויף דעם פרייען פלאץ אין מערב־זייט פון דער שטאדט, וועלכען די וואלקערס האבען באנוצט פאר זייער ·האנט־ווערק, ביים וועג וואס פיהרט פארביי דעם אויבערסטען טייך קיין יפו, הא־בען די אשורים אויפגעשטעלט זייער לאגער, „און זיי האבען גערופען צו דעם קעניג". הגם חזקיה האט געזעהן, אז סנחריב זוכט צוערשט צו דערגרייכען זיין ציל דורך אונטערהאנדלונגען, איז ער אבער פארט געווען גענוג פארזיכ־טיג ניט צו געהן אליין צום טויער פון שטאדט. ער האט געשיקט דריי פון זיינע הויכע באאמטע: דעם פאלאץ־מיניסטער אליקים בן חלקיה, דעם מלוכה־שרייבער שבנה און דעם קאנצלער יואח בן אסף און זיי האט עס רבשקה מיטגעטיילט די שליחות, וואס סנחריב האט איהם געגעבען צו חזקיה'ן. סנחריב קאן כלומר'שט אוממעגליך באגרייפען, ווי אזוי חזקיה טראכט גאר איצט פון ארויסווייזען א ווידערשטאנד, בעת ער קאן זיך לחלוטין ניט פארלאזען ניט אויף עגיפטען, ניט אויף זיין גאט, ניט אויף זיינע אייגענע שוואכע קריגס־כוחות.

רבשקה'ס ווערטער האבען ניט געקאנט בלייבען אהן א רושם אויף דעם

פאלק, וואס איז געשטאנען אויפ'ן מויער און זיך צוגעהערט. חזקיה'ס באאמטע האבען דעריבער געבעטען רבשקה'ן, ער זאל ניט ריידען קיין העברעאיש נאר אראמעאיש*), כדי די לייט אויפ'ן מויער זאלען ניט אלצדינג פארשטעהן. אבער גראד דאס טאקע האט דער אשורישער גענעראל געוואלט. וואס בעסער עס האט זיך איהם איינגעגעבען צו מאכען דאס פאלק מוטלאז און דערשלאגען, אלץ גיכער האט ער געקאנט זיין ציל דערגרייכען. אפזאגענדינג די בקשה פון די אידישע באאמטע, האט רבשקה, פארקעהרט, זיך געווענדעט דירעקט צום פאלק אויפ'ן מויער. מיט א הויכען קול האט ער זיי געווארענט נעגען זייער אייגענעם קעניג. זיי זיינען פארנארט און פארפיהרט, ווען זיי לאזען זיך טרייסטען, אז זיי וועלען נאך געהאלפען ווערען. זאלען זיי זיך בעסער אונטערגעבען אונטער דעם קעניג פון אשור. ער וועט זיי באהאנדלען מיט דער גרעסטער מילדקייט. פארלויפיג קאנען זיי נאך יעדערער בלייבען אויף א ווייל̇ע רוהיג אין לאנד: „עסט איטליכער זיין ווינשטאק און איטליכער זיין פייגענבוים און טרינקט איטליכער דאס וואסער פון זיין גרוב, ביז איך וועל קומען און וועל אייך ברייננען אין א לאנד וואס איז גלייך צו אייער לאנד, אין א לאנד פון קארן און ווין, פון ברויט און וויינגערטנער".

מיט געשפאנטער אויפמערקזאמקייט האט דאס פאלק זיך צוגעהערט צו רבשקה'ס ווערטער. אבער קיינער האט ניט געוואגט צו ענטפערען; ווארים חזקיה, נעמענדיג אין באטראכט, אז די אשורים וואס לאגערען ניט ווייט פון מויער און דער אידישער עולם אויפ'ן מויער קאנען זיך לייכט צעווערטלען און דערביי קאן אן אומפארזיכטיג ווארט ברייננען גרויס שאדען, האט פאראויס פארבאטען דעם פאלק צו האבען וואסערע ניט איז געשפרעכען איבער'ן מויער. חזקיה'ס באאמטע האבען הפנים ניט געווארט ביז רבשקה האט געענטדיגט זיין רעדע צום פאלק, נאר גלייך ווי ער האט אפגעבראכען מיט זיי די פארהאנדלונגען האבען זיי, ווייזט אויס, זיך צוריקגעקעהרט אין שטאדט. מיט צעריסענע קליידער זיינען זיי צום קעניג געקומען און האבען איהם איבערגעגעבען וואס סנחריב האט איהם געלאזט זאגען (ישעיה ל"ו).

אז סנחריב וועט פאדערען די פולע אונטערוואַרפונג פון ירושלים, האט

---

*) אראמעאיש איז געווען אין דער פערסישער אימפעריע (עזרא ד 7) און, ווי מ'קאן פון דאנעט זעהן, שוין אויך אין דער אשורישער אימפעריע, די שפראך פון אינטערנאציאנאלען פארקער אין פאדעראזיען. ת. ש.

מען געקאָנט זעהן פאַראויס. אָבער ווען חזקיה האָט איצט דערהערט מיט וואָס פאַר א רמאות רבשקה האָט פּרובירט אונטערגראָבען דעם צוטרוי פון פאָלק צו זיין קעניג און צו זיין גאָט, האָט ער זיך געפיהלט אין גאַנצען ני־דערגעדריקט. מעהר פעהלט נאָך ניט ווי נאָר, אז דאָס אייגענע פאָלק זאָל נאָך געגען איהם רעבעלירען, דאַן איז עס אויס מיט איהם. איצט איז געקו־מען פאַר איהם דער טיפּסטער פּונקט פון דער נויט. פון דרויסען איז קיין הילף ניט געקומען, די צאָהל פון זיינע קריגס־לייט איז אסך פאַרקלענערט געוואָרען, די אוצרות זיינען געווען אויסגעלעדיגט, אַן אשורישע ארמיי איז געשטאַנען פאַר ירושלים׳ס מויערן, די לעבענסמיטלען האָבען זיך געהאַלטען ביים ענדיגען (מלכים ב, י״ח 27) און דערצו נאָך איז ער מיט זיין אייגען פאָלק ניט געווען מעהר זיכער. אויף וועמען האָט ער זיך איצט געזאָלט פאַרלאָזען? יהוה איז איהם נאָך געבליבען. אָבער עפּעס א זאַך איז איצט אין וועג געשטאַנען, וואָס האָט איהם ניט געלאָזט זיך ווענדען צו זיין גאָט מיט דעם אמאָליגען בטחון. אין אָנהויב, בשעת סנחריב האָט מאַרשירט מיט זיין חיל, האָט ער זיך פאַרלאָזען אויף יהוה אליין און האָט אויך זיין פאָלק מעורר געווען דערצו (דברי הימים ב, ל״ב 7, 8). דאָך אז די נויט איז גרעסער געוואָרען, איז זיין גלויבען שוואַך געוואָרען: זיין גאָלד און זילבער האָט איהם אויסגעזעהן א פעסטערע שטיצע איידער זיין גאָט. איצט אָבער איז יענע שטיצע געווען צוזאַמענגעבראָכען. די נויט האָט איהם געטריבען צוריק צו זיין גאָט. אין אַט דעם טאָג פון דרוק און שטראָף האָט ער ווידער זיך געווענדעט צו זיין גאָט נאָך הילף. ער גופא איז מיט צערי־סענע קליידער אין בית־המקדש געגאַנגען, אָבער גלייכצייטיג האָט ער געשיקט צו ישעיה׳ן „ער זאָל תפלה טאָן פאַר דאָס איבערגעבליבענע וואָס געפינט זיך נאָך“. מיט א צאַרטקייט און דייטליכקייט וואָס לאָזט זיך ניט נאָכ־מאַכען קומט בולט ארויס חזקיה׳ס גאַנצע שטימונג, אין די ווערטער: „פּוי־לייכט וועט יהוה, זיין גאָט, הערען“ (מלכים ב, י״ט 4).

ישעיה אָבער איז נאָך איצט אויך זיכער מיט זיין זאַך, און ער לאָזט זאָגען חזקיה׳ן אַלס גאָט׳ס־שפּרוך: „איך וועל אריינגעבען אין איהם א גייסט און ער וועט דערהערען א קלאַנג און וועט זיך צוריקקעהרען צו זיין לאַנד און איך וועל איהם מאַכען פאַלען דורכ׳ן שווערד אין זיין לאַנד“*).

---

*) דער גייסט, וואָס יהוה וועט אין איהם אריינגעבען, איז א גייסט פון זאָרג און שרעק. וואָס פאַר א קלאַנג ער וועט דערהערען שטעהט דאָ ניט, קענטיג ווייל פּסוק 9 גיט תיכף די דערקלערונג. דערפון מעג מען דרינגען, אז ישעיה

איצט איז שוין קיין ספק ניט געווען, אז יהוה וועט העלפען זיין פאלק און באַשטראָפען דעם קעניג פון אשור; און חזקיה האָט די שטאָדט ניט איבערגעגעבען.

א געוויסע צייט האָט די אשורישע אַרמעע נאָך געמוזט שטעהן פאַר ירושלים. אין אַט דער צייט האָט אָהן א ספק רבשקה פּרובירט דורכפיהרען מיט געוואַלד דאָס וואָס ער האָט ניט דערגרייכט דורך פאַרהאַנדלונגען. ווי ער איז זיך דערבײַ באַגאַנגען, באַשרייבט דער סנחריב־באַריכט: „ווי א פויגעל אין א שטייג האָב איך איהם (חזקיה׳ן) איינגעשלאָסען אין זיין קעניג־שטאָדט ירושלים. שאַנצען האָט איך אַנגעוואָרפען נעגען איהם, און ווער ס׳איז ארויסגעקומען צו זיין שטאָדט־טויער, דעם האָב איך באַשטראָפט״. אָבער רבשקה האָט דערמיט גאָר נישט דערגרייכט, און ווען ער האָט דערהערט, אז די הויפּט־אַרמיי האָט פאַרלאָזען לכיש, האָט ער, מסתמא אויף א פריהערדיגער אָפּריידונג, אויפגעהויבען איין א ווײַלע די באַלאַגערונג פון ירושלים, כדי דערנאָך צוריקצוקומען; און ער האָט מיט זיין חיל זיך צוריקגעקעהרט צו דער הויפּט־אַרמיי און מיט איהר צוזאַמען באַלאַגערט די שטאָדט לבנה (ישעיה ל״ז 8).

אין דער צייט ווען מ׳האָט אין ירושלים געוואַרט מיט שרעק און שפּאַנונג, אז ישעיה׳ס נביאות זאָל מקוים ווערען, האָט מען פּלוצלונג דערהערט פון דעם אשורישען לאַגער אין לבנה, אז תרהקה, דער עטיאָפּען־קעניג („מלך כוש״), מאַרשירט מיט א חיל. פיליכט איז שוין די אויפהייבונג פון דער הויפּט־קוואַרטיר אין לכיש געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם קלאַנג, אז תרהקה קומט. לויט איין באַריכט אין כפר מלכים האָט אַט דער קלאַנג באַוואוינגען סנחריב׳ן ניט בלויז אויפצוגעבען די באַלאַגערונג פון ירושלים, נאָר איבערהויפּט זיך צוריקצוציהען פון פּאַלעסטינא*). עס איז איהם נאָך פיליכט געלעגען אין זינען דער צווייפעלהאַפטער רעזולטאַט פון דער שלאַכט ביי אלתקה. גלייכצייטיג האָבען דאָ אויך געהאַט ווירקען באַאומרוהיגענדע ידיעות, וואָס זיינען אַנגעקומען פון מזרח. עס לאָזט זיך לייכט באַגרייפען.

---

האָט דאָ געהאַט אין זינען ניט די אומרוהען אין מזרח, נאָר די ארויסמאַרשירונג פון תרהקה׳ן מיט זיין חיל.

*) דער המשך פון „וישמע אל תרהקה מלך כוש לאמר הנה יצא להלחם אתך״ אין ישעיה ל״ז פסוק 9 איז פסוק 37 אין זעלביגען קאַפּיטעל. דאָס וואָס שטעהט אין מיטען איז א צווייטער נוסח פון דערזעלביגער געשיכטע. אינגער אוידער דער ערשטער נוסח. פון ישעיה׳ס קורצע ווערטער אין פסוק 6, 7 איז דאָ געוואָרען א לאַנגע רעדע.

אז דער ביבלישער דערצעהלער האט ניט געוואוסט עפּעס באשטימטעס ווע־
גען דעם. א צווייטער באריכט פון ספר מלכים, וועלכער שפּיגעלט זיך אויך
אפּ ביי העראדאט*), ווייסט פון א גרויסער מגפה אין אשורישען לאגער, מיט
וועלכער דער מלאך פון יהוה האט געטויט 185.000 אשורים אין איין נאכט.
עס קאן גריילעך געמאלט זיין, אז אויך אין דעם באריכט איז עפּעס פּאראן
וואס שטימט מיט דעם גאנג פון די געשעהענישען און אז פאקטיש האבען די
מעהרערע אומשטענדען געווירקט צוזאמען.

אט דאס איז בעצם געווען דער גאנג פון די געשעהענישען לויט דעם
באריכט פון תנ"ך און לויט די אשורישע באריכטען, וועלכע שטימען און
באשטעטיגען זיך געגענזייטיג אויף א מערקווירדיגען אופן. נאטירליך מוז
מען אראפּרעכענען פון סנחריב'ס באריכט זיינע אפענע גוזמאות בנוגע צו
דער צאהל פון די געפאנגענע און צו דעם סכום פון דעם טריבוט. ווען
מ'באטראכט נאך אז סנחריב גופא דערמאנט לחלוטין ניט, אז ער האט ערא־
בערט ירושלים, נאר ער רעדט פון א הויכען טריבוט, וואס מ'האט צו איהם
געשיקט, דאן קען מען זעהן, אז אין די אשורישע באריכטען קוקט זיך נאך
דייטליך דורך דער פאקט, אז סנחריב האט געמוזט זיך צוריקציהען איידער
עס האט זיך איהם איינגעגעבען צו ווערען דער האר פון ירושלים. על־כל־
פנים שטעהט פעסט דער פאקט וועגען עפּעס א קאטאסטראפע.

דעם גלענצענדסטען נצחון האט דא אפּגעהאלטען ישעיה און מיט איהם
זיין גאט יהוה. קיינמאל איז נאך א נביאות ניט מקוים געווארען אזוי גראנ־
דיעז ווי די נביאות, וועלכע ישעיה האט פאראויסגעזאגט צו זיין פאלק און
צו זיין קעניג אין אט דעם שרעקליכען קריזיס פון אידישען לעבען.

*) דער גריכישער היסטאריקער העראדאט (בוך 2 § 141) דערצעהלט פון פעלד־
מייז, וואס האבען זיך באוויזען אין סנחריב'ס לאגער. די מויז איז דאס בילד פון
דער פעסט, פארגלייך שמואל א, ו.

צווייטע אפטיילונג.

# פון סנחריב׳ס צוריקצוג ביז יאשיהו

## 1.

## די וועלט-לאגע.

### סנחריב׳ס לעצטע רעגירונגס־יאהרען און זיין ענד.

דער ספר מלכים דערצעהלט ביים ענד פון די באריכטען וועגען סנחריב׳ן, אין צוזאמענהאנג מיט זיין צוריקציהען זיך קיין נינוה, אויך וועגען זיין טויט דורך די הענט פון זיינע זיהן (מלכים ב, י״ט 37).

באמת האט סנחריב אריבערגעלעבט זיין דורכפאל אין פאלעסטינא נאך פולע צוואנציג יאהר. די ערשטע גרעסערע העלפט פון אט דער צייט האט ער פארבראכט אין באקעמפען די באבילאניער, כאלדעער און עילם׳ער.

דעם פיהרער פון די כאלדעער מושעזיב־מארדוק, דעם נאכפאלגער פון מרדך־בלאדן, האט זיך אונטערדעסען איינגעגעבען צו פארכאפען דעם טראן פון בבל און זיך צו האלטען אויף איהם פיער יאהר.

עס קאן געמאלט זיין, אז דאס איז איינע פון די סיבות, וואס האבען באוואוינען סנחריב׳ן זיך צוריקצוציהען פון פאלעסטינא. ענדליך אבער האט סנחריב באזיגט דעם כאלדעאישען פיהרער, האט צעשטערט די שטאדט בבל און האט אוועקגעפיהרט איהר הויפט־גאט מארדוק קיין אשור פאר א ציכען, אז בבל האט אויפגעהערט צו עקסיסטירען אלס זעלבשטענדיגע

מדינה. די פארוואלטונג פון דער פראווינץ פון באבילאניען האט ער איבער־געגעבען זיין זוהן אסר־חדן.

די צעשטערונג פון בבל האט פאר'חתמ'עט סנחריב'ס גורל. ער איז גע־פאלען אלס קרבן פון א קאנספיראציע, וואס איהרע אנפיהרער זיינען גע־ווען צוויי פון זיינע זיהן אדרמלך און שראצר. איינער פון זיי האט געטויט דעם פאטער, בשעת ער האט געהאלטען אין תפלה טאן אין טעמפעל פון דעם גאט נוסקוס*). אז באבילאנישע פלענער האבען געהאט א חלק אין דער דאזיגער קאנספיראציע קאן מען זעהן פון דעם באריכט, אז דער אשורישער קעניג אשורבאניפאל האט געשאכטען באבילאנישע געפאנגענע אויפ'ן זעל־ביגען פלאץ, וואו מ'האט דערמארדעט זיין זיידען סנחריב'ן, אלס קרבן פאר איהם.

דער חורבן פון בבל און די פארניכטונג פון באבילאנישען קעניגטום האבען זיך ארויסגעוויזען אין יעדען פרט אלס אומגליק פאר דער אשורישער אימפעריע. סנחריב'ס זוהן און נאכפאלגער אסר־חדן (681—668) האט דעריבער באטראכט פאר זיין הויפט־אויפגאבע ווידער גוט צו מאכען דאס וואס זיין פאטער האט פארדארבען. נאכדעם ווי ער האט באקעמפט מיט ערפאלג זיינע ברידער, די פאטער־מערדער, וועלכע זיינען אנטלאפען אין לאנד אררט (ארמעניען), און האט באזעטיגען דעם טראן, האט ער זיך גלייך גענומען ווידער אויפבויען בבל. אסר־חדן איז אבער געשטארבען איידער די צעשטערטע הייליגטימער פון בבל זיינען אויף אזוי וויים פארטיג געווא־רען, אז דער גאט בל־מרדך זאל קאנען צוריק געבראכט ווערען פון אשור קיין בבל.

דאס אויסצופיהרען איז געבליבען פאר זיין זוהן שאמאששומוקין, וועל־כען זיין באבילאנישע פרוי האט איהם געבארען. אט דער זוהן, וועמען אסר־חדן האט וואהרשיינליך לכתחילה באשטימט פאר דעם איינציגען יורש פון זיין טראן, האט געזאלט זיך באזעצען אין בבל און פון דארטען באהער־שען דאס פאראייניגטע לאנד פון די צוויי שטראמען. דאס האט נאטירליך געמוזט ארויסרופען די אומצופרידענקייט פון די אשורים, און א נאציאנא־ליסטיש־אשורישע פארטיי האט אויסגע'פועל'ט, אז אסר־חדן זאל באשטימען איינעם פון זיינע זיהן פון אן אנדער — אשורישער פרוי אלס טראן־יורש פון אשור. נאך דעם פאטער'ס טויט, ווי ס'איז גאר אנדערש ניט געווען

---

*) אזוי איז וואהרשיינליך צו לעזען אין מלכים ב, י"ט 37 אנשטאט „נסרך" נוסקוס איז געווען א גאט פון פייער.

צו דערוואַרטען, האָט זיך די לאַגע איבערגעקעהרט: דער זוהן פון אשור האָט געפאָדערט די אויבער־ממשלה איבער דעם ברודער וואָס איז איינגעזעצט געוואָרען אין בבל. עס איז אויסגעקומען א געוואַלדינער ברודער־קריג, וואָס האָט אריינגעצויגען אין זיך גאַנץ פאָדער־אַזיען און וואָס האָט צוגעגרייט דעם אונטערגאַנג פון אשור.

## אסר־חדן און דער מערב.

הגם אסר־חדן'ס באַבילאָנישע פאָליטיק איז געווען להיפוך פון זיין פאָטער'ס, האָט ער אָבער אין מערב פאָרטגעזעצט דאָס, וואָס יענער האָט אָנגעהויבען.

סנחריב האָט נאָך דער צעשטערונג פון בבל געקעמפט מיט ערפאָלג געגען די אַראַבער, אָבער געגען עגיפּטען האָט ער מעהר ניט אונטערגענומען קיין מיליטערישע אָפּעראַציעס; ער האָט אויך ניט מעהר באַטראַכטען פאַר־לעסטינא. ער האָט זיך ניט געפיהלט גענוג שטאַרק געגען תרהקה'ן, וועל־כער איז זינט 689, דעם יאָהר פון בבל'ס צעשטערונג, געזעסען אויף דעם טראָן פון כוש אַלס מעכטיגער אויבער־האַר פון עגיפּטען.

ניט האָבענדיג מעהר קיין שטערונגען פון סנחריב'ס זייט, האָט תרהקה אָנגעקניפּט פאַרבינדונגען אין פאַלעסטינא. אַן איפּשטאַנד, וואָס צידון און צוויי פון איהרע פאַרבינדעטע שטעדט האָבען געמאַכט אין אָנהויב פון אסר־חדן'ס רעגירונג, האָט הפנים צו פאַרדאַנקען תרהקה'ס געהיימע העצע־רייען.

צוליב דער האַרטנעקיגקייט פון זיינע געגנער איז דער אין גרונט מילדער אסר־חדן זיך באַגאַנגען שטרענג געגען צידון און איהרע צוויי פאַר־בינדעטע, ווען ער איז זיי סוף־כל־סוף בייגעקומען. ער האָט דערגרייכט זיין צוועק: 22 פירשטען פון מערב: 12 פון פעסטען לאַנד און 10 פון ציפּערן, האָבען זיך געאיילט איהם צו פאַרזיכערען מיט זייער טרייהאַפט צו איהם און אויסצושיקען זייערע געשאַנקען קיין נינוה. פאַראויס פון שלע־מען קומט צור, דאַן ביבלאָס און ארפד, אשדוד, אויך אשקלון, עקרון, עזה און די העברעאישע ברידער־פעלקער: עמון, מואב, אדום און — יהודה אונ־טער איהר קעניג מנשה („מינאַסי שאר יאַאודי").

## אסר־חדן נעגען עגיפטען.

דער אפענער צוזאמענשטויס צווישען אשור און עגיפטען האט זיך אנ־געהויבען אין יאהר 675. דער דאזיגער פעלד־צוג האט הפנים ניט געבראכט קיין לארבערן פאר אסר־חדן. פינף יאהר שפעטער אבער האט אסר־חדן פאקטיש באצוואונגען עגיפטען און האט באשרענקט תרהקה'ן אויף עטיא־פיען.

אלס געגענגעוויכט געגען דער עטיאפישער און אלס שטיצע פאר דער אשורישער איבער־הערשאפט האט אסר־חדן ווידער צוריק אויפגעשטעלט אלע קליינע מלכים, צו וועמעס ממשלה תרהקה האט געמאכט א סוף, אדער ער האט זיי באשטימט אלס אונטערקעניגען פון אשור. דער וויכטיגסטער צווישען די אשורישע אונטער־קעניגען אין עגיפטען איז געוועזן נכו.

תרהקה האט נאטירליך זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט אזא צושטאנד. אסר־חדן האט דערפאר אונטערגענומען אין יאהר 669 א דריטען פעלד־צוג געגען עגיפטען; און אז ער איז אין מיטען געשטארבען, איז זיין נאכפאל־גער אשורבאניפאל געוועזן געצוואונגען ארויסצושיקען גלייך זיין הויפט־גע־נעראל געגען עגיפטען.

## אשורבאניפאל און עגיפטען.

תרהקה האט דערוויל אויסגענוצט די געלעגנהייט פון אסר־חדן'ס טויט. ער האט פארטריבען די אשורישע וויצע־קעניגען און איז אריינגע־דרונגען ביז אין דער דעלטא. צעשלאגען פון דעם אשורישען חיל, האט ער זיך באלד צוריקגעצויגען קיין אויבער־עגיפטען און האט זיך פארשאנצט אין טעבען.

אשורבאניפאל האט געשיקט א נייע ארמיי אונטער דעם הויפט־קא־מאנדיר, וועלכער האט געטראגען דעם טיטעל רבשקה, און איז אונז שוין באקאנט פון חזקיה'ס צייט. צו יענעם פעלד־צוג האבען צוגעשטעלט טרו־פען און קריגס־מאטעריאלען מלכים פון די 22 מדינות, וועלכע האבען אויס־געדריקט זייער טריַיהייט צו אסר־חדן'ען, צווישען זיי ווידער מנשה פון יהודה.

תרהקה האט אונטערדרעסען געהאט צו פארצייכענען דעם ערפאלג, וואס דריי פון די חשוב'סטע עגיפטישע אונטער־קעניגען פון אשור, צווישען זיי דער וויכטיגסטער פון אלעמען נכו, האבען זיך פאראייניגט מיט איהם,

אזוי אז ס׳איז פארגעשטאנען פאר אשור די געפאהר צו פארלירען אויך אונטער־עגיפטען אלס שטיצפונקט. דער פלאן איז אבער אנטרעקט געוואָ־רען, און נכו און איינער פון זיינע חברים זיינען אוועקגעשיקט געווארען געשמידט אין קייטען קיין נינוה. תרהקה האט זיך דאן ניט געקאנט האל־טען געגען אשורישע פארשטארקונגען, צווישען וועלכע עס האבען אויך גע־מענט זיין מנשה׳ס טרופען, און ער האט זיך צוריקגעצויגען קיין עטיאפיען. אשורבאניפאל האט אבער געהאלטען פאר ראטזאם זיך איינצושאפען דורך נכו׳ס באגנאדיגונג א דאנקבארען און געטרייען פארטרעטער פון זיין הער־שאפט. עגיפטען איז ווידער איינגעארדערט געווארען ווי אין אסר־חדן׳ס צייט, אבער מיט א בעסערער השגחה אויף די עגיפטישע וויצע־קעניגען.

אונטערדעסען איז תרהקה געשטארבען (664), און זיין זוהן, וועלכער האט איבערגענומען דעם טראן פון עטיאפיען, איז מיט ערפאלג ארייגגע־דרונגען אין עגיפטען. דאס האט געבראכט א נייעם אשורישען פעלד־צוג און דער עטיאפישער קעניג איז ווידער געבליבען באשרענקט אויף זיין היי־מישען קעניגרייך.

אין עגיפטען האט נעהערשט פסאמעטריך, א זוהן פון נכו, וועלכער איז געשטארבען אין יאהר 663, צוערשט בלויז אלס אשורישער וואסאל און אלס ערשטער צווישען די אונטער־קעניגען. אבער צוליב דער אפשוואכונג פון אשור׳ס מאכט אונטער אשורבאניפאל׳ס הערשאפט האט ער באקומען די מעגליכקייט צו פארשטארקען עגיפטען פון דאס ניי אונטער זיין אלייך־הערשאפט און זי איבערצולאזען פאר זיינע נאכפאלגער אלס איינהייטליכע, אומאפהענגיג מלוכה, וועלכער עס איז באשערט געווען אריבערצולעבען די אשורישע און די ניי־באבילאנישע אימפעריעם.

אט אזוי האט די אשורישע עראבערונג נאר געהאט די ווירקונג צו באפרייען סוף־כל־סוף עגיפטען פון דער עטיאפישער אויבער־הערשאפט און זי צו פיהרען צו א נייער פאראייניגונג און פארשטארקונג.

## 2
## די לאגע אין יהודה.

### די לעצטע יאהרען פון חזקיה׳ס רעגירונג.

וואס עס איז ווייטער געשעהן אונטער חזקיה׳ס רעגירונג, ווייסען מיר לחלוטין ניט. אויך ישעיה פארשווינדט פון אונזערע אויגען פון יאהר 701

אָן. די לאַגע פון יהודה נאָך הנחריב׳ס צוריקצוג איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. חזקיה איז און בלייבט דער וואַסאַל פון אשור. אמת איז אַז אין פּאַלעסטינא איז סנחריב טאַקע ניט געקומען מעהר, דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט גרויסע ערפאָלגען אין מזרח. עס גיט זיך איהם אפילו איין צו ערָאָבערען און צו צעשטערען די שטאָדט בבל. און חזקיה׳ס לאַנד האָט נאָך די צרות פון דער מלחמה און פון דער איינשליסונג זיך געמוזט געפינען אין א שרעקליכען צושטאַנד*). אָבער דער גאַנצער עלענד און יאָמער פון דער געגענוואַרט האָבען דאָך געפונען זייער געגענגעוויכט אין דעם שטאָלצען, דערהויבענעם געפיהל, אויף וועלכען בלויז יהודה אליין האָט צווי־שען אלע מדינות פון דרום־פּאַלעסטינא געהאַט א רעכט. דער ריז צווישען די הערשער פון דער וועלט, פאַר וועמען אלע קעניגרייכען פון דער וועלט האָבען זיך געבויגען, איז צעשמעטערט געוואָרען אָן דעם פעלז פון ציון! אָט דאָס פרעהליכע באַוואוסטזיין פון נצחון האָט געקאָנט העלפען דערצי, אַז יהודה זאָל זיך באַלד ווידער דערהוילען פון איהרע וואונדען. פיליכט געהערט אויך ערשט צו דער צייט די ידיעה פון חזקיה׳ס גליקליכע מלחמות נעגען די פלשתים, וואָרים עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז נאָכדעם ווי די אשורים האָבען זיך צוריקגעצויגען האָט עס חזקיה׳ן אָפּגעגליקט אָפּצונעמען צוריק יענע געגענדען, וועלכע סנחריב האָט אוועקגעגעבען צו איינצעלנע פירשטען פון די פלשתים**). לכל הדעות אָבער האָט די באַריהמטקייט פון יהוה און ציון געמוזט אָהן א שיעור געווינען דורך דעם וואונדערליכען סוף פון דער מלחמה. ישעיה איז גערעכט געווען ווען ער האָט געזאָגט, אַז דער באַרג ציון שטעהט העכער איבער אלע בערג און אַז יהוה וועט באַשיצען זיין געטליכע וואוינונג. עס איז זעהר שטאַרק וואַהרשיינליך, אַז ישעיה האָט נאָך דערלעבט דעם טריאומף צו זעהן ווי עס זיינען פאַרשוואונדען די געצען־בילדער, וואָס זיינען נאָך געווען אַסך ביי דעם פשוט׳ען פאָלק, און ווי חזקיה האָט מיט א שטרענגערער ערנסטקייט ווי ביז אהער דורכגעפיהרט די אונטערדריקונג פון די במות***). ווען חזקיה׳ס נאָכפאָלגער וואָלטען גע־

---

*) פיליכט באַציהט זיך אויף דעם ישעיה א 1—9. פיליכט איז דער אויס־דרוק „כעיר נצורה“. ווי א באַלאַגערטע שטאָדט, אַן אָנווייז אויף דעם, אַז עס איז ניט געקומען צו אווירקליכער באַלאַגערונג, אבער די רעזולטאַטען פאַר דער שטאָדט זיינען געווען דיזעלביגע ווי פון א באַלאַגערונג.

**) מלכים ב, י״ח 8. פאַרגלייך אויבען ז. 88.

***) אַסך פאָרשער נעמען איצט אָן, אַז חזקיה׳ס גאַנצע רעפאָרם געהערט צו דער זיגער צייט, ניט צום אָנהויב פון זיין רעגירונג.

גאנגען ווייטער אין זיינע וועגען, וואלט די אליין־הערשאפט פון דעם בית־המקדש אין ירושלים זיך געלאזט אויפהאלטען אהן שוועריגקייטען.

## מ נ ש ה.

מיט חזקיה'ס טויט באווייזט זיך אבער פלוצלונג א גאנץ אנדער בילד. פון זיין זוהן מנשה'ן (686—641), וועלכער זאל האבען באשטיגען דעם טראן אלס איינגעל פון 12 יאהר, דערצעהלט דער ספר מלכים*), אז ער האט אסך היידנישע מנהגים צוריק איינגעפיהרט און נייע — אריינגעבראכט אין יהודה. ער האט געלאזט ווידער אויפשטעלען די במות, וואס חזקיה האט אפ־געשאפט, האט געבויט מזבחות פאר דעם בעל און האט ווידער איינגעפיהרט די אשרה אין בית־המקדש. ער האט אפגעגעבען א בכבוד'יגען פלאץ דעם כנעני'שען מנהג פון אפפערען די קינדער, דערצו אלערליי שווארצע כישוף, וואס איז עפענטליך און לויט'ן געזעץ שוין לאנג געווען פארבאטען אין ישראל און וואס איז פראקטיצירט געווארען בלויז אין געהיים. אפילו דער אשורישער דינסט פון די שטערן געפינט אין איהם א ווארימען באשיצער.

דער פאפולערער און האלב־היידנישער יהוה האט איצט געוואלט באר־נעמען דעם אויבען־אן אין היפוך צו דעם שטרענגען און הייליגען גאט פון די נביאים. סנחריב'ס צוריקציהען זיך פון ירושלים האט אין דער גלענ־צענדער ערפילונג פון ישעיה'ס נביאות על־פי הכרח געבראכט מיט זיך א פארשטארקונג פון דער נביאים־פארטיי. די נביאים, בפרט די נביאים פון ישעיה'ס שולע, האבען הפנים אויפגעהאלטען זייער פרעסטיזש כל זמן עס האט געלעבט דער קעניג, וואס האט אלעס געהאט צו פארדאנקען ישעיה'ן. אזוי ניך אבער ווי חזקיה האט די אויגען געשלאסען, האט זיך ווידער אנ־געהויבען צו באוועגען די אלטע, פון די נביאים באקעמפטע פאלקס־רעלי־גיאן, און האט אויפגענומען דעם לעצטען און דעריבער אזוי פארצווייפעלטען קאמף פאר איהר קיום. דאס וואס ווערט דורכגעפיהרט אונטער מנשה'ן איז ניט קיין אנדער זאך ווי די שטארקע, שטורעמדיגע ר ע א ק צ י ע פון דער אלטער, האלב־היידנישער רעליגיאן, וועלכע איז געווען אזוי שטארק איינגעבאקען אין הארצען ביי די מאסען פון פאלק, נעגען דער שטרעבונג

*) מלכים ב, כ"א. דער קאפיטעל איז ניט אויזנחויסליך, אבער די פאקטען וואס ווערען אין איהם אנגעגעבען זיינען ניט צו באשטרייטען.

פון די נביאים צו מאכען פאר'ן הערשער דעם שטרענגען עטישען מאנאטע־איזם, און אויך געגען דעם אופן ווי אזוי די כהנים האבען די דאזיגע שטרע־בונג דורכגעפיהרט אין לעבען. די פאלקס־רעליגיאן האט זיך ניט געוואלט לאזען בארויבען פון איהר פרישען, פרעהליכען נאטור־דינסט מיט זיינע מזבחות אויף די במות און זיינע געצענבילדער לטובה פון יענער שטרענ־גער, ניכטערער השגה פון גאט און זיין ווילען, וועלכע די נביאים האבען פארטראטען. חזקיה האט זיך טאקע צוגעהערט צו די נביאים, אבער זיין נאכפאלגער האט געמעגט ענדערען דעם קורס און האלטען מיט דעם אנדע־רען צד.

עס איז ניט אויסגעשלאסען, ווי מיר האבען שוין אויבען באמערקט, אז חזקיה איז אין זיינע רעפארמען געשטאנען שטארק אונטער דער השפעה פון די שטרעבונגען פון די כהנים אין ירושלים. דאס וואס איז לאנג שוין געווען אן אפענע ערשיינונג אין די גרויסע קולטור־מלוכות, אז גרויסע הייליגטימער און שטאלצע טעמפלען ברייננגען מיט זיך אויך א קלאס פון פריסטער, זשער־נע נאך הערשאפט און רייכקייט — דאס האט מיט דער צייט זיך אויך געמוזט אנטוויקלען אין שלמה'ס בית־המקדש. פריהער האט דער קעניג באשטימט דעם כהן. איצט זעהען מיר ביי יואש'ן, אז דער כהן האט בא־שטימט א קעניג. שוין יהוא איז וואהרשיינליך ניט געווארען א קעניג אהן דער הילף פון די כהנים פון יהוה. די באזייטיגונג פון די פארשידענע נעבען־קולטען האבען די כהנים פון בית־המקדש געוויס אויסגענוצט פאר זייער אייגענער טובה און האבען דערמיט ארויסגערופען די שנאה פון די נידעריגערע פאלקס־ און ווינקעל־גייסטליכע. פון איין זייט איז דעריבער זיכער געקומען די רעאקציע פונקט אזוי קרעפטיג ווי פון דער אנדערער.

גלייכצייטיג האבען די יועצים פון יונגען קעניג אויך געמעגט האבען פאליטישע מאטיווען, לכל הפחות וואס איז שייך די איינפיהרונג פון אשו־רישע פארמען פון קולט. חזקיה האט געהאט צו פארדאנקען זיין רעטונג צו יהוה, און ער האט נאך דער רעטונג געזוכט אויסצודריקען זיין דאנקבארקייט צו יהוה, וועלכער האט זיך ארויסגעוויזען מעכטיגער ווי אלע אנדערע גע־טער פון די פעלקער. אויב מ'האט געזאלט גלויבען ישעיה'ס נבואות, האט זיך איצט בארארפט אנהייבען באמת די צייט פון גליק און ברכה פאר יהודה. אשור האט געמוזט צונישט ווערען און ירושלים און יהודה האבען באדארפט אויפהייבען שטאלצער דעם קאפ. דערפון איז נאטירליך ווינציג וואס געווען צו זעהן. פאקטיש האט אשור דוקא איצט דערגרייכט דעם העכסטען שפיץ פון איהר מצכט, און הנם יהודה האט ארויסגעוויזען א

גלענצענדען ווידערשטאנד נעגען דעם ריז. האט זי אבער פארט ניט נעקאנט
האפען צו דערגרייכען עפעס מעהר ווי זי האט ביז איצט נעהאט. זי איז
נעווען און נעבליבען דער וואסאל פון אשור, וואס האט איצט דערגרייכט
דעם לעצטען ציל פון איהר לענדער־פארכאפענדער פאליטיק, די עראבערונג
פון עגיפטען.

אזעלכע נעדאנקען האבען נעקאנט אפשוואכען די באגייסטערונג פאר
יהוה. מ׳האט פאקטיש נעקאנט פרעגען, ווער עס האט באמת אפגע־
האלטען דעם נצחון, סנחריב אדער חזקיה, יהוה אדער די נעטער פון אשור?
אמת, אז יהודה האט טאקע נענאסען נאך דעם יאהר 701 א לאנגע און, ווי
עס ווייזט אויס, אומגעשטערטע פרידען־צייט; אבער וואס האט באדייט
די רוה אונטער אשור׳ס צעפטער אקעגען דעם צושטאנד, וואס ישעיה האט
דערוואַרט? ווי באלד אז יהודה האט פאקטיש נעלעבט נאר פון אשור׳ס
גנאדען, איז דערפאר נעווען ניט מעהר ווי רעכט צו דינען אשור׳ס נעטער
נעבען יהוה. די אשורישע פארטיי, וועלכע איז דורך חזקיה׳ס ערפאלגען
לאנג צוריקגעהאלטען און אין א זייט אוועקגעשטופט נעווארען, האט ווידער
נעקאנט פריי אויפהייבען דעם קאפ. לויט דער דאמאלדיגער לאגע האט
מנשה געמעגט רעכענען, אז ס׳איז די קלוגסטע זאך אנצואווענדען אלע מיטלען
אבי נאר נושא חן צו זיין אין די אויגען פון דעם גרויסען קעניג. די אשור־
פיינדליכע ריכטונג אין דער מלוכה, פריהער אנגעפיהרט פון ישעיה׳ן, וואס
איז דורך איהם גלייכצייטיג געווארען די פארטיי פון די יהוה־פריינד מיט
די נביאים און די כהנים*) בראש, טרעט איצטער צוריק.

אט אזוי ווערען אייננעפיהרט איינע נאך די אנדערע אין ירושלים און
אין בית־המקדש די כנעני׳שע און אשורישע נאטהייטען און די פרעמד־
ארטיגע אופנים פון נאט־דינסט, די במות און מזבחות ווערען ווידער אויפגע־
שטעלט, די אשרות און מצבות ווערען פון דאס ניי א טייל פון אידישען
קולט; און אפילו קדשות — דאס הייסט אזוינע, וועלכע ניבען זיך אפ צו
דער פראסטיטוציע אינ׳ם דינסט פון דער עשתרת — באזעצען זיך אין דער
נאהנטער שכונה פון בית־המקדש (מלכים ב. כ״א 3—5; כ״ג 7). אלס
צוגאב ווערט נאך קולטיווירט יענער פרעמדער, פינסטערער שטריך, וועל־
כער איז נענוג אפט כאראקטעריסטיש פאר דער נאטור־רעליגיאן, צוזאמען

*) דאס וואס אט דיביידע, די נביאים און די כהנים, ווינען זיך שארף פאַ־
נאנדערגעגאנגען אין אינערליכע ענינים, האט זיי שווערליך געשטערט צו געהן צו־
זאמען אין דער גרויסער פראגע: יתות אדער בעל און אישטאר.

מיט פרעהליכע הולאנקעס און ווילדע ארגיען, און דער אוממענשליכער מנהג צו אפפערען קינדער האט קענטיג שטארק זיך צעבליהט אונטער מנשה׳ן. אין דעם טאל בני־הינם, אויף דער מערב׳דיגער און דרום־מערב׳דיגער זייט פון ירושלים, געפינט זיך דער אפפער־פלאץ, וואו עס ווערען פארברענט די קינדער, וואס מ׳שעכט לכבוד דעם גאט מלך (מלכים ב, כ״א 6; כ״ג 10; ירמיה ז 31). דערצו קומט נאך דער אשורישער דינסט פון די שטערן אין זיינע פארשידענע פארמען. מנשה׳ן מוז מען זיכער מעהר ווי אנדערע פאררעכענען צווישען די מלכים פון יהודה פאר יאשיהו׳ן, וועלכע האבען געהאלטעןביים בית־המקדש זון־וואגענס און זון־פערד (מלכים ב. כ״ג 11). אין דערזעלביגער צייט דינט ער צו דער „הערשאר פון הימעל״; דער זון־גאט איז ארומגערינגעלט פון א גאנצען הויף פון הימעלשע מהות׳ן, די שטערן, וואס פאדערען, אז מ׳זאל צו זיי באזונדער דינען אלס די אונטער־געטער פון דעם זון־גאט (מלכים ב, כ״א 5). כאטש אחז האט שוין אנגע־הויבען דינען צו די דאזיגע אשורישע גאטהייטען, האט אבער דער דאזיגער דינסט קענטיג ערשט אונטער מנשה׳ן דערגרייכט א ווייטען קרייז. די צייט ביז צו יאשיהו׳ס רעפארם איז באהערשט פון דעם דאזיגען קולט. און אפילו דערנאך איז ער אויך ניט לגמרי אויסגעראט געווארען. נאך ירמיה און יחזקאל האבען זיך ווענען דעם צו באקלאגען (ירמיה מ״ד 3; יחזקאל ח 6; צפניה א 5).

ס׳איז קיין ספק ניט, אז די דאזיגע ענגע אנשליסונג אן דעם אשורישען קולט, וואס האט אזא טיפען רושם געמאכט אין דעם לעבען פון יהודה, איז בלויז א סימפטאם פון אן אלגעמיינערער ערשיינונג. וויבאלד אז מ׳האט נאכגעטאן אויף אזוי ווייט די אשורישע רעליגיאן, האט בכלל געמוזט פאר־קומען אין מנשה׳ס צייט אן ענגע אנשליסונג אן אשור, הן אויף דעם פאלי־טישען געביט, הן אויף אלע אנדערע געביטען פון לעבען. מ׳האט זיך ווי עס איז צוגעוועהנט צו זיין אונטערווארפען אונטער אשור און מ׳האט אנגעהוי־בען צו באוואונדערען און נאכצומאכען דעם פריהערדיגען שונא. דאס אשורישע לעבען און די אשורישע געדאנקען, אשורישע מנהגים און קולטור, אויך אשורישע מלבושים זיינען געווים, גלייכצייטיג מיט דער אשורישער רעליגיאן, געווארען באקאנט ביי די אידען נאך מעהר ווי פריהער.

צום באדויערען זיינען די ידיעות, וואס מיר האבען ווענען אט די וויכ־טיגע 80 יאהר פון דער אידישער געשיכטע פון 701 ביז 621, — פון סנחריב׳ס באפאל אין יהודה ביז יאשיהו׳ס רעפארם — אזוי מאגער, אז מיר קאנען ניט וואגען ארויסצוזאגען עטוואס ווענען אשור׳ס השפעה אויף דעם

אידישען לעבען אויף אנדערע געביטען אחוץ דעם קולט. מיר קענען בלויז דערמאנען דעם פאקט, אז אזא השפעה האט עקסיסטירט. אנצונעמען מעהר ווי דאס האט מען ניט קיין ראיות. מאנכע פארשער באהויפטען, אז די אשוריש־באבילאנישע מיטאלאגיע איז גראד אין אט יענער צייט אריינגעדרונגען אין יהודה אין א גרעסערער מאס און איז פארבונדען געווארען מיט די אלט־אידישע דערצעהלונגען וועגען דער אורגעשיכטע פון דער וועלט און פון דער מענשהייט. אבער אזוי ווייט ווי די אידישע אורגעשיכטע שטעהט אונטער דער השפעה פון אשור, קאן דאס אריבערגעקומען פון אשורישע עלעמענטען שטאמען פון א פיעל פריהעריגער צייט. שוין אחז האט ניט בלויז געדינט צו זון־פערד, נאר האט אויך אויפגעשטעלט אין ירושלים אן אשורישען זון־זייגער (מלכים ב. כ 11). מ'זעהט דערפון, אז אשור'ס השפעה אויף דעם אידישען לעבען און דענקען — באטש זי האט געמעגט אונטער מנשה'ן באזונדערס שטארק ארויסטרעטען — גרייכט אבער צוריק אין א פיעל פריהעריגער צייט. דאס שליסט נאטירליך ניט אויס, אז אין מנשה'ס צייט איז נאך עפעס צוגעקומען. דאך איז דאס צוגעקומענע ניט געווען גרויס און ניט פון וויכטיגער באדייטונג. וויכטיגער אבער איז געווען דאס וואס די מיטלען, וועלכע מנשה האט אנגענומען, האבען באדייט ניט בלויז די אויפלעבונג פון אלטע פאלקס־מנהגים, נאר אויך א נאהנטע באריהרונג מיט די ספעקולאציעס פון די אשוריש־באבילאנישע פריסטער. איינפיהרענדיג אין דעם יהוה־טעמפעל די באבילאנישע רעליגיאן פון די שטערן פון הימעל, מיט א זון־גאט, א לבנת־געטין און שטערן, האט מען הפנים אויך אנגעווענדט אויף יהוה די באבילאנישע פריסטער־לעהרע און פילאזאפיע. די גרויסע לעהרען פון די נביאים וועגען יהוה אלס דעם וועלט־האר און דעם באשעפער פון אלץ און זייערע מאראלישע תכונות פון א גערעכטען און הייליגען גאט זאלען אריבערגעשטיגען ווערען פון דער באבילאנישער פריסטער־חכמה און פון דעם גלענצענדען און בארוישענדען אישטאר־קולט. דעם פלאץ פון דער נידעריגער כנעני'שער נאטור־רעליגיאן, וועלכע האט שוין אנגעהויבען צו ווערען אפגעלעבט, זאל איצט פארנעמען די נייע באבילאנישע נאטור־רעליגיאן, וועלכע האט א מעהר גייסטיגען אויסזעהן.

נאטירליך האט אזא שארפע ענדערונג ניט געקאנט דורכגעפיהרט ווערען אהן געוואלד. די יהוה־געטרייע עלעמענטען אין יהודה, באזונדערס די קרייזען, וואס זיינען געווען נאהנט צו ישעיה'ן, האבען ניט געקאנט און ניט געוואלט פארשווייגען מנשה'ס מעשים. איינע אויס רעליגיעזער קנאות, און די אנדערע, ווייל זייער פריסטערליכע פאזיציע און הערשאפט איז געשטער־

נען אין סכנה. עס האט קענטיג אויך ניט געפעהלט קיין פאליטישע אפאָ־זיציע. כאטש מנשה איז געבליבען געטריי צו אסר־חדן און אשורבאניפאל אין זייערע מלחמות געגען תרהקה'ן, איז אבער געוויס ניט פארלאשען גע־ווארען די ערינערונג אז סנחריב'ן און אז דעם פאקט, אז עגיפטען האט אמאל, וואס איז וואהרשיינליך, מיטגעווירקט אין זיין צוריקצוג. עס וואלט דעריבער געווען א חידוש, ווען האנט אין האנט מיט די געטרייע צו יהוה וואלט זיך איצט ניט ווידער באוועגט די עגיפטישע פארטיי אין יהודה. מ'האט געזעהן, אז ביים טייך נילוס איז איצט פארגעקומען די גרויסע, לאנג שוין צוגעגרייטע אפרעכענונג צווישען אשור און עגיפטען. הגם ישעיה גופא האט זיך געמענגט אנדערש פארשטעלען דעם פאל פון אשור, האבען אבער אנדערע פון זיין קרייז מעגליך געזעהן אין דעם, אז עס האלט ביים קיום ווערען דאס וואס ישעיה האט אמאל געזאגט וועגען דעם אונטערגאנג פון אשור. און אויב ניט זיי גופא האבען על כל פנים עהנליך געטראכט די עגיפטען־פריינדליכע פאליטיקער פון יהודה.

מנשה אבער האט, ווייזט אויס, באשטראפט מיט דעם טויט יעדען ווידערשטאנד געגען זיין פאליטיק. פיליכט האט ער געמוזט אזוי האנדלען, לכל הפחות געגען דער פאליטישער אפאזיציע, כדי צו באווייזען זיין איבער־געבענקייט צו אשור. נאר אזוי קאנען מיר פארשטעהן, וואס דער ספר מלכים, אין צוזאמענהאנג מיט דעם קעניג'ס אפקעהרען זיך פון יהוה,ווארפט איהם פאר, אז ער האט פארגאסען שטראמען אומשולדיג בלוט, אזוי אז ירושלים איז פול געווארען מיט בלוט ביז'ן ברעג (מלכים ב, כ"א 16). די אידישע לעגענדע האט אריינגערעכענט ישעיה'ן צווישען די מארטירער פאר יהוה, וועמעס בלוט ס'איז געפלאסען אונטער מנשה'ן. אויב ישעיה גופא איז צווישען זיי ניט געווען, זיינען אבער אהן א ספק געווען מאנכע פון זיינע תלמידים. אויך ירמיה, ווייזט אויס, ווייסט נאך פון די שרעק־ליכקייטען אונטער מנשה'ן, ווען ער רעדט דערפון, אז דער שווערד האט געפרעסען די נביאים פון יהודה ווי א פארצוקענדער לייב (ירמיה ב 30).

## ליטעראטור אונטער מנשה.

די רויהע געוואלד האט נעקאנט צווינגען די נביאים נאר צום שווייגען, אבער ניט זיך אפצוקעהרען פון יהוה. אין דער שטיל זיינען הפנים די נביאים און די געטרייע יהוה־דינער פון די קרייזען פון די כהנים און פון פאלק נאך מעהר געווען טעטיג: די נביאים פאר דעם כבוד פון יהוה, די כהנים־

קרייזען — פאר דעם בית־המקדש און זיין יהוה־קולט. אט דא האבען זיך ביידע שטרעמונגען באגעגענט. דאס אומגליק פון דער צייט איז פאר זיי ביידען געווען דאס אפקעהרען זיך פון יהוה. פון דעם אומגליק האט מען זיך נאר געקאנט העלפען, ווען מ'זאל ענדליך דורכפיהרען דוויערענד דאס, צו וואס חזקיה האט געשטרעבט, ניט האבענדיג דערביי פיעל ערפאלג. די במות מיט זייערע בעל־מזבחות און כל'ערליי ווינקעל־קולטען, וואס זיינען מיט זיי געווען פארבונדען, זיינען געווען די אמת'ע נעסטען פון געצענדינסט; דערצו זיינען די אשורישע קולט־מנהגים, וועלכע האבען זיך כסדר אלץ מעהר פארשפרייט, געווען א נייע, תמיד וואקסענדע געפאהר. אויב מ'זאל זיי אפשאפען, וועט דאמאלסט זיין גרינג צו ברייגנען יהוה ווידער צו זיין עהרע און צו מאכען פון ישראל א הייליג פאלק. ארויסגעהענדיג פון אט די געדאנקען איז אין די נביאים־קרייזען געשאפען געווארען אונטער מנשה'ן א בוך, וואס איז אויפגענומען געווארען מיט אפענע ארעמס פון די כהנים פון בית־המקדש און וואס האט געזאלט שפילען די ראלע ערשט אונטער יאשיהו'ן — דאס איז דער ספר דברים. דאס אלטע געזעץ משה'ס פון ס פ ר ה ב ר י ת האט געזאלט פון דאס ניי געבראכט ווערען צו יהודה אין א נייער פארם, אין איינקלאנג מיט די באדערפענישען פון דער צייט. די שלעכטע אומשטענדען פון דער צייט, באזונדערס די פארפאלגונג וואס האט אונטער מנשה'ן שווער געדריקט די מוטיג איבערגעגעבענע צו יהוה, האט ניט ערלויבט שוין איצט צו פארעפענטליכען דאס בוך. אט אזוי ווערט עס אוועקגעלעגט אין בית־המקדש, פיליכט מיט א כיון אוועקגעלעגט אן א זייט, און בלייבט דארט פארבארגען, ביז עס טרעט ארויס אויף דער ליכט אין 18טען יאהר פון דעם קעניג יאשיהו.

בכלל איז די צייט פון חזקיה און מנשה געווען פראדוקטיוו אויפ'ן ליטערארישען פעלד. צו דער צייט פון חזקיה'ס רעגירונג געהערען העכסט וואהרשיינליך געוויסע אינגערע שיכטען פון ספר שמואל. אויפ'ן יסוד פון דער עלטערער טראדיציע האט מען פון דאס ניי באארבייט, טיילווייז פריי ווייטער אויסגעשפונען, דעם אלטען מאטעריאל וועגען די העלדען פון דער פארגאנגענהייט: שמואל, שאול, דוד, כדי זיי פארצושטעלען לעבעדיג פאר דעם יונגען דור. אהן א ספק האבען זיך אן דעם אנגעשלאסען דערציעהלונגען וועגען דער צייט פון די שפעטערע מלכים, וועלכע זיינען אונז, צוליב דעם איינגעארטיגען כאראקטער פון אונזער ספר מלכים, צום גרעסטען טייל פארלארען געגאנגען. צו יענער צייט געהערען אויך מאנכע טיילען פון דעם גרויסען געזעץ־ און געשיכטס־בוך וואס ציהט זיך דורכ'ן חומש און יהושע

און איז אונז באַקאַנט אלס די פריסטער־שריפט*). פעסטגעשטעלטע קולט־צערעמאָניעס זיינען געווים געוואָרען א באדערפעניש אויך פאר ירושלים, זינט דער קולט אין בית־המקדש איז געווען אין גאַנג און האָט כסדר אלץ מעהר געוואונען אין באדייטונג, פונקט אזוי ווי עס האָבען דאָס געהאַט אנדערע גרעסערע היילינגטימער. מיט דער צייט האָט מען עס גע־מאכט שריפטליך. וואהרשיינליך זיינען וויכטיגע טיילען פון יענער פריס־טער־שריפט געשאַפען געוואָרען נאָך אונטער חזקיה'ן. פון דאַנעט אָן זיין ווייטער ווערט פאַרטגעזעצט די ארבייט פון די פריסטערליכע געזעצגעבער ביז איבער מנשה'ס צייט; אנדערע טיילען ווערען נאָך צוגעשטעלט צו דער דאָזיגער שריפט אין דער צייט פון גלות און זאָגאר נאָך דעם גלות. — די ידיעה, אז חזקיה האָט געלאָזט מאכען א זאמלונג פון שפריכווערטער פון אידישע חכמים (משלי כ"ה 1) איז פונקט אזוי גלויבווירדיג ווי די הנחה, אז מאַנכע קעניגס־לידער פון תהלים שטאמען פון אָט דער צייט, הגם עס פעהלען אונז די מיטלען צו באווייזען בפירוש דעם אדער יענעם פאקט.

## מנשה'ס נעפאַנגענשאַפט.

א שפּעטערע דערצעהלונג, וואָס האָט זיך דערהאַלטען אין ספר דברי הימים, באריכטעט פון מנשה'ס געפאַנגענשאַפט דורך די אשורים. ער איז אוועקגעפיהרט געוואָרען, ווערט דאָרטען דערצעהלט, געשמידט אין קייטען קיין בבל, איז אָבער דורך זיין תפלה שפּעטער באפרייט געוואָרען און האָט צוריק באַקומען זיין טראָן (דברי הימים ב, ל"ג 10—13). דער ספר מלכים ווייסט לחלוטין ניט דערפון. דאָך לעגט זיך ניט אין גאַנצען אויפ'ן שכל, אז די דערצעהלונג שטאַמט בלויז פון דעם באַדערפעניש צו ברייגגען אין איינקלאַנג מנשה'ס לאַגע און זיין אומגעשטערטע רעגירונג מיט זיין האַלטונג אין רעליגיעזע ענינים. פון איין זייט איז טאַקע ניט צו לייקענען, אז די דער־צעהלונג האָט א מערקווירדיגע עהנליכקייט צו דער געשיכטע פון פרעה נכו דעם ערשטען, וועלכער איז אוועקגעפיהרט געוואָרען קיין נינוה געשמידט אין קייטען און איז שפּעטער באַפרייט געוואָרען, נאָכדעם ווי מ'האָט זיך פאַר־זיכערט, אז ער וועט זיין א טרייער וואַסאַל**); פון דער אנדערער זייט ווייסען

*) זעה אין צווייטען באַנד ז. 244 אין דער באַמערקונג.

**) זעה אויבען ז. 115.

מיר, אז דוקא אין דער צייט פון מנשה'ס רעגירונג זיינען מעהר ווי איין מאל פארגעקומען אין פאלעסטינא אומרוהען אדער לכל הפחות אומזיכערע פאליטישע פארהעלטענישען, און אז דער גרויסער קעניג פון אשור האט געמעגט האלטען פאר ראטזאם זיך צו פארזיכערען מיט מנשה'ן. עס לעגט זיך אם בעסטען אויפ'ן שכל, אז אשורבאניפאל האט זיך געוואלט פארזיכערען מיט מנשה'ן, ער זאל ניט אריינגעצויגען ווערען אין דעם אויפשטאנד פון זיין ברודער שאמאששומוקין. צו אט דער הנחה וואלט זעהר גוט פאסען דאס וואס שטעהט אין דברי הימים, אז מנשה איז געבראכט געווארען קיין בבל. ווייל אשורבאניפאל האט אין זיין שפעטערער צייט זעהר אפט געוואוינט אין בבל.

מיט דער אומזיכערקייט פון די פארהעלטענישען אין פאלעסטינא, און הפנים אויך מיט געוויסע וואקלונגען אין מנשה'ס פערזענליכער שטעלונג, הענגט אהן א ספק אויך צוזאמען דאס וואס, לויט א דורכאויס גלויבווירדיגער ידיעה פון ספר עזרא, האט אסר־חדן און שפעטער נאך אמאל אשורבאניפאל געהאלטען פאר נויטיג צוצובריינגען אין דער אלטער צפון־מלוכה פון ישראל נייע עלעמענטען פון פרעמדע לענדער (עזרא ד, 2, 10). דער היימישער און שטענדיג צו אומרוהען געניינגטער טייל פון דער באפעלקערונג וואס איז אליין נאך געווען גרויס אין צאהל, ווערט דורך דעם איינגעצוימט. די באפעלקערונגס־מישונג, וועלכע האט ארויסגעבראכט די שומרונים, האט ערשט דערמיט געפונען איהר אפשלוס.

## אידען אין עגיפטען.

אין די נאר וואס באשריבענע געשעהענישען געפינט זיך העכסט וואהרשיינליך א ערקלערונג אויך פאר נאך אן אנדער פאקט. מיר ווייסען פון די ניט לאנג געפונענע פאפירוסען פון ע ל ע פ א נ ט י ן*), אז אין 5טען יאהרהונדערט (פאר דער קריסטליכער ערא) האט זיך דארטען געפונען א אידישע געמיינדע מיט אן איינענעם בית־המקדש. די גרינדונג פון דער דאזיגער געמיינדע און איהר בית־המקדש דערגרייכט צוריק לויט אט די פאפירוסען ביז אין דער צייט פון די עגיפטישע מלכים**). דער ערשטער־

*) אן אינזעל אין נילוס, ביים סאמע דרום־גרעניץ פון אויבער־עגיפטען.

**) דאס הייסט נאך פאר דעם יאהר 525, ווען עגיפטען איז עראבערט געווען פון פערסיען.

נעדאנק איז געלעגען צו פארבינדען יענע אידישע געמיינדע מיט דער אויס־וואנדערונג פון די אידען קיין עגיפטען נאכ'ן ערשטען חורבן פון ירושלים (אין יאהר 586). אבער אלץ ווייזט, אז מיר דארפען זוכען יענע אידען אין דער דעלטא, און בכלל לעגט זיך בעסער אויפ'ן שכל, אז נאכ'ן חורבן פון ירושלים האבען די אידען זיך באזעצט אין אונטער־עגיפטען איידער ביים ווייטסטען דרום־גרעניץ פון דעם קעניגרייך.

מיר ווייסען אבער פון העראראט (בוך 2, קאפ. 30), אז פסאמעטיך דער ערשטער (610—663), נאכדעם ווי ער האט אריינגעקראגען עגיפטען אין זיין האנט, האט זיכער געמאכט דעם דרום־גרעניץ געגען די עטיאפיער דורך שטארקע גארניזאנען. איינער פון יענע גארניזאנען איז געלעגען אין עלע־פאנטין. די נאטיץ פון העראראט ווערט נאך דערגענצט דורך דעם בריף פון אריסטעאס*). עס קומט אויס, אז פסאמעטיך האט געהאט ביי זיך אידישע זעלנער אין זיין קאמף מיט די עטיאפיער. די אומרוהיגע, קריגע־רישע צייטען אין פאלעסטינא, דערצו דער פאקט, וואס מנשה גופא האט גאר ניט לאנג צוריק געשיקט הילפס־טרופען קיין עגיפטען, מאכען די דאזיגע נאטיץ דורכאויס גלויבליך.

אויב די אידישע מיליטער־קאלאניעס אין אויבער־עגיפטען זיינען געג־רינדעט געווארען ארום יענער צייט, דאן שיקט זיך זעהר גוט, וואס אין די פאפירוסען ווערען דערמאנט זיילען**) און וואס זיי האלטען זיך תמימות'דיג פעסט אן זייער בית־המקדש, גאר ניט מורא האבענדיג, אז מ'וועט אין ירושלים קוקען קרום אויף זיי. מחמת אין אט דעם פאל האבען זיי געבויט זייער בית־המקדש נאך פאר דער צייט פון יאשיהו'ס רעפארם, איידער דאס געזעץ פון ספר דברים איז פראקלאמירט געווארען. אז זיי האבען אויך אסך שפעטער, אין דער צייט ווען זיי האבען געשריבען די דערמאנטע פאפי־רוסען, ניט געוואוסט פון ספר דברים, לעגט זיך לחלוטין ניט אויפ'ן שכל. געוויס האבען יאשיהו און אלע זיינע נאכפאלגער ניט געהאט די מאכט צו פארבאטען די אויבער־עגיפטישע געמיינדען צו דינען גאט אויף זייער

---

*) א פסעוודעפיגראפיש בוך פארפאסט פון א אידען אין גריכיש (לויט גרעץ אין דער צייט פון קאליגולא) וועגען דעם תרגום השבעים. אין § 13 שטעהט דאר־טען, אז אידען זיינען געשיקט געווארען קיין עגיפטען צו העלפען פסאמעטיך'ן געגען דעם קעניג פון די עטיאפיער. ת. ש.

**) צו מ'מעג זיי באצייכענען פשוט אלס מצבות, איז ניט זיכער, אבער עס איז וואהרשיינליך. פארגלייך אויך ישעיה י"ט 18—21, וואס באציהט זיך וואהר־שיינליך אויף יענער צייט.

שטייגער, און דערפאר איז געבליבען דער בית־המקדש אין עלעפאנטין. דער איינציגער טאדעל, וואס האט געטראפען די דארטיגע געמיינדע איז געווען, וואס מ'האט שפעטער ניט נעענטפערט פון ירושלים אויף איהר בקשה, און זי האט זיך דעריבער געווענדעט קיין שומרון, וואו זי האט מיט א ריכטיגען חוש געזוכט צו געפינען קרובים אין גייסט. ס'איז אויך גאנץ וואהרשיינליך, אז די אידיישע קאלאניעס אין עגיפטען האבען שוין דאמאלסט זיך ניט באשרענקט אויף דעם איין ארט.

## אמון.

מנשה'ס זוהן און נאכפאלגער אמון (639—641) איז, ווי עס ווייזט אויס, געגאנגען לגמרי אין זיין פאטער'ס דרכים. ער פארלירט דאס לעבען דורך א פאלאץ־רעוואלוציע נאך א צוויי־יעהריגער רעגירונג*). עס וואלט געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט צו פארשטעהן די פארהעלטעניסען פון יענער צייט, ווען מיר וואלטען געקאנט וויסען, צי עס איז געווען א רעליגיעזער גרונד אין זיין באזייטיגונג, ענליך ווי אמאל ביי יורם בן אחאב. אויב דאס איז דער פאל, קרינט דאן א נייע באלייכטונג דער פאקט, וואס אמון איז געווען שטארק באליבט ביים פשוט'ען פאלק. דאס לאנד־פאלק („עם הארץ") נעמט א בלוטיגע נקמה פון די אנפיהרער פון דער קאנ־ספיראציע געגען אמון'ס לעבען. פיליכט שטעהען די געשעהענישען אין צוזאמענהאנג מיט רעפארמען, ענליך צו די וואס יאשיהו האט דורכגע־פיהרט, און פאר וועלכע מ'האט שוין געוואלט אויסנוצען דעם ביט אייס'ן טראן נאך מנשה'ס טויט? אין אז דעם פאל דארף מען אננעמען, אז אמון האט זיך געשטעלט אנטקעגען, ווען דער הויף, הינטער וועמען עס זיינען געשטאנען לכל הדעות די כהנים פון בית־המקדש, איז צו איהם שטארק צוגעשטאנען מיט פארערונגען פון רעפארמען. אמון האט הפנים זיך פאר־לאזען אויף דעם, וואס מנשה'ס סיסטעם איז געווען באליבט ביים פאלק. פאר זיין ווידערשטאנד האט ער, קאן געמאלט זיין, באצאהלט מיט'ן טויט, אבער די פארטיי וואס איז הינטער איהם געשטאנען, די פארטיי פון לאנד־

*) מלכים ב, כ"א 19—26. ס'איז יעדענפאלס כדאי צו באמערקן, אז זינט א געוויסער צייט זעהען מיר דאס פאלק אלץ מעהר ארויסטרעטענדיג אין פארדער־גרונד. פארגלייך י"ד 21. דאס הענגט הפנים צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון קעניג־טום. פיליכט איז דאס אויך א פועל־יוצא פון די סאציאלע אנגעהויבענע רייד פון די נביאים וועלכע האבען אויפגעהויבען דעם פשוט'ען מענשען פון פאלק.

פאָלק (עם הארץ), צוזאמען מיט די לאנד־כהנים האָט זיך בלוטיג נוקם געווען פאר וואָס זייערע אינטערעסען זיינען אנגעגריפען געווארען. די דאזיגע פּארטיי האָט דערמיט דערגרייכט דאס, אז די אויספיהרונג פון יענע רעפאָרם־פּלענער האָט זיך פארצויגען אויף כמעט צוויי יאָהרצענדליג — אבער ניט מעהר׳ ווי דאָס. ביי דער מאַגערקייט פון אונזערע ידיעות איז אוממעגליך צו ענטפערען אויף אזוינע פראגען. אבער ווי די זאך שטעהט, מעג מען לכל הפחות ארויסזאגען אזוינע השערות.

דריטע אפטיילונג.

# יאשיהו און זיין צייט

1.

## די וועלט־לאגע. דער נייער אויפטריט פון די נביאים.

אויפ'ן שטעל פון דעם דערמארדעטען אמון ווערט געזעצט אויפ'ן טראן זיין דאמאלסט נאר אכט־יעהריגער זוהן יאשיהו (639—608). מיט איהם טרעט דאס אידישע פאלק ווידער ארויף טעטיג אויף דער ארענא פון די גרויסע וועלט־געשעהענישען. די געוואלדיגע אשורישע אימפעריע, וועלכע האט דערגרייכט אונטער דעם גרויסען און נאבעלען אסר־חדן דעם העכסטען פונקט פון איהר מאכט, האט מיט אשורבאניפאל (668-626) אנגעהויבען זיך דערנעהנטערען צו איהר גורל. אין דער ערשטער צייט פון זיין רעגירונג האט אשור נאך פארמאגט איהר פולע מאכט און גרויס־קייט. אבער אליז שטארקער און שטארקער זיינען געווארען יענע מעכטיגע פעלקער־באוועגונגען, וואס האבען אין דער צווייטער העלפט פון 7טען יאהרהונדערט (פאר דער קריסטליכער ערא) צעטרייסעלט גאנץ פארער־אזיען, און וואס אונטער זייער איינפלוס איז צוזאמענגעפאלען יהודה'ס דריקענדער רעספאט, די מלוכה פון אשור. שוין אין מיטען פון יענער צייט, ארום יאהר 645, האט פסאמעטיך פון עגיפטען אראפגעווארפען די אשורישע הערשאפט, וועלכע איז געלעגען ווי א לאסט אויף זיין קעניגרייך. אנדערע האבען נאכגעפאלגט. און דער סוף איז געווען, אז די וועלט־הער־שאפט איז צונעגומען געווארען פון די סעמיטען, וועלכע האבען זי גע־פיהרט א יאהרטויזענד, און איז איבערגעטראגען געווארען אויף דער ארי־

שער ראַסע. דעם ערשטען טויטליכען קלאַפּ האָט אשור באַקומען פון די מעדער (מדי). אַרום דעם מיטען פון זיבעטען יאָהרהונדערט באַפרייען זיי זיך פון אשור און הייבען אָן גרינדען אַן אייגענע מלוכה. זייער קעניג פראַאָרטעס געפינט זיין טויט אין קאַמף נעגען אשור. דער אַנטשיידענדער קאַמף ווערט אָבער נאָך אָפּגעצויגען אויף אַ ווײַלע דורך דעם אַריינטריט פון די סקיטען. פונקט ווי שפּעטער די הונען און מאָנגאָלען אין מערב־לאַנד, אַזוי האָבען דאַמאָלסט זיך געשאָטען מחנות פון אַ רייטער־פאָלק פון מזרח, רויבענדיג און פּלינדערענדיג גאַנץ פאָדער־אַזיען. אויך זיי האָבען צעטרייסעלט די זיילען פון דער אשורישער אימפּעריע. לויט העראָדאָט זיינען זיי אַריינגעדרונגען ביז אין סיריען און האָבען אָנגעשפּאַרט ביז די טויערען פון עגיפּטען. אָבער ווי נאָר דער אָנפאַל פון די סקיטען איז גע־ווען באַזייטיגט, האָבען די מעדער זיך פאַרבונדען מיט די כאַלדעער צו דערלאַנגען נינוה דעם לעצטען קלאַפּ.

יהודה ווערט, דירעקט אָדער אינדירעקט, אַריינגעצויגען אין די אַלע באַוועגונגען. זינט עגיפּטען און מדי האָבען זיך באַפרייט פון אשור, האָט מען נעפיהלט, אַז דער אַל־מעכטיגער קאָלאָס, פאַר וועמען די וועלט האָט יאָהרהונדערטער לאַנג געציטערט, האָט אָנגעהויבען זיך צו וואַקלען. אַ פרישער הויך פון אַ נייעם לעבען און אַ נייער האָפענונג האָט געמוזט דורכ־געהן דורך די אונטערוואָרפענע מדינות. אויך אין יהודה האָט מען אָנגע־הויבען צו טראַכטען, אַז ישעיה איז דאָך גערעכט געווען, ווען ער האָט פאָר־אויסגעזאָגט דעם סוף פון דעם העזה׳דיגען באַריהמער. אשור׳ס געטער זיינען געפאַלען אין ווערדע. די נבואה האָט ווידער באַקומען אַ באָדען אונ־טער זיך און האָט געקאָנט וואַגען זיך צו ווייזען אָפען. און אַז די סקי־טען האָבען ענדליך פאַרפלייצט גאַנץ פאָדער־אַזיען און האָבען באַריהרט אפילו די גרעניצען פון יהודה — דאָס לאַנד גופא האָבען זיי, ווייזט אויס, געשאָנעוועט, — איז די זאַך לגמרי קלאָר געוואָרען: יהוה דערהייבט זיך ווידער צו משפּט׳ן די פעלקער. די ערנסטקייט פון דער צייט און די סכנה וואָס איז פאַרגעשטאַנען פאַר יהודה גופא פאַר אַנדערע איז געווען דער־באָדען, פון וועלכען עס איז אַרויסגעוואַקסען אַ נייע פאַזע פון דער נבואה.

דער ערשטער פון איהרע פאַרטרעטער איז צ פ נ י ה. צי די באַ־פרייאונג פון עגיפּטען אָדער דער אַריינפאַל פון די סקיטען איז געווען פאַר איהם אַ באַזונדערער צייכען פון גאָט׳ס צאָרנדיגען משפּט, זיין איבערצייי־גונג איז, אַז דער „טאָג פון יהוה" וועט קומען מיט אַלע זיינע שרעק. ער וועט פאַרטיליגען די פעלקער אַרום; באַזונדערס אָבער וועט פאַלען דער

שטרענגער משפט אויף אשור (צפניה ב). אבער גאט'ס טאג וועט נעווים אויך טרעפען יהודה גופא, אויב עס וועט ניט קומען א סוף צו איהר אפגעטריי (צפניה א). דאס „איבערגעבליבענע פון דעם בעל", אויך געוואלדטאטען און אויסלענדישע פיהרונגען מוזען צוערשט פאלען, איידער יהודה וועט געשאנעוועט ווערען אין דעם טאג פון יהוה'ס צארן. א קורצע צייט נאך צפניה'ן און, עס ווייזט אויס, נאך פאר יאשיהו'ס רעפארם, איז אויפגעטראטען נ ח ו ם. אשור מוז פאלען, נינוה וועט צעשטערט ווערען, ווארים פון איהר „איז ארויסגעגאנגען דער וואס האט געפלאנעוועט שלעכטס געגען יהוה און דער שאלקהאפטיגער בעל־עצה. איך וועל איהר יאך צעברעכען און איהרע רימענס צעררייסען... פון דיין נאמען וועט ניט מעהר געזעעט ווערען, פון דיין גאט'ס־הויז וועל איך פארטיליגען געשניצטע און געגאסענע בילדער; דיין קבר וועל איך צוגרייטען, ווארים דו ביזט פאראכטעט!" (נחום א 11, 13, 14). זיכער מיט נצחון און פול מיט א כיפער פאראכטונג פאר אשור יובעלט יהודה איבער דעם אונטערגאנג פון איהר מעכטיגען פיינד. אט דעם אונטערגאנג שילדערט נחום מיט אזוינע קלארע, גלענצענדע פארבען, אז עס דוכט זיך, ווי ער וואלט מאלען דאס וואס ער זעהט מיט די אייגענע אויגען. אבער עס קאן זיין, אז עס דוכט זיך בלויז אזוי; עס איז נענוג, אז נחום זעהט פאר זיך אשור'ס אונטערגאנג אלס זיכערען פאקט. דאס ווייזט אויף דער צייט, בשעת אשור איז געווען שטארק נעדריקט דורך די מעדער און די סקיטען, ווארים יהודה האט געמוזט בלויז אין נאמען שטעהן אונטער דער אשורישער ממשלה.

דער גייסט פון דער נבואה, ווי נאר ער האט איינמאל אויפגעוואכט פון זיין דרעמעל, האט שוין געמוזט ווייטער ווירקען. און ווען אין איינינע יאהר נאכדעם ווי נחום איז על־פי השערה אויפגעטראטען איז דער ספר דברים ארויסגעבראכט געווארען אין דער ליכטיגקייט, האט ער געמוזט פאלען אויף א פרוכטבארען באדען. שוין אונטער מנשה'ן, פילייכט שוין אונטער חזקיה'ן, זיינען די טרייע צו יהוה ניט געזעסען מיט פארלענטע הענט; דאס ווייזט לויט אונזער מיינונג די אנטשטעהונג פון ספר דברים. דערנאך ביי מנשה'ס טויט האט, אין צוזאמענהאנג מיט די וועלט־געשעהענישען, די האפענונג פון די פאטריאטען ווידער אויפגעלעבט. אבער־אומזיסט. אמון איז געפאלען, יאשיהו איז נאך געווען א בוינזאמער אינגעל בשעת ער האט באשטיגען דעם טראן. וואס רייפער ער איז געווארען אין יאהרען און וואס מעהר דער גאנג פון די געשעהענישען איז געווען פאר זיין טובה, אלץ מעהר האט ער זיך תפנים צוגעהארכט צו דער נביאיס־

פּאַרטיי. ווארים אַט דעם מאָל איז זי דאָך גלייכצייטיג געווען אויך די פּאַרטיי פון די פּאַטריאָטען, וועלכע האָט געגעדערט געגען אשור.

זינט אשורבאניפּאַל׳ס טויט האָט יאשיהו, וועלכער איז אונטערדעסען אויסגעוואַקסען פון א קינד צו א מאַן, לויזער געמאַכט זיין בונד אלס אשור׳ס וואַסאַל. שפּעטער לכל הפּחות באַטראַכט ער זיך אלס דער האַר און הערשער פון פּאַלעסטינא; ער פיהרט איין רעפאָרמען אין צפון און ער אַטאַקירט פּרעה נכו אויף זיין מאַרש דורך כנען, אזוי ווי ער וואָלט פון אַלעמאָל געהאַט די פולע ממשלה איבער׳ן גאַנצען לאַנד. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט פאַרשווינדט די חשיבות פון די אשורישע, פיליכט אי־בערהויפּט פון די פרעמדע געטער. דער יהוה פון די נביאים קריגט ווידער זיין אַלטען, בכבוד׳יגען פּלאַץ, און צוזאַמען מיט איהם — דער בית־המקדש פון ציון. די פּראָקלאַמירונג פון ספר דברים איז נאָר איין גליד אין א קייט פון ערשיינונגען. נאָך איידער דאָס בוך קומט ארויס אין דער ליכטיגקייט האָט יאשיהו גענומען צורעכט מאַכען דעם בית־המקדש. דאַ ווערט ער באַקאַנט מיט אַט דעם „בוך פון דער תורה“, וואָס גיט א נייעם אינהאַלט צו זיינע שטרעבונגען.

2.

## דאָס געפונענע „בוך פון דער תורה“ און יאשיהו׳ס רעפאָרם.

מיר לעזען אין מלכים ב, קאַפּ. כ״ב און כ״ג, אז יאשיהו האָט צוליב די נויטיג געוואָרענע איבערבויאונגען אין בית־המקדש געשיקט אהין זיין מלוכה־שרייבער שפן ארויסצונעמען דאָס געלט וואָס איז אריינגעלעגט גע־וואָרען פון פאָלק אין דעם קאַסטען און צו באַצאָהלען דערמיט די בעלי־מלאכות. ביי דער געלעגענהייט גיט דער כהן חלקיה איהם איבער א בוך מיט דער באַמערקונג: „איך האָב דאָס בוך פון דער תורה געפונען אין יהוה׳ס הויז“. שפן לייענט עס, דערצעהלט דעם קעניג וועגען דעם און לעזט עס איהם אויך פאָר. דער קעניג צערייסט זיינע קליידער, מחמת ער איז געווען דערשראָקען איבער דעם היפוך צווישען די ביז־אהעריגע מנהגים פון דינען גאָט און דעם ניי־געפונענעם בוך פון דער תורה. ער שיקט דע־ריבער חלקיה׳ן מיט שפן׳ען און נאָך אנדערע פון זיינע הויכע באַאַמטע צו א נביאה מיט׳ן נאָמען חולדה צו פרעגען ביי איהר אַן עצה. אויף איהר ענטפער לאָזט ער צוזאַמענקומען די פאָרשטעהער פון יהודה און ירושלים

אין הויף פון בית־המקדש און לעזט פאר זיי פאר „אלע רייד פון דעם בוך וואס איז געפונען געווארען אין יהוה׳ס הויז“. דער קעניג שליסט דאן א בונד פאר יהוה צוזאמען מיט דעם פאלק צו היטען אלץ וואס שטעהט גע־שריבען אין יענעם בוך. די שבועה ווערט באלד גענומען ערנסט און מ׳שאפט אפ אלע אומווירדיגקייטען און מ׳מאכט א יום־טוב פסח אויף א נייעם שטייגער.

צי פארדינט די דערצעהלונג געגלויבט צו ווערען? און וואס לערענט זי אונז? זי איז עטוואס איבערגעארבייט געווארען, אבער בעצם אנטהאלט זי אין זיך א געשלאסענעם באריכט, וואס שטאמט, ווייזט אויס, פון א פער־זאן וואס איז געשטאנען נאהנט צו די פאסירונגען. פארפאסט געווא־רען איז דער באריכט העכסט וואהרשיינליך נאך פאר יאשיהו׳ס טויט*). דער פארפאסער שטעהט בכן בלויז א 10־12 יאהר דערווייטערט פון די געשעה־ענישען. און אפילו ווען די דערצעהלונג זאל זיין מיט איינינע יאהר־צעהנדליג אינגער, וואלט אויך ניט געווען וואס אויסצוזעצען געגען איהר גלויבערדינקייט. נו, איז אבער קיין ספק ניט, אז דאס בוך פון דער תורה, וואס קומט דא אין באטראכט, איז אשטיינער ניט דער גאנצער חומש אדער דעם אזוי־גערופענער „בוך פונ׳ם בונד“ (ספר הברית**). די באַ־זייטיגונג פון די במות און זייערע כהנים, אויך פון די מצבות און אשרות, א רעפארם וואס דער קעניג פיהרט דורך אויפ׳ן גרונט פון דעם נייעם גע־זעץ; דעם יום־טוב פסח, וואס ער לאזט פייערען אויף א נייעם שטייגער; די קללות געגען די וואס וועלען עובר זיין אויף די געזעצען, וואס מ׳מיז אננע־מען, אז ער גופא און חולדה האבען געפינען אין דעם בוך פון דער תורה — אט דאס אלץ לאזט ניט אויפקומען דעם מינדסטען ספק וועגען דעם, אז דאס בוך, וואס חלקיה האט געפונען, איז געווען דער ספר דברים***). די פראגע איז נאר: וויפיעל פון היינטיגען ספר דברים איז שוין דאמאלסט גע־לעגען פאר יאשיהו׳ן? נאך וויכטיגער איז די אנדערע פראגע: ווען און אויף וואס פאר אן אופן איז יענעם בוך געשאפען געווארען?

בנוגע צו דער ערשטער פראגע שטימען די פארשער איין, אז דאס

*) די נבואות איבער יאשיהו׳ן וואלט געטווזט האבען אן אנדער נוסח, ווען זי וואלט געשטאמט פון נאך זיין דורכאוים ניט נאטירליכען טויט (כ״ב 20).

**) זעה אין ערשטען באנד ז. 289, 290.

***) עס איז גענוג אנצואווייזען אויף דברים י״ב און ט״ז; פערגלייך אחוץ דעם דברים י״ח פון פסוק 1 און טיט מלכים ב. כ״ג פון פסוק 9 און

הײנטיגע פינפטע בוך פון חומש איז ניט אײנהײטליך און אז פארשידענע הענט האבן געארבײט אין זײן צוזאמענשטעלונג. דערפאר אבער הערשן פארשידענע מײנונגען װעגן דעם אינהאלט פון דעם אזױ־גערופענעם „אור־דברים”. מיר װעלן זיך דא דעריבער מוזן באגנוגענען פעסטצושטעלן דעם פאקט, אז דער „אור־דברים” איז געװען אסך קלענער װי דאס הײנטיגע בוך, אבער אז ער האט לכל הדעות אנטהאלטען די הױפּט־געזעצן אין הײנטיגען ספר דברים, װעלכע זײנען געװען פונדאמענטאל פאר יאשיהו׳ס רעפארם, און אז ער האט שװערליך זיך באשרענקט אויף די דאזיגע הױפּט־געזעצן.

פון א פיעל גרעסערער װיכטיגקײט איז די אנדערע פראגע, בנוגע דער צײט און די אומשטענדען װען דער אור־דברים איז פארפאסט געװארן. די דאזיגע פראגע פאלט צום גרעסטען טײל צוזאמען מיט נאך א פראגע: צי האט דער כהן גדול חלקיה טאקע באמת געפונען דאס בוך, אדער ער האט נאר געמאכט אזא׳ן אנשטעל? אין דעם לעצטען פאל קומט ארויף דער חשד, אז ער גופא איז געװען דער מחבר אדער איז יעדענפאלס נעשטאנען זעהר נאהנט צום מחבר. מ׳װאלט דאן דארפען אננעמען אלס העכסט װאהרשײנליך, אז דאס בוך איז נאר װאס געשאפען געװארן. אין פאל אבער אויב חלקיה האט טאקע געפונען דאס בוך, דאן קאן זײן, אז עס איז נעלעגען אויף זײן ארט שױן א לענגערע צײט.

קודם כל מוז מען האלטען אין זינען, אז דער שרײבער פון דעם באריכט באטאנט צװײ מאל, אז דאס בוך איז „געפונען” געװארן: אײנמאל באטאנט ער עס דורכ׳ן מויל פון כהן, דאס צװײטע מאל פון זיך אלײן. ער מאכט בכן פאר דאס װארט פאראנטװארטליך ניט בלויז חלקיה׳ן, נאר ער גופא שטעלט זיך פאר דעם אײן. אויב חלקיה גופא אדער אײנער פון זײנע חשוב׳ע חברים אין דער כהונה זאל זײן דער דערצעהלער, דאן װאלט דער חשד בלײבען אויף דעם שרײבער פון באריכט. אזױ אבער װי דאס איז פאקטיש אויסגעשלאסען*), איז דער דערצעהלער ענטװעדער

*) מלכים ב, כ״ג 8, 9 מאַכט בפירוש אויפמערקזאם אויף דער סתירה צװישען דער פאקטישער האלטונג פון די כהנים פון ירושלים און דעם װילען פון די געזעצגעבער, און עס װערט אפילו גאָר ניט פרובירט צו דערקלערען אדער צו אנטשולדיגען די דאָזיגע סתירה (פארגלײך דברים י״ח 6, 8, װאו עס װערט אויסדריקליך געזאָגט, אז די כהנים פון די במות מעגען קומען אין ירושלים און נעמען א גלײכען אנטײל אין קולט מיט די דאָרטיגע כהנים). חלקיה אדער אײנער פון זײנע מקורבים װאלט געװיס לכל הפחות אָנגעגעבען אויף װאָס פאר א גרונט די כהנים

אליין איינער פון די אפגעגעבענע ארער ער ניט איבער א פאקט. צוליב אנדערע טעמים איז אבער וואהרשיינליך, אז ער ניט טאקע באמת איבער א פאקט. וואלט חלקיה אדער איינער פון זיינע מקורבים געווען דער פארפאסער פון בוך, דאן וואלט אין ספר דברים אין איין וויכטיגען שטעל געמוזט שטעהן אנדערש ווי עס שטעהט דארטען היינט. ווארים אז חלקיה איז געווען דער הויפט פון א שטרענגער פריסטער־הערשאפט פון ירושלים, האבען מיר אן אבסאלוט זיכערע עדות אין דער ידיעה וואס דערציילט, אז די פריהערדיגע כהנים פון די במות זיינען ניט צוגעלאזען געווארען צום מזבח אין ירושלים. אהן א ספק געגען דעם ווילען פון די געזעצגעבער און פון דעם קעניג און דורך דער ווירקונג פון די כהנים*). דאס איינציגע מיטעל זיך מפרנס צו זיין בכבוד אלס כהנים איז דערמיט צוגענומען געווארען פון זיי מיט געוואלד. וואס מעהר זיי זיינען אראפגעדריקט געווארען צו דער מדרגה פון פריסטערליכע פראלעטאריער, אלץ מעהר שנאה האבען געמוזט פיהלען צו זיי די עגאאיסטישע כהנים פון ירושלים. ווי פעהיג מ'זאל בכן נים האלטען אזוינע הערשזיכטיגע מענער ווי חלקיה אנצוגעבען פאר דער וועלט, אז זיי האבען כלומר'שט געפונען א בוך, איז אבער אוממעגליך צוצושרייבען צו זיי די פסיכאלאגיש דורכאוים אומפארשטענדליכע דומהייט, אז זיי זאלען האבען געגעבען דעם בוך די געשטאלט וואס עס האט היינט. דאס וואלט געהייסען פאר זיי, אין אן אומבאגרייפליכער קורצזיכטיגקייט, אפטאן נאר א האלבע ארבייט, אויב דוקא דעם הויפט־פונקט, וואס איז פאר זיי געווען דער סאמע עיקר, ווייער באציהונג צו די כהנים פון לאנד, האבען זיי געלאזען דורכצופיהרען מיט דער איינעגער האנט, בעת דאס בוך פון דער תורה האט זיי געגעבען די מעגליכקייט דאס צו טאן מיט דער העכערער אויטאריטעט פון יהוה.

דערמיט איז קלאר בפירוש צו זעהן, אז חלקיה אדער איינער פון די

---

פון ירושלים האבען אנגענומען אזא שטעלונג צו די כהנים פון די במות. אז די פארשווייגונג, נאך פארשטארקט דורך א „נאר" („אך") וואס קלינגט ווי א פארוואורף, שליסט אומבאדינגט אויס חלקיה'ן און זיינע פריינד פון דער פארפאסערשאפט.

*) דער קעניג איז לויט כ"ג 3 אנטשלאסען זיך צו האלטען שטרענג ביי דעם ווארט פון דער תורה. וויבאלד אבער אז דער גאנג פון די געשעהעניסען האט זיך פארנומען אויף אן אנדער וועג אין יענעם וויכטיגען פונקט, קאנען נאר די כהנים געמאכט ווערען פאראנטווארטליך פאר דעם, און פון די כהנים — ווייער הויפט, ווייל ער איז לויט כ"ג 4 דער פיהרער פון דער גאנצער באוועגונג אין קעניג'ס נאמען.

וויכטיגע מענער צווישען די כהנים איז ניט געווען דער פארפאסער פון דעם בוך און האט אויך ניט גענומען קיין ערנסטען אנטייל אין זיין פאר־פאסונג. דער היתר צו די כהנים פון די במות צו קומען אין ירושלים מקריב זיין קרבנות האט קיינמאל ניט געקאנט שטאמען פון חלקיה'ס קרייז, ווענער, ווי מ'זעהט, האט דאס גאר ניט געלאזט דורכפיהרען. אזא שטע־לונג צו די כהנים פון די במות איז נאר פארשטענדליך ביי איינעם פון די נביאים־קרייזען אדער פון די נידעריגערע שיכטען פון די כהנים פון בית־המקדש*).

ווען מ'האלט נאך אין זינען, אז אויך ביי אנדערע פעלקער טרעפען מיר דעם מנהג אוועקצולעגען אין א הייליגען ארט הייליגע ביכער, דאקו־מענטען און געזעץ־שריפטען, דאן איז וואהרשיינליכער ווי אלץ אנצונעמען אז דא האנדעלט זיך וועגען א בוך, וואס איז אוועקגעלעגט געווארען אין בית־המקדש און וואס חלקיה האט געפונען**). די שטעלען אין דעם דאזי־גען בוך, וואו עס רעדט זיך וועגען צענטראליזירען דעם קולט אין איין איינ־ציגען ארט, זיינען פארפאסט געווארען אונטער מנשה'ן, אויב ניט נאך פריי־

*) דער פארפאסער איז הפנים געווען א מאן פון אזא פאזיציע ווי אשטייגער ירמיה'ס פאמיליע, דאס הייסט פון די נידעריגערע פאמיליען פון די כהנים, שטע־הענדיג גלייכצייטיג נאהנט צו די קרייזען פון די נביאים. אז ער האט דאך גע־קאנט זיין א מאן פון גרויס חשיבות און מיט א גרויסער השפעה, ווייזט דער ביישפיל פון ירמיה'ן.

**) ס'איז כדאי צו באמערקען, אז חלקיה גלויבט, אז ער האט געפונען „דאס" בוך פון דער תורה (כ"ב 8). וואס וויל ער דערמיט זאגען? עס האט דאך שוין עקסיסטירט דער „ספר הברית", פארוואס רעדט ער בכן ניט פון „א" בוך פון דער תורה? הפנים דערפאר, ווייל ער איז זיך משער אז דאס בוך געהערט צום בית־המקדש, אז עס איז דאס הייליגע געזעץ פון ירושלים. אט אזוי האט מען, ווייזט אויס, געקוקט אויף דעם ספר דברים. שילה, בית־אל, שכם און אנדערע אלטע היי־ליגטימער האבען הפנים שוין לאנג געהאט זייער אייגען געזעץ; מיר זיינען גענייגט צו דערקלערען אויף דעם דאזיגען אופן די אנטשטעהונג פון ספר הברית, פון שמות ל"ד 11—26 און אויך פון אנדערע שטיקער געזעצגעבונג. ירושלים אלס דאס אינגסטע הייליגטום באקומט איהר תורה צולעצט. עס קאן זיין, אז מ'האט אוועק־געלעגט די תורה אין אן אפענעם ארט, אדער אויך אז מ'האט זי באהאלטען אין א ליימענעם קאסטען, אדער ארייגעלעגט אין מויער. אזא ליימענעם קאסטען האט מען אויסגעגראבען אין תענך. דער קריסטליכער קירכען־פאטער אריגען (אין 3טען יאהר־הונדערט) האט געפונען אין אזא ליימענעם קאסטען אין יריחו טעקסטען פון דער ביבעל. אין עגיפטען און אין אשור, ווייסען מיר, פלעגט מען ארייגלעגען אזוינע געשריבענע דאקומענטען אין פונדאמענט פון א טעמפעל.

העד שוין אונטער חזקיה'ן, בעת אנדערע שטיקער וואָס זיינען אין איהם אריינגעשטעלט געוואָרען, שטאַמען צום טייל פון אַ סך א פריהערינגער צייט*).

געפונען האָט מען דאָס בוך אין דעם 18טען יאָהר פון דעם קעניג, דאָס הייסט בכן אין יאָהר 621, קורץ פאַר פסח. מ'זעהט קלאָר, אז דאָס בוך איז געווען א פּרוכט פון דעם גייסט פון די נביאים. דאָס וואָס די נביאים האָבען תמיד געפאָדערט: אז מ'זאָל האַלטען יהוה'ס געזעצען און טאָן זיין ווילען, איז איצט אויסגעדריקט געוואָרען אין קאָנקרעטע פאָדערונגען, וועלכע האָבען געוויזען ווי די אידען מוזען זיך אויפפיהרען אין לעבען כדי צו זיין הייליג און צו זיין די קינדער פון דעם „הייליגען פון ישראל", ווי ישעיה האָט איהם אָנגערופען. די נבואה איז דערמיט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א תורה, אין א געזעץ, און איז אריינגעטראָטען אין דער ספערע פון דער כהונה. די איינציגקייט פון יהוה און די פּאַסיגע אייפפיהרונג אין קולט און אין לעבען איז דער גרונט־געדאַנק פון דעם בוך. אָבער דער וועג ווי דאָס דורכצופיהרען איז אין א גרויסען טייל די באַנייטע רייניגונג פון קולט. דער ספר דברים — און פילייכט דער שוין אונטער יאשיהו געפונענער — אנטהאַלט אויך אין א גרויסער צאָהל מאָראַלישע און סאָציאַלע געבאָטען, וועלכע באַצוועקען צו פאַרווירקליכען אין לעבען פון פאָלק דעם אידעאַל פון יושר פון די נביאים. דאָס זיינען אָבער געווען נאָר פאָדערונגען, אַזעלכע ווי די נביאים האָבען לאַנג שוין אויפגעשטעלט. מיר ווייסען אויך ניט ווי ווייט זיי האָבען געהערט צו דעם דאַמאָלסט געפונענעם בוך

---

*) עס קאָן געמאָלט זיין, אז שלמה'ס בית־המקדש האָט שוין אין זעהר א פריהיגער צייט געהאַט זיין אייגען טעמפּעל־געזעץ. זיין אינהאַלט האָט געמוזט זיין צום טייל נאָהענט פאַרוואַנדט, צום טייל אידענטיש מיט דעם ס פ ר ה ב ר י ת און מיט דער שטיק געזעצגעבונג אין שמות ל"ד 11—26. אָבער אין משך פון דער צייט זיינען די דאָזיגע געזעצען אַליין איבערגעאַרבייט און פאַרברייטערט געוואָרען, לויט די באַדערפעניששען פון דער פּראָגרעסירענדער צייט. ס'האָט אָבער אין מאַנכע צייטען אויך געמוזט אויפהערען ארבייטען אויף די דאָזיגע געזעצען אדער זיי גאָר ביי דער זייט אוועקלעגען, ווען זייער אנטוויקלונג און מכשות'דיגע דורכפיהרונג האָבען זיך אנגעשטויסען אין לעבען אויף גרויסע שוועריגקייטען. א טעמפּעל־ארכיוו האָט, ווי אומעטום, אַזוי אויך אין ירושלים בלי ספק עקזיסטירט שוין זעהר פריה. פאַרעלטערטע שטיקער געשריבענע האָט מען אוודאי איבערגעשריבען און אזוי האָט מען אויך הפנים אוועקגעלעגט אָן א זייט „דאָס בוך פון דער תורה" פון ירושלים, נאָכדעם ווי א כהן פון ישעיה'ס שולע האָט עס ניי באַארבייט אין דעם גייסט פון די נביאים, ארויסוואַרפענדיג עלטערע קולט־פאָרשריפטען.

פון דער תורה. דאָס וואָס האָט געקאָנט גלייך דורכגעפיהרט ווערען, וואָס איז געווען אין פולקומען איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון דער צייט און וואָס האָט פאַרשפּראָכען אומצוענדערען פון גרונט אויס די דאַמאָלסדיגע רעליגיעזע פאַרהעלטעגישען — איז געווען די ענערגישע דורכפיהרונג פון דעם איינהייטס־געדאַנק, פון דעם געדאַנק פון איין גאָט און פון איין אָרט וואו מ'קאָן דינען צו איהם.

ס'איז דערפאַר אַסך מעהר ווי א צופאַל, וואָסביידע טיילען, נביאים און כהנים, זיינען געווען גלייך באַטייליגט אין דער עפענטליכער אַנערקענונג פון דעם בוך און אין דער דורכפיהרונג פון זיין פאָדערונג. דער כהן חלקיה ציהט ארויס דאָס בוך אין דער עפענטליכקייט, אַנערקענענדיג זיין באַדייטונג, כאָטש עס איז ניט געווען אין פולען איינקלאַנג מיט אַלע זיינע איעדאַלען; און די נביאה חולדה באַאיינפלוסט דעם קעניג'ס באַשלוסען מיט איהר נביאות. די היידנישע סימבאָלען און מזבחות, וועלכע זיינען אויפגעקומען זינט מנשה'ן און צום טייל זינט אחז'ן, ווערען פון דאָס ניי באַזייטיגט און דער בית־המקדש ווערט גרינטליך גערייניגט. דאָס זאָל אָבער איצט דורכגעפיהרט ווערען ענערגישער און גרינטליכער ווי אונטער חזקיה'ן. די כהנים פון די לאַנד־שטעדט ווערען דעריבער געבראַכט קיין ירושלים און זייערע הייליגע במות ווערען פאַרשוועכט. ביי דער אויגענבליקליכער שוואַכקייט פון דער אַשורישער הערשאַפט איז יאשיהו בכוח אויסצושפּרייטען זיין טעטיגקייט איבער די גרעניצען פון זיין אייגענטליכען לאַנד. זיין רעפאָרם טרעפט די יהוה־דינער אין דער פריהערדיגער טעריטאָריע פון ישראל, וועלכע איז זינט 100 יאָהר געווען אַן אשורישע פּראָווינץ; דער מזבח פון בית־אל ווערט צעשטערט*). דערביי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַוועגונג, וואָס די כהנים פון די אָפּגעשאַפטע במות זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען ניט לויט דעם ווערטליכען נוסח פון דער נייער תורה און ניט לויט דעם אורשפּרינגליכען וואונש פון דעם קעניג. דער געזעצגעבער פון ספר דברים האָט געוואָלט, אַז די כהנים פון די במות זאָלען בלייבען אויף זייערע ערטער און זאָלען בלויז אויפגעבען דאָרטען די כהונה; אַלס געסט מעגען זיי קומען ווען זיי ווילען קיין ירושלים און זיך באַטייליגען אין די קרבנות. יאשיהו האָט קענטיג געהאַט בדעה נוט צו מאַכען דעם שאַדען פון די כהנים, וועלכע זיינען איצט געבליבען אָהן ברויט, דערמיט וואָס זיי וועלען אויפגענומען ווערען צווישען די כהנים פון בית־המקדש.

*) זעה אויבען ז. 76 און 132.

די כהנים פון בית־המקדש אבער האבען זיך געשטעלט אנטקעגען דעם אומגעוואונשענעם צוואוואוקס און האבען זיי ניט צוגעלאזען צום מזבח. די כהנים פון בית־המקדש מאנאפאליזירען איצט פאקטיש די רעכטען פון דער כהונה; די ביז־אהעריגע לויים פון די לאנד־היילינגטימער בלייבען גייסטליכע פון א נידעריגערען ראנג. אלס געזעצליך ווערט דער דאזיגער צושטאנד אנערקענט דורך יחזקאל.



## די באדייטונג פון דער רעפארם.

דורך דער פראקלאמירונג פון דער תורה פון ספר דברים אונטער יאשיהו׳ן ווערט ניט בלויז דאס רעליגיעזע, נאר מ׳קאן זאגען דאס גאנצע גייסטיגע לעבען פון אידישען פאלק געשטעלט אויף א נייעם יסוד. אבער ניט בלויז די געשטאלטונג און דעם גורל פון יודענטום האט זי באשטימט. דורך איהר זיינען אויך ארויסגערופען געווארען כאראקטעריסטישע שטריכען פון יענע רעליגיאנען, וועלכע זיינען אויסגעוואקסען אויף דעם באדען פון יודענטום; דאס זיינען דאס קריסטענטום און דער איסלאם. די נאכווירקונגען פון יענע געשעהענישען אונטער יאשיהו׳ס רעגירונג, וואס די אנפיהרער זייערע האבען ניט געקאנט האבען די מינדסטע אהנונג פון זייער באדייטונג, לאזען זיך פיהלען עד היום.

די אומגעשטאלטונג פון אלע פארהעלטענישען האט געמוזט טרעפען שארף דעם דור, וועלכער האט דורכגעלעבט די איינפיהרונג פון ספר דברים. ווארים דאס האט געבראכט מיט זיך פארענדערונגען, וואס האבען אריינגעשניטען טיף ביז אין די ענינים פון דעם סאמע טעגליכען לעבען. פאר מאדערנע מענשען איז שווער היינט דאס צו פיהלען. דאס קאן איבערהויפט נאר געשעהן, ווען מ׳שטעלט זיך פאר די באדייטונג פון דעם קולט פאר דאס טעגליכע לעבען אין אלטערטום. אלע אפפער־ערטער אויסער ירושלים פאלען אוועק. דאס באדייט מעהר ווי אז דער איד קאן איצט דינען גאט אין דעם ארט וואו ער וואוינט בלויז מיט תפלות און מיט׳ן רופען צו גאט; דאס באדייט א טיפען שניט דורך דער נאנצער ארטיגער אויספיהרונג פון לעבען. ניט בלויז בנוגע צו ימים־טובים. נאר א וויימגע־

הענדיגע ענדערונג אין די טעגליכע געוואוינהייטען פון דעם הויזליכען און בירגערליכען לעבען. ביי די אמאליגע אידען האבען געמעגט עסען פלייש נאר די וואס זיינען געווען טהור. שעכטען א בהמה און עסען פלייש איז געווען א רעליגיעזע האנדלונג, ווארים יעדע שעכטונג איז געווען א קרבן (זבח). דער הויז־פאטער האט געשאכטען, רופענדיג צו יהוה. איצט אבער קאן מען דאך ניט פארלאנגען, אז דער איינצעלנער איד, וועלכער וויל מאַכען א פרעהליכע סעודה, זאל געהן מיט דער בהמה וואס ער וויל שעכטען און מיט אלע איינגעלאדענע געסט קיין ירושלים, — דעם איינציגען ארט וואו מ'האט געמעגט מקריב זיין קרבנות זינט דער רעפארם. א גאסט קומט, די העפליכקייט פאדערט, אז מ'זאל שעכטען לכבוד איהם א בהמה פון דער סטאדע און מ'זאל מאכען א הולאנקע. דאס קאן מען איצט נאר טאן אין ירושלים. ס'איז דערפאר געווען א נויטווענדיגער באדינג פון דער צענטראליזירונג פון קולט אין שלמה'ס בית־המקדש מתיר צו זיין צו שעכטען אויך ניט אפפערענדיג. פון א קולט־האנדלונג ווערט די שעכטונג א האנדלונג, וועלכע שטעהט בלויז אונטער א רעליגיעזער השגחה; מען מוז נאר אכטונג געבען, אז דאס בלוט זאל אויסגעגאסען ווערען אויף דר'ערד און מענשען זאלען דערפון קיין הנאה ניט האבען. דאס פלייש־עסען גופא ווערט דערמיט איצט לגמרי א וואכעדיגע זאך. פריהער האט מען געמוזט מאכען אן אפפער־מאהלצייט, ווען מ'האט געוואלט געניסען פון פלייש; און מ'האט דעריבער געמוזט זיין טהור. איצט אבער הענגט עס בלויז אפ פון איינעם'ס קעשענע, צי ער זאל עסען פלייש אדער ניט. „דו מעגסט שעכטען און עסען פלייש מיט דער גאנצער לוסט פון דיין זעל לויט דער ברכה פון דיין גאט יהוה וואס ער האט דיר געגעבען אין אלע דיינע טויערן, דער טהור'ער און דער טמא'ער קאנען עס עסען ווי דעם הירש און די גאזעל. נאר דאס בלוט טארט איהר ניט עסען, אויף דר'ערד זאלט איהר עס אויסגיסען ווי וואסער" (דברים י"ב 15, 16). פון דאמאלסט אן שעכט מען גאר גלאט אזוי בהמות און מען מאכט וואכעדיגע הולאנקעס, אהן א פארבינדונג מיט דער רעליגיאן. אט אזוי איז דורכגעבראכען געווארען דורך דער רעפארם אן אוראלטע זיטע.

די צאהל פון די קרבנות איז דורך דער רעפארם אסך געפאלען, ווארים צו ברייננגען א קרבן האט געהייסען זיך גרייטען אין וועג אריין קיין ירושלים, און דאס האט געפאדערט אי צייט, אי געלד. א פלייסיגער און אויסגערעכענטער הויז־פאטער האט זיך דעריבער פריהער גוט מיישב געווען ביז ער האט באשלאסען צו ברייננגען א קרבן. דאס מקריב זיין א

קרבן ווערט דעריבער איצט לגמרי אפגעזונדערט פון די פארשידענע זיך בייטענדיגע עסקים פון טעגליכען לעבען. אויב מען מוז שוין בריינגען א קרבן, לעגט מען עס אפ אויף די ימים־טובים, ווען מען מוז סיי ווי סיי זיין אין היילגטום. אט דערפון בילדעט זיך אויס דער שארפער חילוק צווישען דעם וואכעדיגען לעבען און דעם לעבען פון יום־טוב־צייט, צווישען דער וואכעדיגער שטימונג און דער יום־טוב'דיגער שטימונג.

זינט מ'האט מקריב געווען קרבנות זעלטענער און נאר צו א יום־טוב, איז נאטירליך געוואקסען די באדייטונג פון דעם קרבן. אבער ניט פאר אלע מינים קרבנות איז ארויסגעקומען די זעלביגע טובה דערפון. און דערמיט הייבט זיך אן א נייע אנטוויקלונג אין דעם ענין פון קרבנות, אן אנטוויקלונג, וועלכע האט געפונען איהר אפשלוס אין תורת כהנים (ויקרא). די באדייטונג פון דעם פרידענס־אפפער (זבח שלמים), דער אפטעסטער קרבן אמאל ביי די אידען, נעמט איצט איבער דער גאנץ־אפפער (עולה), דער אייגענטליכער קרבן פון א יום־טוב. דער „קרבן־שלמים" האט נאר דערהאלטען זיין באדייטונג ביי נדרים. דער עיקר אבער איז דאס וואס איצט איז געלעגט געווארען דער יסוד, אויף וועלכער דער זינד־אפפער האט זיך אנטוויקעלט צו זיין שפעטערער באדייטונג. באצאהלען א דאנק־אפפער און מקיים זיין א נדר האט זיך געלאזט מדחה זיין ביז צום קומענדיגען יום־טוב. אנדערש איז אבער ווען עס האנדעלט זיך מכוח באזייטיגען א פארשוועכונג, כדי צו ווערען צוריק פעהיג אנטייל צו נעמען אין קולט, אפצואווישען יהוה'ס צארן. ווער האט געקאנט אזא זאך אפלעגען? דער באטראפענער האט זעלבסטפארשטענדליך געמוזט געהן אזוי שנעל ווי מעגליך אין הייליגען ארט צו קריגען די הילף פון דעם כהן. די דאזיגע אנטוויקלונג האט זיך אבער ניט גלייך ארויסגעוויזען. דער ספר דברים הייסט נאך בריינגען א קרבן „פרעהען זיך מיט יהוה". אבער דערמיט וואס מ'האט באזייטיגט אלע קולט־ערטער אויסער ירושלים, דערמיט וואס מ'האט אויפגעשטעלט אלס אידעאל די אויפהאלטונג פון דער אויסערליכער הייליגקייט און אלס ריכטשנור פאר'ן קולט און זיטע א פעסטשטעהענדיג געזעץ — האט מען אריינגעשניטען אין ווארצעל פון דער אלטער זיטע און דער אלטער שטימונג פון אפפערען און מ'האט צוגעגרייט די שפעטערע רעליגיעזע שטימונג פון יודענטום.

ווייטער באדייט די באזייטיגונג פון די במות און די איבערפיהרונג פון זייערע כהנים, א צעטרייסלונג פון דער אמינגער זיטע בכלל. דאס וואס מ'האט תפלה געטאן און מקריב געווען קרבנות ביים זעלביגען מזבח,

וואס מ'האט פראקטיצירט דיזעלביגע קולטישע מנהגים, וואס מ'האט זיך דערצעהלט מיט גדלות דיזעלבינע לעגענדען וועגען דעם הייליגטום און זיין אנטשטעהונג — דאס אלצדינג איז געווען דער באנד וואס האט פעסט צו־נויפגעבונדען די געמיינדע אדער די גאנצע געגענד. און די גאנצע אויפ־פיהרונג פון דעם דאזיגען קיבוץ איז געשטאנען אונטער דעם שוץ פון דעם שותפות'ען מזבח. זיינע כהנים האבען השגחה געטאן, אז די דאזיגע אויפ־פיהרונג זאל איבערגעהן מיט אלע פרטים פון די פאטערס צו די זיהן. אט די אויטאריטעט פון די לאנד־כהנים איז אפגעשאפט געווארען; אלס איינ־צינע אויטאריטעט וועגען דעם, וואס עס איז אין איינקלאנג מיט יהוה'ס ווילען און איז דערפאר לויט דער אידישער זיטע, זיינען איצט אויפגעשטעלט געווארען א בוך און די קעניגליכע כהנים. מ'האט מעהר ניט געקאנט אין פארפלאנטערטע ענינים קומען נאך אן עצה צום כהן אין איינעגעם ארט, מ'האט זיך דארטען מעהר ניט געקאנט דערקונדיגען יהוה'ס ווילען דורך אן אראקעל, ניט מעהר באקומען דארטען אן אנטשיידונג אין א משפט. די גאט'ס־מענער, וועלכע זיינען שוין געווען די אינטימע און אויספרובירטע יועצים פון די טאטעס און די זיידעס און וועלכע האבען געשעפט זייער ווי־סען פיליכט פון די באריהמטסטע גאט'ס־מענער פון די אלטע צייטען, זיינען איצט דערוויטערט געווארען און זיי זיינען איצט לגמרי אפגעהאנ־גען פון דעם חסד פון די כהנים פון בית־המקדש אין ירושלים. „ווען עס וועט זיין פאר דיר א זאך צו שווער אפצו'פסק'ענען צווישען בלוט און בלוט, צווישען א דין און א דין, צווישען א קלאפ און א קלאפ — שטריי־טיגקייטען אין דיינע טויערן, זאלסטו אויפשטעהן און ארויפגעהן צו דעם ארט וואס דיין גאט יהוה וועט זיך אויסקלייבען. און דו זאלסט קומען צו די כהנים, די לויים און צו דעם שופט*) וואס וועט זיין אין יענע טעג און דו זאלסט אנפרעגען און זיי וועלען דיר פסק'ענען“ (דברים י"ז 8, 9).

אין משפט'ען האט די איינפיהרונג פון ספר דברים אין איין פונקט אם טיפסטען איינגעשניטען אין אידישען לעבען. יעדערער פון די קולט־ערטער, וועלכע יאשיהו האט אפגעשאפט, איז געווען א „מקום־מקלט“ פאר די וואס האבען דערשלאגען א מענשען. דורך דעם איז עס מעגליך געווא־רען צו פארוואנדלען די אלטע זיטע פון בלוט־נקמה אין א געארדנעטען

---

*) דער פארפאסער קאן נאטירליך ניט זאגען „מלך“, ווייל ער וויל ארויס־רופען די פארשטעלונג, אז ער שרייבט פאר דער אריינוואנדערונג אין מערב־זייט פון ירדן.

משפט און דער עיקר—דורך דעם איז מעגליך געווארען צו ערציהען דאס פאלק
ווי צו אונטערשיידען צווישען מארדען און טויט־שלאגען. ביי דעם מזבח האט
געזוכט זיך צו ראטעווען דער וואס האט גע'הרג'עט א מענשען, ביז דער־
פסק־דין פון די זקנים, די פארשטעהער פון די פאמיליען, האט באשלאסען.
צי ער האט עס געטאן מיט פלייס אדער אומגערן און צי מ'דארף איהם אויס־
ליפערען דעם באשולדיגטען פון דעם היילינגטום צום „גואל הדם". דערי־
בער פאדערט דער ספר דברים (קאפ. י"ט), אז אום עס זאלען ניט פארקו־
מען קיין אומזיסטיגע בלוט־נקמות זאלען אפגעזונדערט ווערען דריי שטעדט
אלס „ערי מקלט". ווארים ווען אט די אומגליקליכע וואלטען געמוזט
לויפען ביז ירושלים, וואלט ניט איינער פון זיי געפאלען אויפ'ן וועג אלס
קרבן פון בלוט־נקמה. די דאזיגע דריי שטעדט, הייסט עס, זאלען אנהאל־
טען אויף ווייטער די רעכטען פון זייערע מזבחות, נאכדעם ווי די מזבחות
גופא זיינען צעשטערט געווארען. דאס איז געווען א מיטעל זיך צו העל־
פען אין דער נויט.

מיט די מזבחות זיינען אויך געפאלען די לאקאלע ימים־טובים. ווער
עס ווייסט ווי די דאזיגע ימים־טובים זיינען איינגעבאקען ביי די מענשען
אין הארצען, דער וועט פארשטעהן ווי טיף דאס האט אריינגעשניטען אין
דעם געפיהל פון יענעם דור. דערין איז אבער געלעגען א גרויסער רעלי־
גיעזער פראגרעס. אין קיין זאך דערהאלטען זיך ניט אזוי לאנג די נאכוויר־
קונגען פון עלטערע רעליגיאנס־שטופעס ווי אין די דאזיגע ימים־טובים.
זייער אפשאפונג האט דעריבער גלייכצייטיג באדייט די ענדגילטיגע באזיי־
טיגונג פון דער רעליגיעזער וויכטיגקייט פון די לאקאלע העלדען און זייערע
קברים, פון די הייליגע ברונימער, שטיינער, קוואלען. עס וואלט נאטירליך
געווען א גרויסער טעות זיך פארצושטעלען, אז עס האט גלייך אויפגעהערט
יעדער קולט ביי זיי, ווארים איינצעלנע אזוינע מנהגים האבען זיך דער־
האלטען ביז אויף היינטיגען טאג. דאך האבען די דאזיגע היילינגטימער
אנגעווארען דורך דער רעפארם זייער שייכות צו דער אפיציעלער רעלי־
גיאן; און די מנהגים, וואס מ'האט ביי זיי פראקטיצירט, זיינען פארדוקט
געווארען אויף דעם געביט פון דעם פארבאטענעם, אבערגלויבישען קולט.

דערפאר האבען די דריי גרויסע ימים־טובים: פסח, שבועות, סוכות,
באקומען דעם כאראקטער פון נאציאנאלע ימים־טובים: זיי זאלען פאר־
איינינגען גאנץ ישראל ביים מזבח פון יהוה אין ירושלים. די אלטע פאדע־
רונג, אז יעדער איד זאל ערשיינען דריי מאל אין יאהר פאר יהוה, ווערט
אויסגעטייטשט אין ספר דברים אזוי, אז יעדער זאל פייערען די דאזיגע

ימים־טובים אין ירושלים (פארגלייך שמות כ"ג 17; ל"ד 23; דברים ט"ז 2, 5, 6, 11, 15, 16). אם גרינגסטען איז דאס געווען דורכצופיהרען צום הערבסט־יום־טוב (חג האסיף, סוכות). ווארים עס האט זיך פון זיך אליין אויסגעבילדעט דער מנהג עולה־רגל צו זיין צום הערבסט־יום־טוב אין א גרע־סערען הייליגטום, און די אידען פון יהודה האבען שוין אין ישעיה'ס ציי־טען באזוכט ירושלים צו דעם דאזיגען יום־טוב. צו פסח און שבועות איז דאס אבער געווען א שווערע זאך, ספּעציעל צו פסח. ווארים ווי קאן מען דאס פארלאנגען פון דעם פויער אוועקצוגעהן פון דער היים אויף מעהרערע טעג ביים אנהויב פון תבואה־שניט? דעריבער באגנוגענט זיך דער ספר דברים מיט דער פאדערונג, אז מ'זאל נאר קומען און עסען דעם קרבן פסח אין דעם איינציגען ארט וואס גאט האט אויסגעקליבען; ער ערלויבט אבער צו געהן אהיים אויף מארגען פריה און צו פייערען די טעג פון דעם מצות־יום־טוב אין דערהיים (דברים ט"ו 7). די פארבינדונג פון דעם חג־הפסח מיט דעם חג־המצות, האט געמוזט זיין לגמרי א נייעס, לכל הפחות פאר ירושלים*). נאר אזוי דערקלערט זיך די נאטיץ אין מלכים ב, כ"ג 20, אז אזא פסח ווי אין 18טען יאהר פון קעניג יאשיהו איז נאך קיינמאל ניט גע־מאכט געווארען אין ירושלים.

אין איין פונקט אבער זיינען די פון ספר דברים געשאפענע ימים־טובים נאך עהנליך צו די אלטע און אונטערשיידען זיך פון די שפּעטערע אידישע ימים־טובים: זיי פאראייניגען נאך ניט די גאנצע נאציאן אין איין יום־טוב'דיגער געמיינדע, פאר וועלכער עס ווערען געבראכט באשטימטע שותפות'ע קרבנות, זיי פאראייניגען נאר אין ירושלים די אלטע קולט־גע־נאסענשאפטען. אנשטאט וואס דער פויער פון חברון, פון בית־לחם, פון גבעה פלעגט פריהער פראווען זיין יום־טוב'דיגע סעודה אינ'ם טרייז פון

---

*) „חג הפסח" און „חג המצות" זיינען לכתחילה געווען צוויי באזונדערע ימים־טובים, וועלכע זיינען אויסגעפאלען בערך אין דערזעלביגער צייט. „חג הפסח" איז לכתחילה געווען א יום־טוב פון פאסטוכער און „חג המצות" א יום־טוב פון פויערים. אין אן עלטערער שטיק געזעצגעבונג, וועלכע שטאמט נאך פון פאר יאשיהו'ס צייט, שטעהט וועגען דעם קרבן פסח גאר באזונדער, ניט צווישען די „שלש רגלים" (שמות ל"ד 25). ערשט דער ספר דברים האט די דאזיגע צוויי ימים־טובים פארבונדען אין איין יום־טוב. עס לעגט זיך אויפ'ן שכל, אז דער „חג הפסח" פלעגט פאר יאשיהו'ס רעפארם געפייערט ווערען בלויז אין פאסטוכער קריי־זען, אבער ניט אין אזא גרויסער שטאדט ווי ירושלים.

זיין פאמיליע און זיינע פריינד, טוט ער עס איצט אין זעלבינגען קרייז אין ירושלים.

אבער וואס פאר א ווערדע האבען אט די אלע ענדערונגען אין די זייטען פון פאלק לגבי דעם, וואס מיט דער פראקלאמירונג פון ספר דברים אלס געזעץ פון דער מלוכה ווערט געמאכט א פראבע אויפצושטעלען דורך אויסערליכע מיטלען יענע גאט'ס־מלוכה, וועגען וועלכער די נביאים האבען נביאות געזאגט, וואס עס ווערט דעם אידישען פאלק אנגעוויזען א גאנץ נייע אויפגאבע און עס ווערט געלעגט דער יסוד פאר א פולשטענדיגער אומענדערונג פון זיין קאנסטיטוציע? דאס וויכטיגסטע ביי די געשעהענישען פון יאהר 621 איז, וואס אנשטאט דער אויפגאבע פון דער מלוכה האט דאס אידישע פאלק איצט באקומען א רעליגיעזע און קולט־אויפגאבע; און אלס היטער אויפצופאסען, אז די דאזיגע אויפגאבע זאל ערפילט ווערען בשלמות, ווערט באשטימט א געשריבענער ווילען פון גאט. די אידען ווערען דערמיט יהוה'ס הייליג פאלק. און דורך דעם וואס א בוך ווערט באשטימט אלס רעגולאטאר פון דער פרומקייט פון גאנצען פאלק, ווערט געשאפען דער באגריף פון הייליגע שריפטען.

אט די אלע אומענדערונגען און אומגעשטאלטונגען, וואס זיינען געקומען אלס פועל־יוצא פון דעם ספר דברים, זיינען אבער געווען פאר דאס אידישע פאלק א היסטארישע נויטווענדיגקייט. ווארים יאשיהו'ס רעפארם האט איהם געגעבען אין דער הייליגער תורה אן אנהאלט, דורך וועלכען עס איז פאר איהם מעגליך געווען איבערצולעבען דעם צוזאמענפאל פון דער מלוכה און גלייכצייטיג האט די רעפארם אויך צוגעגרייט יענע ענדערונגען אין דער ארגאניזאציע פון פאלק, וועלכע זיינען דערצו נויטיג געווען. אין אלטען ישראל האט די רעליגיאן זיך אנטוויקעלט מיט'ן קעניגטום און דורך איהם, נאכהער דורך דער נבואה, בעת די כהנים זיינען מעהר געווען א קאנסערוואטיווער עלעמענט. אבער ניט קעניגטום און ניט נבואה, נאר די כהונה און די תורה זיינען שפעטער די פיהרער פון יודענטום. פונקט ווי דער פארשטענדיגער גערטנער, נאך איידער ער טראכט נאר וועגען אויסהאקען בוימער, וועלכע זיינען אומבאדינגט נויטיג פאר דעם קיום פון גאנצען גארטען, פלאנצט שוין איין נייע אויפ'ן ריכטיגען פלאץ, כדי זיי זאלען אמאל זיין א „ממלא מקום", אזוי הייבט שוין אן איצט, בעת דאס קעניגטום עקסיסטירט נאך און די נבואה ווירקט נאך, זיך ארויסצוהייבען דער קלאס פון די כהנים, אונטער וועמעס פיהרערשאפט דאס יודענטום איז געשטאנען הונדערטער יאהרען.

## 4

## די כשדים, מדי און דער אונטערגאנג פון נינוה.

מיר שטעהען איצט ביי די לעצטע יאהרען פון אשור'ס הערשאפט. די אונטערוואַרפענע לענדער האבען זיך באפרייט פון דעם דעספאָטישען יאָך פון נינוה, און יאשיהו האט אויסגענוצט די ניי־געוואונענע פרייהייט דורכצופיהרען זיין עפּאָכע־מאַכענדע רעפאָרם. אבער ניט אויף לאנג איז די אידען באַשערט געווען צו האַלטען זייער גורל אין זייערע אייגענע הענט. די אשורישע אימפּעריע, וועלכע האט געמאכט א סוף צו דער צפון־מלוכה פון ישראל, איז אונטערגעגאנגען, אבער איהר פּלאַץ האט פאַרנומען א נייע סעמיטישע אימפּעריע, וועלכע האט צעשטערט אויך די געבליבענע דרום־מלוכה פון יהודה; דאס איז געווען די וועלט־מלוכה פון די כאַלדעער אָדער, ווי זיי ווערען אנגערופען אין תנ"ך, די כשדים.

ווענען די כאַלדעער איז אויבען דערמאָנט געוואָרען דורך־אגב, אז די מעדער האבען זיך מיט זיי פאַרבונדען צו דערלאַנגען נינוה דעם לעצטען טויט־קלאַפּ. אריינטרעטענדיג איצט אין דער כאַלדעאישער פּעריאָדע פון דער אידישער געשיכטע, איז עס נויטיג זיך צו באַקאַנען א ביסעל נעהנטער מיט דער דאָזיגער ניי־באבילאָנישער מלוכה, וועלכע האט געמאכט אזא טיפען שניט אין גורל פון אידישען פאָלק.

די אָפּשטאַמונג פון די כאַלדעער איז טונקעל, דאך ווייסען מיר מאַנכע פאַקטען וועגען זיי. זיי האבען איינגעוואַנדערט אין באבילאָניען פון דרום, קומענדיג פון דער נעגענד פון פערסישען גאָלף. זייער אור־היים איז געווען אראביען, דאס אַלטע היים־לאַנד פון די סעמיטען, פון וואַנעט אויך די אקאדער זיינען געקומען קיין באבילאָניען. די כאַלדעער זיינען געווען סעמיטען, דאס איז זיכער. פון דער עלטסטער צייט אן וואס מיר ווייסען פון זיי, טראָגען זיי סעמיטישע נעמען און פיהרען זיך אויף סעמיטיש הן אין רעליגיעזען, הן אי בירגערליכען לעבען. אין באבילאָניען זיינען זיי אויפגעטראָטען נאך דער אַלט־באבילאָנישער פּעריאָדע. דאס קאָן מען זעהן צום טייל דערפון, וואס זייער ראַסע איז געבליבען ריין סעמיטיש, להיפּוך צו די צפון־באבילאָניער, וועלכע האבען זיך דורכגעמישט מיט די ניט־סע־

מיטישע איינגעוואנדערטע קאסיטען*), צום טייל דערפון וואס זיי האבען ביז זעהר שפעט דערהאלטען זייער ארגאניזאציע אין שבטים. וואס ווייטער האבען די כאלדעער בסדר זיך אלץ מעהר אויסגעשפרייט איבער א בארייטענדען טייל פון באבילאניען. אין דעם פרט זיינען זיי א נאהנטער פאראלעל צו די אראמעער, וועלכע האבען פאקטיש געהערט צו דערזועלבינער אלגעמיינער וואנדערונג־כוואליע ווי זיי גופא און זיינען שוין גאנץ פריה געווארען געפעהרליכע שכנים פאר אשור.

די עלטסטע היסטאריע פון די כאלדעער איז פון א האלב נאמאדישען, האלב אגריקולטורעלען פאלק, וואס האט בסדר געזוכט צו קריגען די רייכע שטיקער לאנד און די רייכע שטעדט פון זייערע גליקליכערע שכנים, די באבילאניער. אונטער זייער נאמען „קאלדי“ טרעפען מיר זיי צוערשט אין 9טען יאהרהונדערט (פאר דער קריסטליכער ערא). איז א משך פון ארום הונדערט יאהר אונטערווארפען זיי זיך מיט ווענינ ווידערשטאנד אונטער די מלכים פון אשור. דערנאך זעהען מיר זייערע שבטים ארויסווייזענדינ א שותפות׳דיגען ווידערשטאנד געגען דער עראבערונג־לוסט פון אשור און מיר זעהן אויך א מערקווירדינע לוסט צו מלחמה פון זייער זייט גופא. דאן טרעפען מיר זיי אין דער צייט פון סרגון און סנחריב אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם גרויסען מרדך־בלאדן, וועלכער האט געשטרעבט אריינצוקריגען בבל גופא אונטער זיין רשות. מיט הפסקות האט ער טאקע געהערשט איבער איהר, מאכענדיג יד־אחת מיט דער פאטריאטישער פארטיי פון באבילאניען. מרדך־בלאדן׳ס הערשאפט איז צעשמעטערט געווארען דורך אשור, די כאלדעער זיינען געצוואונגען געוועז זיך צוריקצוציהען אין זייער הייב־לאנד ביים פערסישען גאלף, אבער אלץ זיינען זיי געבליבען אומבאזינגבארע שונאים פון אשור. זיי האבען זיך נאר אלץ געפונען אין גרויסע צאהלען אין באבילאניען און האבען נאר געווארט אויף דעם טאג, ווען זיי וועלען זיין בכוח ארויסצוברייננען א שטארקען מאן ווי מרדך־בלאדן, וועלכער זאל אויסנוצען אדער זאל שאפען א גינסטיגע געלעגנהייט צו באקומען די הערשאפט.

וואס שנעלער אשור׳ס מאכט איז געגאנגען אויף אראפ, אלץ שנעלער איז דערפאר געשטיגען די מאכט פון די כאלדעער. גלייך נאך אשורבאניפאל׳ס טויט געפינען מיר דעריבער דעם כאלדעאישען פירשט נבו־פלאסר („נאבו־אפיל־אוצור“, „נבו, באשיין דעם זוהן“) אלס קעניג אדער וויצע־

*) זעה אין ערשטען באנד ז. 81

קעניג פון בבל. מ'קאן באטראכטען אט די נייע מאנארכיע אלס א צוריק־אויפשטעלונג פון דער אלט־באבילאנישער אימפעריע; עס איז אבער מעהר אין איינקלאנג מיט די פאקטען זי צו באטראכטען אלס א נייע כאלדעאישע מלוכה, וואס האט געירש'עט די גראנדיעזע אינסטיטוציעס און די רייכע טראדיציע פון דער אלטער בבל.

נבו־פלאסר איז געווען גענוג קלוג נים צו מאכען מעהר ווי איין טריט אויף אמאל; און אזוי ווי דער נעכסטער טריט האט איהם געזאלט מאכען פאר'ן יורש פון נינוה גופא, האט ער נעמוזט פריהער זיך גוט ארומקוקען. ער האט זיך ניט געטארט איילען און האט געמוזט זיין פארזיכטיג, ווארים ער האט געהאט א שטארקען קאנקורענט אין קיאקסארעס, דעם קעניג פון מדי, וועלכער איז געשטאנען בראש פון א יונגען און א קרעפטיגען פאלק. שוין דער פאטער פון קיאקסארעס, פראארטעס, האט, ווי ס'איז אויבען דער־מאנט געווארען, געפונען זיין טויט אין קאמף נעגען אשור, און זיין זוהן האט איצט געססט־אי'עט צו ווערען דער יורש פון נינוה און דערמיט דער הערשער פון דער גאנצער סעמיטישער וועלט. מיט איהם איז נבו־פלאסר אריינגע־טראטען אין פארהאנדלונגען און זיי זיינען געקומען צו א פארשטענדיגונג ווי זיך צו טיילען מיט דער אשורישער אימפעריע. פאר דעם גורל פון דער סעמיטישער וועלט, אריינרעכענענדיג דעם גורל און די האפענונגען פון ישראל, איז פילייכט ניט געווען קיין קריטישערער מאמענט ווי בשעת נבו־פלאסר האט באשלאסען צו ציהען זיין שווערד אין דינסט פון מדי אין דער לעצטער אטאקע אויף דער פארהאסטער אשור.

די פרטים פון דער באלאגערונג און דער עראבערונג פון נינוה ווייסען מיר ניט. מיר זיינען אפילו ניט זיכער אין וועלכען יאהר די עראבערונג איז פארגעקומען. אשור איז נאך געווען א מאכט אין יאהר 608, ווען פרעה נכו דער צווייטער האט אונטערגענומען געגען נינוה זיין מארש, וועלכער האט זיך אזוי משונה'דיג און טראגיש געענדיגט (מלכים ב, כ"ג, 29). אין יאהר 605, דער דאטום פון דער שלאכט ביי כרכמיש (ירמיה מ"ו 2), איז נינוה שוין מעהר ניט געווען, און די יורשים האבען זיך שוין געהאט צעטיילט די ירושה. מיר מוזען שטעלען דעם דאטום פון דער עראבערונג פון נינוה אין יאהר 607 אדער 606. די שטאדט איז אזוי צעשטערט געווארען ביז'ן גרונט, אז די וועלט האט אזוינס נאך ניט געזעהן, ניט ביז דעמאלט און ניט זינט דעמאלט. די אנגעזאמעלטע שנאה פון די אזוי לאנג געדריקטע פעלקער האט ענדליך געפונען אן אויסדרוק. הגם די מעדער און די כאלדעער זיינען געווען די פיהרער, האבען זיך אבער נעפונען אין די רייהען פון די באלא־

נערער קרינגס־לייט פון ווייט און פון נאָהנט, פאַר וועמען די נקמה אַן אשור איז געווען א הייליגע זאַך. די פאַרוויסטונג פון הונדערטער שטעדט דורך דעם גרויזאַמען חיל פון נינוה איז איצט פינקטליך צוריקגעצאָהלט געוואָרען דעם אונטערדריקער. נאָכדעם ווי דער שווערד און דאָס פייער האָבען דאָס זייעריגע געטאָן, איז די שטאָדט באַגראָבען געוואָרען אונטער חורבות אין ערד, אַזוי אַז איהר געדעכעניש זאָל אָפּגעווישט ווערען פון צווישען מענשען.

און דאָך איז דער לעצטער גורל פון נינוה, איהר פולשטענדיגע צעשטערונג, מערקווירדיגער ווי איהר ערשטער גורל, ווי איהר הערשאַפט איבער דער וועלט. דיזעלביגע מיטלען, וועלכע מ׳האָט אַנגעווענדט אָפּצואווישען דעם זכר פון דער שטאָדט, האָבען דוקא געווירקט איהר צו פאַרזיכערען א נייע אומשטערבליכקייט. קיין נייע מויערען און טעמפּלען זיינען ניט אויפגעבויט געוואָרען פון איהרע ריזיגע שיריים. קיין וואַנדערענדיגע האָרדען האָבען ניט אויפגעשטעלט זייער לאַגער צווישען איהרע חורבות. אפילו די לאַנגזאַם־צעשטערענדע עלעמענטען פון דער נאַטור האָבען דאָ קיין ווירקונג ניט געקאָנט האָבען. אויף אַזאַ אופן איז איהר צעשטערונג געוואָרען איהר אויפהאַלטונג. און אַט אַזוי שטעהט זי היינט, אויסגעגראָבען און זעלבסט־אַנטפּלעקט, דערצעהלענדיג צו פרעמדע פעלקער, צו די אַלע איינוואָהנער פון דער ערד, דורך איהרע אייגענע געשריבענע מאָנומענטען, דעם געוואַלדיגען מוסר־השכל פון איהר געשיכטע, וועלכע ברעכט דורך די שטילקייט פון די דורות ווי די שטים פון א וועלט־משפּט.

נבו־פּלאַסר האָט געלעבט בלויז צוויי יאָהר נאָך דעם פאַל פון נינוה, און עס איז געבליבען פאַר זיין גרויסען זוהן נבוכדראצר („נאַבו־קודור־אוצור“. „נבו, האַלט אויף דעם גרעניץ“, 604-562 פאַר דער קריסטליכער צייטרעכענונג) צו געבען דער כאַלדעאישער אימפּעריע איהר דויערהאַפטען כאַראַקטער.

5.

## ירמיה — דער נביא, דער דיכטער און דער מענש.

(א כאַראַקטער־בילד).

אין דער פינסטערער נאַכט, אין וועלכער יהודה פאַרזינקט אין דער פעריאָדע פון דער כאַלדעאישער וועלט־הערשאַפט, איז די געשטאַלט פון

רעם נביא די לייכטענדע אווענט־זון, וועלכע פארשפרייט ארום און ארום איהרע גאלדענע שטראהלען.

ירמיה איז איינער פון די אינטערעסאנסטע און אנציהענדסטע געשטאל־טען פון תנ"ך; אינטערעסאנט צוליב די פארשידענארטיגע שטריכען וואס מיר באגעגענען אין זיין כאראקטער; אנציהענד, ווייל אין אסך פרטים איז ער אונז מענשליך נעהענטער ווי אלע אנדערע נביאים, פאר וועמעס געוואלדיגער גרויסקייט מיר שטעהען שטיל אין א צוריקגעהאלטענער באוואונדערונג.

ווייכקייט און פעסטקייט, געבארענע נייגונג און שווער אויסגעקעמפ־טע שטארקייט פון ווילען, נאכקלערונג און אינטואיציע — אזוינע היפוכים פאראייניגען זיך אויף א העכסט אייגענארטיגען אופן אין ירמיה'ס כאראק־טער. פון נאטור איז ער געווען א מאן מיט א ווייכען, צארט־פיהלענדען געמיט, לייכט צוגענגליך פאר אלע איינדרוקען, פיהלענדיג טיף אלצדינג, דעם וועהטאג אזוי גוט ווי די פרייד. קיין זאך איז ניט אזוי ווייט פון איהם ווי פאנאטיזם און הארטקייט; קיין זאך איז איהם ניט שרעקליכער ווי צו לעבען מיט מענשען אין פיינדשאפט. ער האט שטארק ליב אומשול־דיגע פרעהליכקייט; ער וואלט גערן נעזעסען אזוי ווי אנדערע אין פרעהליכע קרייזען און זיך משמח געווען. באזונדערס טיף איז געווען זיין ליבע צו זיין פאלק. קיין איד האט נאך ניט געליבט זיין פאלק און זיין לאנד מיט א ברענענדיגערער, הייסערער ליבע ווי ירמיה. אבער דורך דעם דאזיגען לע־בען, וואס איז דורכאויס געווען געשאפען פאר הארמאניע און פרידען, געהט דורך א שרעקליכער ריס. צוליב זיין שליחות אלס נביא מוז ירמיה ווערען א מאן פון שטרייט און קריגעריי פאר דער גאנצער וועלט. ער האט גע־מוזט אויסשטעהן פיינדשאפט ווי קיין אנדער נביא. האט געמוזט מיט אן אומבויגזאמער פעסטקייט זיך שטעלען אנטקעגען זיין גאנצען פאלק, האט געמוזט בלייבען אליין און ווערען איינזאם אינמיטען פון זיין סביבה. ס'איז וואונדערליך ווי גאט מאכט פאר זיין געצייג דוקא יענע, וואס עס דוכט זיך, אז זיי זיינען פון נאטור אם ווענינסטען מסוגל דערצו. ירמיה זאגט ניט ווי ישעיה בעת ער ווערט גערופען צו זיין א נביא: אט דא בין איך, שיק מיך! צוריקגעהאלטען און ציטערדיג זוכט ער זיך ארויסצומאכען פון דער שווערער אחריות פון אזא שליחות: אה, מיין האר, איך קאן ניט ריידען, איך בין נאך צו יונג! און אויך שפעטער נאך זעהן מיר ווי ער ליידט אונטער דער לאסט, וואס זיין שליחות אלס נביא האט אויף איהם ארויפגעלעגט: ער האט אם טיפסטען נעפיהלט דעם שפאט און די שאנד, וואס מ'האט איהם אנגעטאן. ער באקלאגט זיך אפטמאל געגען גאט און געהט ארום מיט

דעם געדאנק אויפצוגעבן איבערהויפט זיין בארוף אלס נביא. אבער ער ווייסט אויך, אז אזעלכע געדאנקען זיינען ניט רעכט; ער ווייסט ווי געפערליך עס איז נאכצוטראכטן וועגן די כוחות און די מיטלען וואס מ׳פארמאגט, ווען גאט האט געשטעלט א באשטימטע אויפגאבע. ער שטראפט זיך אליין פאר וואס ער באקלאגט זיך, און גיט זיך גופא דעם געטליכן ענטפער אויף אזעלכע קלאגען: קעהר זיך צוריק צו מיר, ווען דו ווילסט וויטערדינען פאר מיר אלס מויל! דאס הייסט, ווען דו ווילסט ווייטער זיין א נביא, ווען דו ווילסט, אז איך זאל דיך שיצען און העלפען. דו מוזט ווערן דאס, צו וואס איך האב דיך אויסגעקליבען.

אבער עס דוכט זיך בלויז פון אויבען אויף, אז ירמיה איז ניט געווען דער פאסענדער מאן פאר דער שליחות, וואס גאט האט איהם איבערגעגעבען. ער איז געווען איינער פון די נאטורען, וועלכע פארמאגען נעבען זייער ווייכקייט און זייער געפיהל פאר שמערצען אויך אן אינערליכע שטארקייט, וואס מאכט זיי אין אן אנטשיידענדען מאמענט שטארקער ווי אלע, לפנים קרעפטיגע, נאטורען. ירמיה האט געהאט א געוויסען, וואס איז געווען צארט, אבער וואס האט אומעטום געלאזט פיהלען א פעסטען ווילען צו דאס, וואס האט זיך ארויפגעצוואונגען אויף איהם אלס אמת און רעכט. פינקט ווי ער איז לויטער און אמת געגען זיך גופא און זאגט ארויס אהן צוריקהאלטונג זיינע אייגענע שוואכקייטען און פעהלערן, אזוי איז אויך געווען פאר איהם אן אינערליכע נויטווענדינקייט זיך איינצושטעלען אומעטום פאר דאס, וואס ער האט אנערקענט אלס רעכט און אמת און צו קעמפען ביז אין בלוט געגען אומרעכט און שקר. ער האט ניט געקאנט פארטראגען דעם ליגען פון פאלשע באציהונגען. ער האט קיינמאל ניט געקאנט אננעמען פאר ממשות׳דיג א באגייסטערונג פון יוצא וועגען; זיין דורכדרינגענדע ווארהאפטיגקייט האט צעשטערט יעדע זעלבסט-נארעריי און איינגעבילדעטע גערעכטיגקייט ביי זיך ווי ביי אנדערע. ער האט דעריבער ניט געקאנט פארטראגען וואס דאס פאלק האט זיך איינגערעדט נאך יאשיהו׳ס רעפארם, אז עס האט שוין געטאן אלץ וואס איז נאר מעגליך געווען: א פאר געצענבילדער דערוויטערט, א פאר מזבחות אראפגעריסען. אין דאס זאל הייסען תשובה געטאן! שקר און חניפה! ווען איהר ווערט ניט אנדערש אינווענינג אין הארצען, וואס קאנען אט די אויסערליכקייטען העלפען? וואס פאר א מין פאלשע, שקר׳דיגע געזעלשאפט דאס איז אין ירושלים! קרבנות ברייגנען זיי אסך, אבער דערביי טרעטען זיי יהוה׳ס הייליגען ווילען מיט די פיס! קיין זאך קימערט זיי ניט, אויסער געווינס, פארמעגענס, געלט. דאס רעכט ווערט

געבויגען, וואו עס לאזט זיך נאר, די שוואכע און אונטערדריקטע זיינען קיי־נעמ׳ס דאגה ניט. קאן דאס אזוי ווייטער אנגעהן? ניין! א שטראף מוז קומען, אזוי וואהר ווי יהוה איז א גערעכטער און לעבעדיגער גאט. האט דאס דאזיגע פאלק א רעכט צו קעמפען פאר זיין פרייהייט? ניין! יהוה גופא מוז דא קעמפען פאר זיינע פיינד!

פון וואנעט האט ירמיה, פון וואנעט האבען אט די אלע נביאים, די אבסאלוטע געוויסהייט, אז יהוה וועט שטראפען מיט זיין שטרענגען משפט פאר דאס אומרעכט און פאלשקייט? אין תוך גענומען איז עס זייער איי־גענער מאראלישער כאראקטער, וועלכער דערקלערט אט די פעסטקייט און באשטימטקייט פון זייער וועלט־באטראכטונג. נאר דער וואס פיהרט זיך אויף אין זיין אייגענעם לעבען לויט די פארשריפטען פון א מאראלישער וועלט־ארדנונג, איז ביכולת צו האלטען פעסט דעם גלויבען אין אזא וועלט־ארדנונג. דער מאראלישער כאראקטער איז אויך ביי ירמיה׳ן דער פארבאדינגג פון זיין נביא׳ישער ווירקונג און לעהרע. מיר קאנען זעהן פון ירמיה׳ס רייד, אז ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם אמת פון זיין איבערצייגונג. ער איז געווען ניט בלויז דער יאמערענדיגער, וועלכער באוויינט אין ווייכע טענער זיך און זיין פאלק׳ס אומגליק, ווי עס איז אנגענומען איהם פארצושטעלען; מיר מוזען זיך איהם פארשטעלען שוין אין זיין יוגענד אלס א פייערי־גע נשמה, וועלכע איז פעהיג געווען אויף א הייליגען צארן און אן איידעלער ליידענשאפט, פונקט ווי אויף ווייכע געפיהלען און צארטע ריהר־רונגען. ווי שטארק ער איז ניט געווען געשטערט אין זיין עפענטליכען אויפטרעטען דורך זיין נאטירליכער צוריקגעהאלטענקייט און זיין ווייכען גע־מיט, ווי טיף און דריקענדיג ער האט ניט געפיהלט די אומפארמיידליכע פיינדשאפט פון אלעמען ארום — דאך, ווען זיין געוויסען האט עס געפאָ־דערט, איז ער אויפגעטראטען מיט דער שטארקסטער מאכט און האט זיך ניט אפגעשראקען פאר קיין סכנה און פאר קיין געגנערשאפט. אט דער פעסטער ווילען צו האנדלען אונטער אלע אומשטענדען, ווי די אינערליכע שטים האט איהם געטריבען, איז דער סוד פון זיין קראפט. מיט דער קראפט איז ער ניט בלויז געווארען פעסט ווי א פעלז, נאר ער איז אויך אין איינזא־מער גרויסקייט אריבערגעשטיגען זיין פאלק און זיין גאנצע צייט.

צוגלייך מיט דעם נביא איז אין ירמיה׳ן אויך בולט דער דיכטער. דער גרעסטער טייל פון זיינע נביאי׳שע רייד ווייזען דייטליך ארוים

א פּאָעטישע פאָרם, נאָך מעהר אָבער איז דער אינהאַלט פון די רייד א
פּראָדוקט פון א פּאָעטיש־באַגאַבטען פאַרפאַסער. דער צושטאַנד פון דער
נשמה, וואָס שטייגט אַלץ העכער און העכער, פיהרט ממילא ביי די נביאים
צו א פּאָעטישער פאָרם; ביי ירמיה׳ן קאָן מען אָבער אויך דערקענען די
מיטגעבאָרענע פעהיגקייט און דאָס מיטגעבאָרענע באַדערפעניש צו לאָזען
ארויסשטראָמען אין א פּאָעטישער פאָרם דעם איבער־מענשליכען אינערלי־
כען תוך פון דער נשמה. שוין דער מערקווירדיגער נאַטור־זין פון דעם
נביא ווייזט אויף א פּאָעטישער באַגאַבונג. ווי ער לעבט דאָס מיט דער נאַ־
טור, און ווי ער זעהט אַלצדינג אין איהר! ווי רייך אין צאָהל און ווי לעבע־
דיג זיינען די בילדער, וואָס ער לייהט פון דעם לעבען אין דער נאַטור.
דער ברויזענדיגער ים און דער הייסער גלות־ווינט פון מדבר. דאָס פליהען
פון די פויגלען און די פּאַסטקע פון דעם לאַנדמאַן אין פעלד און די זאַנג
פון דעם פאַסטוך פאַר זיין סטאַדע; די כלה וואָס פוצט זיך מיט דעם
פּראַכט־גורט; די יונגפרוי וואָס נעמט אין איהר האַנט דעם פויק צום טאַנץ;
דאָס שפּיל פון די קינדער אויף די גאַסען; דער וואַנדערער בעדואין אין
מדבר; דער לייב אין געדיכטען וועלדעל און דער געפלעקטער לעמפּערט; די
הירש־קוה (אילה) וואָס געבערט אויפ׳ן פעלד און דער ווילדער אייזעל וואָס
טרייבט זיך ארום אין דער סטעפּע — אַלץ, אַלץ ווערט פון איהם באַמערקט
און אויסגענוצט. אָבער נאָך מעהר איז עס דער אייגענער נשמה־צושטאַנד
אין ירמיה׳ן, וואָס זוכט זיך אויסצודריקען אין א פּאָעטישער פאָרם. נאַטיר־
ליך הערען מיר זעלטען ווערטער פון יובעל אין אריבערשטראָמענדער פריד.
דערפאַר אָבער הערען מיר אַזוי אָפט דאָס קלאָג־ליד און דעם טרויער־גע־
זאַנג. ווי האָט עס געקאָנט אַנדערש זיין ביי א מאַן, וועלכער האָט גענומען
ארומגעהן אין מיטען פון אַן אויסגעלאַבענעם און נאַריש־זיכערען פאָלק,
געפייניגט פון פינסטערע פאָראויסזעהונגען און פון א שרעקליכער געוויס־
הייט אין דעם נאָהנטען משפט? ווען ער האָט געזעהן ווי די קינדער האָ־
בען זיך געשפּילט אויף דעם מאַרק, ווי די אַלטע לייט האָבען זיך געפרעהט
בשעת די יוגענד האָט געטאַנצט, איז פּלוצלונג דאָס פרעהליכע בילד פאַר־
שוואונדען פון זיינע אויגען, און ער האָט קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן ווי
דערשלאָגענע, ליגענדיג אויף דער ערד, טויטע קערפּערס ווייט און ברייט
ארום, אומגעקומען דורך מגפה און הונגער. נעם דיר ניט קיין ווייב אין
דעם דאָזיגען אָרט, זאָגט גאָט צו איהם, וואָרים אונטער שרעקליכע יסורים
וועלען ווייבער און קינדער שטאַרבען אין דעם דאָזיגען אָרט! אַט אַזוי
ווערט עס פאַר איהם אַן אינערליך באַדערפעניש צוצוגעבען צו זיינע וואָר־

נונגען וועגען דעם נאָהנטען משפט די קלאַג און דעם יאָמער איבער דעם אונטערגאַנג פון זיין פאָלק! אַט די אַלע שטימונגען און געפיהלען האָבען געפאָדערט א פּאָעטישען אויסדרוק. און ועל כולם האָט ער דען געקאָנט אויסדריקען אַנדערש ווי אין א פּאָעטישער פאָרם דאָס וואָס האָט איהם אי־נערליך באַוועגט, ווען ער האָט זיך געטרייסט מיט דער גלענצענדער צוקונפט פון דעם נייעם ישראל? דאָס וואָס ירמיה האָט ארויסגעזאָגט אין דעם פּרט געהערט, אויך עסטעטיש באַטראַכט, צו דאָס שענסטע וואָס מיר פאַרמאָגען פון העברעאישער פּאָעזיע.

נעבען דעם נביא ציהט דערפאַר ירמיה אונזער אויפמערקזאַמקייט אויך אַלס פּאָעט. נעהנטער אָבער ווי ביידע שטעהט אונז ירמיה אַלס מענש.

6.

## ירמיה׳ס אויפטריט.

ירמיה׳ס ערשטער אויפטריט אַלס נביא קומט פאָר אין 18טען יאָהר פון יאשיהו׳ס רעגירונג. דאָס הייסט בכן אין דער צייט פון דער אַפּגעטעריי, פאַר דעם קעניג׳ס רעפאָרם. עס איז אויך די צייט ווען פאַר יהודה איז פאָר־געשטאַנען די געפאַהר פון א באַפאַל פון די סקיטען. פאַקטיש ווערען ביידע זאַכען, די אָפּגעטעריי פון יהודה און די סכנה מצד פון די סקיטען, געבראַכט אין א צוזאַמענהאַנג, ווען ירמיה רופט אויס אין יענער צייט:

„...פאַרזאַמעלט זיך, כדי מיר זאָלען קומען אין די פעסטע שטעדט,
הייבט אויף א פאָהן קיין ציון!
אַנטלויפט, בלייבט ניט שטעהן!
וואָרים אַן אומגליק ברייננ איך פון צפון
און א גרויסען בראָך.
דער לייב האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין געדיכטען וועלדל,
א פעלקער־צעשטערער איז ארויסגעצויגען,
איז ארויסגעגאַנגען פון זיין אָרט,
צו מאַכען דיין לאַנד פאַר א וויסטעניש,
דיינע שטעדט וועלען פאַרברענט ווערען
און בלייבען אָהן מענשען...
א פאָלק קומט פון צפון־לאַנד,

א גרויסע נאַציאָן ערוואַכט פון די ענדען פון דער ערד;
בויגענס און שפּיזען טראָגען זיי,
אומדערבאַרימלעך זײַנען זיי,
זיי ווייסען ניט פון רחמנות"...

(ירמיה ד, 5—7; ו 22, 23).

באַלד נאָכדעם איז געקומען יאשיהו׳ס רעפאָרם. מיר ווייסען ניט צי איז און ווי אַזוי איז ירמיה דערביי טעטיג געווען. אז ער האָט גענומען אין איהר דעם לעבעדיגסטען אינטערעס, איז קיין שום ספק ניט. אָבער ביי דער ריכטונג, וועלכע די זאַך האָט אָנגענומען, דערקלערט זיך אויך זעהר לייכט, וואָס ירמיה האָט, ווי פריהער אַזוי אויך ווייטער, זיך באַקלאָגט אויף יהודה. ער וויל להלוטין ניט הערען פון אויסערליכע געזעצען און אויסגע־לערענטע געבאָטען; ער פאַרלאַנגט, אז אַנשטאָט דאָס פלייש זאָל דאָס הארץ באַשניטען ווערען. באַשניטענע הערצער קאָן ער אָבער אויך איצט ניט געפינען (ירמיה ט, 25).

## 7.

## יאשיהו׳ס טויט. פּרעה נכו.

וועגען יאשיהו׳ס רעגירונג נאָך דער רעפאָרם האָבען מיר צום באַדויערען קיין גענויערע ידיעות ניט. עס ווייזט אָבער אויס, אז זי איז געווען פרידליך און גליקליך. אינוועניג אין לאַנד האָט געהערשט רוה און פון דרויסען איז זיינט אשור׳ס אָפּשוואַכונג ניט געווען מעהר צו שפּירען דעם דרוק פון דער פרעמד־הערשאַפט. זיינט אשורבאניפאל׳ס לעצטען פעלד־צוג אין יאָהר 645 צו נעמען נקמה פון איינינע פעניקישע שטעדט, ווען ער איז אַזוי אַכזריות׳דיג זיך באַגאַנגען געגען די אויפשטענדישע איינוואוינער פון עכו, הערען מיר ניט, אז אשור זאָל פּרובירען לאָזען פיהלען איהר הערשאַפט אין מערב. די פעלקער אין מערב האָבען לגמרי געהאַט רוה און האָבען געקאָנט זיך אַנטוויקלען אין פרידען. און נאָכדעם ווי נבופּלאַסר האָט זיך באַפרייט פון אשור, איז די אשורישע ממשלה איבער סיריען איבער־הויפּט געווען בלויז נאָמינעל. די וואַסאַלען, צווישען זיי אויך יאשיהו, זיינען געווען זייערע איינענע האַרען. זיינט פּסאַמעטיך איז געוואָרען זעלבסטשטענדיג, האָט ער אפילו, אין איינקלאַנג מיט די טראַדיציעס פון דער מלוכה פון די פּרעה׳ס, געשטרעבט צו געווינען אונטער די איצטיגע גינסטיגע אומשטענדען

אזוי פיעל ווי מעגליך פון דער אלטער הערשאפט פון עגיפטען איבער סיריען און פאלעסטינא. דערפון איז על־כל־פנים צו דערקלערען זיין אטאקע אויף די פלשתים, וועלכע האט זיך אויסגעלאזען מיט דער לאנגער באלאגערונג פון אשדוד. אבער פון אן ארייננפאל אין דער טעריטאריע פון יהודה הערען מיר ניט; דאס לעגט זיך אויך ניט אויפ'ן שכל, מחמת דער שטורם פון די סקיטען, וועלכער האט על־פי השערה זיך איצט אנגעהויבען (ארום יאהר 625), האט גענוג אורזאך געגעבען פסאמעטיך'ן זיך צופרידענצושטעלען וואס ער קאן זיך האלטען אין עגיפטען. אבער אויך יענער שטורם האט, ווי עס ווייזט אויס, גיך זיך איבערגעקאכט, און לויט אלע סימנים איז דער שרעק פאר איהם געווען גרעסער פון דעם שאדען, וואס ער האט באמת אנגעמאכט אין יהודה. עס קאן גרייליך זיין, אז דער סקיטען־שטורם, צי עס איז נאך פארגעשטאנען א סכנה פון איהם, צי ער איז שוין געווען אריבער, האט מיטגעווירקט צו מאכען יאשיהו'ן געניגט צו דער רעפארם. יעדענפאלס אבער האט איהם די אפשוואכונג פון אשור'ס מאכט געגעבען די סיבה און דעם מוט אפצושאפען אויך די אשורישע פארמען פון קולט.

ערשט דרייצעהן יאהר נאך זיין רעפארם הערען מיר ווידער עפעס פון יאשיהו'ן. די אטאקעס אויף דער אשורישער וועלט־מלוכה זיינען איצט אריינגעטראטען אין א נייער פעריאדע דורך דעם בונד פון מדי מיט בבל. אין יאהר 608 געפינען מיר דעם קעניג פון מדי קיאקסארעס, צוזאמען מיט דעם כאלדעאישען קעניג נבו־פלאסר פון בבל אין דעם לעצטען פארניכטענדען קאמף געגען אשור. אשור געהט צו איהר ענד. עגיפטען נאטירליך רעכענט אויך, אז זי טאר איצט ניט פארביילאזען די געלעגענהייט צו באקומען צוריק איהרע אלטע רעכטען אויף סיריען. פסאמעטיך'ס זוהן, פרעה נכו דער צווייטער, וועלכער האט נאר וואס אין יאהר 610 דעם טראן באשטיגען, קומט ארוים, ווי דער ספר מלכים דערצעהלט, מיט דער כונה צו מארשירען צום פרת געגען דעם מלך פון אשור. עס האט זיך אויסגעדוכט, אז נאך קיינמאל איז ניט געווען אזא געלעגענהייט צו פארכאפען די ממשלה פון די אשורים איבער סיריען און צו באקומען פאר דער מלוכה פון די פרעה'ס איהרע אלטע רעכטען.

וואס פאר א שטעלונג די איינצעלנע קליינע מדינות פון סיריען האבען גענומען צו דער דאזיגער אונטערנעמונג נכו'ס, ווייסען מיר ניט, מחמת אין תנ"ך איז דער באריכט צו קורץ און קיין אויפשריפט פון נכו וועגען זיין פעלד־צוג האבען מיר ניט. עס לאזט זיך אבער אננעמען, אז היות ווי פון אשור איז איצט ניט געווען מעהר צו דערווארטען קיין הילף, האבען

די דאזיגע קליינע מדינות פרובירט פארטיידיגען מיט אייגענע כוחות די זעלבשטענדיגקייט, וואס זיי האבען נאר וואס געוואונען נאך א קאמף פון הונדערטער יאהרען. יאשיהו'ס ביישפיל און די פריהערדיגע פראבעס זיך אפצואווערען פון אשור בריינגען ארויף די השערה, אז יאשיהו איז ניט געווען דער איינציגער וואס האט זיך געשטעלט געגען נכו מיט געווער אין האנט. דער עיקר אבער וואס יאשיהו'ס האנדלונג ווייזט אונז איז, אז פונקט ווי שוין אפט פריהער ביי די קליינע מדינות פון סיריען, אזוי איז אויך אין דער קריטישער לאגע ניט געקומען צו קיין גרעסערער פארבינדונג, און דורך דעם איז דער גורל פון די איינצעלנע מדינות, אזוי ווייט ווי זיי האבען ארויסגעוויזען ווידערשטאנד, שוין ממילא געווען פאר'חתמ'עט. אט אזוי שטעלט זיך אויך יאשיהו מיט אייגענע כוחות געגען נכו, ניט וועלענדיג אפפערען זיין ערשט געוואונענע זעלבשטענדיגקייט צו א נייעם אונטערדריקער. ביי מגידו אין דעם טאל פון קישון, ביים צפון־ראנד פון דער געגענד וואס יאשיהו האט באזעצט, קומט עס צו א שלאכט. יאשיהו פאלט; זיינע לייט בריינגען זיין טויטען קערפער קיין ירושלים.

ווי אזוי איז יאשיהו געקומען אין מגידו? מיר האבען אויבען געהערט, אז יאשיהו האט זיך לאנג שוין געפיהלט אזוי גוט ווי זעלבשטענדיג. ווייטער ווייסען מיר, אז שוין זינט דעם חורבן פון שומרון האבען די מלכים פון יהודה זיך ערלויבט אויסצוברייטערען זייער גרעניץ. עס איז געווען גאנץ נאטירליך, וואס יאשיהו האט אויסגענוצט די גינסטיגע לאגע צו פארגרעסערען זיין טעריטאריע. אט אזוי האט ער שוין אין יאהר 621 געמיינט האבען אונטער זיין רשות די דרום־געגענדען פון בארג אפרים. נאר אין אט דעם פאל האט ער זיך געקאנט ערלויבען איינצופיהרען זיין רעפארם אויך אין בית־אל. ווען ער האט זיך אבער אוועקגערוקט ביז מגידו, האט ער געמיינט באהערשען אויך דעם איבעריגען טייל פון בארג אפרים, די צפון־מלוכה איבערהויפט ביז צום טאל יזרעאל. עס קאן געמאלט זיין, אז גלויבענדיג אין הושע'ס נביאות האט ער געהאלטען, אז ער גופא איז דערצו גערופען ווידער צו פאראייניגען אפרים מיט יהודה. אויב ער האט דערין געגלויבט, ערשיינט פיליכט אויך זיין רעפארם אין נאך עפעס אן אנדער ליכט: די רעליגיעזע איינהייט האט אין דעם פאל געקאנט העלפען בריינגען די פאליטישע ווידערפאראייניגונג.

אין ירושלים איז געווען גרויס ביי אלעמען דער טרויער נאך דעם באליבטען קעניג. אבער ערשט ווען מ'האט אויפגעהערט טרויערען, האט מען געקאנט איינזעהן די גרויס פון דעם נאציאנאלען אומגליק. עס איז שווער

געווען פאר דעם פאלק זיך פאנאנדערצוקלייבען אין איהם, ווייל עס האט על־פי הכרח געבראכט מיט זיך א צעטרייסלונג פון דער רעליגיעזער איבער־ציינונג. ווארים יאשיהו האט זיך פארלאזען אויף דער הילף פון יהוה, וועמעס געבאטען ער האט אנגענומען דורך דער רעפארם. יהוה האט דער־פאר איהם איצט געמוזט ביישטעהן אין זיין אונטערנעמונג. די נידערלאגע, וואס ער האט ניט קוקענדיג אויף דעם געליטען, איז דערום געווען א שמערצ־ליכע סתירה צו די יסודות, אויף וועלכע מ'האט געבויט די רעפארם. מ'האט געמאכט א פראבע צו פארוואנדלען די מלוכה, וועלכע איז לויט די נביאים געווען שוועד באלעסטעט מיט זינד, אין א מלוכה פון יהוה; און גראד איצט, ווען מ'האט, זיך פארלאזענדיג אויף דעם, צום ערשטען מאל געוואגט צו אונטערנעמען עפעס א גרעסערע זאך, איז מען אזוי שרעקליך צעשלאגען געווארען.

אזא מין אומגליק האט קיינמאל ניט געטראפען דאס פאלק אונטער מנשה, און אין די ערשטע יאהרען פון יאשיהו, בשעת מ'האט געדינט צו אלערליי פרעמדע געטער — א צייט וואס מ'האט איצט זיך אויסגעלערענט זי צו באטראכטען אלס פול מיט זינד. ווי איז עס מעגליך געווען זיך פאנ־אנדערצוקלייבען דעריין, וואס יענע זינדיגע אורעלטערן האבען געלעבט אין נחת און אין פרידען, בעת מען איז איצט, ניט קוקענדיג אויף אלע אנשטרענ־גונגען צו היטען גאט'ס תורה, אזוי הארט געשטראפט געווארען? האט מען דען ניט געמוזט דרינגען דערפון, אז יהוה איז ניט בכוח צו העלפען נעגען די געטער פון עגיפטען, אדער אז ער האט געגען אלע פארערונגען פון יושר פארלאזען זיין פאלק? אויב מ'האט גערדונגען דערפון, אז יהוה איז שוואך נעגען די געטער פון עגיפטען, דאן האט מען געהאט יעדען גרונט אויפצונעמען צוריק די פרעמדע קולטען, וואס זיינען דורך דער רעפארם באזייטיגט געווארען. פון די רייד פון די נביאים טראגט מען ארויס דעם איינדרוק, אז נאך דער שלאכט ביי מגידו האבען די פרעמדע קולטען גע־וואונען נייע אנהענגער און זיינען ווידער ארויסגעטראטען פון די ווינקע־לעך, וואו זיי האבען זיך געהאלטען פארבארגען טראץ יאשיהו'ס רעפארם, אויף דער ליכטיגער וועלט. צום באדויערען ווערען אט די צושטענדען דער־מאנט נאר דרך אגב. קיין זיכערע היסטארישע ידיעות האבען מיר וועגען דעם ניט. אבער דער וואס האט זיך געהאלטען ביים געדאנק, אז יהוה איז טאקע מעכטיג גענוג צו באשיצען זיין פאלק, נאר ער האט עס ניט געוואלט, האט געמוזט לייכט פארלירען זיין בטחון אין גאט. דעמאלט איז קענטיג אויפגעקומען פון לייכטזיניגען יאוש דאס שפריכווארט, וואס מיר לעזען אין

ירמיה (ל"א 28) און אויך אין יחזקאל (י"ח 2): „די פאטערס האבען געגעסען זויערע ווינטרויבען און די ציינער פון די זיהן זיינען האָליג געוואָרען".

פון דער אנדערער זייט ווידער האט מען געקאנט קומען צו שלוסען, וואס זיינען גראד איצט געוועזען נאך געפעהרליכער. מ'האט געקאנט פארשליסען די אויגען געגען דעם מוסר־השכל פון דער געשיכטע און נעמען דאס נאציאנאלע אומגליק אלס א נסיון פון גאט, וואס נאך איהם וועט זיכער קומען דער טריאומף פון יהוה און זיין פאלק. נאך האט יהוה געוואוינט אויפ'ן בארג ציון, נאך איז ירושלים ניט געוועזען ערא֯בערט. איז עס ניט געוועזען צו דערוואַרטען, אז נאך מעכטיגער ווי אין יאהר 701 וועט זיך יהוה דערהייבען געגען זיינע פיינד, ווען זיי זאָלען נאר פרובירען אויסשטרעקען זייער האנט נאך זיין שטאדט, איצט ווען זיין נאמען איז מעהר ניט פאראומרייניגט געוואָרען אין זיין היילגטום? ביי אזא בליק אויף דער סיטואציע, וואס האט געמעגט זיך אויסדרוקטען זאגאר פאר פרימער, האבען זיך פאקטיש געהאלטען די כהנים פון בית־המקדש און די מאסען פון די נביאים. דער צענטראלער געדאנק פון דער נבואה זינט עמוס'ן או, אז יהוה איז א גערעכטער גאט, טרעט ביי די דאזיגע נביאים אין צוזאמענהאנג דערמיט אלץ מעהר און מעהר צוריק. פארוואנדעט אין זייערע רעליגיעזע געפיהלען זיינען זיי ניט ביכולת זיך פאנאנדערצוקלייבען אין די נאציאנאלע אומגליקען. באטראכטענדיג יענעם אומגליק וואס טרעפט די אידען אלס א באליידיגונג פאר יהוה, האט זיך פון דאס ניי איינגעשארפט ביי זיי דער געדאנק, אז יהוה'ס נקמה אז זייער פיינד, דער נצחון פון זיין פאלק, איז נאר נאהנט. אז די דאזיגע ענדערונג קאן נאר קומען דורך אן אינערליכער אומקעהרונג פון ישראל צו יהוה, דאס האבען יענע נביאים נאטירליך פארזעהן. דער רוף תשובה צו טאן האט זיי אויסגעפעהלט, פונקט אזוי ווי דאס ריכטיגע פארשטענדניש פאר יהוה'ס מדות און זיין משפט. די מאסען פון די נביאים, פאר וועמען יהוה און ישראל פאלען אלץ מעהר און מעהר צוזאמען, זינקען אויף אזא אופן צוריק צו דעם רעליגיעזען שטאנדפונקט פון דער פאלקס־רעליגיאן פון דער צייט פאר די שריפטליכע נביאים. די דאזיגע נביאים געווינען ביסלעכווייז פאר אט דער באטראכטונג זייערע די הערצער פון פאלק און אויך א צאהלרייכע פארטיי אין הויף; ווארים זיי פארטרעטען דאך דעם נאציאנאלען געדאנק. און דערצו נאך באפרידיגט זייער באטראכטונג די שלעכטע אינסטינקטען, דערמיט וואס זי חייבט ניט אויף קיין רוף צו תשובה און איז קיינעם ניט מטריח מיט מאראלישע

פאַדערונגען. אַט די באַטראַכטונג איז עס, וועלכע לאָזט ניט צו, אַז מ'זאָל זיך נעמען צום הארצען די אומגליקען, וואָס קומען איינס נאָך דעם אַנדע־רען. און וואָס מעהר מ'זעהט בחוש ווי די נביאות פון אַט די נביאים לאָזט זיך אויס מיט גאָרנישט, אַלץ פאַנאַטישער און שטורעמדיגער טרעטען זיי אויף און די מלוכה ווערט דורך זיי סוף כל סוף געבראַכט צום אונטערגאַנג.

אין מיטען פון אַט דעם דור, וועלכער האָט צום טייל פארלאָרען יעדע האָפענונג אויף יהוה, צום טייל אין ליידענשאַפטליכער פארבלענדונג נאָכ־געיאָגט אַן אילוזיע, דערהייבט די נבואה צום לעצטען מאָל איהר וואָרנונג דורך ירמיה'ן, זיינע תלמידים און זיינע אַנהענגער. ירמיה ווייסט ווי צו דערקלערען די סימנים פון דער צייט און ארויסצולערנען פון די געשעהעני־שען די ריכטיגע לעהרע פאַר דער צוקונפט. ער שטעלט ווידער אַנטקעגען דעם פאַלשען בטחון אין גאָט די אַלטע פאָדערונגען פון די נביאים, וואָס כל זמן זיי ווערען ניט ערפילט, קאָן מען ניט קריגען יהוה'ס שוץ. שאַרפער ווי אַלעמאָל קלינגט דער רוף פון דעם נביא, תשובה צו טאָן, אויב מ'וויל פארמיידען דעם אונטערגאַנג פון דער מלוכה. בשעת דאָס צעשראָקענע פאָלק האָט נאָך יאשיהו'ס נידערלאַגע צוזאַמענגעשטראָמט צו א תענית אין בית־המקדש, רופט ירמיה צו זיי: „גנב'ענען, מאָרדען, מזנה זיין, שווערען פאַלש און רויכערען צו פרעמדע געטער — און דאַן קומט איהר און שטעלט זיך פאַר מיר אין אַט דעם הויז, וואָס מיין נאָמען ווערט גערופען אויף איהם, און איהר זאָגט: אַט דאָ זיינען מיר זיכער! כדי איהר זאָלט קאָנען טאָן אַט די אַלע אומווירדיגקייטען?" אדרבה, פונקט ווי דאָס הייליגטום אין שילה איז געוואָרען א רויב פאַר די פיינד, אַזוי קאָן עס אויך ווערען דער בית־המקדש פון ירושלים (ירמיה ז).

ירמיה'ס באַדייטונג באַשטעהט דערין, וואָס ער צערייסט די האַרמאָ־ניע, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין יאשיהו'ס רעפאָרם, צווישען דער נבואה און דעם נאַציאָנאַלען געפיהל. אין דעם קאַמף וואָס ירמיה פיהרט מיט זיינע געגנער צווישען די נביאים, מיט מלכים, כהנים און פאָלק, טרעט ווידער קלאָר ארויס דער אַלטער קאָנפליקט צווישען ביידען אויפ'ן שאַרפסטען אופן. זיי אַלעמען האָט ער געגען זיך. א געוויסע צייט קומט ער גאָר ניט מעהר צום וואָרט. דאָס איז קיין חידוש ניט, וואָרים ער ראָט דאָך זיין פאָלק, כדי אויסצומיידען דעם זיכערען אונטערגאַנג, זיך צו בייגען מיט'ן גונען ווילען אונטער דער פרעמדער הערשאַפט און זיך מייאש צו זיין פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיגקייט; און ער שטעלט דאָך יעדען יחיד די פאָ־דערונג צו דינען גאָט לויט דער מאָראַל און די שטרענגע פאָדערונגען פון

די פריהערדיגע נביאים. דערום הערט און פארשטעהט איהם ניט דאס פאלק: כהנים און נביאים האסען און רודפ'ען איהם, און פון די קעניגליכע באאמטע זיינען נאר מאנכע פריינדליך צו איהם.

אט אזוי אנטוויקלען זיך די געשעהענישען זעהר גיך. א מערקווירדיג רייכער קוואל פאר דער געשיכטע פון יענער צייט איז דער ספר ירמיה; נעבען איהם קומט נאך דער ספר יחזקאל, וואס וועט שפעטער נאך ארומגערעדט ווערען, בעת דער ספר מלכים האט פאר אונז דערהאלטען בלויז זעהר מאגערע און דערצו טיילווייז אומגענויע נאטיצען.

דער שרעק נאך דער שלאכט ביי מגידו, אז נכו זאל באלד ניט שטעהן פאר די טויערן פון ירושלים איז געווען אן אומזיסטיגער. פרעה האט זיך געאיילט צום פרת. אונטערדעסען האט די לאנד־באפעלקערונג אויסגערופען צום קעניג יאשיהו'ס אינגערען זוהן יהואחז*) (שלום). וואהרשיינליך איז דער עלטערער אליקים געניינגט געווען זיך צו אונטערווארפען אונטער נכו און מ'האט איהם דעריבער אן א זייט געלאזען. מ'האט אין ירושלים נאך אלץ געהאט האפענונג, און מ'האט דערפאר געוואלט האבען א קעניג ווי יאשיהו — א באווייז אז יאשיהו'ס האנדלונג איז בשום אופן ניט געוועזען א רעזולטאט פון זיין פערזענליכען ווילען. אויך נאך זיין טויט האט מען נאך געהאפט, אז מ'וועט זיין בכח אויסצוקעמפען די אומאפהענגיגקייט. פיי־לייכט האט מען פון בבל צוגערעדט דערצו. יעדענפאלס האט מען אנגענומען, אז נכו וועט באלד צעשלאגען ווערען אין צפון. אבער יהואחז רעגירט נאר דריי חדשים. פרעה איז, ווי מ'קאן פארשטעהן, ניט צופרידען מיט דער וואהל; פון ריבלה אויס אין דרום־סיריען**), וואו ער האט זיך דערמאלט געפונען, באשטראפט ער יהודה מיט א קאנטריבוציע און זעצט אראפ יהואחז'ן. אויף יהואחז'עס שטעל ווערט פון נכו'ען איינגעזעצט אליקים, וועלכער באשטייגט דעם טראן פון זיינע פאטערס אונטער דעם נאמען יהויקים (608—597***). יהואחז ווערט אפגעפיהרט אלס געפאנגענער קיין

---

*) יהואחז באשטייגט דעם טראן לויט מלכים ב, כ"ג 31 צו 23 יאהר, דריי חדשים שפעטער אליקים. לויט פסוק 36, צו 25 יאהר. אגב האט יאשיהו, נאכדעם ווי ער האט צו אכט יאהר דעם טראן באקומען, רעגירט 31 יאהר. ער האט בכן צו 13 יאהר שוין געהאט דעם עלטערען זוהן אליקים

**) דארטען האבען זיך געקרייצט די גרויסע מיליטערישע וועגען צו עגיפטען, און צום פרת.

***) דאס וואס פרעה גיבט לייגט איבער זיין נאמען ווייזט בסירוש, אז ניט דער אונהאלט פון דעם נאמען איז עפעס ווינציג אין אויגען פאלען. נאך דער פסוק

עגיפּטען און איז דאָרטען שפּעטער געשטאָרבען; אויף יהויקים'ען ווערט ארויפגעלעגט א שווערער טריבוט. די דאָזיגע סומע מוזען שאַפען לויט אן אָפּשאַצונג די פאַרמעגליכע לאַנד־אייגענטימער און זיי מאָנען עס דערנאָך צוזאַמען פון די קלענערע פויערים („עם הארץ", מלכים ב, כ"ג 35).

יהויקים איז, ווי עס ווייזט אויס, געגאַנגען אין אלע פּרטים אין מנשה'ס דרכים. דערצו האָט ער ליב געהאַט צו בויען פּרעכטיגע בנינים, און ירמיה באַשולדיגט איהם, אז ער האָט באַשווערט דאָס פאָלק צוליב דעם מיט הויכע אָפּצאָהלונגען און האָט דורך געוואַלדטאַטען און עולות זיך פאַרשאַפט די מיטלען צו באַפרידיגען די דאָזיגע ליידענשאַפט זיינע (ירמיה כ"ב 13—19). אָט אַזוי האָט דער שיקזאַל געוואָלט, אז אין א צייט ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איהר קיום, זאָל די מלוכה פון יהודה קריגען אלס הערשער אַן אָריענטאַלישען דעספּאָט, אָהן א מאָראַלישער ערנסטקייט און אָהן א ווייטערען בליק.

ווי ווייניג יהויקים איז געווען דערוואַקסען פאַר דער סיטואַציע, ווייזט זיך גלייך ארויס דערין, וואָס ער האָט געזוכט צו אונטערדריקען אויף א ברוטאַלען אופן די נייע ריכטונג אין דער נבואה, וואָס האָט אונטער זיין רעגירונג זיך מעכטיג דערהויבען. און דאָך איז זי אַליין געווען די איינציגע וואָס האָט ריכטיג געאורטיילט סיי וועגען דעם רעליגיעזען און סיי וועגען דעם פּאָליטישען מצב. פאַר אונז איז די דאָזיגע נייע ריכטונג אין דער נבואה פאַרבונדען מיט ירמיה'ס פּערזאָן, ווייל שריפטען פון אנדערע נביאים פון דער דאָזיגער צייט האָבען זיך ניט דערהאַלטען. ירמיה'ס רעדעס גיבען אונז דורכאויס א לעבעדיג בילד פון די צושטענדען וואָס האָבען דעמאָלט געהערשט אין יהודה.

נאָכדעם ווי יהויקים האָט באַצאָהלט די קאָנטריבוציע, איז ארייינגעטראָטען רוהע אין לאַנד. מ'שפּירט קוים, אז מען איז אָפּהענגיג פון די עגיפּטער. זייער ארמיי האָט זיך פאַרקירעוועט קיין מזרח צום פּרת. עס האָט זיך געדוכט אויף א ווײַלע, אז עגיפּטען האָט באַקומען די פולע הערשאַפט איבער די אשורישע פּראָווינצען אין מערב־זייט פון פּרת. אין יהודה האָבען זיך ווידער אייינגעשטעלט געאָרדנעטע צושטענדען, און אין ירושלים איז מען ווידער געווען זיכער, אז יהוה וועט באַשיצען זיין שטאָדט פון אלע

וואָס דער און דער האָט עס געטאָן. די איבערלעגונג פון נאָמען ווייזט אויף א נײַ פאַרהעלטעניש, דער פאַקט ווער דאָס האָט געטאָן ווייזט אויף אן אָפּהענגיגקייט פון נאָמען־געבער.

סכנות. דער שטורם איז אויך דעם מאָל געווען אריבער, ניט האָבענדיג אָנגעמאַכט קיין גרויסען שאָדען. אבער נביאים האָבען נביאות געזאָגט, אַז איצט וועט דאָס פאָלק וואוינען זיכער אויף שטענדיג אונטער יהוה׳ס שיץ.

להיפוך דערצו האָבען ירמיה און אוריה פון קרית־יערים פאָראויסגעזאָגט דעם פאָלק אומגליק און יהוה׳ס שטאָדט — חורבן. ירמיה קריגט דעם באַפעהל פון גאָט אין איינעם פון די גרויסע ימים־טובים צו געהן אין הויף פון בית־המקדש און דאָרטען מודיע צו זיין די פאַרזאַמעלטע אידען פון יהודה, אז יהוה וועט זיי נאָר דאַן לאָזען בלייבען וואוינען דאָרטען, אויב זייער הנהגה וועט זיך בעסערען. זיי זאָלען זיך אָבער ניט פאַרלאָזען אויף די פאַלשע רייד: „דער טעמפעל פון יהוה, דער טעמפעל פון יהוה, דער טעמפעל פון יהוה איז עס". אויב זיי וועלען ניט אויפהערען צו משפט׳ן מיט עולות, צו דריקען די אָרימע און צו פאַרגיסען אומשולדיג בלוט, וועט יהוה פאַרוויסטען ירושלים און דעם בית־המקדש, פונקט ווי ער האָט אַמאָל פאַרוויסט שילה. אָט די שטראַשענדיגע ווערטער האָבען ארויסגערופען א שטורם פון אויפרעגונג געגען ירמיה׳ן ביים פאָלק, וואָס איז געווען אַנוועזענד אין הויף פון בית־המקדש, באַזונדערס ביי די כהנים און נביאים. מ׳רינגעלט ארום דעם נביא און מ׳שרייט, אז ער מוז שטאַרבען. דער לאַרעם ווערט דערהערט אין פּאַלאַץ און די קעניגליכע באַאַמטע, וואָס זיינען דאָרטען אַנוועזענד, געהען גלייך ארויף אין בית־המקדש מאַכען אָרדנונג. אַזוי גיך ווי זיי דערוויסען זיך וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, דערקלערען זיי זיך פאַר א געריכטס־הויף אום ארויסצוגעבען א פסק־דין וועגען דער זאַך. די כהנים און נביאים הייבען אויף די קלאַגע געגען ירמיה׳ן, אז ער פאַרדינט טויט־שטראָף פאַר זיין נביאות געגען יהוה׳ס שטאָדט און בית־המקדש. ירמיה אָבער פאַרטיידיגט זיך: „יהוה האָט מיך געשיקט נביאות זאָגען אויף דעם בית־המקדש און דער שטאָדט די אַלע ווערטער וואָס איהר האָט דאָ געהערט. פאַרבעסערט דעריבער אייערע וועגען און אייערע מעשים און פאָלגט דער שטים פון יהוה אייער גאָט. דאַן וועט יהוה זיך באַרעניקען וועגען דאָס שלעכטס וואָס ער האָט גערעדט געגען אייך. איך אָבער, אָט בין איך אין אייער האַנט. טוט מיט מיר וואָס איז גוט און געפעליג אין אייערע אויגען. אָבער וויסען זאָלט איהר, אַז אויב איהר טויט מיך, ברענגט איהר אומשולדיג בלוט אויף אייך און אויף דער דאָזיגער שטאָדט און אויף איהרע איינוואוינער, ווארים יהוה האָט טאַקע אין אמת׳ן מיך געשיקט צו אייך צו ריידען אין אייערע אויערן די דאָזיגע אַלע רייד". די קעניגליכע באַאַמטע האָבען אָנגענומען ירמיה׳ס פאַרטיידיגונג. אז ער ניט בלויז איבער יהוה׳ס

שליחות און האָבען איהם באפרייט. דאָס מאכט א רושם אויך אויף דאָס פאָלק, וואָס האָט נאָר וואָס געסטראשעט ירמיה׳ן מיט׳ן טויט. אייניגע פון די אַלטע אין פאָלק טרעטען אויף און, ציטירענדיג דעם פסוק פון מיכה ג 12, דערמאָנען זיי די פארזאמלונג, אז מיכה האָט שוין עהנליך נביאות געזאָגט און איז פונדעסטוועגען ניט באשטראָפט געוואָרען פון חזקיה׳ן דער־פאר. דעריבער ווילען זיי אויך ניט באגעהן א זינד צו לעגען א האנט אויף דעם נביא (ירמיה כ״ו).

פון ספר ירמיה דערוויסען מיר זיך, אז ירמיה האָט געהאַט צו פאַרדאַנ־קען דעם גליקליכען סוף פון דער זאך נאָר דעם פריינדליכען איינפלוס פון אחיקם בן שפן, און דערביי ווערט דערצעהלט דער טרויעריגער גורל פון יענעם אויבענדערמאָנטען נביא אוריה פון קרית־יערים. ער איז פארמשפּט געוואָרען פון יהויקים צום טויט פאר׳ן אויסדריקען זיך עהנליך ווי ירמיה. אוריה איז אפילו אנטלאָפען קיין מצרים; אָבער יהויקים האָט אויסגע׳פועל׳ט אז ער זאָל אויסגעליפערט ווערען, האָט געלאָזט איהם הינריכטען און זיין טויטען קערפּער אריינוואַרפען אין דעם אלגעמיינעם קבר*).

אונטערדעסען האָט די אלגעמיינע לאַגע אין דער וועלט זיך אין גאַנ־צען געענדערט. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז פרעה האָט געהאַט צו כאר־דאנקען זיין פּאָזיציע אין סיריען אסך וועניגער זיין אייגענער קראַפט ווי גיכער דער אָהנמאכט פון אשור. אשור׳ס גורל איז אָבער באלד געוועזן אָפּ־געשלאָסען, און נכו האָט דאן געהאַט אויסצושטעהן די פּראָבע געגען די נייע יורשים פון אשור. נינוה איז געפאַלען פאר דעם חיל פון מדי און בבל, און נבו־פּלאסר און קיאקסארעס האָבען צעטיילט צווישען זיך די געוואַלדיגע אימפּעריע, אזוי אז מדי האָט געקראָגען אשור גופא און דאָס לאנד אין צפון־און אין מערב־זייט ביז צום גרעניץ פון דער מלוכה פון לידיען; מעסאָפּאָ־טאמיען און סיריען אָבער זיינען אריבער געגאנגען צו בבל. באלד ווי נינוה איז נאָר געפאַלען האָט עס דעריבער געמוזט קומען צו אן אנטשיידענדער שלאכט צווישען עגיפּטען און דעם נייעם האר פון סיריען. נבו־פלאסר איז אונטערדעסען געשטאָרבען און דעם טראָן פון דער נייער כאלדעאישער מלוכה פון בבל האָט באשטיגען זיין זוהן נבו־כדראצר (נבוכדנאצר), וועל־כער האָט מארשירט מיט זיין ארמיי געגען פרעה נכו. נכו האָט געהאַט זיך א דרעה געטאָן צו מזרח צו און האָט, ווייזט אויס, אריינגעקראָגען אין

*) דאָס איז קענטיג געווען א מאסען־קבר, אין וועלכען מ׳האָט באגראָבען ארימע און פרעמדע. פארגלייך מלכים ב, כ״ג 6.

זיין רשות דאס גאנצע לאנד ביז צום פרת. ביי כרכמיש האט ער געמוזט אריינערגעהן דעם פרת אדער ווארטען אויף דעם פיינד. דאס איז די היינטיגע ד. ש ע ר א ב י ס. אין יאהר 605 איז עס טאקע געקומען צו א שלאכט. נכו איז אין גאנצען צעשלאגען געווארען. סיריען איז געפאלען אין די הענט פון דעם כאלדעער, און עגיפטען האט געמוזט איינגעבען איהר זכות צו זיין א מיט־יורש'טע אין סיריען. דער ספר מלכים באמערקט קורץ, אבער מיט פיעל באדייטונג: „און דער מלך פון מצרים איז מעהר ניט ארויסגעגאנגען פון זיין לאנד, ווארים דער מלך פון בבל האט צוגענומען פון דעם טייך פון מצרים ביז דעם טייך פרת, אלץ וואס האט געהערט צום מלך פון מצרים" (מלכים ב, כ"ד 7). נאך איינינע יאהר פון אומזיכטיגע האנדלונגען אויף א פולער פרייהייט האט יהויקים, פונקט ווי די אנדערע סירישע הערשער, זיך אונטערווארפען אונטער דעם נייעם זיגער (ארום יאהר 601). דריי יאהר האט ער געצאהלט טריבוט, דאן אבער האט ער באקומען א חשק צו רעוואלטירען געגען נבוכדראצר'ן*). ירמיה האט איצט געהאט שלעכטע טעג. שוין ביי נכו'ס נידערלאגע האט ער קלאר פאראויסגעזעהן דעם גורל פון עגיפטען:

„געה קיין גלעד און ברייננ דיר באלזאם,
יונגפרוי, טאכטער פון מצרים!
אומזיסט האסטו געמאכט אסך רפואות,
ניטאָ פאר דיר קיין היילונג.
די פעלקער הערען פון דיין שאנד,
מיט דיין געשריי איז פול די וועלט;
העלד אויף העלד ווערען געשטרויכעלט,
ביידע פאלען זיי צוזאמען".

(ירמיה מ"ו 11 .12).

ירמיה האט שוין דאמאלסט מורא געהאט אז ירושלים זאל ניט אונטערגעהן דורך נבוכדראצר'ן. אויך אין ירושלים גופא האט מען, ווי עס ווייזט אויס, געהאט עהנליכע שרעק. מ'רופט דעריבער אויס א תענית צו באוואהרען דאס אומגליק. ווי שוין פריהער ביי אן עהנליכער געלעגענהייט, קאן ירמיה אויך איצט ניט שווייגען; ער מוז ווייזען זיין פאלק דעם ריכטיגען וועג ווי זיך

---

*) וואס עס האט איהם פאראורזאכט דערצו, ווייסען מיר ניט. דורך דארט מען אננעמען, אז עגיפטען האט געהעצט. באמת נבי איז ניט געווען כביכול צו קאן קעגן ממשות'דיגעס.

צו העלפען. עפענטליך אויפצוטרעטען איז איהם פארבאָטען, דעריבער דיק־טירט ער זיינע ווערטער אויף א מגילה צו זיין שרייבער ברוך בן־נריה און לאָזט זיי דורך איהם פאָרלעזען. אין יענעם פאָרגעלעזענעם בוך האָבען זיך געמוזט געפינען ווארנונגען, אזעלכע ווי מיר טרעפען דאָ און דאָרטען אין ספר ירמיה: פעלקער פון צפון, און דער קעניג פון בבל גופא וועלען זיך אריינרייסען אין ירושלים און אין יהודה, וועלען זיי פארוויסטען און פאר־טיליגען פון זיי „די שטים פון חתן כלה, דעם קלאַנג פון די זארנעס און דעם שיין פון לאָמפּ" (ירמיה כ"ה 9, 10 און אויך קאפ. ל"ו). אינפאָרמירט ווע־גען דעם דורך זיינע מיניסטאָרען, צעשניידט יהויקים ירמיה'ס בוך אין שטיקער און ווארפט זיי אריין אין קויהלען־בעקען, ניט אבטענדיג אויף די באַאמטע, וועלכע האָבען זיך געבעטען ביי איהם, ניט צו פארברענגען די בא־שריבענע מגילה, און באפעהלט צו ארעסטירען ברוך בן־נריה און ירמיה'ן, אבער „גאָט האָט זיי פארבאָרגען". ירמיה לאָזט דאן אויפשרייבען די פאר־ברענטע נבואות אין א פארגערעסערטער אויפלאַגע אויף א צווייטער מגילה (ירמ"ה ל"ו). כל זמן יהויקים האָט געלעבט איז ירמיה, ווי עס ווייזט אויס, עפענטליך מעהר ניט אויפגעטראָטען. ווענינגסטענס ווייזט דער ספר ירמיה קיין זיכערע שפור ניט פון א טעטיגקייט אין יענער צייט.

יהויקים האָט פארט רעוואָלטירט, און נבוכדראצר האָט קודם כל אָנ־גערעדט די שכנים פון ארום צו באפאלען אויף יהודה אין פארבינדונג מיט באבילאָנישע באנדעס. באלד נאָכדעם אבער (אין יאהר 597) קומט ער אליין מיט זיין חיל אין פאלעסטינא (מלכים ב, כ"ד 1, 2). יהויקים שטארבט פלוצלונג און ווערט דורך דעם געראָטענעם פון א שווערער דערנידעריגונג. זיין 18 יעהריגער זוהן י ה ו י כ ע ן (ווערט אויך אָנגערופען יכניה) נעמט איבער זיין ווענינ אנציהענדע ירושה. דער יונגער בחור, וועלכער האָט פלוצלונג דעם טראָן באקומען, גלויבט הפנים, אז ער מוז פאָרטזעצען דעם אומבאזונענעם ווידערשטאנד פון זיין פאָטער. נבוכדראצר נעמט זיך צו דער באלאגערונג פון ירושלים. כדי צו פארמיידען דאָס ערגסטע, גיט זיך יהויכין איבער איידער די שטאָדט ווערט געשטורעמט. ער מוז געהן אלס נבוכדראצר'ס געפאנגענער אין דער הויפטקוואַרטיר פון פיינד, באגלייט פון זיין מוטער און זיין גאנצען הויף און שטאב.

## גלות יהויכין.

נאָך די דאזיגע מרידות האָט נבוכדראצר באשלאָסען צו ברעכען די קראפט פון פאלק. ניט בלויז דער קעניג און זיין הויף און די באַאמטע

זיינע, נאר אויך 7000 וואפען־פעהיגע, דאס הייסט לאנד־איינגעזעסענע, דער קלאס, אויף וועלכען עס האט זיך געהאלטען די גאנצע מיליטערישע מאכט פון דער מלוכה, און 1000 האנטווערקער זיינען אוועקגעפיהרט געווארען אין באבילאניען — נאטירליך מיט זייערע פאמיליען*). נבוכדראצר האט גע־לאזען אויפ'ן היימישען באדען נאר דעם ארימערען טייל פון פאלק, וועלכער האט איצט פארנומען די שטעלען און די נחלאות פון די פארטריבענע. אויך א טייל פון די הייליגע כלים פון בית־המקדש איז אוועקגעשלעפט געווארען אלס קעניגליכער רויב קיין בבל (ירמיה כ"ז 18—20; כ"ח 3). צווישען די פארטריבענע מיט יהויכין'ען האט זיך אויך געפונען דער נביא יחזקאל, וועגען וועמען עס וועט שפעטער גערעדט ווערען מיט מעהר אריכות. דער יונגער יכניה גופא האט 37 יאהר געשמאכט אין באבילאנישע געפענגני־שען; ירמיה רופט איהם נאך: „א, לאנד, לאנד, לאנד! הארך יהוה'ס ווארט! אזוי האט געזאגט יהוה: פארשרייבט דעם דאזיגען מאן אלס קינדערלאז, א מאן וואס וועט קיינמאל אין זיין לעבען ניט מעהר מצליח זיין; ווארים קיינעם פון זיין זאמען וועט ניט אפגליקען צו זיצען אויף דוד'ס טראן און צו הערשען איבער יהודה!" (ירמיה כ"ב 29, 30).

## די ליטעראטור פון דער צייט.

פונקט אזוי וועניג ווי די נבואה איז אויך אין אט דער צייט דער ליטערארישער איינפלוס געווען אפגעשטארבען אין יהודה. עפעס ווי די מענער מיט א נביא'ישען גייסט וואלטען פאראויסגעזעהן דעם סוף, און דערפאר האבען זיי געזוכט צו מאכען אן ארדנונג אין דער ליטעראר־ישער ירושה פון פאלק. אין די טעג פון יהויקים אדער יכניה איז די היס־טאריע פון די מלכים צוזאמענגעשטעלט געווארען אין א פארם, וואס אונ־טערשיידט זיך זעהר ווינציג פון אונזער ספר מלכים אין זיין היינטיגער גע־שטאלט. עס איז ניט קיין פולקום ווערק, אבער ניט האבענדיג קיין בע־סערס, איז עס פאר אונז א מאנומענט פון אן אויסשאצבארען ווערט. דער ווירקליכער פארפאסער פון ספר מלכים, וועלכער איז באשיינפערליך א קינד פון דעם גייסט, וואס ווערט אויסגעדריקט אין ספר דברים, געפינט דאן חברים פון זיינע שטרעבונגען ביי מענער, וועלכע האבען צוזאמענגעשטעלט און

*) וועגען איינצעלנע אויסנאמען, וואו ס'האט געלאזען קינדער אין דערהיים, זעה יחזקאל כ"ד 21.

איבערגעארבייט די געשיכטען פון די שופטים און די ערשטע קעניגס־גע־
שיכטען. אויך זיי געהערען צו דער לעצטער צייט פון דער מלוכה פון יהודה.
די דאזיגע ליטעראַרישע שולע האָט אויסגעשפּרייט איהר טעטיגקייט אויך
אויף דעם געביט פון געזעץ. מאנכע טיילען פון היינטיגען ספר דברים, וועל־
כע האבען ניט געהערט צו יאשיהו׳ס בוך פון דער תורה, זיינען איצט שוין
אויפגעקומען.

אָט די שטיקער אָטעמען מיט דעמזעלביגען גייסט; זיי זיינען א שטאר־
קער באווייז פאר דעם, אז אין יענע אויפגערודערטע צייטען, ווען מ׳האָט
זיך אזוי שטארק אָפּגעקעהרט פון יהוה און מען איז צוריק פארזונקען געווא־
רען אין דער פאָלקס־רעליגיאָן, האָט פאָרט נאָך געלעבט אין מאנכע קריי־
זען א גייסט פון אַן ערנסטער באזינונג. מ׳הייבט אָן צו פארשטעהן די פאר־
גאנגענהייט פון דער נאציאָן אין ליכט פון דער געגענוואָרט און איהרע ער־
פאהרונגען, און מ׳זוכט ארויסצונעמען דערפון א מוסר־השכל, וואָס מ׳ווייסט
ניט איינצוקליידען אין קיין אַנדער פאָרם ווי אין היסטאָריע. אָט אזוי
קומט אויף א נייער אופן פון היסטאָרישער באטראַכטונג, אַן אייגענאַרטיגער
רעליגיעז־מאָראַלישער פּראגמאַטיזם, וואו דער עיקר איז ניט דער היסטאָרי־
שער פאַקט גופא, נאָר די ריכטיגע באלייכטונג, אין וועלכער די געשעהע־
נישען ווערען געשטעלט. אין אונזער וויסענשאַפטליכען אינטערעס מעגען
מיר באדויערען דעם אופן פון געשיכטסשרייבונג, וועלכער איז אָפטמאָל גע־
וואָרען א פּשוט׳ע איבעראַנדערשונג פון דער געשיכטע. אבער מיר מוזען
געדענקען, אז זי האָט אסך געהאָלפען צו פארברייטערען און פארטיפען די
רעליגיעזע באגריפען פון פאָלק, אָהן וועלכע די אידישע נאציאָן וואָלט
איבערהויפּט מעהר ניט געהאַט קיין קיום.

גלייכצייטיג ערשיינט איצט די נבואה אין אַן ענגערען זין נעבען ירמיה׳ן
אין ח ב ק ו ק. ער רעדט פון די כשדים (כאַלדעער) ווי פון א פיינד,
וואָס האָט שוין אסך צרות אנגעטאָן יהודה. ווי קאָן דער הייליגער פון
ישראל דאָס דולדען? עס איז יהוה׳ס שטראָפענדע האַנט; „אבער אמאָל
וועט דער רויבער אויסגערויבט ווערען צוליב דעם בלוט פון מענשען און דער
געוואַלד וואָס ער איז באַגאַנגען געגען לענדער, שטעדט און אלע זייערע
איינוואוינער“ (חבקוק ב 8).

פערטע אַפּטיילונג.

# חורבן ירושלים

## 1.

## צדקיה און דאָס ענד.

אויף דוד'ס טראָן ווערט געזעצט אַלס באַבילאָנישער וואַסאַל מתניה, אַ אינגערער זוהן יאשיהו'ס און אַ פילער ברודער פון דעם אומגליקליכען יהואחז (מלכים ב, כ"ג 31; כ"ד 18). אַלס קעניג טראָגט ער דעם נאָמען צדקיה*) (פון יאָהר 597 ביז 586).

די דאָזיגע וואַהל איז געווען זעהר אַן אומגליקליכע. די שוועריגקייטען פון דער לאַגע האָבען געפאָדערט אַ הערשער מיט באַזונדערער באַגאַבונג. די קראַפט פון פאָלק איז נאָך באמת ניט געווען געבראָכען, בעת דער נאַציאָנאַלער געפיהל איז געווען שטאַרק פאַרוואונדעט דורך דעם גלות פון קעניג און דורך דער אוועקשלעפונג פון די הייליגע כלים. די עמטער פון דער מלוכה זיינען איצט אַריינגעפאַלען צו נייע אויפגעקומענע תקיפים, וועלכע האָבען נאָך ווינציגער ווי זייערע פאָרגענגער געוואָלט אויפגעבען דאָס רעכט פון יהודה צו שפּילען אַ זעלבשטענדיגע ראָלע. נאָר אַן ענערגישער פירשט מיט דער קראַפט צו טאָן אויך דאָס וואָס איז להיפוך פון נאַציאָנאַלען געפיהל, ווען דער פּאָליטישער חשבון פאָדערט עס — האָט געקאָנט אַרויסהייבען די מלוכה פון איהר שווערער לאַגע. וואָלט מען געוואוסט איינצופיהרען אַן אינערליכע אָרדנונג אין לאַנד, דאַן וואָלט די צוזיכט פון פאָלק ניט געווען אָהן אויסזיכטען. מ'וואָלט געפיהרט אונטער דער אויבער־

*) מלכים ב, כ"ד 18—כ"ה 21; דערצו ירמיה נ"ב. די ענדערונג פון נאָמען דערקלערט זיך ווי אויבען ביי יהויקים. פון יחזקאל י"ז 13 דערוויסען מיר זיך נאָך, אַז צדקיה האָט געמוזט שווערען צו נבוכדנאצר'ן טריישאַפט

הערשאפט פון בבל א פרידליך לעבען אהן פאליטישער גדלות; די קליינע מלוכה וואלט זיך דערהוילט און נייע כוחות געזאמעלט. זי האט געקאנט אין דער געשטאלט פון א וואסאל־מדינה אריבערלעבען די באבילאנישע עפאכע, פונקט ווי זי האט אריבערגעלעבט די אשורישע. די אויפגאבע פון א פאליטיש קלוגען הערשער איז דערפאר געווען איינצוגעוועהנען דאס פאלק צו זיין געהארכזאם צום אויבער־האר און צו זאמלען פון דאס ניי די כוחות פיי דער מלוכה. צדקיה איז אבער בשום אופן ניט געווען דערוואקסען פאר אזא אויפגאבע. ער ווייסט ניט צו ווי צו האלטען אין צאם די נייע באאמטע, וועלכע ווייזען באלד ארויס אין נאך א העכערער מאס אלע חסרונות פון די אלטע (יחזקאל כ"ב 25, 27; כ"ד 6) און לאזען זיך געווינען פאר דעם געדאנק אראפצוואווארפען מיט עגיפטישער הילף דעם באבילאנישען יאך. מיט גוטע כונות, אבער לאנגזאם אין זיינע באשלוסען און שוואך אין ענערגיע, וואקעלט ער זיך צווישען די פארטייען ווי א ראהר אין ווינט. ער הערט זיך צו צו ירמיה'ס עצה, אבער ער פארמאגט ניט דעם כוח איהם צו פאלגען. ענדליך איז ער געווארען בלויז א ווערקצייג אין דער האנט פון יענער מלחמה־פאר־טיי, וועלכע האט, זיך פארלאזענדיג אויף יהוה'ס שוץ און עגיפטען'ס הילף, איהם מיטגעריסען ווידערצושפעניגען געגען זיין האר. ער איז ניט געווען בכוח זיך צו שטעלען געגען דעם פאנאטיזם פון יענער פארטיי. נאך מעהר, ער קוקט צו ווי די פארטיי דערשטיקט אין בלוט יעדען ווידערשפרוך גע־גען איהרע פלענער (יחזקאל ז 23; ח 17; ט 9; י"א 6). דער ספר מלכים דערקלערט עס דערמיט, וואס יהוה'ס צארן איז געווען געגען ירושלים און יהודה ביז ער האט זיי פארשטויסען פון זיין פנים (מלכים ב, כ"ד 20).

נאך אן ערגערע צרה פאר דעם גורל פון דער אידישער מלוכה איידער צדקיה'ס אומפעהיגקייט און שוואכקייט איז געווען דאס וואס יהוה'ס שטים האט וואס ווייטער אלץ מעהר זיך צעטיילט און איז געווארען אומפאר־שטענדליך פאר דעם פשוט'ען אידען. דער קאמף, אין וועלכען ירמיה איז שוין ביז איצט געשטאנען מיט דער מאסע פון די נביאים, האט זיך כסדר אלץ מעהר פארשארפט. און א דאנק דעם קאמף זיינען מיר לפי־ערך גוט אינפארמירט וועגען צדקיה'ס רעגירונג. ירמיה'ס נבואות פון יענער צייט, וועלכע האבען זיך אונז דערהאלטען, זיינען פאר איהר א רייכער קוואל פון ערשטען ראנג. און נאך א באזונדער גליק איז עס, וואס מיר זיינען גענוי אינפארמירט אויך מכוח די צושטענדען צווישען די פארטריבענע אין באבי־לאניען, ווארים צווישען זיי איז אויפגעטראטען אלס נביא אין ירמיה'ס גייסט דער כהן יחזקאל, וועלכער האט אונז געלאזען אין א פלאנמעסיג אויס־

נעשטעלטעז בוך זיינע זעהונגעז און זיינע רעדעס, וואס ער האט געהאלטען פאר יחידים ווי אויך פאר'ן פאלק, און זיינע פלענער פאר דער צוקונפט פון פאלק. אט דאס בוך יחזקאל'ס גיט אונז בעסער ווי וועלכעס עס איז אן אנדער בוך דעם שליסעל צו פארשטעהן די נבואה און די תורה און דערמיט בכלל צו פארשטעהן די געשיכטע פון אידישען פאלק אין פון יורענטום.

מיט יחזקאל באווייזט זיך אויף אונזער האריזאנט די פיגור, וואס האט געהאט אזא רייכע השפעה אויף דער צוקונפט. באגאבט ווי די אנדערע נביאים מיט זעהונגען, און געבענדיג נביאות צום פאלק, איז ער אבער פארט לויט זיין פריסטערליכער אפשטאמונג דורכגעדרונגען מיט פריסטערליכע אינסטינקטען. כאראקטעריסטיש פאר איהם איז, וואס קריגענדיג דעם באפעהל פון גאט צו עסען ברויט געבאקען אויף מענשליכע מיסט, וועהרט ער זיך מיט די ווערטער: „וועה, מיין האר יהוה! זעה, מיין זעל האט זיך ניט פאראומרייניגט און נבלה און טרפה האט איך ניט געגעסען פון מיין יוגענד אן ביז איצט און געצענפלייש איז אין מיין מויל ניט געקומען" (יחזקאל ד 13, 14). איינע פון די ערשטע עובדות פון א ריכטיגען כהן איז פאר איהם צו לערנען דאס פאלק ווי צו אונטערשיידען צווישען „קדש" און „חול", צווישען טהור און טמא (כ"ב 26; מ"ד 23). ווי א כהן ווענדט ער זיך צו די איינצעלנע פארטריבענע זיי צו פארהיטען מיט זיינע רייד געגען זינד און שלעכטס. ער האט באטראכט פאר זיין שליחות מפרסם צו זיין, אז די אידישע מלוכה מוז אונטערגעהן אלס שטראף פון יהוה פאר די גרויסע זינד פון דער פארגאנגענהייט אין קולט און פאר דער מאראלישער און רעליגיעזער פארדארבענקייט פון איצטיגען דור. דערמיט שליסט ער אפ איינע פון די הויפט־אויפגאבען פון דער נבואה. ער פארטרעט דעם ברוך מיט דער פארגאנגענהייט, דאס אויפגעבען פון די פריהערדיגע אידעאלען און די אנגעמונג פון דער נביא'ישער באטראכטונג פון ישראל'ס געשיכטע, פון זיינע אויפגאבען און האפענונגען. אזוי אבער ווי אנקניפענדיג אן דעם ספר דברים פארוואנדעלט ער די פאדערונג פון דער נבואה אין תקנות און געזעצען און צייכענט פאר דעם פלאן פאר זיין פאלק ווי צו געפינען גאט'ס ליטועלינקייט אונטערוואורפענדיג זיך אונטער די דאזיגע געזעצען — בילדעט ער דעם בריק פון דער נבואה צו דער געזעץ־שריפטשטעלערייי פון גלות און צום יורענטום פון נאכ'ן גלות. מאנכע באצייכענען איהם אלס דעם פאטער פון יורענטום נאכ'ן גלות. די באצייכענונג איז ריכטיג, ווען מ'פארגעסט ניט צוליב דעם זיין אנקניפונג אן דעם ספר דברים און זיין אפהענגיגקייט פון די געדאנקען פון די נביאים. אויך ביי איהם באמערקען מיר די ערשיינונג,

אז די איינפלוסרייכסטע פערזאָנען אין דער געשיכטע זיינען די, וועלכע וויסען ווי צו פאָרמולירען און ווי אָנצואווענדען אויף דאָס טעגליכע לע־בען די געדאַנקען, וואָס אַנדערע האָבען ארויסגעזאָגט. וועגען יחזקאל׳ס באדייטונג אלס פאָרגעהער פון דעם יודענטום פון נאָכ׳ן גלות וועט נאָך שפּעטער גערעדט ווערען באריכות.

יחזקאל׳ס טעטיגקייט אלס נביא האָט זיך אָנגעהויבען 6 יאָהר פאָר דעם חורבן פון ירושלים. זיינע נבואות פון יענע 6 יאָהר גיבען אונז זעהר א לעבעדיג בילד פון ישראל׳ס שיקזאַלען אין דער דאָזיגער צייט. ניט בלויז פיהרען זיי אונז אריין אין די שטימונגען און געדאַנקען, וואָס האָבען באַ־וועגט די פאָרטריבענע אין באבילאָניען; ניט נאָר שילדערען זיי אונז די צוריקווירקונג פון די געשעהענישען אין ירושלים אויף די מעשים און גע־דאַנקען פון יענע גלות־אידען, נאָר זיי גיבען אונז גוטע ידיעות אויך איבער צושטענדען און פּערזאָנען אין ירושלים, מחמת עס איז אָנגעגאַנגען א לעבהאַפטער פאָרקעהר דורך בריף און רייזענדע צווישען ירושלים און די אידען פון גלות, און די פאָרטריבענע, ווי עס לאָזט זיך לייכט פאַרשטעהן, האָבען נאָכגעפאָלגט מיט דעם לעבעדיגסטען אינטערעס די פּאַסירונגען אין ירושלים. אָבער מ׳מוז נאַטירליך האַלטען דערביי אין זינען, אז דעם נוסח, אין וועלכען די נבואות ליגען איצט פאָר אונז, האָבען זיי ערשט באקומען נאָכ׳ן חורבן פון ירושלים און זיינען מעגליך באאיינפלוסט געוואָרען פון יענער גרויסער פּאַסירונג אויך אין זייער אינהאַלט.

פון ירמיה׳ן זיינען אונז געבליבען נבואות אויך פון צדקיה׳ס ערשטער צייט. דאָך זיינען מיר מעהר אינפאָרמירט דורך זיי וועגען צדקיה׳ס מרידה, וועגען דער באלאַגערונג און צעשטערונג פון ירושלים.

לויט די ידיעות זיינען די 11 יאָהר פון צדקיה׳ס רעגירונג געווען א גרויסע אינערליכע אויפרודערונג. סאַי די וואָס זיינען געבליבען אין ירושלים, סאַי די וואָס זיינען פאָרטריבען געוואָרען אין באבילאָניען וויסען ניט ווי זיך פאַנאַנדערצוקלייבען אין דער סיטואַציע, און מיט דער אַלטער נאַציאָנא־לער עקשנות קעמפען זיי געגען דעם גורל וואָס איז אויף זיי ארויפגעלעגט געוואָרען. אין ירושלים הערשט די נייגונג אויסצוטייטשען די נאַציאָנאַלע דערנידעריגונג פון יאָהר 597 אזוי אז דורך דער פאָרטרייבונג זיינען די שול־דיגע באשטראָפט געוואָרען און די געבליבענע אין ירושלים זיינען איצט זי־כער. געגען דער פאַרבלענדונג ווענדט זיך ירמיה אין זיינע זעהונגען אין קאַפּ. כ״ד. ער וואַרפט פאָר די פאַרבליבענע אין לאַנד, אז זיי זיינען אסך פאַרדאָרבענער און נידריגער ווי די, וועלכע נבוכדראצר האָט פאָרטריבען

אין גלות, און ער זאגט זיי פאראויס, אז א נייע שטראף קומט זיי אנטקעגען, אז זיי וועלען פארלירען זייער לאנד, בעת פון יענע פארטריבענע אידען אין באבילאניען וועט גאט זיך שאפען א פאלק. אז צום גלות וועט באלד נעמען א סוף, אז יהויכין און אלע, וואס האבען מיט איהם דערמועלבינגען שיקזאל געליטען, וועלען זיך באלד צוריקקעהרען אהיים. דאס איז געוועזען די איבערצייגונג אויך פון די וואס זיינען אין לאנד געבליבען, און אויך פאר זיי איז עס געוועזען א פועל־יוצא פון זייער רעליגיעזען גלויבען. וואָרים אויב גאט'ס צאָרן איז איינגעשטילט געוואָרען, דאן האט די אונטערדריקונג פון יהודה אונטער'ן יאָך פון די כשדים ניט געקאָנט לאנג דויערען. דערצו נאך האט דאך נבוכדראצר געלעגט זיין האנט אויף דעם געזאלבטען פון יהוה און האט דורך זיין אויסראבירען יהוה'ס טעמפעל ארויסגערופען זיין צאָרן. אין ירושלים האט מען דעריבער רעדוואַרט, אז די כאלדעאישע הערשאפט זאל באלד צוזאמענברעכען און די באפרייאונג זאל קומען. די נביאים אין ירושלים און אויך אין באבילאָניען, וועלכע האבען זיך געפיהלט טיף פאר־וואונדערט דורך די געשעהענישען פון יאהר 597, האבען דעריבער ניט מיד נביאות זאָגענדיג וועגען נבוכדראצר'ס באלדיגער מפלה.

די דאזיגע בשורה האט געפונען אפענע אויערן צווישען די פארטריבענע אידען. זיי האבען ניט געקאָנט זיך איינלעבען מיט דעם געדאנק צו בליי־בען אויף תמיד אין א טמא'ן לאנד. מ'האט געהאפט נאר אין קורצען זיך צוריקצוקעהרען און ווידער צו קריגען די אלטע שטעלעס און די פאר־לאָרענע נחלאות. אויף די נייע תקיפים אין ירושלים און זייער מלוכה האט מען געקוקט פון הויבען אראפ. דאס איז באמת גאר ניט געווען די אלטע מלוכה פון אמאל. ווייבאלד אז ירושלים האט זיך איבערגעגעבען צו נבוכדראצר'ן, הייסט עס, אז יהוה איז ניט געווען אין בית־המקדש; און דער וואסאל צדקיה איז ניט געווען אין זייערע אויגען קיין קעניג פון דוד'ס הויז מיט דעמועל־בינגען ווערט ווי זיינע פארגעהער. פארלאזענדיג ירושלים האבען די פאר־טריבענע, ווי עס ווייזט אויס, געמוזט פארקויפען זייערע נחלאות פאר יעדען פרייז. דאס האט ארויסגערופען ביי זיי דעם געפיהל, אז די קויפער האבען געצויגען א נוצען פון זייערע ברידער'ס אומגליק. אלס צוגאב נאך האט וואהרשיינליך א גרויסער טייל פון דעם קויף־פרייז געמוזט אפגעגעבען ווער־רען אויף קרעדיט צו די אומבאשטימטע קויפער. עס זעהט ואגאר אויס, אז מ'האט אפילו ניט ערפילט עהרליך וואס מ'האט זיך מתחייב געווען; מ'האט אויסגענוצט די געצוואונגענע לאגע פון די פארטריבענע און, מיט דעם הויכ־מוטיגען געפיהל, אז מען איז פון יהוה געלאזען געווארען אין לאנד, האט

מען אראפגעקוקט אויף די פארטריבענע. דאס האט ארויסגעבראכט האס און פאראכטונג. די דאזיגע שטימונג פון די פארטריבענע טיילט אויך יחזקאל. אויך ער האלט זיי פאר בעסער ווי די אין ירושלים פארבליבענע. ער סטראשעט מיט א חורבן פאר די זינד פון די אידען וואס ריידען פון זייערע פארטריבענע ברידער (י"א 15): „זיי האבען זיך דערווייטערט פון יהוה און אונז איז עס (יהוה'ס לאנד) געגעבען געווארען פאר אן ארב". אבער די אידען פון באבילאניען, מיט וועמען ער האט געטיילט דעמזעלביגען גורל, טרייסט ער, אז זיי וועלען זיך אמאל צוריקקעהרען אין לאנד פון זייערע פאטערס. אויך ער האלט, אז דאס קעניגטום איז מיט יהויכין'ס אראפזעצונג אפגעשאפט געווארען (קאפ. י"ז). דער שפיץ פון לבנון־צעדער (יהויכין) איז פון דעם גרויסען אדלער (נבוכדראצר) אויסגעבראכען און איז באבילאניען געבראכט געווארען; אויף זיין שטעל איז געפלאנצט געווארען א וויינשטאק (צדקיה'ס מלוכה), וואס זאל אויסשפרייטען זיינע צווייגען צו בבל צו. אויך לויט יחזקאל'ס איבערצייגונג האט יהוה די שטאדט פארלאזען.

ביי דער שרעקליכער אומארדנונג, וואס איז איינגעטראטען אין ירושלים אונטער דעם רעזשים פון דעם נייעם ניט געניטען און געוואלדטעטיגען הערשער, איז פאקטיש ביי די אידען פון גלות אויפגעקומען דער געפיהל, אז זיי זיינען בעסער איידער די אידען פון ירושלים און אז זיי זיינען דערום ניט פארדינטערהייט באשטראפט געווארען. פאר יחזקאל'ען איז ירושלים א שטאדט פול מיט שפיכות־דמים. עס ווייזט אויס, אז די פארטיי, וואס האט באקומען די הערשאפט און האט צוגעגרייט די מרידה געגען בבל, האט אונטערדריקט מיט געוואלד־מיטלען די געגנערשאפט צו איהר און אז אויך בכלל האבען די שרים אפגעטאן אלערליי עולות, איבער וועלכע די נביאים פון עמוס'ען אן זיינען ניט מיד געווארען צו קלאגען. אויך דער בייט אין דעם לאנד־אייגענטום פון יאהר 597 איז הפנים ניט אפגעגאנגען אהן נעוואלד־מיטלען און האט געבראכט מיט זיך ווייטערדיגע געוואלד־מיטלען. צו דער זינד קומט נאך צו, וואס די פרעמדע קולטען האבען צוליב אויבען דערמאנטע סיבות ווידער אנגעהויבען זיך צו פארשפרייטען. אפילו אין בית־המקדש גופא פון ירושלים ווערט ווידער אריינגעפיהרט דער פרעמדער קולט פון אשור־בבל. דארטען דינען די פרויען צום תמוז*) און אין הויף פון בית־המקדש בוקט מען זיך מיט'ן רוקען צו יהוה'ס מזבח צו דער אויפגעהענדער

*) זעה וועגען דעם אין ערשטען באנד ז. 281, 282 אין דער באמערקונג.

זון (יחזקאל ח). אויך דאָס איז געווען אַ נאַטירליכער פּועל־יוצא פון די געשעהעניש׳ פון יאָהר 597. די באַזיגונג פון יהויכין׳ען און זיין פאַרטרייבונג אין גלות זיינען נאָך אין אַסך אַ גרעסערער מאָס ווי די פאַראויסגעהענדע פאָל־רונגען געווען מסוגל צו צעטרייסלען דעם בטחון אין יהוה ביי די אַלע, וואָס זיינען ניט ביכולת געווען צו זעהן אין די נאַציאָנאַלע אומגליקען, ווי ירמיה און יחזקאל און זייערע אָנהענגער, אַ ווערק פון דעם גערעכטען יהוה, און האָבען אויך ניט געוואָגט צו האָפען, צוזאַמען מיט די פאַלשע נביאים און מיט דעם רוב פון פאָלק, אויף יהוה׳ס באַלדיגער הילף. ווייבאַלד אַז יהוה האָט ניט בלויז צוגעלאָזען, אַז יאשיהו זאָל פאַלען אין שלאַכט און די מלוכה זאָל ווערען אָפּהענגיג פון פרעמדע, נאָר ער האָט אפילו רוהיג צוגעקוקט ווי זיין געזאַלבטער האָט זיך אונטערוואַרפען אונטער נבוכדנאצר׳ן, און ווי זיין בית־המקדש איז אויסגעבויט געוואָרען, הייסט עס, אַז ער איז אָהנמעכטיג געגען די געטער פון די זיגער, אָדער אַז ער האָט פאַרלאָזען זיין פאָלק און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די כשדים. אַז יהוה האָט דאָס לאַנד פאַרלאָזען איז די איבערצייגונג פון די, וואָס געהען איבער צום דינסט פון אַנדערע געטער, און דער איבערגאַנג ווערט דערמיט אויך פאַרשטענדליך (יחזקאל ח 12; ט 9). אַבער די צעטרייסלונג פון פאַרטערליכען גלויבען ברייננגט מיט זיך אַן אָפּשוואַכונג פון די אַלטע מידות. אויב מ׳קאָן זיך פאַרלאָזען אויף יחזקאל׳ס שילדערונג (קאַפּ. כ״ב), וועלכע נעמט נאַטירליך אויך אַריין אין חשבון די זינד פון דער פאַרגאַנגענהייט, האָבען דעמאָלט זינד און אויסגעלאַסענקייט פון ערגסטען זאָרט געשענדעט אַלע קלאַסען. די אין זיך צעשפּאָלטענע נבואה איז ניט געווען בכוח צו ווירקען מאָראַליש אויף דאָס פאָלק. אדרבה, עס זעהט אויס, אַז יענע געגנער ירמיה׳ס האָבען אין אַסך פאַלען געגעבען די ערגסטע ביישפּילען (ירמיה כ״ט 21–23). דאָס איז קיין חידוש ניט ביי זייער השגה פון גאָט. יענע ווידער, וועלכע האָבען, צוזאַמען מיט דער מאַסע פון די נביאים, דערוואַרט, אַז יהוה וועט אָט גאָר באַלד נעמען נקמה, זיינען געווען אין דער סכנה פאַרפיהרט צו ווערען פון דעם דינסט פון אַנדערע געטער, מחמת עס האָט זיי נעפעהלט די נביא׳ישע דערקענונג פון דעם מהות פון יהוה. און אָט די דערוואַרטונג זייערע האָט זיי בסדר אָפּגענאַרט. מאַנכע האָבען תפנים זיך געוואַקעלט צווישען ביידע באַטראַכטונגען, פּראָבירענדיג אַ ווייַלע מיט דעם בטחון אין יהוה, אַ ווייַלע מיט דעם דינסט פון פרעמדע געטער.

זעהענדיג ווי עס ווייזען זיך אין אַ פאַרשטאַרקטער מאָס די אַלטע איבלען פון אידישען לעבען, ציהט יחזקאל נאַטירליך אַ גאַנץ אַנדערען שלוס

איידער זיינע פארטריבענע ברידער פון באבילאניען. יחזקאל׳ס ווערטער, אז עס וועט באלד מקוים ווערען די נביאות פון די פריהערדיגע נביאים וועגען דעם אונטערגאנג פון דער מלוכה און אז יהוה וועט באלד ברייגנען דעם חורבן אלס שטראף פאר די זינד פון זיין פאלק, רופט ארויס זייער צארן. זיינע רעדעס, אז יהוה וועט זיך צוריקקעהרען קיין ירושלים כדי צו פארברענען די שטאדט און צו פארניכטען איהרע איינוואוינער, דערוועקט נאר זייער צארן געגען איהם. יחזקאל׳ס לאגע ווערט אזא, אז ער איז באלד געצוואונגען אויפצוגעבען יעדע עפענטליכע טעטיגקייט און, צו זיין זיכער, אז מ׳פארפאלגט איהם ניט, זיך איינצושליסען שטיל אין זיין הויז. דארטען, אין תל־אביב,ביים טייך כבר, זוכען איהם נאך אפטמאל אויף די פאמיליען־פארשטעהער אום צו הערען אווארט פון יהוה. זיין השפעה איז אבער קענטיג געווען זעהר א שוואכע, יעדענפאלס אסך שוואכער איידער די השפעה פון זיינע געגנער, וועלכע האבען צווישען די פארטריבענע נביאות געזאגט אויף דעם באלדיגען צוזאמענברוך פון דער כאלדעאישער הערשאפט. יענע נביאים האבען, ווי עס ווייזט אויס, אנגעפיהרט זייער טעטיגקייט אזוי אפען, אז די באבילאנישע רעגירונג האט זיך גענומען צו זיי. ירמיה סטראשעט אין דעם אויבען דערמאנטען שטעל (כ״ט 21) צוויי אין באבילאניען טעטיגע נביאים, אהאב און צדקיה, אז נבוכדראצר וועט זיי לאזען פארברענען אין פייער צוליב זייער אוממאראלישער אויפפיהרונג און זייערע העצערישע רעדעס. יחזקאל קלאגט (י״ב פון פסוק 21), אז די נבואה געפינט מעהר קיין גלויבען ניט און ער מאכט פאראנטווארטליך פאר דעם די פאלשע נביאים, וואס האבען איינגעוויגט דאס פאלק דורך זייערע נבואות וועגען גליק אין א פארנארטער זיכערקייט. ער פארגלייכט זיי מיט שאקאלען, וואס גראבען זייערע לעכער אין חורבות (י״ג 4) און ער זאגט אויף זייער העלפען צו פארשטארקען די נאציאנאלע שטרעבונגען, אז זיי באווארפען מיט טינק די פון פאלק אויפגעשטעלטע ליים־מויערן (י״ג 10). עס וואלט אבער געווען א טעות זיך פארצושטעלען, אז ירמיה׳ס און יחזקאל׳ס געגנער האבען ניט נביאות געזאגט מיט דעמזעלביגען גוטען גלויבען אין דעם אמת און אין דעם געטליכען מקור פון זייערע נבואות פונקט ווי אט זייביידע. וואס עס האט אויסגעפעהלט יענע גליק־נביאים, איז געווען די מאראלישע וועלט־באטראכטונג און דער פרינציפ, אז יהוה איז א גערעכטער גאט. אט דערפאר האבען ירמיה און יחזקאל און זייערע חברים באהויפט מיט פולען רעכט, אז יענע נביאים זיינען ניט פון יהוה און האבען זיי בא־

האנדעלט אלס פאלשע נביאים. — דאך לאמיר זיך צוריקקעהרען צו דעם גאנג פון געשעהענישען אין ירושלים.

דעם באלדיגען אונטערגאנג פון דער מלוכה פון די כשדים האט מען דערוואַרט ניט בלויז אין יהודה אליין. פונקט ווי אין חזקיה'ס טעג, אזוי קומען אויך איצט, אין צדקיה'ס ערשטע רעגירונגס־יאהרען — אין יאהר 595 אדער 594 — פרעמדע געזאנדטע קיין ירושלים און זוכען א בינד מיט יהודה. אדום, עמון, מואב, צור און צידון נעמען אנטייל אין דעם בונד. ווי אמאל ישעיה, אזוי שטרענגט איצט ירמיה אן אלע כחות צו האלטען זיין קעניג אויפ'ן וועג פון פארזיכטיגקייט. אבער אומזיסט. די האפענונג אויף דעם באלדיגען צוזאמענברוך פון בבל רייסט מיט די מאסען מיט זיך*). ירמיה איז דער איינציגער, וועלכער זעהט — ווי אמאל ישעיה — ווי ניט באַרעכענט און געפעהרליך עס איז צו וואגען אזוינע זאכען. אבער זיין שטים בלייבט ניט געהערט.

פאר א מאמענט האט דעם נביא'ס אזהרה דאך געמאכט, ווי עס ווייזט אויס, עפעס א רושם. פיליכט האט זיך אויך עגיפטען ווידער צוריקגעצויגען**). על־כל־פנים איז די זאך באקאנט געווארען אין הויף פון דעם גרוי־

*) אין קאפ. כ"ז — כ"ט שילדערט ירמיה די צושטענדען זעהר לעבעדיג. עס האנדעלט זיך יעדענפאלס וועגען דער ערשטער צייט פון צדקיהו. אנגעהענט פון עגיפטען איז סיריען, ווייזט אויס, געווען דאמאלסט ווידער אויפגערודערט. ירמיה לעגט ארויף שטריק און יאך־העלצער אויף זיין האלז און זאגט צום קעניג און צו די געזאנדטע: „איך האב די ערד באשאפען דורך מיין גרויסען כוח... און איצט גיב איך זי אין דער האנט פון דעם קעניג פון בבל... דאס פאלק און קעניגרייך וואס וועט ניט אריינלעגען זיין האלז אין דעם יאך פון דעם קעניג פון בבל — מיט שווערד און הונגער און פעסט וועל איך עס באשטראפען, האט געזאגט יהוה; דאס פאלק אבער וואס וועט אריינלעגען זיין האלז אין דעם יאך פון דעם קעניג פון בבל און וועט זיך אונטערווארפען אונטער איהם, וועל איך עס לאזען רוהיג אויף זיין לאנד, עס זאל עס באארבייטען און באוואוינען." — איינער א נביא חנניה בן־עזור ווידערשפרעכט איהם און נעמט אראפ די יאך־העלצער פון איהם און צעברעכט זיי: „אט אזוי וועל איך צעברעכען דעם יאך פון דעם קעניג פון בבל פון אלע פעלקער". ירמיה זאגט איהם פאראויס דעם טויט: „אין דעם יאהר נאך וועסטו שטארבען... און ער איז געשטארבען אין זיבעטען חודש" (ירמיה כ"ח).

**) מ'קאן זיך משער זיין, אז נכו האט נאך דער נידערלאגע ביי כרכמיש איבערהויפט ניט געהאט מעהר קיין מוט אויפצוגעטען ערנסט דעם קאמף געגען בבל. ער איז געשטארבען אין יאהר 601. זיין נאכפאלגער פסאמטעטיך דער צווייטער (594—588) האט, ווי עס זעהט אויס, געהאט דיזעלביגע האלטונג; דערצו איז ער דורך אלערליי פארפלאנטערונגען אין עגיפטען גופא גאר ניט געווען ביכולת זיך

סען קעניג פון בבל. צדקיה שיקט דעריבער א דעלעגאציע קיין בבל, אהן א ספק כדי צו געבען בארוהיגענדע פארשפרעכונגען. די דעלעגאטען פיה־רען מיט זיך, הפנים מיט דעם קעניג'ס וויסען און גלייכצייטיג באשטימט פאר נבוכדראצר'ן, א בריף פון ירמיה'ן צו די באבילאנישע אידען, אין וועל־כען ער ווארענט זיי זיך צו האלטען רוהיג און טריי און ניט צו מאכען קיין אומבאזונענעם טריט. „זוכט דאס גליק פון דער שטאדט, וואוהין איך האב אייך פארטריבען, און זייט מתפלל פאר איהר צו יהוה, ווארים איהר גליק איז אייער גליק!" (ירמיה כ"ט). עס ווייזט אבער אויס, אז עס האט זיך דער דעלעגאציע ניט איינגעגעבען צו איבערצייגען דעם גרויסען קעניג אין צדקיה'ס טריישאפט אלס וואסאל, און צדקיה מוז דערפאר אליין מאכען דעם וועג צו נבוכדראצר'ס הויף*). דא ערשט גליקט עס איהם אפ צו גע־ווינען ווידער דעם צוטרוי פון דעם גרויסען קעניג, וועלכער איז בכלל געווען לויט זיין צייט א ברייט־דענקענדער און מילדער הערשער.

דאס איז געווען אין צדקיה'ס פערטען יאהר, בכן אין יאהר 594. צדקיה האט זיך איצט געהאלטען רוהיג, אזוי לאנג ווי פסאמעטיך דער צווייטער האט געלעבט. די קריגס־פארטיי אין ירושלים האט זיך לייכט אי־בערצייגט, אז ס'איז ניטא וואס צו האפען אויף איהם. די לאגע האט אבער, ווי עס ווייזט אויס, זיך גלייך געענדערט, ווי נאר פרעה חפרע האט באשטי־גען דעם טראן אין יאהר 588. ער האט געדענקט די אלטע צייטען פון עגיפטען, און די קריגס־פארטיי אין ירושלים, וועלכע איז אהן א ספק קיינ־מאל לגמרי ניט געבליבען רוהיג, האט ווידער באקומען די אויבער־האנט. אויך צדקיה האט זיך ניט געקאנט שטעלען אנטקעגען, אפילו ווען ער וואלט געוואלט, סיידען ווען ער וואלט געהאט ירמיה'ס אייזערנעם, אומבויגזאמען מוט פון אמת און די מאראלישע קראפט, ווען נויטיג, צו פאלען דורך די

צו פארנעמען מיט אנדערע זאכען. פיליכט איז די גאנצע זאך, צוליב וועלכער די שלוהים זיינען געקומען צו צדקיה'ן, צעשלאגען געווארען צוליב דעם בייט אויפ'ן עגיפטישען טראן. ערשט פסאמעטיך'ס נאכפאלגער, פרעה חפרע (זינט דעם יאה־ 588) וואגט ווידער אויפצונעמען די אלטע פאליטיק. אויך הערדאט ווייסט דערפון. ער דערצעהלט פון אן אטאקע אויף צידון און א ים־שלאכט געגען צור. עס ווייזט אויס, אז חפרע האט געצוואונגען די פעניקיער זיך אנצושליסען אן איהם.

*) די רייזע, וואס ווערט דערמאנט אין ירמיה נ"א 59, איז ניט אין גאנצען זיכער, מחמת די קאפיטלען נ און נ"א זיינען שפעטערע הוספות. דאך איז זי יעדענ־פאלס רעכט וואהרשיינליך. און אין דעם זין האבען מיר זי אויבען אנגענומען אלס פאקט.

פאַרבלענדעטע אין אייגענעם פאָלק פאַר'ן גליק פון זיין לאַנד. פון אַזאַ
האַלץ איז אבער, ווי עס ווייזט אויס, ניט געווען דער לעצטער צווייג פון
דוד'ס אַלטען שטאַם.

אַט אַזוי ווידערהוילט זיך דאָ די ערשיינונג, מיט וועלכער מיר האָבען
זיך שוין באַגעגענט אין דער צייט פון דער אַשורישער אונטערדריקונג. נאָ־
די העכערע נבואה אליין האָט אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער פאָליטישער
לאַגע. נאָר זי האָט באַגריפען, אַז זייענדיג אַפּהענגיג פון באַבילאָניען קאָן
מען נאָך ווי עס איז האָבען אַ תקומה, אבער אַז אַ נייע מרידה וועט ברייני־
גען מיט זיך דעם פּאָליטישען אונטערגאַנג פון דער מלוכה. זי אליין
האָט איינגעזעהן, אַז עגיפּטען וועט ניט זיין בכח צו האַלטען איהר פאַרשפּרע־
כען. זי אליין האָט אויך געהאַט דעם געפיהל, אַז צדקיה האַנדעלט מיאוס
מיט זיין מרידה געגען זיין אויבער־האַר, וועלכער האָט ביז־אַהער באַהאַנדעלט
איהם און זיין פאָלק מיט גרויס מילדקייט.

ווי פיעל עס האָבען גענומען אַנטייל אין דער באַוועגונג, ווייסען מיר
ניט; אחוץ יהודה יערענפאַלס צור און עמון. ווייבאַלד עגיפּטען האָט גע־ראַט
אַ האַנט דערין, האָט נבוכדראצר נאַטירליך ניט געקאָנט רוהיג צוזעהן. ער
קומט מיט אַ חיל און, ווי אַמאָל פרעה נכו, מאַכט ער זיין הויפּט־קוואַרטיר
אין ריבלה. אַן אַפּטיילונג פון זיין ארמיי פאַרנעמט זיך געגען צור, און מיט
דער הויפּט־מאַכט ערשיינט ער אין ווינטער פון יאַהר 7־586 פאַר ירושלים.
ער נעמט זיך גלייך צו דער באַלאַגערונג. אין שטאָדט הערשט אויס אַ פאַניק.
דער געדאַנק, אַז מ'האָט אַרויסגערופען יהוה'ס צאָרן געגען זיך שלאָגט טיפע
וואָרצלען אין אַלע קרייזען פון פאָלק. דאָך איז מען נאָך גאַנץ ווייט דערפון
צו באַטראַכטען די זאַך אויף ירמיה'ס און יחזקאל'ס אופן. מ'האָפט, אַז
עס וועט זיך איינגעבען איבערצובעטען יהוה, אַזוי אַז ער זאָל זיך איינשטע־
לען פאַר זיין שטאָדט און בית־המקדש. מ'האָט הפנים דעמאָלט אַסך נאָכ־
געקלערט וועגען דעם דורך וואָסערע מעשים מ'האָט פאַרדינט יהוה'ס צאָרן
און מ'האָט געזוכט מפייס צו זיין יהוה מיט אַלערליי קרבנות און נדרים.

פון דעסטוועגען דערווייסען מיר זיך ניט פיעל וועגען דעם. נאָר דורך־
אַגב דערצעהלט אונז ירמיה (ל"ד), אַז מ'האָט זיך דעמאָלט דערמאָנט, אַז
דאָס אַלטע טראַדיציאָנעלע רעכט פאַרבאָט צו האַלטען אין הגעבט־שאַפט אַ
אידישען מאַן אָדער פרוי דעם גאַנצען לעבען. נאָר מ'מוז זיי פריי לאָ־
זען נאָך זיבען יאָהר. דער קעניג און זיין פאָלק זיינען זיך מתחייב דורך אַ
געשוואָרענעם בונד פאַר יהוה אין בית־המקדש גלייך אַוועקצולאָזען פריי אַלע

אידישע שקלאפען און שקלאפינס און זיי פיהרען דאס אויך דורך*). בכלל אבער פארטיידיגט מען זיך העלדיש און מען איז אנטשלאסען אויסצוהאל־טען אונטער אלע אומשטענדען. פאקטיש ווייזען זיך די מויערן פון ירושלים און איהר גארניזאן ארויס פאר גענוג שטארק זיך צו שטעלען אנטקעגען דעם גרויסען קעניג. און אז די לאנג שוין דערווארטע הילף פון עגיפטען איז סוף־כל־סוף געקומען און פרעה חפרע האט אריינגעמארשירט מיט זיין ארמיי אין פאלעסטינא, איז נבוכדראצר געצוואונגען געווען לגמרי אויפצוגעבען די באלאגערונג. א שמחה און א יובעל האט ארומגענומען די גאנצע שטאדט. עס האט זיך געדוכט, אז עס האט זיך ווידערהוילט דער וואונדער פון חזקיה'ס צייט. אבער ווי ווייניג טיף עס איז געווען די אנערקענונג פון דער אייגענער שולד און ווי ווינציג מ'האט משיג געווען די רייד פון די נביאים וועגען יהוה'ס מהות און זיינע מעשים, האט זיך גלייך ארויסגעוויזען ווען מ'האט די נאר וואס פרייגעלאזענע קנעכט מיט געוואלד באלד ווידער איינגעשפאנט אין אלטען יאך. ירמיה סטראשעט די איינוואוינער פון ירושלים אז אלס שטראף דערפאר וועט יהוה פריי לאזען געגען זיי שווערד, פעסט און הונגער, וועט זיי מאכען צו שפאט ביי אלע פעלקער, וועט זיי איבערגעבען אין דער האנט פון זייערע פיינד און זייערע טויטע קערפערס וועט ער געבען אלס שפייז צו די פויגלען און די ווילדע חיות. נבוכדראצר'ס חיל וועט זיך צו־ריקקעהרען, די שטאדט עראבערען און פארברענען (קאפ. ל"ד).

געלאסענער ווי זיין פאלק האט, ווי עס ווייזט אויס, צדקיה באטראכט די לאגע. ער שיקט, ווי אמאל לויט דער נביאים־לעגענדע חזקיה אין א גלייכער לאגע צו ישעיה'ן, א פייערליכע דעפוטאציע צו ירמיה'ן מיט דער בקשה: „פרעג פאר אונז יהוה, ווארים דער קעניג פון בבל האלט מלחמה געגען אונז. פיללייכט וועט יהוה מיט אונז טאן לויט אלע זיינע וואונדער, און יענער וועט אפציהען פון ירושלים." ירמיה לאזט וויסען צדקיה'ן דורך דער דעפוטאציע אלס יהוה'ס ענטפער, אז די עגיפטישע ארמיי וועט זיך צוריקציהען קיין עגיפטען און די ארמיי פון די כשדים וועט ווידער ערשיינען פאר ירושלים. נאך מעהר, אפילו ווען עס זאל אפגליקען צדקיה'ן צו באַ־זיגען די כשדים, אזוי אז נאר עטליכע פארוואונדעטע זאלען איבעריג בליי־בען פון זיי אין זייערע געצעלטען, אפילו דאן וועלען אט די אויפשטעהן און

*) דערמיט וואס מ'לאזט איצט אלעמען אוועק, אויך די, וואס זייער דינסט־צייט איז נאך ניט געווען אפגעלאפען, וויל מען א כפרה פאר דער עברה, וואס מען איז ביז איצט באגאנגען אין דעם פרט.

פארברענגען די שטאָדט אין פייער. ירמיה פאָדערט דעריבער אויף די דע־פוטאציע, צו זאָגען דעם פאָלק פון יהודה, אז יהוה גיט זיי צוויי וועגען: דעם וועג פון לעבען און דעם וועג פון טויט. ווער עס בלייבט אין שטאָדט, וועט געפינען דעם טויט, און ווער עס וועט אריבערגעהן צו די כשדים, וועט ראטעווען זיין לעבען (ירמיה כ"א, ל"ד, ל"ז).

די דאָזיגע נביאות האט שטארק אויפגעבראכט די קעניגליכע באאמטע, און ווען ירמיה וויל אויסנוצען די אויפהייבונג פון דער באלאגערונג צו געהן אין זיין היים, אין לאנד בנימין, ווערט ער ארעסטירט ביים טויער פון בנימין פון דעם באאמטען פון דער טויער־וואך מיט דער באשולדיגונג, אז ער וויל אריבערגעהן צו די כשדים און ווערט אוועקגעזעצט אלס געפאנגענער אין הויז פון דעם קאנצלער יונתן. דארטען בלייט ער פיעל טעג ביז צדקיה פאר־לאנגט איינמאל א נביאות פון איהם און לאזט איהם ברייגנען צו זיך. ירמיה זאגט איהם נבואות, ווי פריהער, אז ער וועט פאלען אין דער האנט פון די כשדים; אנווייזענדיג דערביי אויף זיינע נבואות, וואס זיינען ביז איצט מקוים געווארען, בעת זיינע געגענער זייען געווארען צו שאנד, באקלאגט ער זיך פאר דעם קעניג איבער דער שלעכטער באהאנדלונג וואס ער קריגט. צדקיה וואגט טאקע ניט איהם ארויסצודרייסען פון די הענט פון זיינע באַ־אמטע; ער באפעהלט אבער, אז ירמיה זאל ניט געהן צוריק אין הויז פון דעם קאנצלער יונתן, נאר זאל בלייבען אלס געפאנגענער אין וואך־הויף פון דעם פאלאץ און עס זאל איהם געבראכט ווערען טעגליך ברויט אייפצוהאל־טען זיין לעבען (ל"ז).

אבער כאטש ירמיה זעהט אין געפענגעניש ווי אזוי דער פון איהם לאנג שוין פאראויסגעזאגטער חורבן קומט אליץ נעהנטער און נעהנטער, גיט ער דאך ניט אויף די האפענונג אויף א בעסערער צוקונפט פון זיין פאלק. נראד איצט ווען ער האט געהאט פאר די אויגען דעם זיכערען חורבן פון זיין פאלק, האלט ער זיך ביי דער דאזיגער האפענונג מיט א פעלזען־פעסטען גלויבען און דריקט זי אויס מיט א גרעסערער פרייד ווי ווען ניט איז פריד־הער. אין ערגיין ווייזט זיך ניט בולט'ער ארוים ווי אימציישידבאר עס זיי־נען אין דער נבואה די פאראויסזאגונג פון דעם קומענדען אונטערגאנג פון דער מלוכה אין די האפענונג אויף דעם צוקינפטיגען גליק פון פאלק אין דער משיח־צייט.

אין יענע טעג פון געפאנגענשאפט קריגט ירמיה א וויזוט אין וואך־הויף פון זיין שוועסטערקינד חנמאל, וועלכער באט איהם אן אפצוקויפען די נחלה פון זייער פאמיליע אין ענתות. ירמיה זעהט דערין גאט'ס האנט

און א צייכען, אז אמאל וועט ווידער אויפגעשטעלט ווערען די שטאדט און דער בית־המקדש. ער קויפט דערפאר די נחלה פאר 17 שקל זילבער. דער פרייז ווערט פאר עדות אפגעוואויגען; א פארמעלער קויף־בריף ווערט אויפגעשריבען, גע'חתמ'עט און איבערגעגעבען צו ירמיה'ס שרייבער ברוך'ן, ער זאל עס אריינלעגען אין א ליימענעם טאפ, כדי עס זאל זיך האלטען א לאנגע צייט. ס'איז א צייכען פון גאט, אז אין אט דעם לאנד וועלען נאך אמאל געקויפט ווערען הייזער און פעלדער און וויינגערטנער. די שאנצען פון די באלאגערער דערנעהנטערען זיך אפילו אלץ מעהר צו דער שטאדט, וועלכע וועט פאלען אין זייערע הענט און וועט פארברענט ווערען אלס שטראף פאר די זינד פון איהרע איינוואוינער. אבער אמאל וועט יהוה זיי צוריקברייננען און זיי געבען א הארץ און א וועג ווי איהם צו געהארכען. ער וועט שליסען מיט זיי א נייעם בונד, וועט טאן גוטס מיט זיי, וועט אריינטאן גאט'ס־פורכט אין זייער הארצען, אזוי אז זיי וועלען זיך מעהר ניט אפקעהרען פון איהם און ער וועט זיי אויף תמיד איינפלאנצען אין לאנד (ל"ב).

אבער דאס וואס ער לאזט ניט אפ אויך אין וואך־הויף ארויסצוזאגען יהוה'ס ווילען, ברייננגט אויף איהם נייע פארגוואלדיגונגען. די קעניגליכע באאמטע באשולדיגען איהם, אז מיט זיינע נבואות וועגען דעם באלדיגען חורבן פון ירושלים נעמט ער אוועק דעם מוט ביי דער באפעלקערונג און זיי צווינגען דעם קעניג איבערצוגעבען ירמיה'ן אין זייערע הענט. מ'ווארפט איהם אריין אין א גרוב, וואס געפינט זיך אין וואך־הויף, כדי ער זאל אין איהר אומקומען. אבער דעם קעניג'ס א יעוונוך, דער עטיאפיער עבד־מלך נעמט זיך אן פאר'ן נביא. ער איילט זיך צום קעניג און קריגט פון איהם די ערלויבעניש ארויסצוציהען דעם נביא פון גרוב. אט אזוי בלייבט ירמיה אין וואך־הויף ביז דער עראבערונג פון שטאדט. פאר'גנב'עטערהייד קומט נאך דער קעניג איהם פרעגען, אבער ער געפינט ניט דעם מוט צו פאלגען דעם נביא'ס עצה, וואס ער גיט איהם איצט ווידער, זיך אונטערצוגעבען. נאך מעהר, ער דערנידעריגט זיך אזוי ווייט, צו בעטען ירמיה'ן ניט מיטצוטיילען צו די שרים דעם אינהאלט פון זייער געשפרעך; נאר טאמער פרעגען זיי ביי איהם, זאל ער זיי זאגען, אז ער האט געבעטען דעם קעניג איהם ניט צו שיקען צוריק אין דעם געפענגעניש פון דעם קאנצלער יונתן'ס הויז. און ירמיה טוט דעם אומגליקליכען קעניג די טובה (ל"ח).

באלד האבען אלע געזעהן בחוש ווי עס ווערען מקוים ירמיה'ס ווערטער. די באלאגערער האבען זיך צוריקגעקעהרט. דאס ברויט האט אנגעהויבען אויסצוגעהן אין דער באלאגערטער שטאדט. דער הוננער פיהרט צו מאוים־

דיגע מעשים פון פארצווייפלונג און ברעכט סוף־כל־סוף די קראפט פון דער פארטיידיגונג. אין 9טען טאג פון 4טען חודש פון צדקיה'ס 11טען רעגירונגס־יאהר (יולי 586), דאס הייסט בכן נאך א באלאגערונג פון א יאהר, 5 חדשים און 27 טעג גיט זיך די באלאגערער איין איינצוברעכען דעם מויער. איצט ווייזט ארויס דער אומגליקליכער צדקיה צום ערשטען מאל א מוט און אן ענערגיע וואס פאסען זיך פאר דעם שטאט, פון וועלכען ער קומט ארויס. אין דער נאכט נאכ'ן איינברעכען פון מויער רייסט ער זיך דורך מיט זיין חיל דורך דער באלאגערענדער ארמיי אין דרום פון דער שטאדט. נאכדעם ווי דער ארויספאל האט איהם אפגעגליקט, זוכט ער צו אנטלויפען צום עבר הירדן. אבער עס געלינגט די באבילאנער איהם צו כאפען ביי יריחו און איהם צו נעמען געפאנגען. זיין חיל צעפליהט פון איהם אין אלע זייטען און פארטיילט זיך אין קליינע באנדעס איבער דאס לאנד. צדקיה ווערט אפגעפיהרט אין נבוכדראצר'ס הויפטקווארטיר קיין ריבלה, צו באקומען דארטען זיין פסק פאר'ן ברעכען די שבועה פון טרייהייט. נבוכדראצר לאזט איהם מאכען בלינד, נאכדעם ווי זיינע זיהן זיינען געטויט געווארען פאר זיינע אויגען. געשמידט אין קייטען ווערט ער אפגעפיהרט קיין בבל אין געפענגעניש.

איבערגעגעבען אלס הפקר אין די הענט פון דער כאלדעאישער ארמיי, לעבט איצט די ערגאבערטע שטאדט איבער א שרעקליכען חודש, ביז זי קריגט די שטראף פאר איהר אויפשטאנד. דעם 7טען טאג פון 5טען חודש (אב) קומט אין ירושלים נבוזראדן, דער הויפט פון נבוכדראצר'ס לייב־גווארדיע, און פארברענט די גאנצע שטאדט צוזאמען מיט דער פעסטונג און דעם בית־המקדש. די מויערן פון דער שטאדט ווערען ארונטערגעריסען. די בראנזענע זיילען און בעקען־טרעגער, דער בראנזענער באסיין פון בית־המקדש ווערען צעבראכען און אוועקגעשלעפט קיין בבל. עס ווערען אויך אוועקגעפיהרט אהין די נאך געבליבענע היילינע כלים פון בית־המקדש.

אלס שטראף פאר דעם אויפשטאנד און כדי אנצואווארפען א שרעק, ארעסטירען די באבילאניער די איינוואוינער פון ירושלים, וועלכע האבען גענומען א פראמינענטען אנטייל אין דעם אויפשטאנד, און זיינען אבער, אנשטאט צו וואגען דעם ארויספאל מיט צדקיה'ן, געבליבען אין שטאדט אדער אין דער פעסטונג. אלס ערשטע קומען דער אויבער־כהן שרית, זיין שטעלפערטרעטער צפניה און די דריי שוועלען־היטער. אין דער שטאדט ארעסטירען זיי א יעוונוך (סריס), וועלכער האט געהאט צו זאגען איבער אלע קריגס־לייט, דעם באאמטען, וועלכער האט געפיהרט די

רשימה פון דעם מאַביליזירטען לאַנד־פאָלק, פינף פון דעם קעניג'ס ראַטגע־בער און פופציג קריגסלייט, קענטיג די פאַרטרעטער פון געמיינעם פאָלק. נבוזראדן שיקט זיי אוועק קיין ריבלה, וואו נבוכדראצר לאָזט זיי הינריכטען. די באַפעלקערונג וואָס איז נאָך געבליבען אין שטאָדט ווערט אַוועקגעפיהרט אין באַבילאָניען צוזאַמען מיט די, וועלכע זיינען פריהער אריבערגעלאָפען צו די כשדים. נאָר די פראָלעטאַריער בלייבען און זיי באַקומען נחלאות אלס ווייַנפלאַנצער און פעלד־ארבייטער, כדי דאָס לאַנד זאָל ניט פאַרוויסט ווע־רען. ווי גרויס עס איז געווען די צאָהל פון די אידען, וועלכע זיינען אוועק־געפיהרט געוואָרען אין גלות, האָבען מיר ניט קיין זיכערע ידיעות.

2.

## די לעצטע קאָנוואולסיעס. גדליה.

דורך אַט דער נייער פאַרטרייבונג, דורך דער־אָפּשאַפונג פון קעניגטום און מעהר ווי אַלץ דורך דער צעשטערונג פון דער שטאָדט, פון דער פעסטונג און פון דעם בית־המקדש איז די קראַפט פון דער אידישער נאַציאָן לגמרי געבראָכען געוואָרען. דאָך איז נאָך אַלץ געווען א מעגליכקייט צו פאָרמי־רען א נייעם אידישען קיבוץ אין דעם לאַנד פון די פּאָטערס פון די אָרימע קלאַסען, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען. וואָרים די באַבילאָניער האָבען געוואָנט נאָך אַמאָל צו פּרובירען אָרגאַניזירען פון אַט די געבליבענע א קליינע נאַציאָנאַלע מדינה. נבוכדראצר זעצט אריין ג ד ל י ה ב ן ־ א ח י ק ם ב ן ־ ש פ ן אלס גובערנאַטאָר איבער די שטעדט פון יהודה און ווייזט איהם אָן אלס רעזידענץ מ צ פ ה, עטליכע מייל אין צפון־זייט פון ירושלים. עס בלייבען אויך ביי איהם די אַלטע לייט, די פרויען און קינדער פון די פאַמיליען, וועמעס מענער עס זיינען צעשפרייט געוואָרען ביי יריחו אין אַלע עקען פון לאַנד. פּונקט אזוי בלייבען די קעניגס־טעכטער, וועמעס מענער און זיהן זיינען הינגעריכטעט געוואָרען פון נבוכדראצר'ן אין ריבלה. די וואַהל פון גדליה'ן איז כאַראַקטעריסטיש. ער איז אַן אייניקעל פון יענעם קאַנצלער יאשיהו'ס, וועלכער האָט צו איהם געבראַכט דעם ספר דברים, און א זוהן פון יענעם אחיקם, וועלכער האָט זיך אָנגענומען פאַר ירמיה'ן אין זיין משפט (ירמיה כ"ו 24); ער האָט בכן געהערט צו דער פּאַרטיי, וואָס האָט אָפּגע־רעדט פון אַן אויפשטאַנד נעגען די כשדים. דעריבער האָט ער געהאַט דעם

פולען צומרוי פון דער באַבילאָנישער רעגירונג.

גדליה האָט קענטיג אויך גע'פועל'ט, אז מ'זאָל באַפרייען ירמיה'ן. בשעת ירושלים איז געפאַלען איז ירמיה געזעסען אין וואַכטהויף פון קעניג'ס פאַלאַץ. דאָרטען האָבען איהם די כשדים געפינען און האָבען איהם אוועקגעשיקט מיט די אידען אום פאַרטריבען צו ווערען קיין בבל. ער איז שוין געווען אנגעקומען צוזאַמען מיט זיינע „אחים לצרה" אין רמה, וואו ער האָט באַקומען פון נבוזראדן'ען די פרייהייט ענטוועדער צו געהן אלס פרייער מאַן קיין בבל, אדער צו בלייבען ביי גדליה'ן אין מצפה*).

פון מצפה זוכט גדליה צו אָרגאַניזירען א באַבילאָנישע וואַסאַל־מדינה פון די איבערגעבליבענע אידען. זיין ערשטע עובדא איז געווען צו באַוועגען די צעשפּרייטע שיריים פון צדקיה'ס אַרמיי זיך צו אונטערוואַרפען אונטער דער באַבילאָנישער ממשלה, כדי דאָס לאַנד זאָל אויף אזויפיעל באַרוהיגט ווערען, אז עס זאָל מעגליך זיין פאַר די באַבילאָנישע מיליטערישע אַפּטיילונגען זיך צוריקצוציהען פון לאַנד.

צווישען די אידישע טרופּען, וואָס האָבען זיך געהאַלטען נעגען די באַבילאָניער, האָט, ווי עס ווייזט אויס, נאָך ווייטער געהערשט הערועלבינער פאַנאַטיזם. וואָס האָט אַמאָל אזוי פאַרשטאַרקט די עקשנות פון די איינוואוינער פון ירושלים און האָט זיי כסדר געפּיקדט אלץ צו נייע מרידות נעגען דער פרעמדער אויבערהערשאַפט. אפילו דער חורבן פון דער שטאָדט האָט

*)די ידיעה וואָס מיר געפינען אין ירמיה ל"ט 11—14, אז נבוזראדן האָט באַקומען א באַפעהל פון נבוכדראעצר'ן אכטונג צו געבען אויף ירמיה'ן, אז עס זאָל איהם קיין שלעכטס ניט געשעהן און אז ירמיה איז דאַן בעשייטס געוואָרען צו גדליה'ן — איז ווייניג וואהרשיינליך. נבוכדראצר אין ריבלה און נבוזראדן אין ירושלים האָבען געהאַט וויכטיגערע זאכען צו טאָן. אז זיי זאָלען האָבען געוואוסט פון ירמיה'ס טעטיגקייט, לעגט זיך אויך ווייניג אויפ'ן שכל. דערצו איז ניט צו פאַרשטעהן, ווי אזוי דאָס זאָל האָבען צוגעגאַנגען, אז ירמיה, וועלכער האָט לויט ל"ט 14 זיך שוין געפונען ביי גדליה'ן אין מצפה, געפינט זיך פלוצלונג אין מ 1 צווישען די דעפּאָרטירטע אידען אין רמה. אלע קשיות ווערען אבער פאַרענטפערט, ווען מ'באַמערקט, אז קאַפּ. ל"ט איז אריינגעשריבען געוואָרען פון א שפּעטערדיגער האַנט, אז דער המשך פון קאַפּ. ל"ח איז פסוק 2 פון קאַפּ. מ און אז צווישען די ביידע קאַפּיטלען איז אַרויסגעפאַלען א שטיק, וואו עס איז געווען באַשריבען דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט ירמיה'ן אין דער צייט צווישען דער איבערגאַבונג פון דער שטאָדט און זיין באַפרייאונג אין רמה. פון אָט דעם אַרויסגעפאַלענעם שטיק האָט עס דער צושרייבער פון קאַפּ. מ פסוק 1 גענומען זיין ידיעה, אז נבוזראדן האָט באַפרייט ירמיה'ן אין רמה.

ניט געבראכען זייער בלינדען צוטרוי און האט זיי ניט געהאלפען צו אנערקע־
נען די אייגענע שולד. זיי האבען געגלויבט, אז זיי קעמפען פאר גאט, וועלכער
האט אמאל אוועקגעגעבען דאס גאנצע לאנד צו דעם איין מאן אברהם. ווי
אזוי זשע זאלען זיי, וואס זיינען אלץ נאך א גרויסע צאהל, ניט זיין בכוח
עס צוריק צו עראבערען מיט'ן שווערד? דעם ענטפער אויף דער דאזיגער
פארבלענדונג גיט זיי יחזקאל אין דער נבואה, וואס איז געצילעוועט געגען
די אנפיהרער פון אט דעם ווידערשטאנד. פון איהר קריגען מיר גלייכצייטיג
אויך אן אריינבליק אין דער מאראלישער צעלאזענקייט פון די דאזיגע פא־
נאטיקער. „מענשען־זוהן, די איינוואוינער פון די דאזיגע חורבות אין דעם
לאנד פון ישראל זאגען: איינער איז געוועזן אברהם און ער האט גע'ירש'עט
דאס לאנד. מיר אבער זיינען פיעל. אונז איז דאס לאנד געגעבען געווארען א
ירושה! דערום זאג צו זיי: אזוי האט געזאגט דער האר יהוה, מיט דעם
בלוט עסט איהר און צו אייערע געצען הייבט איהר אייערע אויגען און בלוט
פארגיסט איהר, און דאס לאנד ווילט איהר ירש'ענען? איהר שטעלט זיך
אויף אייער שווערד, איהר טוט אומווירדיגקייטען און איינער איז מטמא די
פרוי פון דעם אנדערען, און דאס לאנד ווילט איהר ירש'ענען? דו זאלסט
זאגען צו זיי: אזוי האט געזאגט דער האר יהוה, אזוי וואהר ווי איך לעב,
די וואס וואוינען אין די צעשטערטע שטעדט וועלען דורכ'ן שווערד פאלען,
און די וואס זיינען אויפ'ן פרייען פעלד האב איך צו די חיות אוועקגעגעבען
צו פרעסען, און די וואס זיינען אין די בערג־פעסטונגען און אין די הייהלען
וועלען דורך פעסט שטארבען. און איך וועל מאכען דאס לאנד פוסט און
וויסט און אויפהערען וועט זיין שטאלצע מאכט, וויסט וועלען ווערען די
בערג פון ישראל, אזוי אז קיינער וועט ניט געהן איבער זיי. דעמאלט וועל־
לען זיי אנערקענען, אז איך בין יהוה, ווען איך וועל מאכען דאס לאנד פאר
א ווילדער וויסטעניש איבער אלע זייערע אומווירדיגקייטען וואס זיי האבען
געטאן“ (יחזקאל ל"ג 24—29).

אין אנהויב האט זיך געדוכט, אז אלץ געהט ווי געוואונשען. די פיה־
רער פון די אידישע באנדעס איבער'ן לאנד זיינען געווען פריינדליך צו
גדליה'ס פלענער. דערהערענדיג, אז ער איז אריינגעזעצט געווארען אלס
גובערנאטאר, זוכען איהם אויף אין מצפה ישמעאל בן נתניה, א פרינץ פון
דוד'ס הויז, יוחנן בן קרח און נאך אנדערע פיהרער צוזאמען מיט זייערע
לייט, זיך צו האלטען אן עצה מיט איהם. גדליה רעדט זיי צו זיך צו אונ־
טערווארפען אונטער בבל, שווערט זיי, אז ער וועט זיי אלעמען פארטרעטען
ביי די כשדים און פאדערט זיי אויף צו בלייבען וואוינען אין די שטעדט

וועלכע זיי האלטען איצט באזעצט און איינצוזאמלען די פרוכט. וואס איז געבליבען אויף די פעלדער, מחמת די באפעלקערונג איז אנטלאפען. און די קריגס־לייט לאזען זיך איבערריידען און נעמען זיך צו די פרידליכע ארבייטען.

דער מצב ווערט וואס ווייטער אלץ בעסער, ווארים אז די אידען, וואס זיינען געוועזען אנטלאפען אין לאנד פון די אדומים, עמונים און מואבים האבען דערהערט, אז די באבילאניער האבען זיך באנוגענט בלויז צו צעשטערען ירושלים אלס שטראף פאר איהר אומגעהארכזאמקייט. אבער גאנץ יהודה ווילען זיי ניט פארניכטען — זיינען זיי געקומען צוריק און האבען זיך געשטעלט אונטער גדליה׳ס שוץ.

אבער די האפענונג, וואס איז דורך דעם אויפגעוועקט געווארען, אז עס וועט זיך איינגעבען ווידער אויפצושטעלען א אידישע מדינה, האט געזאלט באלד צעשטערט ווערען.

אז עס זאלען זיך ווידער איינשטעלען געארדנעטע צושטענדען אין דעם פארוויסטען לאנד, איז ניט לויט דעם וואונש פון בעלים, דעם קעניג פון עמון, ווארים דערמיט איז איהם פארלארען געגאנגען א געלעגענהייט זיך אויסצושפרייטען צו מערב צו און אריינצוקריגען מעהר ישוב־לאנד. דער קעניג פון עמון געפינט א געציי‌ג פאר זיינע פלענער אין יענעם פרינץ פון דוד׳ס הויז ישמעאל בן־נתניה. צי האט אט דער פרינץ געזוכט צו נעמען נקמה פאר די מענער פון זיין פאמיליע, וואס זיינען געטויט געווארען, אדער ער איז געטריבען געווארען פון שנאה און אייפערזוכט געגען גדליה׳ן, וועלכער האט פארנומען איצט א שטעלע וואס האט געהערט צו דוד׳ס הויז, איז ניט איינצוזעהן פון דעם באריכט אין ירמיה. פילייכט האבען ביידע זאכען געווירקט צוזאמען.

גדליה׳ן האט מען געווארענט אין צייט, אז ער זאל זיך היטען. די הארען פון חיל, וועלכע האבען דאמאלסט צוזאמען פארהאנדעלט מיט ישמעאל׳ן און גדליה׳ן און וועלכע ישמעאל האט פילייכט פרובירט געווינען פאר זיינע פלענער, האבען עס מיטגעטיילט גדליה׳ן. אבער ער האט זיי ניט געגלויבט. יוחנן בן קרח באט זיך אפילו אן אפצוראמען אין געהיים ישמעאל׳ן פון וועג. גדליה אבער פארבאט עס איהם און גיט איהם צו פארשטעהן, אז ער טרייבט בלויז רכילות אויף ישמעאל׳ן.

אט אזוי קומט דאס אומגליק. אין 7טען חודש (תשרי), 3 חדשים נאך דער עראבערונג פון ירושלים און בלויז 2 חדשים נאך איהר צעשטערונג, קומט ישמעאל מיט 10 באגלייטער צו גדליה׳ן אין מצפה. ער ווערט פון

איהם פריינדליך אויפגענומען און אונטערהאלטען. אבער אין מיטען פון מאהלצייט ווארפט ער זיך ארויף אויף גדליה'ן און טויט איהם אויפ'ן שטעל. דערזעלביגער גורל טרעפט אויך די אידישע און באבילאנישע קריגס־לייט, וואס האבען זיך געפונען אין גדליה'ס סביבה. ישמעאל פארנעמט דאן מצפה און לאזט קיינעם ניט ארויסגעהן פון שטאדט.

אבער זיין דורשט נאך נקמה איז נאך אלץ ניט געווען געשטילט. אויף מארגען נאך דעם מארד געהען פארביי מצפה פארביי 70 מענער פון שילה, שכם און שומרון, וועלכע ווילען מקריב זיין א שפייז־אפפער צו יהוה אויף די חורבות פון צעשטערטען בית־המקדש. עס איז די צייט פון דעם הערבסט־יום־טוב (חג האסיף), און דאס הייליגטום אויפ'ן בארג ציון האט פאר זיי ניט קור־קענדיג אויפ'ן חורבן ניט פארלארען זיין הייליגען כאראקטער. אזוי ווי זייער שמחה מיט'ן איינזאמלען די פרוכט פון די פעלדער איז פארוואנדעלט געווארען אין טרויער דורך דעם גורל פון דער הייליגער שטאדט, געהען זיי דעריבער אין א טרויער־־פראצעסיע, מיט צעריסענע קליידער, געשארענע בערד און צעשניטענע פנימ'ער און הענט. ישמעאל געהט זיי אנטקעגען און מיט גלאטע, פאלשע רייד לאדט ער זיי איין צו קומען צו גדליה'ן אין שטאדט. ניט האבענדיג קיין חשד, נעמען זיי די איינלאדונג אן, ווערען אבער אויפ'ן שטעל, נאכדעם ווי זיי האבען נאר די שטאדט באטראטען, באפאלען פון ישמעאל'ן און זיינע לייט. זיי זיינען דאך אונטערטאנען פון באבילאנישען קעניג און דערום ישמעאל'ס פיינד. נאר צעהן פון זיי שאנע־ וועט דער רשע, ווייל זיי פארשפרעכען איהם זייערע שפייכלערס מיט ווייץ, גערשטען, אויל און האניג, וואס זיי האבען אין פארגראבענע באהעלטעני־ שען אויפ'ן פעלד. די טויטע קערפערס פון די 70 דערמארדעטע לאזט ישמעאל אריינווארפען אין דער גרויסער גרוב, וואס דער קעניג אסא האט אמאל געלאזט מאכען בעת זיין מלחמה מיט בעשא פון ישראל. דאס פאלק פון מצפה אבער, אויך די קעניגליכע פרינצעסינס דערקלערט ער אלס גע־ פאנגענע, און ער גרייט זיך זיי אלעמען אוועקצושלעפען אין דאס לאנד פון די עמונים.

אבער עס האט ישמעאל'ן ניט אפגעגליקט צו אנטלויפען מיט זיין רויב. יוחנן בן קרח און זיינע חברים האבען אונטערדעסען דערהערט וואס דא איז געשעהן. כדי מ'זאל זיי ניט האלטען פאר מיטשולדיגע און זיי זאלען ניט באשטראפט ווערען פון די באבילאניער פאר ישמעאל'ס מעשים, זוכען זיי איהם צו כאפען. ביי יענעם גרויסען טייך ביי גבעון, אן וועלכען ס'איז אנגעקניפט די לעגענדע פון דעם קאמף צווישען די 12 לייט פון בנימין

און די 12 פון יהודה (שמואל ב, ב), שטויסען זיי זיך צוזאמען מיט ישמעאל'ן און זיינע געפאנגענע. וויבאלד נאר די געפאנגענע האבען דערזעהן זייערע באפרייער, זיינען זיי גלייך אריבערגעגאנגען צו זיי. צווישען זיי איז אויך געווען ירמיה, וועלכער איז מיט זיין שרייבער ברוך בן־נריה אריינגעפאלען אין מצפה אין ישמעאל'ס הענט און איז איצט צום צווייטען מאל אנטרונען פון געפאנגענשאפט.

אבער דער הויפט־צוועק פון די אפיצירען, צו כאפען ישמעאל'ן, האט זיך ניט איינגעגעבען, ווארים עס האט איהם אפגעגליקט צו אנטלויפען מיט אכט פון זיינע באגלייטער צו די עמונים. דערמיט איז צעשטערט די האפענונג פון די אפיצירען איינצושטילען דעם צארן פון די באבילאנישער אויבער דער געוואלד־טאט אין מצפה דורכ'ן אויסליפערען די שולדיגע. און זיי האבען דערום איצט מורא, אז זיי וועלען מוזען ליידען די שטראף פאר יענע. זיי מארשירען דעריבער מיט זייער חיל און מיט די וואס זיינען באפרייט געווארען פון ישמעאל'ס האנט צו דרום צו אין דער געגענד פון בית־לחם, כדי אויסצואוואנדערען פון דארטען קיין עגיפטען.

אבער איידער זיי פארלאזען דאס לאנד פון זייערע פאטערס, ווילען זיי נאך אנפרעגען יהוה, דעם האר פונ'ם לאנד, צי ער איז צופרידען „מיט דעם וועג איין וועלכען זיי געהן און מיט דער זאך וואס זיי טוען". ירמיה פארשפרעכט זיי צו פרעגען יהוה און ניט צו פארבארגען פון זיי קיין זאך. וואס גאט וועט איהם אנטפלעקען. בעת די שלוחים פון פאלק שווערען צו טאן אלצדינג וואס יהוה וועט זיי לאזען וויסען דורך ירמיה'ן. פון דעם געשפרעך פון די שלוחים מיט ירמיה'ן זעהט זיך שוין אבער דייטליך, אז דאס פאלק איז באשטימט אנטשלאסען אויסצואוואנדערען, פונקט ווי ירמיה איז געגען דעם דאזיגען באשלוס, און אז די אפיצירען זוכען נאר צו קריגען די געטליכע צושטימונג פאר אט דעם באשלוס זייערען.

אין צעהן טעג ארום באקומט ירמיה דעם באפעהל פון יהוה צו לאזען וויסען דעם פאלק, אז יהוה וועט זיך פאר זיי אננעמען און וועט זיי געבען הצלחה, ווען זיי וועלען בלייבען אין דעם לאנד פון זייערע פאטערס. ער וועט דערוועקען רחמנות פאר זיי ביים קעניג פון בבל, אזוי אז ער וועט זיי רוהיג לאזען וואוינען אין דעם לאנד. ווען זיי וועלען אבער ניט פאלגען דעם באפעהל פון יהוה און וועלען אויס מורא פאר דעם קעניג פון בבל אייבוואנדערען קיין עגיפטען, וועט דער קעניג פון בבל אויך דארטען זיי דערגרייכען און זיי וועלען אומקומען דורך שרעק, הונגער און פעסט.

אונטערדעסען איז, ווי עס ווייזט אויס, ביי די אידען פון יהודה נאך

שטארקער געווארען דער באשלוס אויסצואוואנדערען. די אפיצירען לאזען גארניט קומען דערצו, אז ירמיה'ס נביאות זאל ווירקען אויף דאס פאלק. זיי באשולדיגען איהם אין שארפע ווערטער, אז ער האט געזאגט ליגען. ברוך בן־נריה, זאגען זיי, האט איהם אנגערעדט צו אזא'ן ענטפער, כדי זיי זאלען אריינפאלען אין די הענט פון די באבילאניער. אונטער דער אנפיהרונג פון יענעם יוחנן בן־קרח וואנדערט איצט די גאנצע מחנה קיין עגיפטען. אויך די באפרייטע פון ישמעאל'ס האנט און די, וועלכע האבען אונטערדעסען זיך צוריקגעקעהרט פון די שכנות'ע לענדער, ווערען מיטגענומען. פאר די רעליגיעזע השגות פון די אויסוואנדערער איז אבער כאראקטעריסטיש, וואס אויך ירמיה, וועמעס אראקעל איז נאר וואס גראב פארוואָרפען געווארען, ווערט מיטגעשלעפט. ער איז פארט גאט'ס־מאן און קאן נאך אנדערשוואי צוניץ קומען.

אין דער גרעניץ־שטאדט תחפנחס, וואו די אידען פון יהודה האבען, ווי עס ווייזט אויס, זיך לענגער איינגעהאלטען, ווארטענדיג אויף אן ערלויבעניש איינצואוואנדערען, דערהייבט ירמיה נאכאמאל זיין שטים קלאר צו מאכען פאר די אידען ווי נאריש זייער אונטערנעמונג איז. אויך עגיפטען וועט צעשלאגען ווערען פון דעם וועלט־ערָאבערער נבוכדראצר. ער וועט זיין טראן אויפשטעלען פאר פרעה'ס פאלאץ אין תחפנחס און א משפט האלטען. דארטען וועט ער זיך נוקם זיין אן די אידען פון יהודה, וואס זיינען פון איהם אנטלאפען*).

---

*) די דאָזיגע נביאות פון ירמיה'ן (מ"ד) און אויך פון יחזקאל'ען (כ"ט) איז ניט מקוים געוואָרען. נבוכדראצר האט טאַקע אַטאַקירט עגיפטען, אבער האָט זי ניט אונטערוואָרפען.

## 1.

## די צעשפּרייטונג.

מ׳טאָר ניט מיינען, אַז דאָס אידישע לאַנד האָט פאַרלאָרען אַלע זיינע איינוואוינער. די גרויסע צאָהל אידען, וואָס האָבען זיך שנעל צוזאַמענגעקליבען ארום גדליה׳ס פאָהן, ווייזט אונז, אַז א גרויסער טייל, אויב ניט די מעהר־הייט פון אידישען פאָלק, איז געבליבען אין אין ארום יהודה. „מיר זיינען פיעל״, האָבען געזאָגט די אידען, וועלכע האָבען באַוואוינט די וויסטע פעלּ־צער אין דעם לאַנד פון ישראל אין יענער צייט (יחזקאל ל״ג 24). די הייהלען אין דרום און אין מזרח פון יהודה, וועלכע האָבען זיך ארויסגעוויזען אַלס זיכערע באַהעלטעניישען ביי קלענערע קריזיסען אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק, האָבען בלי ספק באַשיצט ניט ווענינ אנטלאָפענע ביז די באַבילאָנישע סאָלדאַטען האָבען זיך צוריקגעצויגען. פון ירמיה מ 11 זעהט עס אויס, אַז מאַנכע אידען האָבען געפונען א מקום־מקלט אויף דערווייל אין מואב, עמון, אדום און די אנדערע לענדער ארום כנען. פון וואַנעט זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט אַזוי גיך ווי עס האָט זיך געמאַכט די גינסטיגע געלעגענהייט. דער פאַקט וואָס די באַבילאָניער האָבען ניט געהאַלטען פאַר נויטיג צו ברייגנען אהין קאָלאָניסטען פון אנדערע טיילען פון זייער אימ־פעריע איז א בפירוש׳ע ראיה, אַז אסך אידען פון יהודה האָבען ווייטער באַ־ארבייט און אנטוויקעלט זייער היים־לאַנד.

צוליב די ענגע פאָליטישע און קאָמערציעלע באַציהונגען, וועלכע האָ־בען שוין עקסיסטירט צווישען עגיפּטען און יהודה, איז עס געווען גאַנץ נאַ־טירליך, אַז די מעהרסטע פון די, וואָס זיינען אנטלאָפען פון די באַבילאָניער, זאָלען זוכען א מחוס־מקלט אין דעם לאַנד פון טייך נילוס. שוין הושע דער־מאָנט עגיפּטען אַלס איינס פון די גלות־לענדער (ט 6; י״א 11). דאָס ווייזט, אַז מיט א יאָהרהונדערט און א האַלב צורים, האָבען די קינדער פון צפון־ישראל, בשעת זייער מלוכה איז צעשטערט געוואָרען דורך אשור, געגעבען א ביישפּיל, וועלכען זייערע ברידער אין דרום האָבען שפּעטער נאָכגעמאַכט

אין זעהר עהנליכע אומשטענדען. אפילו נאך דעם גלות־יהויכין האט ירמיה אדרעסירט זיין נבואה צו די „וואס זיינען געבליבען אין דעם דאזיגען לאנד (יהודה) און צו די וואס וואוינען אין דעם לאנד מצרים" (כ"ד 8). אויב שוין אין יאהר 597, האבען, לויט ווי עס זעהט אויס פון אט דעם פסוק, אסך אידען, ווי אויך פיעל וואס האבען געשטאמט פון צפון ישראל, זיך שוין גע־פונען אין עגיפטען, האט זייער צאהל שפעטער געמוזט שטארק וואקסען. ווען עס איז קלאר געווארען, אז די מלוכה פון יהודה איז פאר'משפט אונ־טערצוגעהן, האבען פאטריאטען, וואס האבען געגלויבט אין די רייד פון די אמת'ע נביאים, איינגעזעהן, אז זיי קאנען אויפטאן מעהר פאר זייער לאנד, אוועקגעהענדיג אויף א צייט פרייוויליג אין גלות אין עגיפטען איידער אריינ־צופאלען אין די הענט פון די באבילאניער. ווי שטארק עס איז געווען אט די נייגונג צו זוכען א באהעלטעניש אין עגיפטען האט זיך ארויסגעוויזען איצט, נאך דער דערמארדונג פון גדליה'ן, ווען זיינע אנהענגער האבען אויס־געוואנדערט מאסענווייז אין לאנד פון דעם נילוס. אנדערע צענטערס פון אי־דישער קאלאניזאציע אין עגיפטען, אחוץ די אויבען דערמאנטע ת ח פ נ ח ס, זיינען געווען מ ג ד ו ל, אויך א גרעניץ־שטאדט (ווי איהר נאמען „וואך־טורם" ווייזט), ארום צוועלף מייל פון פעלוזיום, נ ו ף, וועלכע ווערט אידענטיפיצירט מיט דער אלטער שטאדט מעמפיס (פארגלייך יחזקאל ל 13) און דאס לאנד פ ת ר ו ס, וואס איז וואהרשיינליך א באצייכענונג פאר דרום־עגיפטען (ירמיה מ"ד 1; יחזקאל ל 13—18). בשעת מאנכע אידען זיינען געבליבען אויף די גרעניצען פון יהודה, האבען אנדערע אויף אזא'ן אופן געפונען היימען אין דעם ווייטסטען דרום פון דעם נייעם לאנד וואס זיי האבען אנגענומען. פון די ניט לאנג געפונענע עלעפאנטין־פאפירוסען ווייסען מיר טאקע, אז אויפ'ן סאמע דרום־גרעניץ פון עגיפטען האט דעמאלט זיך שוין געפונען א אידישע מיליטערישע קאלאניע*). אויך אין יחזקאל זיינען פאראן אנדייטונגען, אז די אידען האבען זיך געפונען אזוי ווייט אין דרום ווי ביז „סונה", די היינטיגע אסואן, א שטאדט אויף דעם מזרח־ברעג פון נילוס אנטקעגען דעם אינזעל פון עלעפאנטין, וועלכע ווערט אזוי אפט דערמאנט אין די דארטען געפונענע פאפירוסען**).

*) פארגלייך אויבען ז. 125—127.

**) זעה יחזקאל כ"ט 10; ל 6, 15, 16 (סין־סונה). עס איז א סברא, אז אויך מיט „סבא" (ישעיה מ"ג 3) און מיט „ארץ סינים" (ישעיה מ"ט 12) איז געמיינט „סונה".

מיר האבען צום באדויערען ניט קיין פאקטען צו באשטימען וויפיעל אידען עס האבען זיך געפונען אין עגיפטען אין אנהייב פון גלות. ירמיה אין קאפ. מ"ד 15 רעדט פון זיי אלס פון „א גרויסער פארזאמלונג" („קהל גדול"). ווען מיר באטראכטען נאך ווי ליכט עס איז געווען צו קומען פון ירושלים קיין עגיפטען, און אז עגיפטען אליין האט אנגעבאטען די אנטלאפענע אידען א פריינדליכע באהאלטעניש אויסער דעם גרעניץ פון באבילאנישען איינפלוס — ווערט נאך שטארקער די איבערציינונג, אז ארום יאהר 580 האט א גרויסער טייל פון די פריהערדיגע איינוואוינער פון יהודה זיך געפונען אין עגיפטען. מעהר ווי א יאהרצעהנדליג איז דער שטראם פון דער אידישער באפעלקערונג געגאנגען אין יענער ריכטונג, און איז נאך אלץ שטארקער געווארען, וואס מעהר יהודה איז צעפאלען אונטער די קלעפ וואס זי האט באקומען פון בבל. וואלט ירמיה ניט געהאלטען פאר וויכטיגער צו טיילען דעם גורל פון די אידען, וואס זיינען געבליבען אין יהודה איידער פון דעם העכערען טיפ אידען, וואס זיינען פארטריבען געווארען קיין באבילאניען — וואלטען מיר דאן ניט געוואוסט פון דער גאנצער אויסוואנדערונג קיין עגיפטען, און עס וואלט אונז אויסגעפעהלט איינער פון די וויכטיגסטע קאפיטלען אין דער אידישער געשיכטע. עס איז טאקע אמת, אז נאך ירמיה'ס טויט האבען די אידען אין עגיפטען ניט געהאט קיין יחזקאל אדער אזא נביא ווי דער באבילאנישער ישעיה (ישעיה פון קאפ. מ און). מיר קאנען דערפאר ניט מעהר ווי אומגעפעהר ארויספדרינגען דעם וואהרשיינליכען גאנג פון די דארטיגע געשעהענישען. אבער עס איז קלאר, אז די גלות־אידען פון עגיפטען זיינען געווען א פאקטאר, וואס קאן מעהר ניט איגנארירט ווערען, ווען מיר שטודירען די געשיכטע פון אידישען פאלק אין דער צייט פון גלות בבל, און באזונדערס דערנאך אין דער פעריאדע פון „שיבת ציון".

די אלטע סעמיטישע געשיכטע גיט אונז אסך ביישפילען פון גרושים פון נאציאנען, אבער מיר וויסען ניט פון נאך אזא פילשטענדיגער און ווייטער צעשפרייטונג, פון נאך אזא טרויעריגען גורל ווי עס איז באפאלען דאס פאלק פון די פאסטוכער און ערד־ארבייטער, וואס האט באוואוינט דאס לאנד כנען. יחזקאל און אלע אנדערע שרייבער פון דער פעריאדע זאגען, אז „זיי זיינען צעשפרייט געווארען אויפ'ן גאנצען פלאך פון דער ערד" (יחזקאל ל"ד 6; ל"ו 19). פון דער וויסטע סאהארא ביז די הויכלענדער אין מזרח־זייט פון טיגרים (חידקל) האבען זיך געפונען אידישע קאלאניעס. דאך קענען אנגעצייכענט ווערען דריי אידישע צענטערס: דער ערשטער איז געווען פאלעסטינא גופא, דער צווייטער איז געווען עגיפטען און דער דריטער בא־

בילאניען. דער כאראקטער פון די קאלאניסטען אין די דריי צענטערס איז די באדינגונגען, אונטער וועלכע זיי האבען געלעבט, זיינען געוועזען אזוי גרונט־פארשידען, אז יעדער צענטער מוז שטודירט ווערען באזונדער.

## 2.

## די אידען אין פאלעסטינא און אין עגיפטען.

פונקט ווי די רוימער זעקס און א האלב הונדערט יאהר שפעטער, אזוי האבען אויך די באבילאניער אויסגעלאזען זייער גאנצען גרימצארן אויף ירושלים, דעם פאליטישען און רעליגיעזען צענטער פון אידישען פאלק. די שטאדט איז דעריבער געווארען א וויסטעניש, וואו שאקאלען זיינען ארומ־געגאנגען (איכה ה 18). מיר האבען ניט קיין באווייזען, אז די קלענערע שטעדט פון יהודה זיינען אויך אזוי שטרענג באהאנדעלט געווארען. אין דער ערשטער און גרעסטער פארטרייבונג זיינען אלע אוועקגעפיהרטע אידען גענו־מען געווארען פון ירושלים. ניט בלויז האט די לפי־ערך אומוויכטיגקייט פון די שטעדט זיי באשיצט, נאר זיי האבען זיך אויך געראטעוועט דערמיט וואס זיי האבען זיך אונטערגעגעבען אונטער די זיגער א צייט פריהער. די אנדייטונגען אין ירמיה קאפ. מ ווייזען, אז מאנכע שטעדט, ווי מצפה און נטפת, האבען אריבערגעלעבט דעם חורבן פון ירושלים. הגם זייער באפעלקערונג איז נא־טירליך אסך פארקלענערט געווארען דורך דער מלחמה און פארטרייבונג. צו לאזען פון הינטען א טייל פון דער היימישער באפעלקערונג איז געוועזען אין פולען איינקלאנג מיט נבוכדראצר׳ס קלוגער, קאנסטרוקטיווער הערשאפט און מיט זיין הומאניטארישען גייסט. זיינע אמביציעס, וועלכע זיינען געגאנגען ביז דער ערובערונג פון עגיפטען, האבען איהם באוואויגען צו אנטוויקלען די נאטור־רייכטימער פון פאלעסטינא, כדי זיין ארמיי זאל האבען די נויטיגע פראוויאנט אין פאל פון א מלחמה געגען מערב. אט דער פאקט דערקלערט אויך זיין פרואוו אויפצושטעלען א אידישע מדינה אונטער גדליה׳ן, אפילו נאכדעם ווי ירושלים איז שוין חרוב געווארען. די שריפט־שטיקער פון יענער צייט, ווי אויך די פאקטען פון דער שפעטערער היסטאריע, ווייזען אונז, אז בלויז די ארימערע און אומוויסענדערע האט מען איבערגעלאזען אין פא־לעסטינא. אין מזרח זיינען די פויערים תמיד די, וואס לעבען אריבער די פארשידענע כוואליעס פון ערובערונגען. זיי זיינען אויך די לעצטע צו רע־

וואלטירען. זיי האבען דעריבער אם בעסטען געקאנט דינען די אינטערעסען
פון בבל. נאך גדליה׳ס דערמארדונג האבען די באבילאניער אבטונג געגע־
בען, אז עס זאלען ניט זיין קיין פיהרער צווישען די געבליבענע אין לאנד.
ביסלעכווייז אבער, אין משך פון די יאהרען, האבען פראמינענטע אידען פון
גלות בלי ספק זיך צוריקגעקעהרט צוריק אין יהודה פון די נאהנטע לענדער
ארום, ווי אדום, עמון, מואב און פון עגיפטען, וואו זיי האבען געהאפט צו גע־
פינען א מקום־מקלט אויף דערווייל, פונקט ווי זיי האבען פריהער זיך צו־
נויפגעקליבען ארום גדליה׳ן (ירמיה מ 7—12).

דער מצב פון די, וואס זיינען געבליבען אויף זייערע באליבטע בערג פון
יהודה, איז ניט געוועזען קיין פרעהליכער. די הערשאפט גופא פון די באבי־
לאניער אין פאלעסטינא איז געוועזען געננג ביטער. דער פאעט פון די גע־
בליבענע אידען קלאגט, אז:

„קנעכט הערשען איבער אונז,
ניטא ווער עס זאל אונז באפרייען פון זייער האנט“.
(איכה ה 7).

עס האבען אויך ניט אויסגעפעהלט קיין עולות און נגישות, וועלכע זיי־
נען א געוועהנליכע זאך ביי פראווינציעלע רעגירונגען אין מזרח־לאנד (איכה
ה 4). דערצו זיינען די ארץ־ישראל׳דיגע אידען געווארען נאכ׳ן חורבן א
רויב פאר די פעלקער ארום. פונקט ווי בינען באפאלען א בינשטאק, וואס
איז אויפגעבראכען געווארען אין זייער שכונה, אזוי האבען זיך איצט גע־
שטופט די שכנים פון יהודה רייך צו ווערען פון דעם געבליבענעם האב־און־
גוטס פון די אידען. פלשתים, מואבים, אדומים, אפילו די עמונים, וועלכע
האבען אין אנהויב געמאכט יד־אחת מיט יהודה, האבען געראבעוועט די בא־
זיגטע. מיט שפאט האבען זיי באמערקט, אז עס איז איצט אויס מיט יהודה׳ס
רעליגיעזע פרעטענזיעס. יהודה האט געוואלט זיין עפעס בעסערס ווי די
פארוואנדטע פעלקער ארום און האט זיי אויסגעשלאסען פון איהר קהלה.
„זעה, ווי אלע פעלקער איז געווארען דאס הויז פון יהודה“, איז לויט
יחזקאל (כ״ה 8) דאס שפאט־ווארט פון מואב. און דער דיכטער פון איכה
קלאגט:

„עס האבען אויפגעשפארט זייער מויל אויף דיר
אלע דיינע פיינד,
זיי האבען געפייפט און געקריצט מיט די ציינער,

**האָבען געזאָגט: מיר האָבען צעשטערט!**
**דאָס איז דער טאָג וואָס מיר האָבען געוואַרט אויף איהם,**
**איצט האָבען מיר געפונען און געזעהן".**

(איכה ב 16).

דער דאָזיגער מצב, וואָס האָט זיך געצויגען דורות נאָכאַנאַד, דערקלערט אונז די ביטערע שנאה, מיט וועלכער עס זיינען אָנגעזאָפּט די נבואות און די פּאָעמען פון דער פּעריאָדע. יחזקאל גיט אָוועק ניט וועניג צייט און ענער־גיע צו פאַרדאַמען און פאַראויסצוזאָגען אַ חורבן אויף די פעלקער, וועלכע האָבען זיך באַנוצט מיט דער דערנידעריגונג און שוואַכקייט פון יהודה (יחזקאל כ"ה—כ"ח). מכות אַ שנאה צווישען די אידען פון יהודה און די שומרונים איז ניטאָ קיין אָנדייטונג אין די נבואות פון דער גלות־צייט. אין די נאָר וואָס ציטירטע שטעלען פון יחזקאל ווערען די אינטערעסען פון די קינדער פון די אַמאָליגע בני ישראל און פון יהודה באַטראַכט אַלס איין און דיזעלביגע, און עס ווערט אָפּט אויסגעדריקט די האָפענונג אויף אַ פאַראיי־ניגונג פון ביידע צווייגען פון דער אידישער ראַסע, וואָס זיינען דעמאָלט גע־ווען פאַראייניגט אין שותפות'ע ליידען.

אלס די ביטערסטע פון אַלע אידישע שונאים ווערען פאַררעכענט די אדומים (יחזקאל כ"ה 13). זייער פאַרראַט אין די טעג פון אידישען חורבן, זייערע רויבערייען און זייער „אַוועקגעבען אין שקלאַפעריי די איבערגעבלי־בענע אין דעם טאָג פון צרות" זיינען די פאַרברעכען, פאַר וועלכע עס וועט קומען אויף זיי אַ שטרענגער משפט (עובדיה 11—14). פון יחזקאל'ס ווערטער (אין קאַפּ. ל"ה 10) ווייזט אויס, אַז גלייך נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער מלוכה האָט זיך אָנגעהויבען יענע באַוועגונג פון די אדומים צו צפון, אויף וועלכער עס באַציהען זיך די לעצטע פסוקים פון עובדיה, און וועלכע האָט זיך געענדיגט דערמיט וואָס די אדומים זיינען אַרויסגעשטופּט געוואָרען פון זייער אורשפּרינגליכער היים דורך די אַראַבער און האָבען פאַר־כאַפּט די טעריטאָריע פון דרום־יהודה (מלאכי א 1—5). ביים ענד פון גלות בבל האָבען זיי, ווי עס ווייזט אויס, געהאַט פאַרנומען דעם „נגב", אַריינ־רעכענענדיג חברון און די „שפלה" צו מערב צו (זכריה ז 7). הונדערטער יאָהרען האָבען זיי געהאַלטען די אידישע טעריטאָריע, וואָס זיי האָבען פאַר־כאַפּט, ביז זיי גופא זיינען עראָבערט געוואָרען דורך יוחנן הורקנוס אַרום יאָהר 130 (פאַר דער קריסטליכער צייט). עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אדום איז אויף תמיד געבליבען אין דעם אידישען געדאַנק אלס

דער טיפ פון א אידישען שונא*). אט די באוועגונג פון די אדומים קיין צפון האט ארויסגעשטופט די קלאנס פון כלב און ירחמאל, וועלכע האבען שוין אין דער סאמע עלטסטער צייט זיך פאראייניגט מיט'ן שבט יהודה**). ארויסגעטריבען פון חברון און דעם נגב, האבען זיי מיט דער צייט געפינען א היים אין און ארום בית־לחם און קרית־יערים (פארגלייך דברי הימים א, ב 42—49 מיט ב 50—55). פונקט ווי פאר'ן גלות, אזוי זיינען זיי אויך איצט געווען נאהנט פארבונדען מיט די אידען, און אין פארלויף פון דער פערסישער פעריאדע האבען זיי אויסגעמאכט א באדייטענדען טייל פון דער ניי אויפגעקומענער געמיינדע (נחמיה ג 9). מיט דער צייט האט מען זיי קלאסיפיצירט אלס רעגעלמעסיגע קלאנס פון שבט יהודה (דברי הימים א, ב; ד; שמות ל"א 2; ל"ה 30).

אין ליכט פון דעם כאראקטער און די צושטענדען פון די אידען, וואס זיינען געבליבען אין פאלעסטינא, איז קלאר, אז זייער רעליגיעזעס לעבען איז ניט געשטאנען הויך. יחזקאל באשולדיגט זיי אין תאוה און אין בלוט־פארגיסונג, און אין צוריקקעהרען זיך צו יענעם געצענדיענסט, וואס האט תמיד געהאט אזא'ן אנציהונג פאר די אומוויסענדע מאסען פון יהודה (ל"ה 23-26). פון א צופעליגער באמערקונג אין ירמיה (מ"א 5), איז צו זעהן, אז מאנכע טיילען פון קולט פון יהוה זיינען נאך אויפגעהאלטען געווארען אויף דעם ארט פון דעם חרוב'ען בית־המקדש אין ירושלים. ניט בלויז פון יהודה, נאר אויך פון די אלטע שטעדט פון ישראל: שכם, שילו און שומרון זיינען געקומען גרויפעס פון פרומע עולי־רגל'ניקעס צו קלאגען אויף דעם צעשטערטען בית־המקדש און מקריב צו זיין מעהל־אפפער און ווייהרויך אויף דעם פראסטען מזבח, וואס זיי האבען דארטען אויפגעשטעלט. אויב דאס איז געווען ערלויבט באלד נאכ'ן חורבן פון בית־המקדש, מעגען מיר אננעמען, אז דער הייליגער פלאץ איז אין די קומענדיגע יאהרען אלץ מעהר און מעהר געווארען דער צענטער פון רעליגיעזען לעבען פון די ארץ־ישראל'דיגע אידען. די פראמינענטסטע כהנים פון בית־המקדש זיינען אוועקגעפיהרט געווארען אין גלות, אבער מאנכע זיינען בלי־ספק געבליבען; און פון די פאמיליען פון די כהנים, וואס האבען געפראוועט די עבודה אין די אלטע הייליגטימער וועל־

---

*) אין תלמוד איז „אדום" א באצייכענונג פאר דער רוימישער אימפעריע און ביי די פייטנים פון מיטעלאלטער איז עס אויך א באצייכענונג פאר די קריסטליכע פעלקער.

**) זעה אין באנד 1, ז. 254, 255.

כע יאשיהו האט אפגעשאפט, האבען געמוזט זיין נאך מעהר. דאס רוב פון זיי זיינען געווען אומוויסענדע, ניט ארגאניזירט און אהן פיהרער, מאנכע האבען זאגאר געלעבט אלס רויבער און באנדיטען אין לאנד פון זייערע פאַטערס, שטענדיג אטאקירט פון אומדערבארימליכע שונאים. עס איז דערפאר ניט וואהרשיינליך, אז די אידען אין פאלעסטינא זאלען האבען אסך פראַגרעסירט אין זייער אנערקענען יהוה און זיין ווילען; פארקעהרט, עס האבען זיי שטענדיג געדריקט די ספקות און די פארצווייפלונג, וועלכע איינער פון זייערע פאעטען האט אויסגעדריקט (איכה ה 19—22).

די ריכטיגע אנטוויקלונג פון אידישען לעבען אין אט דער פעריאָדע מוז געזוכט ווערען ניט ביי די אידען פון פאלעסטינא, נאר ביי זייערע פארטריבענע ברידער אין ווייטען גלות. פון דארטען זיינען געקומען די רעליגיעזע שטרעמונגען, וואס האבען באשטימט דעם ווייטערדיגען גורל פון דער אידישער געשיכטע. די אידען אין יהודה אבער זיינען געווען א וויכטיגער עלעמענט אין דעם צוקונפט-פּראבלעם פון אידישען פאלק; ווארים זיי האבען געהאט צוזשטעלען אין א גרויסער מאס די איינוואוינער פון יענער געמיינדע, וואס האט ווידער געזאלט ווערען דער צענטער פון יודענטום.

אינטעלעקטועל זיינען די אנטלאפענע אידען פון מצרים געשטאנען העכער ווי די, וואס זיינען געבליבען אין יהודה. אין אסך פרטים איז אויך זייער סביבה געווען א בעסערע. הגם די מאטיווען, וואס האבען באוואויגען די עגיפּטישע מלכים אין זייערע באציהונגען צו די אידען פון יהודה, זיינען געווען דורכאויס עגאאיסטישע, זיינען זיי פארט געווען די פארבינדעטע און די באשיצער פון דעם געפאלענעם פאלק און האבען דעריבער געהאט אויף זיך די התחייבות צו געבען די אידען א פריינדליכע אויפנאמע און געוויסע רעכטען. די עגיפּטער, פונקט ווי די אידען, האבען געציטערט פאר דעם מורא'דיגען שונא, נבוכדראצר. און פאר די הערשענדע פרעה'ס, וועלכע זיינען געווען אפּהענגיג אין דער באשיצונג פון זייער מלוכה מעהר פון פרעמדע געדונגענע איידער פון היימישע סאלדאטען, האבען געמוזט זיין גאנץ אנגענעם געווען די אנטלאפענע אידען, וואס האבען געזוכט א היים אויף זייער מזרח-גרעניץ. די מעהרסטע פון די אידען האבען פארגעצויגען צו בלייבען דא אויפ'ן גרעניץ, ניט קוקענדיג אויף די געפאהרען, ווייל זיי זיינען דא געווען אם נעהנטסטען צו זייער היים-לאנד און ווייל זיי האבען באטראכט זייער אויפהאלטונג אין עגיפּטען נאר פאר צייטווייליג (ירמיה מ"ד 28). צוליב די טעמים האבען זיי זיך באזעצט אין די גרעניץ-שטעדט מגדול,

תחפּנחס, און אין מעמפיס, וואָס זיינען ניט געווען שטאַרק ווייט פון דעם גרעניין פון יהודה. אזוי ווי יענע פּלעצער זיינען געלעגען אויף דעם דירעקטען קאַראַוואַנען־וועג צו פּאַלעסטינאַ און דעם מזרח, האָבען זיי געקאָנט זיין אין א שטענדיגען פאַרקעהר מיט זייערע ברידער און זיינען געווען ביכולת זיך צוריקצוקעהרען, ווען עס וועלען זיך נאָר מאַכען גינסטיגע אומשטענדען.

די אויסגראָבונגען אין דעפּענעה, דעם פּלאַץ פון העראָדאָט'ס דאַפנע און פון תחפּנחס, וואו די אַנטלאָפענע מיט ירמיה'ן האָבען זיך באַזעצט, האָבען אסך באַלויכטען די סביבה פון די אידען אין עגיפּטען. די שטאָדט איז געלעגען אויף א זאַמדיגען מדבר אין דרום־זייט פון א זומפּיגער אָזערע, איינינע מייל פון דער קולטיווירטער דעלטאַ צו מערב־זייט און פון דעם סועץ־קאַנאַל צו מזרח־זייט. פאַרביי דער שטאָדט האָט זיך געצויגען דער הויפּטוועג קיין סיריען, וועלכען זי האָט געדאַרפט באַשיצען. עס שטעהען נאָך די חורבות פון א פעסטונג, געבויט דורך פּסאַמעטיך דעם ערשטען, דעם גרינדער פון דער שטאָדט. העראָדאָט באַריכטעט, אז דער דאָזיגער קעניג האָט דאָרטען אריינגעשטעלט א גאַרניזאָן, און אז ביז שפּעט אין דער פּערסישער תקופה איז געווען איהר עובדא צוריקצושטויסען אַראַבישע אַנפאַלען. דער כאַראַקטער פון די איבערגעבליבענע שפּורען באַשטעטיגט העראָדאָט'ס באַהויפּטונג, אז פון אנהויב אָן איז די מעהרהייט פון דער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון גריכען. אין דער דאָזיגער גרעניץ־געגענד האָט פּסאַמעטיך דער ערשטער, ארום יאהר 664, אנגעוויזען היימען צו די יאָנישע און קאַרישע געדונגענע זעלנער, וואָס האָבען איהם געהאָלפען קומען צום טראָן. ירמיה ב 16 דייטעט אָן, אז אין דער צייט פון נכי זיינען תחפּנחס און נוף געווען וויכטיגע מיליטערישע צענטערס פון די עגיפּטער, און מיר זאָגען זיך פון דעם אָנשטויסען, אז יאשיהו איז צעשלאָגען געוואָרען אין טאָל פון מגידו דורך גריכישע זעלנער אין נכו'ס דינסט. העראָדאָט זאָגט, אז דאַפנע איז געוואָרען אין א פריהערער צייט א צענטער פון פאַרקעהר צווישען עגיפּטען און דער גריכישער וועלט. צוליב איהר לאַגע איז זי אייך געווען דער פּלאַץ וואו די ציוויליזאַציעס פון מזרח און פון מערב האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען. פעניקיער, גריכען, אידען און עגיפּטער האָבען זיך דאָ באַגעגענט אויף א שותּפות'ען באָדען. ווי פאָרט־סאַאיד היינטיגען טאָג, איז איהר לעבען געווען אין העכסטען גראַד קאָסמאָפּאָליטיש. איהר אַטמאָספערע איז דערפאַר געווען זעהר א גינסטיגע פאַר די אידישע קאָלאָניסטען.

מ'האָט ניט געפונען קיין ארכעאָלאָגישע איבערבלייבונגען, וואָס זאָלען געבען אן אָנצוהערעניש אויף א אידישען ישוב אין תחפּנחס; אָבער דאָס

וואס עס זיינען ניט געבליבען קיין שפורען פון קונסט־ווערק פון דער צייט פון פסאמעטיך דעם צווייטען און חפרע (564—594) איז אין זיך גופא אן אינדירעקטע ראיה, אז די אידישע באפעלקערונג האט אין א גרויסער מאס פארנומען דעם ארט פון דער גריכישער; מחמת די אידישע ציוויליזאציע פון יענער פעריאדע איז ניט געווען אזא, וואס זאל לאזען הינטער זיך בלייבענדע מאנומענטען. עס איז אבער מערקווירדיג וואס די טראדיציע פון מזרח האט דערהאלטען א ווייטע ערינערונג אן א אידישען ישוב אין יענעם ארט אין דעם נאמען ק א ס ר ע ל ב י נ ט ע ל י ע ה ו ד י, „דער פאלאץ פון דעם אידען׳ס טאכטער" — א נאמען וועלכען די חורבות פון דער פעסטונג טראגען נאך עד היום. די אויסגראבונגען, ווי אויך דער באריכט פון הערארא, דערקלערען די באדייטונג פון דער אומגעוועהנליכער באצייכענונג „פאלאץ". ווארים די פעסטונג איז אויך געברויכט געווארען ביי זעלטענע געלעגענהייטען אלס א קעניגליכע רעזידענץ. אסך ווייןקריג זיינען דארטען געפונען געווארען מיט די זיגלען פון פסאמעטיך דעם צווייטען, חפרע און אמאסיס. אם מעהרסטען ווארפט זיך אין די אויגען צווישען די חורבות, אין צפון־מערב פון דער דאזיגער מיליטערישער רעזידענץ פון די פרעה׳ס, די גרויסע פלאטפארם פון ציגעל אונטער׳ן פרייען הימעל, אויף וועלכער ירמיה מ"ג 9 באציהט זיך. דאס איז געווען דער אלגעמיינער פלאץ פאר געזעלשאפטליכע פארזאמלונגען און דערהוילונג.

חפרע׳ס נאכפאלגער, אמאסיס, האט פארטראטען די עגיפטישע פארטיי, וועלכע איז געווען פיינדליך צו דער פרעמדער ציוויליזאציע. די גריכישע קאלאניסטען און דער גריכישער האנדעל זיינען באגרעניצט געווארען, און די גריכישע גארניזאן איז דעפארטירט געווארען פון דאפנע. פאקטיש האט יענע שטאדט אם מעהרסטען געליטען פון דער רעאקציאנערער פאליטיק. זי איז געבליבען וויסט, לויט ווי הערארא דערצעהלט, און די פעסטונג איז באזעצט געווארען מיט אן עגיפטישער גארניזאן. עס קומט לויט דעם אויס, אז אם ווייניגסטען ארום יאהר 560 (פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג) האבען די אידישע קאלאניסטען, אויב זיי האבען זיך נאך ניט געהאט צוריקגעקעהרט קיין יהודה, געמוזט זוכען היימען אנדערשוואו. פאר די קאלאניסטען, ניט בלויז אין תחפנחס, נאר אויך אין אנדערע שטעדט, האט די נייע געגענדערטע שטעלונג פון עגיפטישען הויף געמוזט זיין אן אנטרייב זיך צוריקצוקעהרען אין זייער היים־לאנד.

כאטש ירמיה האט אנערקענט די טרייהייט פון די אידע, אין עגיפטען צו זייער אלטען לאנד, האט ער אבער געפונען ווינציג וואס צו לויבען אין

אסך צו אטאקירען אין זייער רעליגיעזען לעבען. מיר האבען נוט קיין ראיות, אז זיי זאלען האבען געדינט צו די עגיפטישע געטער, אדער אז זיי זאלען האבען לגמרי אויפגעהערט צו דינען יהוה; אבער אונטער דער השפעה פון דער פאליטעאיסטישער אטמאספערע, אין וועלכער זיי האבען זיך געפונען, האבען פיעל פון זיי זיך צוריקגעקעהרט צו דער אמאליגער אפגעטעריי פון זייער אורעלטערן. פונקט ווי אין מנשה׳ס טעג, האט מען אויך איצט אויף אסך אידישע מזבחות געריכערט ווייהרויך צו פרעמדע געטער. ביי די פרויען איז באזונדערס געווען באליבט דער דינסט פון דער מלכה פון הימעל, די אלטע סעמיטישע געטין אישטאר*), צו וועלכער מ׳האט געדינט אין ירושלים נאך פאר דעם חורבן (ירמיה ז 18). די רעאקציע פון די אידען געגען יאשיהו׳ס רעפארם און געגען יהוה׳ס תורה, לטובה פון אן אלטער סעמיטישער געטין, איז געקומען דערפון, וואס זיי האבען נאאיוו איינגעטייטשט זייערע אומגליקען אלס א באווייז, אז יהוה שטעהט נידעריגער ווי די אלטע געטער פון כנען. ענטפערענדיג אויף ירמיה׳ס ליידענשאפטליכע מוסר־רייד צו זיי, האבען זיי באהויפטעט מיט עקשנות, אז זייערע עלטערן אין יהודה איז געגאנגען גוט כל זמן זיי האבען געדינט צו דער געטין פון הימעל, און ווי נאר זיי האבען עס אויפגעהערט, זיינען געקומען אלע אומגליקען אויף זיי. ירמיה האט זיי געקאנט אפענטפערען נאר מיט א געגענבאהויפטונג: „אייער אפגעטעריי און אייערע אומווירדיגקייטען האבען געבראכט אויף אייך די נאציאנאלע קאטאסטראפע. אויב איהר וועט ווייטער אזוי פארלאזען יהוה, וועלען זעהר ווייניג פון אייך דערלעבען זיך צוריקצוקעהרען קיין יהודה. די צייט וועט באווייזען דעם אמת פון מיינע רייד. ווען איהר וועט זעהן פרעה חפרע אריינפאלענדיג אין דער האנט פון זיין פיינד, נבוכדראצר, זאל דאס זיין א צייכען, אז עס וועלען מקוים ווערען מיינע שלעכטע נבואות אויף אייך" (ירמיה מ"ד).

צי ירמיה האט אין זיינע לעצטע יאהרען דערלעבט צו זעהן ווי עס פארמעהרען זיך די רייהען פון די, וואס האבען זיך צוגעהערט צו איהם, שטעהט אין ערגיץ נישט. יחזקאל אין זיין לעצטער נבואה, וועלכע טראגט דעם דאטום פון 570 (פאר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג), רעדט נישט וועגען די אידען ארום איהם, נאר וועגען די אידען פון מצרים. אויך ער, פונקט ווי ירמיה, זאגט פאראוים, אז פרעה חפרע וועט באלד פאלען פאר נבוכדראצר׳ן; אבער ער האט מעהר האפנונג פאר דער צוקונפט פון די אידען אין עגיפ־

---

*) זעה אין באנד 1, ז. 110.

טען: עגיפטען׳ס מפלה וועט זיין דער פארשפיל צו דער דערהייבונג פון די אידען (יחזקאל כ״ט 17—21). גאר אין גאנצען האט אויך ירמיה ניט אויפ־געגעבען די האפענונג וועגען די עגיפטישע אידען; אייניגע וועלען אויך פון זיי קומען צוריק אין יהודה און נעמען א חלק אין דער באנייאונג פון אידי־שען נאציאנאלען לעבען (ירמיה מ״ד 14, 28).

3.

## די סאציאל־עקאנאמישע צושטענדען פון די אידען אין באבילאניען.

### דער גלות בבל אלס עפאכע.

דער גלות־בבל מוז באטראכט ווערען, אפילו קוקענדיג פון אויבען אויף, אלס די אויסערגעוועהנליכסטע פאסירונג אין דער וועלט־געשיכטע. אין אלטען מזרח, נאך מעהר ווי אנדערשוואו, האט דאס פארלירען פון פא־ליטישער אויטאנאמיע באדייט די פארניכטונג פון א פאלק. יהודה און ירושלים האבען אין דעם זין פון א מלוכה לגמרי אויפגעהערט צו עקסיסטי־רען, און דאך זיינען די אידען געבליבען לעבען אלס פאלק. פארטרייבונגען אין אלטען מזרח האבען אלעמאל געפיהרט צו דעם ציל, צוליב וועלכען זיי זיי־נען אונטערנומען געווארען, ד. ה. צו דער פולער אויסלעשונג פון דעם נאציאנאלען גייסט; דא אבער האט דער גלות דוקא פארשטארקט דעם פא־טריאטיזם פון די אידען. אין אלע צייטען און אין אלע געגענדען פון דער וועלט איז דער געניוס פון א געמיינדע אם מעהרסטען טעטיג און פרוכטבאר אויף דעם באדען פון דעם היים־לאנד און אונטער זיינע הימלען. אבער דער געניוס פון ישראל, וועלכער איז דערשטיקט געווארען אין פאלעסטינא, האט אויפגעפלאמט אין באבילאניען מיט א גלאנץ ווי נאך קיינמאל ניט פרי־הער.

ישראל איז געווארען א גאנץ אנדערער אין גלות: דאס איז א קלארער פאקט פון דער געשיכטע. ישראל האט ניט אראפגעווארפען פון זיך די פאר־גאנגענהייט. נאר ער איז פון איהר אוועקגעריסען געווארען. מ׳האט איהם אנגעכאפט און אריבערגעשליידערט ווייט אוועק אויף יענער זייט מדבר. ער איז אוועקגעריסען געווארען פון זיין לאנד, זיין היים, זיין ויינשטאק און

פייגענבוים, זיין מארק־פלאץ, זיינע קברים און זיין הייליגטום. ער האט געמוזט אנהייבען א לעבען פון דאס ניי. כדי צו פארשטעהן דאס נייע לעבען, מוזען מיר נעמען אין באטראכט די עלעמענטארע כאציאלע, פאליטישע און מאראלישע כוחות. די וויכטיגסטע פראגען זיינען דא די אריבערפיהרונג פון די אידען אין דאס נייע לאנד און די נייע סביבה; און זייער וויכטיגקייט ווערט נאך פארשטארקט, ווען מיר באטראכטען ניט בלויז די פרעמדקייט פון באבילאניען, נאר איהר קולטור, איהר רייכקייט, איהר אלטקייט, איהר ארגאניזאציע, איהר הערשאפט איבער דער מענשהייט אין זאכען, וואס האבען אפעלירט צום שכל אדער צו דער פאנטאזיע; און אט דאס אלצדינג אין היפוך צו דער פארלארענקייט און הילפלאזיגקייט פון די צעטומעלטע גולים. .

## די פארטרייבונגען.

קודם כל מוזען מיר גענוי זעהן וואס עס ווערט פארשטאנען אונטער גלות בבל. דער שרייבער פון ירמיה נ"ב 28—30 באריכטעט פון דריי באזונדערע פארטרייבונגען. די ערשטע, אין נבוכדראצר'ס זיבעטען יאהר, איז באשטאנען פון 3023 נפשות. די צווייטע, אין דעם אכצעהנטען יאהר פון דעם קעניג, האט ארומגענומען בלויז 832; בעת אין דער דריטער, אין דעם קעניג'ס דריי־און־צוואנציגסטען יאהר, זיינען אוועקגעפיהרט געווארען 745. דער שרייבער שעפט קענטיג פון א באבילאנישער קוועלע, א גאנץ אנדערע ווי די קוועלען, וואס ווערען געברויכט אין מלכים ב. ווען מיר באטראכטען די סיטואציע, זעהען מיר, אז די אינפארמאציע וואס ער גיט איז א זיכערע און באציהט זיך קענטיג נאר אויף לייט, וועלכע נעמען זיינען פאר־צייכענט געווארען. אזוינע זיינען אין יאהר 586 געווען ווייניגער ווי אין יאהר 597. צדקיה'ן האט מען געלאזען נאר די „שירים" פון די פרייע לאנדאייגענטימער, און די מלוכה איז שוין אויך ניט געווען דיזעלביגע וואס אונטער זיינע פארגעהער*).

---

*) די פראגע וועגען דער צאהל נפשות און די מעהרערע פארטרייבונגען, ווי אויך די פונדאמענטאלערע פראגע וויפיעל פארטרייבונגען עס זיינען כאטש פארגעקומען, ווערען שטארק באשטריטען. מאנכע פארשער נעמען אן, אז דאס ווארט „זיבעטע" אין ירמיה נ"ב 28 איז א טעות פון אן איבערשרייבער פאר זיבצעהנטע, אנגעטענדיג, אז דאס איז געווען א גלות פון לייט אויס'ן שטעטעס לאנד אין דער

דער סך־הכל פון די דריי פארטרייבונגען איז בכן 6400; צורעכענענדיג צו דעם נאָך די פרויען, די קינדער און די קנעכט, קען מען לייכט באַקומען די צאָהל פון צוואַנציג טויזענד נפשות; פון זיי האָט די ערשטע פארטרייבונג בייגעטראָגען צווישען ניין און צעהן טויזענד; זי איז בכן געווען גרויס ווי דיביידע ווייטערדיגע פארטרייבונגען צוזאמען. ניט בלויז איז זי געווען די גרעסטע בנוגע דער צאָהל נפשות, נאָר עס איז דעמאָלט מיטגעגאַנגען, לויט דעם בפירוש׳ען באריכט אין מלכים ב. כ״ד 14-16, די בליהונג פון דער שטאָדט און פון דער נאַציאָן. אחוץ יהויכין און זיין קרייז פון מיוחסים האָבען זיך דאָרטען געפונען אזעלכע איינפלוסרייכע מענער ווי יחזקאל און די נביאים וואָס האָבען אָנגעפיהרט א קאמף געגען איהם און ירמיה׳ן (ירמיה כ״ט). פון דער אנדערער זייט ווידער זיינען די מעהרסטע אָנפיהרער פון דעם לעצטען אויפשטאַנד הינגעריכטעט געוואָרען אין ריבלה, און די אנדערע פיהרער פון פאָלק, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען

ערשטער צייט פון דער באַלאַגערונג (אין יאָהר 587). דאָס איז אָבער ניט וואהרשיינליך. ערשטענס טרעפט צוזאַמען דאָס דערמאָנטע יאָהר מיט׳ן גלות יהויכין; צווייטענס האָט דער הויפט־גלות אין אָט דעם זיבעטען יאָהר ניט געקאָנט פאָרקומען אַיידער ירושלים איז גענומען געוואָרען. די הויפט־טענה פון די פאָרשער געגען די באהויפטונגען אין ירמיה נ״ב איז, אַז דער גלות פון יאָהר 597 האָט ניט געקאָנט זיין גרעסער ווי פון יאָהר 586. די דאָזיגע פאָרשער אָבער זעהען ניט איין, אז בלויז אומאָפּהענגיגע פערזאָנען זיינען געצעהלט געוואָרען און אז קנעכט און אויך פרויען און קינדער זיינען ניט אריינגערעכענט געוואָרען. פון אָט די זיינען אסך וועניגער אוועקגעפיהרט געוואָרען אין יאָהר 597 אַיידער אין יאָהר 586, ווייל אין דעם ערשטען גלות, דעם גלות יהויכין, איז די פאָליטיק געווען אַוועקצופיהרען די איינפלוסרייכסטע לייט, לויט דער בפירוש׳ער באַהויפּטונג אין מלכים ב, כ״ד 14—16. ווען דער שרייבער אין מלכים ב גיט אָן „צעהן טויזענד“ אלס די צאָהל פון די פארטריבענע אין יאָהר 597, גיט ער דאָ בלויז אָן א רונדע צאָהל (דער עטוואָס גענויערער חשבון אין פסוק 16 שטאַמט פון אן אנדער מקור) און רעכענט אריין די פרויען, די קינדער און די קנעכט. אין די ליסטען פון נחמיה ז (עזרא ב) ווערען די קנעכט געשטעלט באַזונדער, ניט דערמאָנענדיג די הייזער, צו וועלכע זיי האָבען געהערט. בנוגע צו ירמיה נ״ב האַלטען זיך שטאדע און עדווארד מייער ביי דער אומוואהרשיינליכער סברא, אז די ערשטע צאָהל, וואָס ווערט דאָרטען אָנגעגעבען, באַציהט זיך אויף א גלות וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין יאָהר 598 פון די לאַנד־שטעדט אַיידער ירושלים איז עראָבערט געוואָרען; די צווייטע צאָהל אַנטהאַלט די אריבערגעלאָפענע אין משך פון דער באַלאַגערונג און אַיידער די שטאָדט איז געפאַלען, דאָס הייסט אין יאָהר 587; און די דריטע צאָהל איז פיליייכט דער לעצטער גלות, וואָס די כשדים האָבען אונטערנומען נאָך גדליה׳ס דערמאָרדונג.

אזעלכע פיגורען ווי ירמיה און גדליה, זיינען איבערהויפט ניט עגאנגען קיין באבילאניען.

פון די אלע פאקטען קען מען מאכען געוויסע שלוסען. ערשטענס, אז די אידען פון גלות, אין דעם ברייטען זין פון דעם אויסדרוק, האבען געלעגט אין באבילאניען דעם יסוד פון זייער כאציאלען און בירגערליכען לעבען נאך פאר דעם חורבן פון ירושלים. צווייטענס, געפינען מיר צווישען יחזקאל'ען און זיינע חברים די מענער, וועלכע האבען באשטימט דעם רעליגיעזען כאראקטער און די רעליגיעזע טענדענצען פון דער ערשטער העלפט פון דער גלות־פעריאדע. דריטענס, אז דער חורבן פון ירושלים איז געווען א געוואל־דיגער פאקטאר אין רעליגיעזען און פאליטישען לעבען פון דער נאציאן, דערהויפט צוליב זיין באדייטונג פאר די אידען וואס זיינען שוין געווען אין גלות און וואס האבען פארגעשטעלט מיט זיך דעם טייל פון פאלק, וועלכער איז געווען אזוי וויכטיג פאר דער צוקונפט פון ישראל.

לאמיר באטראכטען ווי אזוי די פארטרייבונגען זיינען צוגעגאנגען. די צווייטע פארטרייבונג האט זיך אונטערשידען פון דער ערשטער דערהויפט מיט דער שטרענגקייט, מיט וועלכער מ'האט באהאנדעלט די אנפיהרער פון לעצ־טען אויפשטאנד. אויפ'ן וועג קיין באבילאניען איז אין אלע דריי פארטריי־בונגען אנגעווענדט געווארען דערזעלביגער אלגעמיינער פלאן. לויט דעם וואס מיר וויסען בכלל פון פארטרייבונגען פון באפעלקערונגען אין אלטען מזרח, האט מען גלייך אין אנהויב קלאסיפיצירט די געפאנגענע. די, וועלכע מ'האט פארצייכענט אלס רעבעלען, האט מען געהאלטען באזונדער אונטער א ספעציעלער וואך; די, וועלכע זיינען באשטימט געווארען פאר שטראפ־ארבייט, זיינען אויך געשטעלט געווארען באזונדער. וויפיעל אידען עס זיי־נען געווען פון אט דעם לעצטען קלאס, קענען מיר מיט זיכערקייט ניט זא־גען. אורטיילענדיג פון דעם וואס די ביבלישע דאקומענטען שווייגען דערפון און פון דעם וואס די אידען פון יהודה האבען געבליבען אין באבילאניען, זעהט עס אויס, אז דער קלאס איז ניט געווען גרויס אין צאהל. די, אויף וועמען עס איז ניט געווען קיין טאדעל און וועלכע זיינען ניט פאראורטיילט געווען צו שווערער ארבייט זיינען א באזונדערע אפטיילונג. צו דעם דאָ־זיגען קלאס האבען געהערט די, וואס זיינען מיט דער איינענער בריחה גע־גאנגען אין גלות, ענטוועדער פון פאטריאטישע מאטיווען אדער כדי זיך ניט צו שיידען פון זייערע פאמיליען און פריינד. בעת די גאנצע באפעלקערונג פון לענדער אין שטעדט, וועלכע האבען געמאכט אן אויפשטאנד, האט פאר־שפילט איהר לעבען און איהר פרייהייט, זיינען די, וועמען מ'האט באהאנ־

דעלט מילה, בלויז געוואָרען געפאַנגענע פון דער מלוכה. אַט אַזוי האָט מען גענעבען די ברירה צו ירמיה'ן און צו ברוך בן־נריה צו געהן וואוהין זיי האָבען געוואָלט.

אויף אשורישע אָפּמאָלונגען זעהט מען ווי מענער, פרויען און קינדער ווערען אוועקגעפיהרט פון עראָבערטע שטעדט, ווי זיי מאַרשירען מיט אראָפּגעבויגענע קעפּ און מיט הענט אָנגעבונדען אויף זייערע רוקענס פון הינטען, און ווערען געשלאָגען פון זייער וואַך מיט די שטעקענס. אזעלכע בילדער זיינען אפילו עקסטרעם, דאָך איז דאָס מאַרשירען צו־פוס, די קייטען און די טרייבער — פאַקטען פון דעם אשורישען רעזשים, וואָס זיינען בלי ספק אַפּט פאַרלייכטערט געוואָרען פון די כשדים און דאָך דערהאַלטען געוואָרען דורך זיי אין די הויפּט־שטריכען. מיר טאָרען זיך פון דעסטוועגען ניט פאָרשטעלען דעם מאַרש פון די אידישע גולים לויט אַט די גיזמא'דיגע אָפּמאָלונגען. מיר מוזען האַלטען אין זינען די מעטאָדען פון דער כאַלדעאישער אַדמיניסטראַציע. איהר הערשענדער פּרינציפּ איז געווען אויסנוצונג און אויפהאַלטונג. ביי דער קלאַסיפיצירונג פון די געפאַנגענע, וואָס מיר האָבען פריהער דערמאָנט, זיינען געמאַכט געוואָרען ליסטען פון זיי דורך „דעם מאַן מיט דעם שרייבער'ס טינט־האָרן אויף זיין זייט" (יחזקאל ט 2). די נומעראַציעס און באַשרייבונגען זיינען אוועקגעשיקט געוואָרען אין דער הויפּטשטאָדט, און די באַאַמטע, וועלכע האָבען געהאַט צו זאָגען אויף דער עקספּעדיציע, זיינען געווען פאַראַנטוואָרטליך, אז די פאַרטריבענע זאָלען אָנקומען זיכער אויפ'ן אָרט. צו־גרויסע אכזריות אָדער נאַכלעסיגקייט זיינען דעריבער געווען אויסגעשלאָסען. מיר דאַרפען אויך ניט אָננעמען, אז אַלע גולים פון יעדען גלות האָבען געבילדעט איין גרויסע מחנה אָדער קאַראַוואַן. זיי זיינען צעטיילט געוואָרען לויט באַקוועמליכקייט: — לויט די סאָלדאַטען וואָס מ'האָט געקאָנט קריגען אלס מיליטערישע וואַך, לויט די מיטלען פון טראַנספּאָרט, לויט דעם סעזאָן פון יאָהר, לויט דעם כאַראַקטער פון די פאַרשידענע קלאַסען פון די פאַרטריבענע. דער קיצור איז, אז מיר קענען נאָר קריגען א קלאָרע השגה פון דעם כאַראַקטער פון יענע פאַרטרייבונגען, ווען מיר האַלטען אין זינען, אז זיי זיינען געווען ווייניגער א פּערזענליכע ווי א נאַציאָנאַלע שטראָף, וואָס איז באַשטאַנען אין פאַרלירען דאָס היים־לאַנד.

## דער אידישער ישוב אין באבילאָניען.

אָבער וואָס איז געשעהן מיט די גולים נאָכדעם ווי זיי זיינען אָנגעקו־מען אין באבילאָניען? און, קודם כל, אין וועלכע ערטער האָט מען זיי באַזעצט? אין דעם פּרט האָבען מיר גענויע אויסקונפט בנוגע צו א גרויסען טייל פון גרעסטען. אדער ערשטען, גלות. פון ספר יחזקאל וויסען מיר, אז ביי דעם טייך „כבר” האָט זיך געפונען א גרויסע קאָלאָניע פון יחזקאל'ס לאַנדסלייט. דער כבר איז געווען א וויכטיגער קאנאל פון צענטראַל־באבי־לאָניען. אין צוויי מסחר־דאָקומענטען פון דער צייט פון ארטאַקסערקסעס דעם ערשטען (464-424) ווערט דערמאָנט דער טייך קאבאר, וואָס איז גע־ווען, ווי הילפּרעכט זאָגט*), א גרויסער, שיפבארער קאנאל נאָהנט צו דער שטאָדט ניפּור. הגם מיר וויסען נאָך ניט גענוי, וואו ער איז געלעגען, מעגען מיר אָבער אָננעמען כמעט פאר געווים, אז ער איז געווען א צווייג פון דעם גרעסערען קאנאל, דעם ניל. אזוי ווי די אידישע קאָלאָניסטען האָבען ניט געקענט באזעצט ווערען אין א געגענד מיט א געדיכטער באַפעלקערונג, איז עס דעריבער וואהרשיינליך, אז דער כבר איז געלעגען אין מזרח־זייט פון גרויסען קאנאל.

וואו מ'האָט באזעצט די איבעריגע גרופּעס פון די גולים, איז איצט אומזיסט צו מאכען השערות. מ'קען נאָר זאָגען, אז א חוץ די קעניגליכע געפאנגענע און זייערע הויז־לייט, זיינען אויך נאָך מאנכע אנדערע בלי ספק געבראכט געוואָרען אין דער הויפּט־שטאָדט בבל. דער גרויסער קעניג, וואָס איז געווען שטארק פאראינטערעסירט אין דער אנטוויקלונג פון זיין לאַנד בכלל, איז נאָך ספּעציעל געווען פאראינטערעסירט אין זיין הויפּטשטאָדט; און פאר זיינע גרויסע עפענטליכע און פּריוואטע ארבייטען האָט ער חפנים גענומען א געוויסע צאָהל פון יעדער באַדייטענדער, ניי־געקומענער גרופּע פון מלחמה־געפאנגענע. אז מ'זאָל האָבען באזעצט אסך אידען אין אנ־דערע גרויסע שטעדט פון דער אימפּעריע, איז ניט וואהרשיינליך. נאטיר־ליך זיינען אסך אידען סוף־כל־סוף געקומען אין איין צענטער פון אינדוס־טריע אדער אין אן אנדערען, און מעהר ווי אומעטום אין בבל. אָבער לכתחילה איז זייער וואוינארט קענטיג באשטימט געוואָרען דורך דעם קע־ניג'ס פּאָליטיק; און דאָס איז געווען ניט צו לאָזען אויפבויען קיין מעגליכע

---

*) Babylonian Expedition of the University of Pennsylvania, 9, p. 28. דאָס וואָרט גופא באדייט „גרויס”.

קאנקורענטען צו זיין געליבטער בבל. פון די באדינגונגען פון א האלבען יאהרהונדערט שפעטער ווייזט עס אויס, אז די גולים זיינען סוף־כל־סוף פארטיילט געווארען גאנץ ווייט איבער'ן לאנד. צווישען די ליסטען פון די צוריקגעקעהרטע פון גלות געפינט זיך א גרופע נעמען פון פלעצער, פון וועל־כע געוויסע פערזאנען, 652 אין צאהל, זיינען געקומען זיך אנשליסען אן דער הויפט־קאמפאניע פון די צוריקקעהרער קיין ציון: ת ל ־ מ ל ח, ת ל ־ ח ר ש א, כ ר ו ב, א ד ן און א מ ר (עזרא ב 59; נחמיה ז 61). עס ווערט דארטען געזאגט פון די דאזיגע לייט, אז זיי האבען ניט געקאנט ווייזען זייער יחוס, אז זיי זיינען פון ישראל. מיר זעהען דערפון, אז אין די לעצטע צוויי דורות זיינען זיי געווען אפגעריסען פון זייערע ברידער. אויף יעדען פאל האבען די באאמטע פון דער מלוכה ניט דערמוטיגט די פאר־טריבענע אידען זיך צו צענטראליזירען, כדי אויסצומיידען די מעגליכקייט פון א פאראייניגטער מרידה. מיר מעגען בכן ארויסנעמען דערפון אלס אונטערסטע שורה, אז מעהרערע קליינע גרופעס פון די פארטריבענע אידען האבען זיך פארמירט אין באזונדערע דיסטריקטען.

אויף א זיכערער גרונט שטעהען מיר ווען מיר קומען צו דער פראגע וועגען דער באשעפטיגונג פון די אידען אין גלות. די באשטימענדע פאק־טארען דערביי זיינען געווען: 1) די פריהערדיגע באשעפטיגונגען פון די אידען; 2) די אינדוסטריעלע באדערפענישען פון דעם לאנד; 3) די פאדע־רונגען פון דעם קעניג'ס פאליטיק און די מיטלען וואס ער האט געזוכט אנ־צונעמען פאר דער אינערליכער אדמיניסטראציע; 4) די הערשענדע סא־ציאלע און יורידישע באדינגונגען פאר באשעפטיגען ארבייטער. יעדערער פון די דאזיגע פאקטארען מוז קורץ באריקזיכטיגט ווערען, ווייל נאר ווען מיר קענען א פאלק אין זיינע טעגליכע באשעפטיגונגען, קאנען מיר פאר־שטעהן זיין געשיכטע.

פון די פארטריבענע אידען פון די דריי גלות'ן זיינען די מעהרסטע געווען בעסער צוגעפאסט צו אגריקולטורעלע באשעפטיגונגען איידער צו עפעס אנדערש. די דאזיגע מעהרהייט האט אומגעפעהר פארגעשטעלט מיט זיך די באפעלקערונג פון יהודה, וואס האט זיך ניט געקאנט צופאסען צו די פאדערונגען פון קונסט און פאבריקאציע אין א העכערער ציוויליזירטער געמיינדע. די מעהרסטע איינוואנדערער פון יהודה, אחוץ פון די שטעדט, זיינען געווען פאסטוכער*) אדער געצעלט־פערמערס, ארבייטער אויף פער־

*) אז דער פאסטוכער־קלאס, אפילו אין זיין האלב־נאמאדישער פארם, האט זיך דערהאלטען, איז אילוסטרירט דורך דעם פאל פון די רכבים. אט די לעצטע

מעס, פלאנצערס פון וויינשטאקען און אייל־בערטבוימער. אין די גרויסע שטעדט און אין דער הויפּשטאדט גופא זיינען אסך געווען באשעפטיגט אר־בייטענדיג ביי די לאנד־אייגענטימער אויף זייערע נחלאות. פון דער אנ־דערער זייט זיינען די מיטגלידער פון די צעכען פון בעלי־מלכות, אזעלכע ווי די „שניצער און די שליסער"*) (מלכים ב, כ"ד 14 ,16 ; ירמיה כ"ד 1 ; כ"ט 2), וועבער, פארבער, טעפער, גארבער און הויז־בויער ניט געווען קיין באדייטענדע צאהל.

וואס די אידען אין באבילאניען זיינען סוף־כל־סוף געווארען איז בעיקר אפּגעהאנגען פון זיי גופא. אין אנהייב זיינען זייערע אומשטענדען אפּ־געהאנגען פון דעם קעניג׳ס פאליטיק און פון די בארערפענישען פון לאנד. ווען מיר באטראכטען צוערשט די בארערפענישען פון לאנד, זעהען מיר, אז עס זיינען געווען געוויסע שטענדיגע פארערונגען אויף ארבייט, פארערונגען וואס זיינען קיינמאל ניט פארמינדערט געווארען אין צייטען פון נאציא־נאלער פראספעריטעט און שטארקייט. דאס וואוילזיין פון באבילאניען איז געווען פארבונדען מיט׳ן וואסער־רעזערוו און מיט דער ריכטיגער אויס־נוצונג פון דעם וואסער. ארבייטען פון קאלאניזאציע און באוואסערונג האבען געקאנט פארפילפאכט ווערען ; און אז זיי זיינען שוין געווען פארטיג, האט מען כסדר באדארפט גוט אויפפאסען אויף זיי. די קולטיווירונג פון דעם באדען און די פארשידענע פראצעסען פון אגריקולטור, וואס זיינען דורך דעם געמאכט געווארען לייכטער און אלגעמיינער, האבען געפאדערט מעהר ארבייטס־כוחות. טיילוויין אומאפּהענגיג פון אגריקולטור איז געווען די באזארגונג פון די בהמות דורך דעם פאסטוכער־קלאס. צו אט די מוז מען נאך צולעגען די פארשידענע בעלי־מלכות, וועלכע האבען צונעשטעלט

האבען א באזונדערען אינטערעס פאר אונז, ווייל לכל הפחות מאנכע פון זיי זיינען אוועקגעפיהרט געווארען קיין באבילאניען צווישען די איינוואוינער פון ירושלים, וואו זיי האבען געפונען א מקום־מקלט בעת דער ערשטער באלאגערונג (ירמיה ל"ח 11). אז זיי האבען אריבערגעלעבט דעם גלות און עס איז מקוים געווארען ירמיה׳ס נביאות (ירמיה ל"ה 10), ערפאהרען מיר פון דברי הימים א, ב 55 און אויך ד 12 לויט דעם תרגום השבעים („רכב" אנשטאט „רכה").

*) „החרש והמסגר" ווערט מעהרסטענס איבערזעצט „מייסטערס און שלאסערס". „חרש" אבער באדייט די, וואס האבען געארבייט מיט שניידער־אינסטרומענטען, זעה אין באנד 2, ז. 292. דאסווארט „מסגר" קאן ניט באדייטען פשוט א „שמיד". אויך ניט קיין „שלאסער". וואהרשיינליך באצוהט זיך „חרש" אויפ׳ן שניידען און פאר־מירען דעם מאטעריאל און „מסגר" — אויפ׳ן אויסמאכען דעם פאבריצירטען אר־טיקעל (ווערטליך, „איינער וואס שליסט אפ").

געצייג פאר דער ערד ארבייט. די מלאכות. וואס זיינען פראקטיצירט גע־
ווארען אין פאלעסטינא נאר אויף אזוי ווייט ווי דאס איז מעגליך געווען
פאר א קליינער און אפגעזונדערטער געמיינדע, זיינען דערפאר אנטוויקעלט
געווארען אין באבילאניען צו אזא הויכער מדרגה, וואס איז אנדערשוואו אין
מערב־אזיען אין ערגיץ ניט באקאנט געווען. אזוינע זיינען געווען די קונסט
פון וועבען, גארבען, מעטאל־מאכעריי, ציגעל־מאכעריי, און דאס בויען און
אויסמעבלירען וואוינונגען. צו דעם קרייז פון תענוגים און לוקסוס האט
געהערט דאס מאכען צירונג, סטאטועס און סטאטועלעך, דעקארירטע טע־
פעריי, מוזיק־אינסטרומענטען און אנדערע מלאכות, וועלכע האבען גע־
דינט די קונסטען פון פארגעניגען. די העכסטע פון אלע איז געווען די קונסט
פון דעם שרייבער, מיט דעם קריין־אינסטרומענט אדער דעם שרייב־ראהר.
דערצו איז אויף דעמזעלביגען אגריקולטורעלען יסוד אויסגעבויט געווען א
ברייטער סיסטעם פון מסחר, רעגולירט דורך יעדען מיטעל, וואס די ערפאה־
רונג פון דעם הענדלער און די קלוגקייט פון דעם האנדעלס־געפיהל האבען
געקאנט אויסטראכטען.

דאס זיינען געווען אינדוסטריען און באשעפטיגונגען, וואס מיר מע־
גען רופען באשטענדיגע. אבער די אידען זיינען געקומען קיין באבילאניען
אין א צייט פון באזונדערע געלעגענהייטען. נבוכדראצר, דער גרויסער בא־
הערשער פון באבילאניען, האט באהאנדעלט זיינע מלחמה־געפאנגענע מעהר
אלס אונטערווארפענע, וואס שטעהען אונטער זיין רשות, ווי אלס לעבענס־
לענגליכע פארברעכער. נאך מעהר, זיין אדמיניסטראציע איז געווען גאסט־
פריינדליך צו פרעמדע, מחמת די פארבעסערונג און אנטוויקלונג פון זיין
לאנד האט געפאדערט זייער דינסט. זיין היימישע פאליטיק האט געהאט
א צווייפאכען ציל. פון איין זייט האט די רייכקייט און מאכט פון באבילא־
ניען געמוזט פארגרעסערט ווערען דורך אינערליכע פארבעסערונג, ספעציעל
דורכ'ן פארברייטערען דעם שטח פון דעם פרוכטבארען באדען און דורך
פארגרעסערען זיין יעהרליכע פרוכט. פון דער אנדערער זייט האט די אר־
בייט פון האלטען אין ארדנונג די באוואסערונגס־ווערק געפאדערט א שטאר־
קען אדמיניסטראטיווען און פינאנציעלען צענטער, אזוי אז די הויפטשטאדט
האט געמוזט וואקסען אויפ'ן חשבון פון אנדערע וויכטיגע שטעדט. די
אידען האבען געשפילט זייער הויפט־ראלע ביים דורכפיהרען דעם ערשטען
פון אט די צילען. ווען זיי וואלטען געקומען קיין באבילאניען און וואלטען
פארבראכט זייערע יאהרען פון אונטערווארפענקייט אונטער א גרויזאמען
רעזשים אדער אין א צייט פון צעפאלונג, דעמאלט וואלט פיליכט זייער

לעבען אלס א נאציאן צעדריקט געווארען דורך טיראניי אדער זיי וואלטען געווארען אויסגעמאטערט דורך האפנונגסלאזע אנשטרענגונגען.

דאס וויכטיגסטע פון אלץ אין זייער נייער סביבה זיינען געווען די באדינגונגען, אונטער וועלכע זיי האבען זיך מפרנס געווען און האבען געטאן זייער ארבייט. די ערשטע פראגע וואס שטעלט זיך אונז איז וועגען דעם מצב פון קנעכט אין באבילאניען, ווייל מיר מוזען אננעמען פאר אומבאשטריטען, אז די מעהרסטע אידען זיינען אין אנחויב באשטימט געווארען אלס קנעכט. וואס מיר ווייסען וועגען שקלאפעריי ביי אידען קאן אונז דינען אלס אלגעמיינער וועג־ווייזער, ווייל אין דער ציוויליזירטער געזעלשאפט פון אלטערטום האבען דער מנהג און די געזעצגעבונג פארגעשריבען כמעט אומעטום דיזעלביגע געזעצען וועגען דער באהאנדלונג פון שקלאפען. דער הויפט־חילוק אין שקלאפעריי צווישען דעם אלטערטום און דער מאדערנער צייט ליגט ניט אזוי פיעל אין דער באהאנדלונג פון שקלאפען ווי אין זייער געזעלשאפטליכער פאזיציע און אין זייערע אויסזיכטען. ביי די באבילאניער, פונקט אזוי ווי ביי די עגיפטער און ביי די אידען, זיינען שקלאפען, באזונדערס מלחמה געפאנגענע, אפטמאל באהאנדעלט געווארען מיט דער גרעסטער אכזריות. מיר האבען דערפון גענוג ראיות פון אפמאלונגען אויף די אויסגעגראבענע מאנומענטען, וועלכע שטעלען פאר קנעכט געטריבען צו זייער ארבייט אונטער דעם בייטש פון צינז־הארען. מיר טארען דאס אבער ניט נעמען אלס כאראקטעריסטיש פאר דעם אלגעמיינעם סיסטעם. אחוץ אין בירגערליכע רעכטען זיינען קנעכט אפט געווען גלייך צו פרייע לייט. אסך פון זיי זיינען געווען אין א בעסערען מצב אלס קנעכט ווי זיי וואלטען געקאנט זיין אלס איינענע הארען; און אט דער גוטער גורל איז, ווי עס זעהט אויס, געפאלען אויף דעם גרעסטען טייל פון די פארטריבענע אידען אין באבילאניען.

די רעכטען און פליכטען פון דעם אונטעריאכטען קלאס אין באבילאניען קענען מיר ארויסלערנען פון פאקטען, וועלכע מיר האבען פון די אויסגעגראבענע מאנומענטען. קנעכט זיינען געווען פון פארשידענע קלאסען. ערשטענס זיינען געווען קנעכט פון דער מלוכה. דאס זיינען מעהרסטענס געווען מלחמה־געפאנגענע, וואס זיינען גענומען געווארען אין שלאכט אדער ווען א פעסטונג איז עראבערט געווארען, אדער ווען א שטאדט האט זיך אונטערגעגעבען. לכתחילה, אין צייטען פון ווילדקייט, איז פון אזוינע געפאנגענע באשטאנען די מאסע פון דער אונטעריאכטער באפעלקערונג. זייער באהאנדלונג איז, מיט דעם פראגרעס פון ציוויליזאציע, פארבעסערט געווא־

רען. אבער אפילו אונטער דער מילדסטער אדמיניסטראציע האט מען ארויסגעוויזן בארבארישע שטרענגקייט צו אנהעצער אדער אנפיהרער פון אן אויפשטאנד. אין די שפעטערע אשורישע און כאלדעאישע צייטען האט מען פארזיכטיג קלאסיפיצירט די געפאנגענע, און לויט דער קלאסיפיקאציע האט מען זיי באהאנדעלט שטרענגער אדער מילדער. זיי האבען לחלוטין ניט געמוזט בלייבען דאס אייגענטום פון דער קרוין, ווארים די געפאנגענע, צו וועלכע מ'האט ארויסגעוויזן א באזונדערע מילדקייט, האבען אין יעדער צייט געקאנט איבערגעגעבען ווערען צו פריוואטע לייט, וואס האבען באשעפטיגט ארבייטער. א צווייטער קלאס זיינען געווען די טעמפעל־שקלאפען. זייער צאהל און באדייטונג איז נאטירליך אפגעהאנגען פון דער רייכקייט פון די טעמפלען, און דאס איז געווען אן אומבאשטענדיגע זאך. דאך איז קיינמאל אין באבילאניען ניט געווען אזא צייט, ווען די טעמפלען זיינען ניט געווען רייך אין צאהל און האבען ניט געהאט פארשידענע אונטערנעמונגען; און אזוי ווי זייערע עסקים האבען אריינגענומען אין זיך דעם גאנצען קרייז פון די דעמאלט באקאנטע האנט־ארבייט, פאבריקאציע און סוחר'ישע באשעפטיגונגען, האט די צענטראלע רעגירונג ניט געקאנט מאכען קיין ברייטערען געברויך פון שקלאפען־ארבייט ווי אין אט די פלעצער פון די געטער. אין דער עפאכע, ביי וועלכער מיר שטעהען איצט, האבען אבער די פראווינציעלע טעמפלען פארלארען אסך פון זייער באדייטונג צוליב דער ספעציעלער גונסט וואס נבוכדראצר האט ארויסגעוויזן צו בבל און איהר פארשטאדט בארסיפא. נאך איין קלאס פון שקלאפען האבען געהערט צו פריוואט־בירגער פון פארשידענע קלאסען און שיכטען. די הויפט־ראלע אלס אייגענטימער פון שקלאפען האבען געשפילט די פאבריקאנטען, די סוחרים און די לאנד־אייגענטימער. שקלאפען האט מען דאס רוב זיך איינגעשאפט דורכ'ן קויפען; אבער ביידע: סאי די טעמפלען און סאי די יחידים האבען געקאנט באקומען שקלאפען אלס מתנה פון דער מלוכה פאר א דינסט, וואס מ'האט אויפגעטאן, אדער פאר אן אלטער פרעטענזיע. אין די שפעטערע צייטען אין באבילאניען, ווען די דינאסטיעס האבען זיך אפט געביטען, האט יעדע אדמיניסטראציע געזוכט נושא־חן צו זיין ביי די מעכטיגע פריסטער דורך גרויסע מתנות, און דערביי זיינען קאנפיסקירטע שטיקער לאנד אין זייערע באארבייטער געווען די ערשטע זאך ביי דער האנט; און צו די פאמיליען פון טרייע אונטערשטיצער האט מען ארויסגעוויזן עהנליכע וואוילטאטען. צו האבען שקלאפען אלס אייגענטום איז אבער ניט געווען דער מאנאפאל פון די רייכערע קלאסען. די מעהרסטע לייט, וואס האבען פאר־

מאנט עפעס אביסעל געלד אדער א נחלה, האבען אויך געהאט זייערע קנעכט.

עס איז וויכטיג צו באמערקען, אז אין באבילאניען האבען שקלאפען בכלל, אפילו די, וועלכע זיינען לכתחילה געווען מלוכה־ארעסטאנטען, געהאט די געלעגענהייט צו שטייגען העכער דורך די פארשידענע מדרגות פון קנעכט־שאפט און צו פארבעסערען זייער לאגע דורך פארקויף, מתנה און ירושה. זיי האבען אויך געקאנט ווערען פריי דורכ'ן אויסקויפען זיך, אדער ווערען אויסגעלייזט פון אנדערע, אדער א דאנק דער גרויסמוטינקייט פון זייערע הארען. זיי האבען אויך געקאנט אדאפטירט ווערען אין דער פאמיליע פון אן איינענטימער און ווערען סוף־כל־סוף די באלעבאטים פון גרויסע נחלאות. דורך דער געוועהנליכער פארם פון א געשעפט־קאנטראקט זיינען זיי באַרעכטיגט געווען, ווען זייערע הארען האבען זיי פארדונגען צו אנדערע, ניט בלויז צו קריגען אן אנטשעדיגונג פאר א קראנקהייט אדער א וואונד, נאר אויך צו קריגען באצאהלט פאר זייער ארבייט, אזוי אז עס איז געווען מעגליך פאר זיי אנצוזאמלען א קליינעם קאפיטאל און זיך איינצושאפען זייערע אייגענע שקלאפען. נאך מעהר, זיי האבען געקאנט זיך לערנען א מלאכה און ווערען געניטע בעלי־מלאכות.

אט פון די חילוקים צווישען אמאליגער און מאדערנער שקלאפעריי, קומט פאר אונז ארויס אזוי בולט דער פאקט, וואס איז אזוי וויכטיג פאר דער געשיכטע פון גלות בבל, נעמליך: אז די סאציאלע באדינגונגען זיינען געווען גינסטיג פאר די פארטריבענע אידען. עס מוז אויך באמערקט ווערען, אז בעת דער סיסטעם פון אונטערדריקונג, וואס האט געהערשט אין באבילאניען איז אין עיקר געווען עהנליך צו דעם סיסטעם, מיט וועלכען זיי זיינען געווען באקאנט אין פאלעסטינא, איז ער אבער גלייכצייטיג געווען בעסער רעגולירט דורך געזעץ און מנהג. דערצו איז די פאזיציע פון באפרייטע געווען זיכערער אונטער די פעסטערע געזעצליכע און געשעפטליכע באדינגונגען פון דער כאלדעאישער אימפעריע. מיר מעגען זאגען אלס אונטערסטע שורה, אז פאר די מעהרסטע פון די פארטריבענע אידען, אפילו פאר פיעל פון אזוינע וואס האבען געהאט אין דערהיים זייערע אייגענע קנעכט, איז שקלאפעריי געווען אין די ערשטע עטליכע יאהר בעסער ווי פרייהייט. דערצו קומט דער פאקט וואס אלס קנעכט זיינען זיי געווען פארזארגט אין קראנקהייט און אויף די עלטערע יאהרען — א זאך פון גרויס וויכטינקייט פאר מענשען וואס האבען געמוזט אנהייבען פון דאס ניי דעם קאמף פאר'ן לעבען אין א פרעמדען לאנד, ניט האבענדיג עטוואס, וואס זיי זאלען קאנען אנרופען זייער אייגענס.

די הנחה, וואָס מיר האָבען אויבען אויפגעשטעלט, אז די מעהרסטע פארטריבענע אידען זיינען געווען קנעכט אין באַבילאָניען, גאַנץ גלייך צי זיינען געווען פריי אין זייער אייגענעם לאַנד אָדער ניט, קאָן זיך אויסדרוקען ניט צו זיין אין איינקלאַנג מיט דעם איינדרוק וואָס מיר טראָגען ארויס פון זייער לעבען אין יענעם לאַנד ווען מיר לייענען דעם ספר יחזקאל און די אזהרה וואָס ירמיה שיקט זיי, אז זיי זאָלען זיך מאַכען היימען און נעמען אן אנ־טייל אין דעם לעבען און אין דער ארבייט פון׳ם לאַנד (ירמיה כ״ט 4־7). אָבער אזא פרייהייט פון באַוועגונג און האַנדלונג, וואָס איז דערצו נויטיג, איז געווען גאַנץ מעגליך פאַר באַבילאָנישע שקלאַפען; די איינציגע באַ־שרענקונג זייערע איז געווען, וואָס די ארבייט פון זייערע הענט האָט גע־הערט צו אנדערע און וואָס זיי האָבען ניט פאַרמאָגט קיין בירגערליכע רעכטען. אין דערזעלביגער צייט איז גאַנץ מעגליך, אז אסך פאַרמעגליכע לייט, וואָס האָבען ניט אונטערשטיצט די מרידה, דערצו נאָך די, וועמען מ׳האָט ערלויבט צו באַגלייטען זייערע אוועקגעפיהרטע ברידער, האָבען באַ־קומען לאַנד זיך צו דערנעהרען און זיינען געוואָרען באַלעבאַטים פון הייזער און פון אייגענע פאַרמעגענס ביים סאַמע אָנהויב פון גלות. אָבער זייער צאָהל האָט ניט געקאָנט זיין גרויס אפילו אין דעם וויכטיגסטען אגריקול־טורעלען ישוב. פּאָליטישע טעמים אליין האָבען געמוזט פאָדערען א באַ־גרעניצונג, און דערצו איז נאָך געווען דער ברייטער עקאָנאָמישער פאַקט, ויאָס אין אלע אָפּטיילונגען פון אינדוסטריע איז די מעהרסטע ארבייט געטאָן געוואָרען פון די שקלאַפען.

מיר קענען מאַכען דעם פאָלגענדען סך־הכל: די אוועקגעפיהרטע אי־דען קאָנען, פון שטאַנדפּונקט פון זייער שייכות צו דער מלוכה און צו דער געזעלשאַפט, איינגעטיילט ווערען אין פיער קלאַסען. צוערשט קומען די וואָס זיינען געווען פּאָליטישע געפאַנגענע, אזעלכע ווי די קעניגליכע ארעס־טאַנטען און זייערע מקורבים צווישען די שרים און מיוחסים, וועלכע האָבען זיך באַטייליגט אין דער מרידה. זיי זיינען פאַר׳משפט געוואָרען צו גע־פענגעניש. דאָך איז דערמיט ניט געזאָגט, אז זיי זיינען געבליבען אויף תמיד איינגעשפּאַרט. עס איז אויך ניט געזאָגט, אז די ארעסטירטע זיינען אין אלע פאַלען געזעסען אין א טורמע. עקסטרעמע אכזריות אין אָריענ־טאַלישע געפענגענישען מאַכט גיך א סוף צו דעם לעבען פון אן ארעסטאַנט. מיר געפינען אָבער אסך קעניגליכע קינדער און קינדער פון אדעליגע פאַ־מיליען, וואָס האָבען אריבערגעלעבט דעם גלות. אלס צווייטע קומען די, וועלכע האָבען געהאַט זייערע אייגענע פאַרמעגענס, און אזוי ווי מ׳האָט זיי

געשטעמפּעלט פאר רעבעלען, האט מען זיי ערלויבט אדער דערמוטיגט זיך אנ־צושליסען אן די אוועקגעפיהרטע אידען. די דאזיגע אידען האט מען וואהרשיינליך ערלויבט צו קויפען נחלאות פאר זיך און צו ווערען די געסט פון לאנד אהן בירגערליכע רעכטען. דריטענס זיינען געוועזען די מעטיגע רעבעלען. זיי האט מען בלי ספק באשעפטיגט, לכל הפחות אין אנהויב, אלס מלוכה־ארבייטער ביי די שווערסטע ארבייטען אונטער דעם שטרענגסטען צוואנג. און ועל כולם קומט נאך די מאסע דעפּארטירטע, וועלכע מ'האט ניט באזונדערס שטארק שטראפירט. זיי האט מען אנגעשטעלט צו ארבייטען אלס קנעכט אין פארשידענע פאכען פון ארבייט.

אז אגריקולטור האט פארנומען דעם ערשטען פּלאץ, איז גענוג באוויזען דורך די געבליבענע מסחר־דאקומענטען, דאס איז אויך קלאר אילוסטרירט דורך די צופעליגע ראיות אויף די מאנומענטען, אין די סקולפּטארישע אבמאלונגען פון באוואסערונגס־מאשינען און אויך אין די ליסטען פון יענע לאנד־פּראדוקטען, וואס זיינען געבראכט געווארען אלס מתנה צו די טעמפּלען און זיינען קלאסיפיצירט לויט די געצייג, וועלכע ווערען געברויכט ביים באארבייטען די ערד. יעדע הקירה־והדרישה אין דעם אינדוסטריעלען, קאמערציעלען און סאציאלען לעבען פון באבילאניען מוז זיך אנהייבען מיט א שטודיום פון איהר אגריקולטור און די פארבאדינגונגען דערצו לויט קלימאט, באדען און וואסער־פארזארגונג. נאך מעהר, די הויפּט־קאלאניע פון די פארטריבענע אידען איז פארפלאנצט געווארען אין א געגענד, וואס האט געפאדערט דווקא די באשעפטיגונג און ניט קיין אנדערע. ווען מיר דערוויסען זיך אונטער וועלכע באדינגונגען זיי האבען געארבייט, גיט דאס אונז די מעגליכקייט ניט בלויז נאכצושפירען זייער אויסערליכען לעבען, נאר אויך צו פארשטעהן ווי אזוי זייער כאראקטער האט זיך פארמירט אין זייער נייער סביבה.

מיר מוזען זיך פארשטעלען א ברייטע, פלאכע געגענד, וועמעס שטח פון אויבען איז וואריאירט נאר דורך די בערגלעך פון שטעדט און דערפער, חרוב'ע אדער באוואוינטע, אדער וואו ניט וואו דורך פעסטונגען אדער מיליטערישע סטאנציעס, אדער דורך דעם לויף פון וואסער־שטראמען. די הויפּט־קאלאניע פון די אידען איז געווען אין כמעט געאגראפישען הארץ פון באבילאניען; אבער דער אם געדיכטסטען באפעלקערטער שטח איז געווען אין מערב און צפון, וואו עס זיינען געלעגען בבל, איהרע פאר־שטעדט און נאך עלטערע שטעדט. ניפור, די גרויסע אלטע שטאדט נאהנט צו דער אידישער הויפּט־קאלאניע, איז אמאל געווען די הויפּט־היים פון די באבילאנישע

סעמיטען. די לעצטע אויסגראבונגען האבען אנטפלעקט איהר געשיכטע. ווי די איבעריגע פון די עלטסטע שטעדט אין דער געגענד פון אונטערסטען לויף פון פרת, און ווי די אלטע שטעדט בכלל, איז איהר באדייטונג אפּגע־האנגען פון דער אויבער־הערשאפט פון איהר טעמפעל. ניפור איז געווען דער ארט פון דעם עלטסטען קולט פון דעם גאט ב ל.

דעם גרעסטען שאדען האט ניפור געליטען דורך דער אויפבליהונג פון דער שטאדט בבל. דער גרויסער אמוראבי, וועמעס ציל איז געווען צו מאכען בבל פאר דעם צענטער פון א ברייטער מלוכה, האט פארבונדען דעם קולט פון איהר לאקאלען גאט מ אר ד ו ך (מרודך) מיט דעם מעהר פארשפרייטען קולט פון דעם עלטערען גאט ב ל. פון דעמאלט אן טראגט מארדוך דעם צוזאמענגעזעצטען נאמען „ב ע ל ־ מ א ר ד ו ך“ (בל־מרודך). פאר דעם פרעסטיזש פון ניפור האט דאס געבראכט זעהר טרויעריגע רעזול־טאטען. לויט די לעצטע אויסגראבונגען אין די חורבות פון ניפור איז איהר טעמפעל אויסגערויבט געווארען און זיינע סטאטוען און טייערע חפצים זיינען בייזוויליג צעשטערט געווארען. אזוי האט זיך דאס געצויגען הונדער־טער יאהרען. די מלכים פון דער דינאסטיע פון די קאסיטען*), וועלכע האבען ניט געהאט קיין לאקאלע פאראורטיילען, האבען צוריק אויפגעשטעלט דעם אלטען גלאנץ פון דעם טעמפעל פון בל, און דורך דעם האט ווידער אויפגעבליהט די שטאדט און די געגענד ארום.

נבוכדראצר דער ערשטער (ארום 12טען יאהרהונדערט פאר דער קריסט־ליכער ערא), וועלכער האט ארונטערגעווארפען די פרעמדע דינאסטיע פון די קאסיטען, האט ווידער געמאכט א חורבן אין ניפור און האט אראפּגע־ריסען דעם טעמפעל ביז'ן גרונט. ערשט ביים ענד פון דער אשורישער איי־בערהערשאפט איז ער ווידער אויפגעשטעלט געווארען. אסר־חדון און זיין זוהן אשורבאניפאל האבען אונטערשטיצט ניפור. אבער אונטער דער נייער מלוכה איז זי ווידער צעשטערט געווארען פון נבוכדראצר דעם גרויסען אין זיין קנאות פאר דער דערהייבונג פון בל־מרודך אין דער הויפּט־שטאדט בבל.

די צעשטערונג פון דעם טעמפעל און דער אונטערגאנג פון זיין קולט האט געבראכט גרויס שאדען צו דעם פרעסטיזש און די געשעפטען פון דער שטאדט. מיר האבען שוין אויבען באמערקט ווי ברייט עס איז געווען דער קרייז פון די עסקים, וואס א גרויסער באבילאנישער טעמפעל האט ארומ־

*) זעה אין באנד 1, ז. 81.

נענומען. צום טייל לאזט זיך דאס דערקלערען דערמיט וואס די רעליגיאן איז געווען דער צענטער פון באבילאנישען לעבען בכלל. פראקטיש האט דאס באדייט, אז די פריסטער און אנדערע דינער פון די הערשענדע קולטען האבען געוואונען עשירות פאר זיך און זייערע הייליגטימער דורך די קרבנות און נדרים, דורך דעם געצאהלט פאר'ן געבען אראקעלס און דורך די מתנות פון שרים און פירשטען. דאס האט אבער באדייט נאך מעהר; די פריסטער, כאטש געוועהנליך אהן בירגערליכע אמביציעס, זיינען דורך זייערע פאר־דינסטען און זייער טעטיגקייט געווארען בכלל א גרויסע מאכט אין לעבען פון דעם לאנד און דעם פאלק.

באזונדערש כאראקטעריסטיש פאר די באבילאנישע פריסטער איז געווען זייער קולטור און זייער וויסענשאפט, אזוי אז זייער פרעסטיזש איז ניט געווען באגרינדעט בלויז אויף דעם נאאיווען גלויבען פון די אבערגלויבישע מאסען. זיי האבען פארמאגט די מאכט פון וויסען. זיי זיינען געווען די לעהרער און ערציהער פון פאלק, און זיי זיינען געווען גענוג ליבעראל צו לערנען אין זייערע שולען ניט בלויז די סודות פון זייער אייגענער ספעציעלער פראפעסיע, נאר אויך די גאנצע געלערזאמקייט פון דער צייט. דאס איז געווען דער סוד פון זייער ערפאלג ביים אונטערנעמען פארשידענע עסקים. זיי זיינען געווען ביכולת צו קריגען און אויפצוהאלטען גרויסע נחלאות, צו מאכען גרויסע הלוואות, צו האבען אסך שקלאפען, צו באשעפטיגען אסך ארבייטער, צו קולטיווירען אסך לאנד, אויפצובויען פערמעס און בנינים און וואסער־וועגען, און אויפצוהאדעווען גרויסע סטאדעס שאף און רינדער. נאטירליך איז געווען פאר זייער טובה די פאפולערע השגה, אז דאס גאנצע לאנד איז דאס אייגענטום פון דעם גאט אדער פון די געטער, וועמעס דינער זיי זיינען געווען. דערפאר האבען זיי אדער זייערע טעמפלען געקראגען מעשר און נדבות, און דערפאר איז לאנד־אייגענטום אין זייער ראיאן לייכט אריינגעפאלען אין זייערע הענט. דער געדאנק, אז דער ערד־באדען איז א געטליך אייגענטום איז געווען א שותפות'ער גלויבען ביי די אלטע פעלקער; אבער אין ערגיץ זיינען די פריסטער ניט געווען אזוי קולטורעל אנטוויקעלט, אזוי קלוג, אזוי רייך, אזוי אונטערנעמעריש און אזוי דויערהאפט ווי אין באבילאניען.

אט דער איבערבליק וועט אונז העלפען פארשטעהן די באדינגונגען פון דער געגענד, וואו די הויפט־גרופע פון די פארטריבענע אידען האט זיך געפונען. מ'מוז באמערקען, אז פון איין זייט איז ניפור נאך די עלטסטע צייטען קיינמאל ניט געווען קיין גרויסער פאליטישער צענטער. און פון דער

אנדערער זייט ווייזען איהרע אויסגעגראבענע דאקומענטען, אז ווען זי איז ניט פארנאכלעסיגט און געשעדיגט געווארען דורך אן אומפריינדליכען קעניג האבען איהרע געשעפטליכע אינטערעסען שטארק געבליהט. די געגענד ארום האט אומפארמיידליך געמוזט האבען א חלק אין דער אויפבליהונג און אראפזינקונג פון ניפור. וואס קאנען מיר דערפון ארויסדרינגען בנוגע צו דער פראגע, וועלכע באשעפטיגט אונז דא? עס איז ניט מעהר ווי רעכט אנצונעמען, אז דער גרויסער נבוכדראצר, וועמעס פאליטיק איז געווען ניט לטובה פון ניפור און איהרע אינסטיטוציעס, אבער וועלכער האט געהאט נאהענט צו זיין הארץ די אינערליכע אנטוויקלונג פון זיין קעניגרייך, האט איבערגענומען יענע שטאדט אונטער זיין רשות, און אז די פארפלאנצונג פון דער אידישער קאלאניע אין יענער שכונה איז געווען אן אויפטו פון זיין אדמיניסטראציע פון דער געגענד. עס איז אויך ריכטיג אנצונעמען, אז יענע אידישע געמיינדע, ווי פיעל אנדערע, איז געשטאנען אונטער דער ספעציעלער השגחה פון מלוכה־באאמטע, צו וועמען די באאמטע פון די פראווינצען זיינען געווען פאראנטווארטליך פאר דער גוטער אויפפיהרונג און דער ווירקזאמקייט פון די קאלאניסטען.

די הויפט־באשעפטיגונגען פון די פאר־
טריבענע אידען אין באבילאניען.

וואס איז שייך די דירעקטע סביבה און באשעפטיגונג פון דער אידישער הויפט־קאלאניע, מוז מען באמערקען פאלגענדעס: גאנץ באבילאניען איז אין א נארמאלען און נאטירליכען זין אומפראדוקטיוו; לויט די סעזאנען פון יאהר און לויט די ענדערונגען און דעם צושטאנד פון פרת איז איהר זאמדיג אדער זומפיג לאנד ענטוועדער פארפלייצט מיט וואסער אדער דורכגעבראטען פון טריקעניש. אפטמאל איז עס אם לייכטסטען און בעסטען צו פאהרען איבער א גרויסען טייל פון איהר אויבערפלאך מיט שיפלעך אדער פליטען, בעת אין אנדערע צייטען איז ניטא קיין וואסער אין פרת גופא אויף מיילען און מיילען, און זעהר ווינציג וואסער אין קיינעם פון זיינע צאהלרייכע נעבען־טייכען: דער קאנאל כ ב ר איז געלעגען ביי אדער נאהנט צום מזרח־גרעניץ פון א נעץ פון וואסער־לויפען איינגעשלאסען צווישען די צוויי גרויסע שטראמען, דעם פרת און דעם שאט־ען־ניל. די ערשטע און די לעצטע זארג פון דעם טיפישען באבילאניער איז געווען צו

רעגולירען, אויפצוהאלטען און אויסצונוצען דאס וואסער פון טייך. ער האט זיין לעבען פארבראכט אין מאכען פרוכטבאר וואס מעהר בארען, זובען אפצוציהען דאס איבעריגע וואסער פון די קאנאלען און די רעזערווארען און אריבערפיהרען אין געגענדען וואס נויטיגען זיך אין דעם. אט דאס האט געמאכט דעם כאראקטער פון באבילאניען, אבער נאך מעהר — פון די באבילאניער. די שוועריקייטען אין דעם פרט זיינען דא געווען גרעסער ווי אין עגיפטען, און די ענערגיע, וואכזאמקייט און די קלוגע איינפאלען וואס מ'האט דערצו באדארפט, האבען געמאכט דאס פאלק פון פרת גרעסער ווי דאס פאלק פון נילוס. נאטירליך איז דערצו געווען נויטיג קאלעקטיווע אדער מלוכה־הילף.

די אידען זיינען פארטריבען געווארען קיין באבילאניען אין דער בליהענדסטער און פראדוקטיווסטער צייט פון איהר גאנצער לאנגער געשיכטע. כ'איז געווען אין אכטען יאהר פון קעניג נבוכדראצר ווען דער אידישער ישוב איז דארטען געגרינדעט געווארען. נבוכדראצר איז דאן געווען פריי פון זיינע פלאנטערנישען אין מזרח און אין מערב, וועלכע האבען איהם געהאלטען באשעפטיגט אין אנהויב פון זיין רעגירונג. מיט זיין גאנצער ענערגיע האט ער זיך געקאנט אפגעבען מיט דער אנטוויקלונג און בארייכערונג פון זיין אימפעריע. ער האט אונטערנומען פארשידענע גרעסערע און קלענערע עפענטליכע ארבייטען. די מלחמה־געפאנגענע האבען געמוזט ווערען אריינגעפאסט אין זיין פלאן. די אידען זיינען דעריבער אוועקגעזעצט געווארען אין דער געגענד פון כבר. דער נאמען אליין פון זייער הויפט־ארט, תל־אביב*), גיט אונז אן אנצוהערעניש וועגען דער ארבייט, וואס זיי האבען געזאלט טאן. עס באדייט „דאס וויסטע בערגיל פון דער פארפלייצונג.“ עס איז פיליכט געווען א „פארוויסטונג פון דור־דורות“**). ווי

*) יחזקאל א 1, ג 15. ווערט געוועהנליך געשריבען, לויט א קליינעם גרייז אין דעם העברעאישען טעקסט, „תל־אביב“, און ווערט דערקלערט אלס „דאס בערגיל פון די גריינע זאנגען“. דאס ווארט אבער קומט זעהר אפט פאר אין דער אשורישער ליטעראטור, פונקט ווי די דערשיינונג, וועלכע עס שטעלט פאר, איז געווען א געוועהנליכע זאך. די באבילאניער האבען זיכער ניט געהערט קיין העברעאיש

**) דאס אויפבויען פון וויסטע פלעצער, וועלכע זיינען צוגעטיילט געווארען צו די אידען אין באבילאניען, האט קאן זיין דעם נביא פון גלות געגעבען דעם אנשטויס זיך צו באציהען אפט אויף אזא'ן ארבייט; פארגלייך, למשל, ישעיה מ"ט 10; נ"ח 12; ס"א 4. באמערק אויך זיינע אנדייטונגען אויף דער צעשטערענדער פארפלייצונג (נ"ט 19). אויף דעם פולען שטראם טיט זיינע באשרייבענדע

צונעפאסט איז געווען דער גורל פון די אידען אין גלות, וועמעס לעבענס־ארבייט איז באשטאנען אין אויפבויען א פארוויסטען ישוב, בעת זייער אייגענע היים גופא איז געלעגען אין חורבות.

עס איז נאך דא אן אנדער ראיה, אז די אידען האבען פארנומען א פוסטען דיסטריקט. אויב דאס שטיק לאנד וואלט געווען קולטיווירט פון פריהער, וואלט עס דאך געהאט א באפעלקערונג, וועלכע מ'וואלט געוויס ניט ארויסגעטריבען צוליב די פרעמדע אנגעקומענע. דערצו, אויב מאנכע פון די אוועקגעפיהרטע אידען זיינען געווען פארמעגליכע, זיינען דאן די אייני־ציגע פרייע נחלאות, וואס זיי האבען זיך געקאנט איינשאפען, געווען די וויסטע שטיקער לאנד, פונקט ווי אין דער היינטיגער צייט, ווען מ'האט געגעבען לאנד אויף לייכטע באדינגונגען אין די פאראייניגטע שטאאטען און אין קאנאדא. די גאנצע סיטואציע פאסט זיך אויף אזא אופן זעהר גוט אריין אין נבוכדראצר'ס פאליטיק. אלע עקאנאמישע און פאליטישע חשבונות האבען איהם געמוזט באוועגען צו באשעפטיגען די איינגעוואנדערטע אויף אזא וועג, אז זיי זאלען זיך ביסלעכווייז צוגעוועהנען צום לעבען פון דעם לאנד, ניט שטערענדיג קיין אנדערע.

בקיצור קאנען מיר זאגען, אז די הויפט־געמיינדע פון די פארטריבענע אידען איז באזעצט געווארען אלס א קרוין־קאלאניע אין צענטער פון באַ־בילאניען, אין א פארלאזענער געגענד, נאהנט צו א בערגיל פון א באקאנטער חורבה, ביים ברעג פון א באדייטענדען קאנאל ניט ווייט פון דער באריהמ־טער אלטער שטאדט ניפור. נאטירליך איז עס געווען אינערהאלב פון איהר איינפלוס־קרייז, אבער דאך ניט אונטער איהר יוריסדיקציע; די וויכטיגסטע באדינגונג פאר דער פראספעריטעט פון דער קאלאניע איז געווען צו זארגען פאר א גוטען וואסער־רעזערוו.

ווען די קאלאניע איז איינקווארטירט געווארען אין דער דאזיגער גע־גענד, האבען זיי די ערשטע זאך אנגעהויבען צו בויען וואוינונגען. קיין צי־געל האבען זיי ניט באדארפט מאכען. די הויפט־מאטעריאלען האבען זיי באקומען פון בערגלעך פון וויסטע שטעדט אין דער שכונה; אדער מ'האט געבראכט אסך ציגעל, געטריקענטע אויף דער זון, פון דער נעהנטסטער ציגעל־פאבריק. די מעהרסטע פון זיי אבער האבען זיך געמוזט באגנוגענען מיט פשוט'ע הייזלאך פון ראהרען מיט זומפ־גראזען, באלעגט מיט ערד־פער.

---

וואסערן (מ"ח 18; ס"ו 12) און אויף דעם „וואסער־זאטען גארטען" אין פארביני־דונג מיט'ן אויפבויען אלטע חורבות (נ"ח 11, 12).

מאכענדיג אט אזוי ערטער צו וואוינען, האט זיך דערוויייל שוין אנגעהויבען זייער הויפט־ארבייט. מ'האט געמאכט דאמבעס צו פארהיטען א מעגליכע פארפלייצונג. אלטע וואסער־לויפען, וועלכע זיינען געווען פארלעגט, זיינען אויסגערייניגט געווארען און מאנכע נייע זיינען אנגעהויבען געווארען. דעם ערד־באדען האט מען אויך געמוזט צורעכטמאכען אין אסך ערטער, באזונדערס אין די זומפּיגע שטעלען, וואו מ'האט געמוזט פטור ווערען פון די ווערבעס און די דיקע גראז דורכ'ן פארברענגען זיי. פלענער זיינען אויך געווען אין וועג ווי אויפצוהייבען דאס וואסער און עס צו ברייננגען צו די פעלדער איידער עס האט זיך אנגעהויבען דער ערשטער סעזאן פון וואקסען.

דאס איז אומגעפעהר געווען די ערשטע באשעפטיגונג פון אט דער באדייטענדער אפטיילונג פון די פארטריבענע אידען. מיר טארען זיך אבער נית פארשטעלען, אז דאס איז געווען אין א גרויסער מאס אומאפהענגיגע ארבייט. די וועניגע, וועלכע האבען באקומען נחלאות פאר זיך אליין, האבען געדונגען אדער געקויפט היימישע ארבייטער. די מעהרסטע האבען זיך געפונען אונטער באבילאנישע אויפזעהער. זיך אויסשפרייטענדיג ווייטער האבען זיי געזוכט אויסצושניידען נייע וואסער־רעהרען און נייע שטיקער פון פרוכטבאר געמאכטען לאנד, וואס זיינען פריהער געווען זאמדיג אדער זומפיג; דא און דארטען זיינען געווען גרעסערע טייכען פאר שטערט און דערפער מיט קלענערע גראבענס, וואס האבען זיך ארויסגעשניטען פון די באוואסערונג־צענטערס, אפציהענדיג דאס וואסער צו די באזונדערע נחלאות אדער צו תבואה־פעלדער, אדער צו וועלדלעך פון טייטעלבוימער. מיט דעם וואוקס פון די באדערפעניסען איז פון די מיטלען איז געקומען דער געברויך פון פארשידענע מעכאנישע הילפסמיטלען ווי אויפצוהאלטען, צו פארטיילען און צו רעגולירען די וואסערען, ווי: שלוזען, טויערן און אפשליסונגען פון די קאנאלען און נאך אנדערע ערפינדונגען אויפצוהייבען וואסער אין א קליינעם כמות און עס צו ברייננגען אין נויטיגע פלעצער.

אט אזוי איז געגאנגען. אונטער דער וואקסענדער געניטקייט פון די ארבייטער, די באלעבונג פון דער געגענד, פאר וועלכער זיי זיינען געווען אזוי פיעל פאראנטווארטליך. שטרעקעס לאנד רייך אין פלאנצען זיינען יעהרליך צוגעקומען צו דעם פראדוקטיווען בארען — ווייץ און זעזאם, וואס זיינען חיוניש אין דעם לאנד, און א מאסע ירקות. באזונדערס פלאנצען און אוגערקעס, רעטיכער און ציבעלעס. אין וועלכע דאס לאנד איז אזוי רייך. פאלמען־בוימער זיינען געווען אין מאסען, נית ווי דער אפגעווונדערטער וואלד פון יריחו, נאר אין לאנגע און פרעכטיגע שורות, וואו נאר די

פריינדליכע פייכקייט האָט זיי געגעבען א געלעגענהייט צו וואַקסען. און ניט צום ווענינסטען וויכטיג זיינען געווען די שטרעקעס פּאַשע. דאָ האָבען זיך געהאָדעוועט די שאָף און די רינדער, וועלכע האָבען איצט געדינט בלויז פאר שפּייז און רייכקייט, אָבער ניט מעהר פאר קרבנות.

אַט אזוי האָט זיך דער מדבר געפרעהט און ער האָט געבליהט „ווי א בלום" (ישעיה ל"ה 1), און די פארטריבענע אידען, נאָך האַלב אין קנעכט־שאפט, האָבען באַנייט זייער לעבען און זייער גליק. זיי האָבען זיך איצט געפונען אין א געבענטשטען לאַנד. צו צפון און דרום, און באַזונדערס צו מערב, האָט מען געקוקט אויף פעלדער און לאַנקעס מיט דער רייכסטער באַ־קליידונג, און צווישען זיי דאָ און דאָרטען די שימערירענדע וואַסערען. נאָר צו מזרח איז געווען דער ארויסקוק אויף ווייטע אומקולטיווירטע סטעפּעס. דאָס איז געווען אַן אַנטרייב און אויך אַן אַנטווישונג. אין יענער אויסגעשפּרייטער וויסטעניש איז געווען די האָפענונג אויף א גרעסערער עראָבערונג פון דער נאַטור. זי האָט זיי אָבער אויך געגעבען אַן אַנצוהערעניש אויף פיינד. דאָך ניט אַלעמאַל איז געווען א צייט פון וואוקס און פּרוכטבאַרקייט. פארפלייצונגען און שטורעמס און טריקענישען זיינען אָפטמאַל געקומען און גע־בראַכט פאַרוויסטונג. אין די לאַנגע חדשים פון טריקעניש האָבען די בהמות געליטען אַם מעהרסטען. אויב זיי זיינען ניט אַוועקגעטריבען געוואָרען פון די אויסגעטריקענטע זומפּען און לאַנקעס צו אַנדערע פּאַשע נאָהנט אָדער ווייט, האָבען זיי געמוזט אומקומען. עס האָבען אויך ניט אויסגעפעהלט קיין שטערונגען אפילו אין די בעסטע צייטען. די זשערנעקייט אָדער נאַכ־לעסיגקייט פון שכנים אָדער קאָנקורענטען פון ארויף די שטראָמען האָט געקאָנט אוועקנעמען דאָס וואַסער פון א גאַנצען ישוב; אין עס איז ניט גע־ווען אוממעגליך, אַז מ'זאָל אויפבויען דאַמבעס איבער נאַכט, וואָס זאָלען אויסטריקענען די וואַסער־רעהרען אונטען אויף מיילען לאַנג. אַלעמאַל און מעהר פון אַלץ זיינען אַט דעם רייכען און קאַפּריזנעם לאַנד נויטיג גע־ווען וואַכזאַמקייט און פלינקייט, ניט אזוי פיעל מצד פון די יחידים ווי מצד פון דער גאַנצער געמיינדע. מענשען האָבען זיך דאָ געמוזט פאַראייניגען צו שותפות'ער האַנדלונג און געגענזייטיגער הילף.

דאָס אומגעפעהר איז געווען די הויפּט ה'אשעפטיגונג פון די פאַר־טריבענע אידען, אזוי ווייט ווי זי האָט געהאַט איהר שורש אין די „טייכען פון בבל," די וואַסער־לויפען, וואָס זיי האָבען געפונען אָדער געמאַכט. אָבער דער באַבילאָנישער קאַנאַל איז געווען עטוואָס מעהר ווי א געבער פון פּרוכטבאַרקייט. ער איז אויך געווען א שיפבאַרער שטראָם, א וועג אויף

וועלכען מ'האט געריזט און געפיהרט מסחר. אזא טייך איז געווען דער כ ב ר, איבער וועמעס וואסער־פלאך שיפלעך און באלאדענע לאדקעס האבען זיך באוועגט צו און פון אַח פארביי ט ע ל ־ א ב י ב. און א געוויסער מאס האט דאס און כאמיע אנהויב געקאנט געבען באשעפטיגונג צו די פארטריבענע אידען. יעדענפאלס האבען זיי גענומען אן אנטייל אין דעם שפעטער, ווען די געגענד איז געווארען מעהר אנטוויקעלט, און האבען ביי־געטראגען זייער חלק צו די פיעל הענט, וועלכע האבען זיך געפאדערט צו באוועגען די שיפלעך.

עס איז דא פלאץ פאר א השערה מכח דעם שיקזאל פון די שניצער און די בעלי־מלאכות בבל, וואס זיינען אוועקגעפיהרט געווארען מיט דעם ערשטען גלות (מלכים ב, כ"ד 16). אזוי ווי די הויפט־פאדערונג איז געווען אויף אגריקולטורעלע ארבייטער, איז עס דערפאר זעהר וואהרשיינליך, אז אסך פון יענע האנט־ווערקער האט מען געברויכט ביי די קאנאלען. פאר די איבעריגע האט מען געפונען פלעצער אין פארשידענע פאבריקען, באזונדערס אין דער הויפט־שטאדט בבל. זיי זיינען נאטירליך געהאלטען געווארען אין קנעכטשאפט, הגם ס'איז ניט געזאגט, אז אויף שטענדיג*). אין א צייט ארום האט מען נאר לויט דעם נאמען זיי געקאנט אונטערשיידען פון באבילאנישע האנטווערקער. דער הויפט־חסרון וואס זיי האבען געהאט אלס אידען האט געקאנט זיין דאס וואס זיי האבען ניט געקאנט זיך פיעל מישען מיט זייערע ברידער אדער נעמען אן אקטיווען אנטייל אין די ענינים פון דעם „שארית ישראל.“ אדער צופיעל געוויכט לעגען אויף אט די חרבונות דארפען מיר ניט. נאר אלעמען איז דער הויפט־פאקטאר אין דעם פאל געווען טרייהייט צום פאלק; און די ווייטערדיגע געשעהענישען ווייזען אונז, אז אסך פון אלע קלאסען פון די גלות־אידען האבען סוף־כל־סוף גענומען אן אנטייל אין דער ווידעראויפבויאונג פון ישראל.

## די גלות־אידען אלס געמיינדע

אין וואס פאר א באציהונג צו דער צענטראלער רעגירונג די אידישע ישובים זיינען געשטאנען, ווייסען מיר ניט אויף באשטימט. מיר קאנען בלויז ארויסדרינגען פון אלגעמיינע אנדייטונגען אין דער ביבעל, אז אין דער

*) בעלי־מלאכות זיינען געוועהנליך געווען שקלאפען אין אלע לענדער פון אלטערטום, וואו ס'איז אנגעגאנגען פאבריקאציע. אפילו די הויפט־טוישטערס האָ־

בארוואלטונג פון זייערע עסקים אלס א פאלק האט זיך די רעגירונג ניט גע־מישט. דעם קעניג'ס באאמטע, וועלכע האבען געפיהרט דעם מארש צו די ברענגעס פון דעם כבר, האבען דארטען איבערגעגעבען די פארטריבענע אי־דען צו אנדערע באאמטע, וועלכע האבען איינגעשטעלט אן ארדנונג אין דער דאזיגער הויפט־אפטיילונג. פון דאן אן און ווייטער האבען קעניגליכע בא־אמטע געהאט אן אלגעמיינע השגחה איבער דעם אידישען ישוב, האבען פון ייייט צו צייט געמאכט אן אונטערזוכונג און געשיקט א רעפארט צו דער רעגירונג אין בבל. זיי האבען אויך איינגעמאנט רעגעלמעסיג די שטייערן פון די לאנד־אייגענטימער און די ארענדאטארס אין דעם דיסטריקט. אזוי ווי די קאלאניע איז געווען א פראדוקט פון נבוכדראצר'ס פאליטיק, מעגען מיר דערפאר אננעמען, אז ער האט זיך געלאזט אינפארמירען וועגען איהר צושטאנד.

בנוגע צו דער אינערליכער ארגאניזאציע פון די אידען אין באבילא־ניען, מוזען מיר זיך באשרענקען אויף די גרויסע ישובים, וואו עס איז גע־ווען א מעגליכקייט פון זעלבסט־פארוואלטונג. און די ערשטע זאך וואס ווארפט זיך אונז אין די אויגען איז דער פאקט, אז אין א געוויסען וועג איז די אחדות צווישען די איבערגעבליבענע פון ישראל אויפגעהאלטען געווארען פון סאמע אנהויב אן. ווען עס איז נויטיג געווען א קאנפערענץ, האבען די פארשידענע אפטיילונגען זיך צונויפגערעדט, אלעמאל נאטירליך מיט דער ערלויבעניש פון די רעגירונגס־באאמטע, וועלכע זיינען געווען אומטאלעראנט נאר געגען העצען צו מרידות, און מיט דער צושטימונג פון די, ביי וועמען זיי האבען געארבייט.

וואס איז בכן געווען די אינערליכע ארגאניזאציע פון דער קאלאניע אדער די קאלאניעס? אויף א גליקליכען אופן קאנען מיר געבען דערויף לכל הפחות אן אלגעמיינעם ענטפער. ווען מיר שטודירען די אנטוויקלונג פון דער אידישער געזעלשאפט, זעהען מיר דאן ווי פשוט און עלאסטיש איהר פונדאמענטאלער געבוי איז געווען. די געמיינדע, וועלכע האט ביז איצט זיך אויפגעהאלטען אלס נאציאן אין פאלעסטינא, איז איצט רעדוצירט גע־ווארען צו איהרע ערשטע עלעמענטען; און געקומען איז דאס דירעקט ניט דורכ'ן גלות, נאר דורך דער אפשאפונג פון קעניגטום. מיר מוזען באזייטי־

בען געמאגט זיין שקלאפען. מיר זיינען באקאנט מיט דער באשעפטיגונג פון שקלא־פען אין אַ ט ע ן אלס וואפען־שמידען און פאלסטערער. נאטירליך זיינען בלויז די הארען געווען מיטגלידער פון די צעכען.

נען די צוויי לעצטע אנטוויקלונגס־שטופעס. מיר מוזען זיך פארשטעלען די אידען אין באבילאניען: ערשטענס אהן א מלך און שרים, און צווייטענס אהן די אדמיניסטראטיווע איינטיילונגען און פראווינצען מיט זייערע גובערנאטארען אדער פירשטען*). די אפשאפונג פון דער שטאדטישער רעגירונג איז ניט אזוי וויכטיג ווי עס קאן זיך דוכטען, מחמת די שטעדט זיינען באמת פארוואלטעט געווארען אויף דיזעלבינע יסודות ווי די אמאליגע שבטים־געמיינדען, דאס הייסט פון די זקנים**). און דאס זיינען דיזעלבינע באאמטע, וועמען מיר געפינען אין די דאקומענטען פון דער גלות־צייט.

מיר מוזען אננעמען פאר זיכער, אז אין דער ערשטער צייט האט אין דער קאלאניע געהערשט א גרויסע סאציאלע צעמישונג. מ'האט פון דאס ניי אויפגעשטעלט א געמיינדע, מ'האט פארמירט א נייעם און מערקווירדיגען סאציאלען ארגאניזם. מ'דארף אבער ניט שטארק מגזם זיין די שוועריקייטען צו מיינען, אז די ענדערונגען האבען ממש באדייט א סאציאלע איבערקערעניש. אין דעם גרויסען ערשטען גלות זיינען אסך פאמיליען, פיליכט די מעהרסטע, געבליבען גאנץ — ניט אזוי פיעל אין אינטערעס פון די מענשען, וועמען דאס האט באריהרט, ווי אין אינטערעס פון דעם לאנד וואס האט געזאלט קולטיווירט ווערען. אויך די זקנים האבען הפנים פארנומען זייערע שטעלען ווי אין די אלטע צייטען, מאנכע נאך פון די פאלעסטינא־טעג, און אנדערע ניי אויפגעקליבענע. מיר געפינען דעריבער אין יאהר 591 ווי זקנים טרעטען אויף אלס די פארשטעהער פון פאלק (יחזקאל ח 1; י"ר 1; כ 1). די געמיינדע האט באמת געהאט אזוי פיעל אויטאנאמיע, און אזוי גרויס איז געווען די השפעה פון די פארשטעהער פון פאלק, אז אין דער ערשטער צייט פון דער קאלאניע טרעפען מיר ווי מאנכע פון זיי פלאנעווען א מרידה און האבען די מעגליכקייט דאס צו טרייבען ביז צו א געפעהרליכען פונקט***).

אין כלל גענומען האט די אידישע געזעלשאפט זיך געהאלטען אין גלות שטארק צוזאמען. די טראדיציעס, מיט וועלכער מ'האט געהאלטען די יחוס־בריף פון די פאמיליען, איז גלייכצייטיג אן אורזאך און א רעזולטאט פון דער געזעלשאפטליכער צוזאמענהאלטונג. ס'איז קיין ספק ניט, אז עס

*) זעה אין באנד 2, ז. 235.

**) פארגלייך אין באנד 1, ז. 205 און אין באנד 2, ז. 200

***) ירמיה כ"ט 21, 22. זעה אויבען ז. 176.

זיינען געווען פיהרער, וועלכע האָבען געהאַט א שטאַרקע מאָראַלישע השפעה, און פילייכט א דירעקטע השגחה, ניט בלויז אויף זייערע אייגענע געמיינ־דען, נאָר אויף די אידען פון גלות בבל. נאַטירליך האָבען יענע פיהרער פאַרנומען אַן אנערקענטע געזעלשאַפטליכע פּאָזיציע און זיינען ניט געווען בלויז גרויסע נביאים אָדער כהנים ווי יחזקאל. א באַווייז פאַר דער אָנ־האַלטענדער איבערגעבענקייט צום פאָלק איז די פיגור פון קעניג אָדער „פירשט"*) אלס הויפּט פון דער נאַציאָן, וועמען די אידען האָבען געהאַלטען אין געדאַנק אין גלות, ביז דער געדאַנק איז אין א געוויסער מאָס פאַרווירק־ליכט געוואָרען נאָך נבוכדראצר'ס טויט, אין יאָהר 561, ווען יהויכין איז אָפיציעל אַנערקענט געוואָרען פון הויף אין בבל (מלכים ב, כ"ה 27־30), און נאָך שפּעטער, אין אַנהויב פון דער פּערסישער תקופה, אין דער פּער־זאָן פון ששבצר און זרובבל (עזרא א).

## 4.

## ליטעראַטור אין דער תקופה פון גלות בבל.

דער גלות־בבל איז געווען פילייכט די פּעריאָדע פון דער גרעסטער ליי־טעראַרישער טעטיגקייט אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. די דאָזיגע אינטעלעקטועלע באַוועגונג איז געווען א פּועל־יוצא טיילווייז פון אַן אינער־ליכער אַנטוויקלונג פון אידישען לעבען, טיילווייז פון דער ווירקונג פון דער סביבה.

די אויסערליכע אומשטענדען זיינען געווען באַזונדערס גינסטיג פאַר געשריבענע ווערק. מענער פון דעם קלאַס פון די כהנים, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען אַזויפיעל ליטעראַרישע טעטיגקייט אין דער פריהערדיגער תקופה, זיינען איצט געווען אָהן אַן אָפיציעלער באַשעפטיגונג. דער אינ־טערעס פון די כהנים צו לערנען און אויפצוהייבען גייסטיג זייער פאָלק איז

*) פאַר דער פּעריאָדע פון גלות גופא באַטראַכט יחזקאל מ"ה און מ"ו, און אויך אין ז 27 און י"ב 10. די צוויי לעצטע שטעלען זיינען אינטערעסאַנט, ווייל זיי ווייזען אונז ווי יחזקאל'ס שפּראַך איז באאיינפלוסט געוואָרען פון זיין סביבה. דאָס אַשורישע וואָרט פאַר „קעניג" (שאררו) איז אין העברעאיש „פירשט", און דאָס וואָרט פאַר „פירשט" (מאלקו) איז אין העברעאיש „קעניג". פאַרגלייך דעם שפּיל אויף די ווערטער אין ישעיה י 8.

אבער געווען אזוי שטארק ווי פריהער, און זייער גאנצע ענערגיע האט דעריבער געמוזט איצט אנגעווענדט ווערען אויף דער פען. דאס לעבען צעשפרייט אין פארשידענע לענדער האט געמאכט די שריפט פאר דעם איינציגען מיטעל צו קאנען האבען א פארקעהר מיט אלע טיילען פון פאלק. דאס האט בלי ספק אסך געהאלפען צו אנטוויקלען די ליטעראַרישע קונסט. עס איז מעגליך, אז די שטארקסטע השפעה פון דרויסען איז געקומען פון דעם פאלק און די אינסטיטוציעס פון באבילאניען. די פארשפרייטונג פון טעכנישער בילדונג דורך די באשעפטיגונגען פון באבילאנישען לעבען איז שוין פאר זיך אליין געווען אן אלגעמיינע צוגרייטונג דערצו. א ספעציעלער אנטרייב איז געווען די געוואוינהייט צו שרייבען, וואס איז געווען אן אלגעמיינע זאך ביי די באבילאניער און וואס האט געמוזט ווערען אלגעמיין אויך ביי די אידען, ווען זיי זיינען אנגעשטעלט געווארען אין פארשידענע באבילאנישע באשעפטיגונגען. אין באבילאניען איז יעדער וויכטיגער עסק פון מסחר אפגעשלאסען געווארען דורך א געשריבענעם קאנטראקט. הערשער האבען פארקעהרט מיט זייערע אונטערטאנען דורך דער פארמיטלונג פון עפענטליכע אויפשריפטען. א גרויסער קלאס פון שרייבער האט אפגעגעבען די גאנצע צייט צו שרייבען קאמפאזיציעס און צו קאפירען עפענטליכע און פריוואטע דאקומענטען. מ'מוז נאך צולעגען דערצו די ווירקונג וואס די ליטעראַרישע אטמאספערע פון באבילאניען האט געהאט אויף אזא פעהיג פאלק ווי דאס אידישע. די באבילאנישע קעניגליכע ביבליאטעקען האבען שוין געהאט א ליטעראטור פון איבער דריי טויזענד יאהר, וואס איז באשטאנען פון קעניגליכע דעקרעטען, נאציאנאלע כראניקעס, הימנען, מיטאלאגישע מעשיות, עפישע דערצעהלונגען, כישוף־שפרוכען און געזעצען.

די אידישע ליטעראטור פון גלות־בבל איז געשטאנען דירעקט און אומדירעקט אונטער דער באבילאנישער השפעה. די סימנים דערפון זיינען: די סיסטעמאטישערע פארם פון קאמפאזיציע, די אנווענדונג פון באבילאנישע בילדער און פארשטעלונגען, דאס באציהען זיך אויף באבילאנישער סצענערי און באבילאנישע נאציאנאלע מנהגים, דאס באנוצען זיך מיט כאראקטעריסטישע באבילאנישע פראזען, און דער גרעסערער, ווייטערער בליק אויף דער וועלט און אויף דער היסטאריע.

באזונדערס מוזען דא באטאנט ווערען צוויי וועגען, אין וועלכע עס זעהט זיך די ווירקונג פון גלות אויף דער אידישער ליטעראטור און הויפטזעכליך דורך א באבילאנישער השפעה. ערשטענס האט די העברעאישע קאמפאזיציע באקומען קלארקייט און רעגעלמעסיגקייט פון פארם. קיין

ליטעראַרישער פּראָדוקט פון א פריהערינער צייט, מיט דער אויסנאַם פון עמוס'עס נבואות, צייכענט זיך ניט אויס מיט סימעטריע פון געבוי. די ווערק פון הושע, מיכה, ישעיה, צפניה, נחום, חבקוק און, אין א גרויסער מאָס, ירמיה האָבען זיך ביי אונז דערהאַלטען אהן א פאָרם און אהן אן אָרדנונג. די איינצעלנע רעדעס זיינען אָפּט מוסטערס פון דער בעסטער רעטאָריק. אָבער עס איז ניטאָ די האַרמאָנישע פאַראייניגונג און די צונויפ־פּאַסונג פון די פאַרשידענע טיילען, וועלכע צייכענען אויס א באַדייטענד קונסט־ווערק.

דער חילוק אין סטיל און מעטאָדע צווישען דער ליטעראַטור פון פאַר דעם גלות און נאָך'ן גלות פיהלט זיך גלייך ווען מיר באַמערקען דעם פּלאַן און סיסטעם פון יחזקאל; אָדער, אביסעל שפּעטער, ווען מיר דערזעהען פאַר אונז די מאַיעסטעטישע איינהייט און דעם טריאומפירענדען פּראָגרעס אין דער קאָמפּאָזיציע פון דעם צווייטען טייל ישעיה; אָדער, נאָך שפּעטער, ווען מיר פאָלגען נאָך דער מאָראַלישער ארגומענטאַציע און דעם אינערליכען כוח צו איבערציינען פון דעם בוך איוב. די עלטערע שריפטשטעלער אָדער רעדנער זיינען ניט געווען איינגעוואוינט אויסצושטעלען קינסטלעריש זייערע ווערק*). זיי האָבען אָפּטמאָל צוזאַמענגעשריבען זייערע אייגענע איינצעלנע רעדעס, צונויפפּרעסענדיג אסך געדאַנקען אין ווייניג ווערטער, אַזוי ווי ברוך בן־נריה האָט אויפגעשריבען וואָס ירמיה האָט געזאָגט; אָבער ארויסצוגעבען זייערע ווערק פולשטענדיג איז געבליבען פאַר אַנדערע און שפּעטערע. דאָס וואָס דאָס בוך עמוס איז אן אויסנאַם ווייזט, אז ענטוועדער ער איז געווען אן אויסערגעוועהנליך אָריגינעלער קינסטלער, אָדער אז דער מאַטעריאַל פון בוך איז איבערגעשטעלט געוואָרען נאָכ'ן גלות.

א צווייטע ליטעראַרישע ווירקונג פון גלות איז באַשטאַנען דערין וואָס מ'האָט איצט מעהר געברויכט קינסטליכע, אָדער גיכער אומדירעקטע אופנים פון שילדערונג און באַלעהרונג, באַזונדערס — סימבאָלען און אַלעגאָריען. עס איז גענוג צו דערמאָנען די סימבאָלען אין יחזקאל און אין זכריה, און די גרעסטע פּערזאָניפיצירונג אין אַלע ליטעראַטורען: דעם קנעכט פון יהוה,

*) לענגערע קאָמפּאָזיציעס מיט א היסטאָרישען ראַהם, ווי דער יהוי'סט און דער אלהי'סט, האָבען נאַטירליך געמוזט האָבען א פּלאַן, אָבער דאָס געהערט קוים צו ליטעראַרישער קונסט. דער אורשפּרינגליכער ספר דברים ווייזט געוויס קיין באַ־שטימטען פּראָגרעס ניט אין דער אויסשטעלונג פון די געגענשטאַנדען. אלס היפוך צו זיין געבוי פאַרגלייך די סיסטעם פון דער פּריסטער־שריפט אין חומש און אין יהושע. זעה אין באַנד 2, ז. 242—245.

ביים צווייטען ישעיה (נ"ב 13—נ"ג 12). אחוץ דער השפּעה פון דער סביבה, איז זעהר וואַהרשיינליך, אז דער גלות גופא, נאַציאָנאַל אין פּערזענליך, האָט מיטגעווירקט אין א געוויסער מאָס אין דער דאָזיגער פאָרם פון קאָמפּאָזיציע. פריעדריך שלעגעל האָט אויסגעדריקט די מיינונג*), אז צוליב דעם פאַרבאָט צו מאַכען געמאָלענע אָדער געשניצטע בילדער פון גאָט האָט מען זיך באַנוצט מיט סימבאָלען און פּערזאָניפיצירונגען אין דער העברעאישער ליטעראַטור. „ווייל דער כוח־הדמיון איז אויף איין זייט גע־ווען באַשרענקט, האָט ער דעריבער געזוכט א כעהר פרייען אויסוועג אויף דער אנדערער זייט." מיר מעגען געהן נאָך ווייטער און זאָגען, אז די זועלבינגע נייגונג איז שטאַרקער געוואָרען דורך דעם וואָס די שריפטשטעלער פון גלות האָבען ניט געהאַט קיין שום אויסערליכע סימנים פון דעם גלויבען און פון דער היסטאָריע פון זייער פאָלק. ווי פאַרשידען זיינען געוועזן יחזקאל'ס זעהונגען אין באַבילאָניען פון ישעיה'ס אייגציגנער זעהונג אין ירושלים! (קאַפּ. ו).

אָבער נאָך מעהר ווי די אויסערליכע אומשטענדען האָט די אינערליכע אנטוויקלונג פון אידישען לעבען געטריבען צו ליטעראַרישער טעטיגקייט. נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער מלוכה איז דאָס אידישע לעבען אין גלות געווען ארום א האַלבען יאָהר־הונדערט אָרים אין געשעהעניש. די אידען האָבען געלעבט ניט מיט דער געגענוואַרט, נאָר מיט די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט און מיט דער האָפנונג אויף דער צוקונפט. עס איז דעריבער שטאַרק געווען דער פאַרלאַנג צונויפצוזאַמלען און צוזאַמענצושטעלען די היס־טאָרישע דאָקומענטען פון דער פאַרגאַנגענהייט און אויך די צעוואָרפענע פראַגמענטען פון איהר ליטעראַטור. די געשיכטע פון די מלכים, ווי מיר האָבען אויבען געזעהן**), איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען ניט לאַנג פאַר'ן חורבן פון ירושלים, אין דער צייט פון יהויקים אָדער יכניה. די דאָזיגע צוזאַמענשטעלונג איז געמאַכט געוואָרען אין דעם גייסט פון ספר דברים. עס הייסט: דער הויפּט־געדאַנק פון דעם פאַרפאַסער איז געוועזן, אז פון שלמה'ן אָן, זינט דער בית־המקדש איז אויפגעבויט געוואָרען, האָבען די אידען געזינדיגט ווען זיי האָבען געדינט גאָט אנדערשוואו אחוץ אין בית־המקדש אין ירושלים, דעם אייגציגען אָרט וואָס יהוה האָט אויסגעקליבען

---

*) אין זיין „געשיכטע דער אלטען אונד נייען ליטעראַטור", קאַפּ. 9 ער באַ־מערקט אויך, אז אין עהנליכער פאַרבאָט האָט ארויסגעבראַכט דיזעלבינגע ווירקונג ביי די מאַהאָמעדאַנער.

**) זעה אויבען ז. 167, 168

צו מאכען רוהען זיין נאָמען. די תורה פון ספר דברים איז אָבער אין גלות ערשט רעכט אנערקענט און אָנגענומען געוואָרען דורך דעם חורבן וואָס איז געקומען אויף די, וואָס האָבען איהם ניט געפאָלגט. מ׳האָט דעריבער זיך איצט גענומען פון דאָס ניי איבערשרייבען און אַרויסגעבען די עלטערע דאָקור מענטען, כדי זיי זאָלען הארמאָנירען מיט דעם מוסר־השכל פון די לעצטע געשעהענישען.

די געשיכטע פון די מלכים איז אויף אזא׳ן אופן איבערגעשריבען געוואָרען פון א צווייטען רעדאקטאָר ביים ענד פון גלות בבל. דער דאָזיגער רעדאקטאָר האָט צוגעשריבען די לעצטע פאָר קאפּיטלען פון אומגעפעהר נאָך יאשיהו׳ס רעפאָרם ביז יהויכין׳ס באפרייאונג דורך אויל־מרודך. נאָך פיעל שטרענגער ווי דער ערשטער רעדאקטאָר האָט זיך דער צווייטער געהאַלטען אָן דעם גייסט פון ספר דברים. לויט דעם ערשטען רעדאקטאָר זיינען די אידען קיין זינד ניט באַגאַנגען ווען זיי האָבען געבראַכט קרבנות אויף די במות איידער דער בית־המקדש איז געבויט געוואָרען. אָבער דער צווייטער רעדאקטאָר פון גלות פאַררעכענט שלמה׳ן פאַר א זינד דאָס מקריב זיין אויף במות אפילו איידער דער בית־המקדש איז געבויט געוואָרען*). אַזוי טיף און שטאַרק איז געווען דער איינדרוק ביי יענע שרייבער, אַז אַלע צרות זיינען געקומען נאָר דערפון וואָס מ׳האָט געדינט צו פרעמדע געטער און וואָס מ׳האָט צו יהוה גופא געדינט אויף א פאַלשען אופן, אַז עס איז גאָר קיין פּלאַץ ניט געבליבען אין זייער געדאַנק פאַר עפּעס אַן אנדער אורזאַך. דערפון קומט עס וואָס עס ווערט אין די היסטאָריע־ביכער אין ערגיץ ניט א וואָרט געזאָגט מכוח די ווירקליכע זינד און פאַרברעכען פון דעם פאָלק אָדער זיינע פיהרער. מיר פיהלען דעריבער, אַז די עקסטרעמע אָבער טיף מאָראַלישע באשולדיגונגען פון די נביאים געגען דער פאַרדאָרבענקייט פון פאָלק איז מעהר אין איינקלאַנג מיט די ממשות׳דיגע פאַקטען פון לעבען איידער די שאַבלאָן־פראַזען, מיט וועלכע די רעליגיעזע זינד פון דער אָדער יענער פעריאָדע אָדער פון דעם אָדער יענעם הערשער ווערען פאַרדאַמט אין די היסטאָריע־ביכער.

אויך דער ספר דברים גופא איז רעווידירט געוואָרען, און עס זיינען

*) פאַרגלייך מלכים א, ג פסוק 2, וואָס שטאַמט פון ערשטען רעדאקטאָר, און פסוק 3, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרען פון צווייטען רעדאקטאָר. ער לאָזט דער־ריבער (אין פסוק 15) שלמה׳ן קומען פון גבעון אין ירושלים און לכל הפחות ברייגנען קרבנות אויך פאַר דעם היילינען ארון.

צונעשריבען געוואָרען צו איהם נייע שטיקער*). עס איז וואַהרשיינליך, אַז ער איז איצט פאַראייניגט געוואָרען מיט די אַלטע מעשיות וועגען דער אורצייט, דעם יהוי'כט און דעם אלהי'סט, וועלכע זיינען לאַנג שוין געוועזען צונויפגעשטעלט אין איין בוך**). אַרום דערזעלבינער צייט זיינען אויך די עלטערע דערצעהלונגען פון ספר יהושע איבערגעשריבען געוואָרען פון דעם שטאַנדפונקט פון דער שולע וואָס האָט געשאַפען דעם ספר דברים. עס הייסט: מ'האָט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס לאַנד איז ערָאָבערט געוואָרען פון כּרעג צו ברעג און מיט איינמאַל אַנשטאָט ביסלעכווייז און טיילווייז. וואָרים לויט די פריהערע נביאים זיינען די אידען אין דער אוראַלטער צייט געווען געטריי צו יהוה, און אַזוי ווי דער ספר דברים באַפעהלט אויסצוראָטען די כנענים, איז יהושע פאַרגעשטעלט געוואָרען אַלס אַ מוסטער פון אַ גאָט־פאָלגער, וועמען גאָט האָט נאַטירליך געהאָלפען וואו ער האָט זיך נאָר געווענדט, אַזוי אַז די פעלקער זיינען פאַר איהם געפאַלען ווי שטרוי און ער האָט איינס און צוויי איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד און איסגעראָטען אַלע כנענים מיט'ן שאַרף פון שווערד. דער ספר שופטים האָט בעצם שוין געהאַט זיין איצטיגע פאָרם, אָבער אַ רעדאַקטאָר האָט געהאַלטען פאַר נויטיג צו מאַכען שאַרפער דעם מוסר־השכל פון דעם ספר, אויפווייזענדיג ווי אַזוי די כנעני'שע השפעה האָט כסדר פאַרדאָרבען דאָס פאָלק און כסדר געפיהרט צו נאַציאָנאַלע אומגליקען. פון דעם דאָזיגען רעדאַקטאָר פון גלות־בבל איז דער ספר שופטים אַרויסגעקומען אַזוי ווי ער זעהט היינט אויס, מיט דער אויסנאַם פון קאַפ. כ—כ״א, וועלכע זיינען פיי־לייכט צונעשריבען געוואָרען נאָכ'ן גלות. דאָסזעלביגע קאָן געזאָגט ווערען וועגען ספר שמואל, וועלכער האָט דעמאָלט באַקומען זיין היינטיגע געשטאַלט, ווען מיר נעמען פון איהם אַראָפּ חנה'ס געזאַנג אין קאַפ. כ״ב אין שמואל ב, וואָס זיינען צונעשריבען געוואָרען שפּעטער. בכלל אָבער האָבען די עלטערע היסטאָריע־ביכער, וועלכע האָבען דערצעהלט די אידישע געשיכטע ביז אויף שלמה'ן, ניט אַזוי פיעל געליטען פון די רעדאַקטאָרען, ווי די געשיכטע פון די מלכים פון נאָך שלמה'ן או. ווען דער בית־המקדש איז שוין געוועזען אויפגעבויט.

די ליטעראַרישע טעטיגקייט איז אָבער ניט באַשרענקט געווען אויף

*) זעה די באַציהונגען צום גלות־בבל אין קאַפ. כ״ח, כ״ט און ל׳ 1 — 14, און אויך אין דער איינפיהרונג צום בוך אין קאַפ. ד.

**) זעה אין באַנד, 2 ז. 242—245

היסטארישע קאמפילאציעס. אויף דעם געביט פון געזעצגעבונג איז פאר־פאסט געווארען א גרויס ווערק, וואס ווערט באצייכענט אין דער מאדער־נער ביבעל־פארשונג אלס „די תורה פון הייליגקייט." אט דאס געזעצבוך געפינט זיך אין ויקרא י"ז—כ"ח און עס באשטעהט דאס רוב פון געבאטען בנוגע צו צערעמאניעלער ריינקייט, צו דער אפהיטונג פון שבת און די ימים־טובים און צו דער עבודה אין בית־המקדש. זיין עהנליכקייט צו יחזקאל ווארפט זיך שטארק אין די אויגען (פארגלייך ויקרא כ"א און יחזקאל מ"ד). פונקט ווי יחזקאל אין זיין צוקונפט־פלאן, אזוי געהט אויך „די תורה פון הייליגקייט" פיעל ווייטער ווי דער ספר דברים אין אנזאגען יעדען פרט מיט אלע איינצעלנע קלייניגקייטען, און זי איז דעריבער לויט מעטאדע און גייסט א פארבינדונגס־גליד צווישען דעם ספר דברים און דער פריסטער־שריפט. מיר מעגען אננעמען, אז „די תורה פון הייליגקייט" איז געשריבען געווארען אלס געזעצבוך פאר דער נייער ירושלים פון יחזקאל, און דער פארפאסער איז געוועזן א תלמיד פון יענעם כהן און נביא אין דער אנדערער העלפט פון גלות.

וועגען נבואה און דער צייט פון גלות גיבען מיר באזונדערע אפהאנד־לונגען. די צוזאמענשרייבונג און רעדאקציע פון די נביאים־ביכער געהערט צום גרעסטען טייל נאכ'ן גלות. אבער די תקופה פון גלות־בבל איז געוועזן פראדוקטיוו אויף נאך א ליטעראַרישען געביט, דאס איז: די הייליגע געזאנגען. לויט מאנכע פארשער*) איז ביים ענד פון גלות־בבל פארפאסט געווארען די שטראפענדע און טרייסטענדע אדע, וועלכע איז צוגעשטעלט געווארען צום ספר דברים אלס משה'ס א געזאנג, וועלכען ער זאל האבען פארגעלעזען צו די אידען פאר זיין טויט („האזינו"). אויך מאנכע קאפיטלען פון תהלים, ווי למשל כ"ב, ס"ט, ע"א, ק"ב, קאנען געהערען צו דער תקופה פון גלות בבל, כאטש דער תהלים אלס א גאנצער איז א פראַ־דוקט פון נאכ'ן גלות. ווארים די תהלים־לידער, די אריגינעלסטע און שטארקסטע פון די הייליגע געזאנגען פון ישראל, זיינען געוועזן קינדער פון א טיף־באוועגטען רעליגיעזען לעבען, און קיין פעריאדע פון דער אידישער געשיכטע איז ניט געוועזן מעהר מסוגל ארויסצוברייננגען אזעלכע הארציגע פאעמען ווי דער גלות־בבל.

דאס גרעסטע ווערק אבער אויפ'ן לירישען געביט, וואס איז אונז גע־

*) אזוי קארניל אין זיין „איינלייטונג צו די קאנאנישען ביכער דעם אלטען טעסטאמענטס" און צונץ אין זיינע „געזאמעלטע שריפטען", ערשטער טייל, ז. 224.

בליבען פון דער תקופה פון גלות־בבל, איז „איכה,“ דער „שיר השירים“ פון מענשליכען שמערץ. די אידישע טראַדיציע האָט געמאַכט ירמיה'ן פאַר דעם פאַרפאַסער פון „איכה.“ פּאָעטיש מעג דאָס קלינגען זעהר גוט. קינסט־לער מעגען מאַלען א טראַגיש בילד ווי דער גרויסער נביא זיצט אויף די חורבות פון ירושלים און באַקלאָגט מיט די האַרצרייסענדע לידער פון „איכה“ דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט זיין פאָלק געטראָפען. ווען מיר לייענען אָבער אויפמערקזאַם די לידער פון „איכה,“ זעהען מיר באַלד, אז זיי האָ־בען ניט געקאָנט פאַרפאַסט ווערען פון ירמיה'ן. דאָ איז ניט קיין פראַגע פון שפּראַך און סטיל, נאָר דער גאַנצער אינהאַלט איז א דירעקטער היפּוך צו ירמיה'ס לעהרע. די געדאַנקען, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין איכה, זיינען די, וועלכע ירמיה האָט זיין גאַנצען לעבען באַקעמפט. דער דיכטער פון „איכה“ זאָגט, למשל, אז קיינער האָט ניט געגלויבט, אז א פיינד וועט אריינקומען אין די טויערן פון ירושלים, בעת ירמיה האָט פון אָנהויב אָן געזאָגט, אז גאָט אליין וועט איבערגעבען ירושלים אין נבוכדנאצר'ס הענט. דער גאַנצער טאָן פון „איכה“ איז דער טאָן פון פאַרצווייפלונג און יאוש. דער חורבן ווערט באַטראַכט אלס אן אומדערוואַרטע קאַטאַסטראָפע, און דער דיכטער פאַרשטעהט ניט פאַרוואָס דאָס איז די אידען געקומען. ער ווייסט ניט וואָרום גאָט איז געוואָרען א אידישער פיינד, וואָרום ער האָט אנגעשטעלט זיין בויגען, האָט אויסגעהרג'עט די בעסטע אין די שענסטע און האָט אויסגעגאָסען זיין צאָרן ווי א פייער אויף דעם געצעלט פון דער טאָכטער פון ציון (ב 4). דאָס זיינען אלץ געדאַנקען, וואָס ניט ירמיה און ניט קיין אָנהענגער פון די נביאים האָבען ניט געקאָנט אויסדריקען. פאַר ירמיה'ן איז דער חורבן געווען אומפאַרמיידליך; ער האָט געמוזט קומען מיט אלע זיינע שרעקענישען אלס גאָט'ס גערעכטער משפט איבער זיין זינדיגען פאָלק; און אז דער שרעקליכער טאָג איז געקומען, איז ירמיה לחלוטין ניט געווען פאַרצווייפעלט. אדרבה, אין די ערגסטע טעג, ווען די שטאָדט, געבראָכען פון הונגער, האָט געהאַלטען ביים פאַלען, האָט ער, זי־צענדיג איינגעשפּאַרט אין וואַך־הויף, געזעהען די פרעהליכסטע בילדער פון דער אידישער צוקונפט און זיין האַרץ איז פול געווען מיט טרייסט און האָ־פענונג אויף בעסערע טעג (ירמיה ל"ב, ל"ג).

אָבער ניט בלויז איז „איכה“ ניט ירמיה'ס א פאַרפאַסונג, נאָר די פינף קלאָג־לידער שטאַמען איבערהויפּט ניט פון איין פּאָעט. וואָרים זיי שטעהען ניט אין קיין צוזאַמענהאַנג צווישען זיך. עס ווערט אָנגענומען פון די מאָ־דערנע ביבעל־פאָרשער, אז „איכה“ איז א זאַמלונג פון קלאָג־לידער. פאַר־

פאסט פון פארשידענע פאעטען אין דער צייט צווישען דעם חורבן פון ירושלים און דעם אויפטריט פון כורש'ן — די סאמע פינסטערסטע צייט, ווען עס איז נאך קיין שום האפענונג ניט געווען אויף „שיבת ציון.‟ די פארפאסערס פון די לידער געהערען אלע צו די אידען, וואס זיינען געבליבען נאכ'ן חורבן אין זייער היים־לאנד יהודה. מיר זעהען דא בכן, אז כאטש דער צענטער פון ליטעראַרישער טעטיגקייט איז דעמאלט געווען באבילאניע, דאך האבען אויך די ארץ ישראל'דיגע אידען געבראכט זייער ביטראג צו דער אידישער ליטעראטור פון יענער תקופה.

די קלאג־לידער פון איכה האבען ניט בלויז א הויך־ליטעראַרישען, נאר אויך א גרויסען היסטאָרישען ווערט, מחמת זיי גיבען אונז א טיפען אריינבליק אין די שטימונגען און אין דער געדאנקען־וועלט פון די אידען, וואס זיינען נאכ'ן חורבן געבליבען אין ארץ ישראל. מיר זעהען אין זיי אויף וויפיעל די שרעקליכע געשעהענישען פון חורבן האבען נעהנטער געבראכט צו דער וועלט־באטראכטונג פון די נביאים יענע אידען, וועלכע זיינען פריהער געווען גאנץ ווייט פון ירמיה'ס געדאנקען אדער זיינען געווען דירעקטע געגנער פון זיי. אבער די פארפאסערס פון „איכה‟ ווייסען ניט אנצוּווייזען דעם פאלק קיין וועג, ווי ארויסצוגעהן פון דעם עלענד, וואס איז לויט זיי געקומען דורך די זינד פון די פאטערס (ה 7). אמת טאקע, דער דיכטער קוקט אויס אויף יהוה, וועלכער איז באליידיגט געווארען דורך דער צעשטערונג פון זיין שטאָדט און וועט ביישטעהן אין זיין נויט דעם פאלק וואס איז זיך מתודה אויף זיינע זינד (א 9, 20). אבער ווי אזוי דאס פאלק זאל קריגען די מחילה פון יהוה און אין וועלכע מעשים עס זאל זיך ארויסווייזען זיין תשובה און חרטה, ווייסט ער ניט צו זאגען. די גרויסע מענער, וועלכע האבען געוויזען דעם פאלק א וועג ווי איינצושטילען גאט'ס צארן, צו געווינען ווידער זיין לייטזעליגקייט און צו קריגען א חלק אין די הבטחות פון די נביאים — זיינען אויפגעטראטען ניט אין ארץ ישראל, אויך ניט אין עגיפטען, נאר צווישען די פארטריבענע אידען אין באבילאניען.

## 5.

# דאָס רעליגיעזע לעבען פון די אידען אין באַבילאָניען.

## דער רושם פון דעם חורבן.

איינער פון די שטאַרקסטע פאַקטאָרען אין דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיאָן איז געוועזן די איבערצייגונג, אז יהוה גופא האָט געבראַכט דעם חורבן אויף זיין שטאָדט און האָט עס פאָראויס מודיע געוועזן צו זיין פאָלק דורך די נביאים. אָבער די דאָזיגע ווירקונג איז ניט גלייך אויפ'ן שטעל אריינגעטראָטען אין לעבען. אדרבה, די ערשטע ווירקונג פון דעם חורבן איז געוועזן צו צעטרייסלען דעם גלויבען אין גאָט. אם דייטליכסטען זעהען מיר דאָס אין דעם ספר יחזקאל, וואו עס ווערט בפירוש דערצעהלט וועגען דעם רושם וואָס די ידיעה וועגען דער עראָבערונג און צעשטערונג פון דער שטאָדט האָט געמאַכט אויף די אידען, וואָס זיינען זינט 597 שוין געוועזן דעפּאָרטירט אין באַבילאָניען. די דאָזיגע אידען האָבען זיך דורך דעם געפיהלט אין גאַנצען געבראָכען. וואָרים זייער גייסטיגער אָנהאַלט איז געוועזן די האָפענונג, אז יהוה וועט באַלד פאַרהעליגען די שטאָדט, וועלכע איז געשענדעט געוואָרען דורך די געשעהענישען פון יאָהר 597, וועט זיי צוריקפיהרען אין ירושלים און זיי וועלען ווידער קריגען אין דעם היילינגען לאַנד די פאַרלאָרענע עמטער און נחלאות. און טאַקע דערפאַר ווייל יחזקאל האָט מיט זיין פאָראויסזאָגען דעם אונטערגאַנג פון דער שטאָדט און דער מלוכה צעטרייסעלט יענעם אָנהאַלט זייערען, וועלכער איז געוועזן דער איינציגער מקור פון זייער לעבענס־פרייד, זיינען זיי אַזוי ענערגיש אויפגעטראָטען געגען זיין טעטיגקייט. ביז צולעצט האָט מען נאָכגעפאָלגט מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט אַלע פּאַסירונגען פון לעצטען קאַמף אין ירושלים. דאָס דערקענען מיר פון די נבואות פון יחזקאל, וועלכער האָט ביי דער ידיעה פון דער באַלאַגערונג פון ירושלים באַנייט זיינע פאָראויסזאָגונגען פון אומגליק (קאַפּ. כ"א—כ"ד). יחזקאל האָט אָבער גלייך געזעהן מיט זיין גייסטיגען אויג דעם רושם וואָס די שרעקליכע בשורה וועט אָנמאַכען ; דעמזעלבינען טאָג, ווען ס'איז אָנגעקומען אין באַ־

בילאָניען די ידיעה, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען די באַלאַגערונג פון ירושלים, האָט ער פאַראויסגעזאָגט צו די „גולים“, אַז די נאַכריכט פון דער ערבערונג פון ירושלים וועט זיי אַזוי איבערראַשען און צעמישען, אַז פון שרעק און פאַרצווייפלונג וועלען זיי זאָגאַר פאַרגעסען צו טאָן די מנהגים פון אבלות; אָבער אַז איהם גופא וועט זיך דורך דעם דאָס מויל עפענען, עס הייסט, אַז אַלע וואָס זיינען ביז אהער געווען געגען זיין טעטיגקייט וועלען מוזען אָנט־שווייגען ווערען. און באמת טאַקע ווען אין דעם פינפטען טאָג פון צעהנטען מאָנאַט אין עלפטען יאָהר פון גלות יהויכין האָט אַן אַנטלאָפענער געבראַכט קיין באַבילאָניען די ידיעה, אַז „די שטאָדט איז געשלאָגען,“ האָט יחזקאל ווידער אָנגעהויבען זיין עפענטליכע טעטיגקייט (ל"ג 21, 22).

די ווירקונג לאָזט זיך באַגרייפען; וואָרים די ידיעה פון דער ערבער־רונג און צעשטערונג פון דער שטאָדט האָט צעטרייסעלט דעם רעליגיעזען גלויבען פון די פאַרטריבענע אידען ביז די סאַמע יסודות. מען איז צוערשט געווען צעטומעלט וועגען דער מאַכט און גערעכטיגקייט פון יהוה. ווי האָט מען נאָך געקאָנט האָבען בטחון אין יהוה, נאָכדעם ווי ער האָט רוהיג צוגע־קוקט ווי זיין שטאָדט איז ערבערט און זיין הייליגטום פאַרשוועכט געוואָ־רען? וואָס האָט מען נאָך געקאָנט דערוואַרטען פון אַ גאָט, וועלכער האָט צוגעזעהן ווי דער געצענדינער מנשה האָט געלעבט אין גליק און האָט דאָן, טראָץ דעם רעפאָרם, געלאָזט אומקומען דעם פרומען יאשיהו און געלאָזט אונטערגעהן די הייליגע שטאָדט?

אָבער די ווירקונגען פון דעם אונטערגאַנג פון דער שטאָדט און דער מלוכה האָבען געהאַלטען פאַרבאָרגען אין זיך אויך דאָס הייל־מיטעל געגען דער צעטרייסלונג פון רעליגיעזען גלויבען. וואָרים נאָר דער אַלטער פאָלקס־טימליכער גלויבען אין יהוה איז דורך דעם צום טויט געטראָפען געוואָרען. ארויסגעהענדיג פון אָט דעם גלויבען האָט מען נאַטירליך געמוזט דערקלע־רען, אַז יהוה איז ענטוועדער ניט מעכטיג גענוג זיך צו שטעלען געגען די געטער פון די פעלקער אָדער ער איז בעצם אַ קאַפּריזנער. אָבער די פאָלקס־טימליכע השגה פון יהוה איז אין אַ משך פון צוויי הונדערט יאָהר באַצייכענט געוואָרען פון די נביאים אַלס פאַלש. צוויי הונדערט יאָהר האָט מען כסדר גע'טענה'ט צום פאָלק, אַז יהוה האָט פיינד דעם אופן ווי דאָס פאָלק לעבט און דינט צו איהם, אַז דער קולט און די הנהגה פון פאָלק האָבען גאָר קיין שייכות ניט צום גאָט פון ישראל, וואָס רעדט דורך די נביאים. דער גלויבען אין דעם יהוה פון די נביאים איז דורך דעם חורבן ניט ווידערלעגט געוואָ־

רען, נאר איז אדרבה באוויזען געווארען אלס ריכטיג. אט דער יהוה האט די צעשטערונג פון דער מלוכה באצייכענט אין פארלויף פון צוויי הונדערט יאהר אלס די שטראף, וועלכע ער וועט סוף־כל־סוף ברייננען, אויב עס וועט ניט קומען קיין בעסערונג אין די זינד פון זיין פאלק. ער האט באצייכענט די וועלט־מעכט אלס די געצייג, מיט וועלכע ער וועט זיך באנוצען אויסצופיהרען זיין משפט. אז יהוה האט איבערגעגעבען פאלעסטינא צו די באבילאניער; אז ער וועט צוליב דעם בית־המקדש זיך ניט צוריקהאלטען פון ברייננען דעם שטרענגען משפט אויף ירושלים; אז ער וועט די רעבעלישע שטאדט איבערגעבען אין נבוכדראצר'ס הענט — איז דאך געווען דער צענטראלער געדאנק פון ירמיה'ס נבואות אין די לעצטע יאהרצענדלינגער פאר דעם חורבן פון ירושלים. לויט יחזקאל'ס פאראויסזאגונגען האט ירושלים געזאלט חרוב ווערען, כדי ישראל זאל דערקענען „אז איך בין יהוה" (כ"ד 24; ו 7, 13. 14; י"ב 16, 20; ל"ג 29). און אין גלות קומט יהודה כדי צו אנערקענען, אז עס איז געווען יהוה, וואס האט געלאזט דורך זיינע נביאים פאראויסזאגען דעם אונטערגאנג פון דער מלוכה און פון דער שטאדט (ה 13, 17; ו 10). דער אונטערגאנג פון דער מלוכה און פון דער שטאדט איז געווען א טריאומף פון יהוה'ס גערעכטיגקייט, א באשטעטיגונג פון די רייד פון די נביאים. יעדער ווידערשפרוך געגען דער אויפפאסונג פון די נביאים האט איצט געמוזט פארשטומט ווערען. ווי באלד יהוה האט רוהיג צוגעקוקט ווי זיין בית־המקדש איז פארברענט און פארשוועכט געווארען, הייסט עס, אז מן־הסתם האט דער קולט וואס איז דערין פראקטיצירט געווארען ניט נושא חן געווען אין זיינע אויגען; די נביאים האבען בכן געמוזט זיין גערעכט מיט זייער באהויפטונג, אז יהוה האט פיינד דעם דאזיגען קולט. דער שפאט איבער דעם, אז די פאראויסזאגונגען פון די נביאים זיינען נאר אלץ ניט מקוים געווארען (יחזקאל י"ב 22—23), איז איצט לגמרי אנטשוויגען געווארען. ווער עס האט זיך געוואלט האלטען ביי דעם גלויבען אין יהוה און דערמיט אנהאלטען פעסט די אייגענע נאציאנאליטעט, האט געמוזט אנערקענען, אז די נביאים האבען ריכטיג אויפגעפאסט יהוה; האט געמוזט אנערקענען פאר ריכטיג דעם אורטייל פון די נביאים וועגען דער פארגאנגענהייט; האט אויך געמוזט קומען צו דער איבערצייגונג, אז די געדאנקען פון די נביאים זיינען דאס איינציגע ליכט, וואס האט אריינגעשטראהלט אין דער טרויעריגער געגענווארט פון דעם פאלק און האט איהם געוויזען דעם וועג צו א בעסערער צוקונפט.

## דאס לעבען אין דער פרעמד.

דער נצחון פון די נביאים וואלט אבער ניט געווען אזוי דאָרכדרינגענד און דער רושם פון חורבן וואלט ניט געווען אזוי טיף, ווען די אידען וואלטען אין זייער לאנד געבליבען. יאשיהו'ס רעפארם איז אין דער פראַקטיקע געווען א דורכפאל. די אלטע קולטען מיט די אלטע געצענדינערישע מנהגים זיינען באלד ווידער ארויס אין דער עפענטליכקייט פון די פארבארגענע ווינ־קעלעך, וואו זיי האבען זיך א געוויסע צייט באהאלטען. ערשט דער גלות האט זיי אויסגעראָמט פון אידישען לעבען. אין פרעמדען לאנד, ווייט פון היימישען באָדען האבען די אידען פארגעסען די הייליגע בערג און די פעל־זען, די בוימער און די קוואלען. אין גלות האט אויך דער פשוט'ער איד אויפגעהערט צו באטראכטען יהוה אלס גאט פון ישראל אין א לאָקאלען זין. ער האט געמוזט אנהייבען גלויבען, אז זיין גאט געפינט זיך איצט אין באַ־בילאָניען, באמת מעהר אין באבילאָניען איידער אין יהודה. אבער, האט דער איד געטראכט, איז דען דאס מעגליך? קאן א גאט זיך אויפהאלטען וואו מ'דינט ניט צו איהם, אויף א פרעמדען און פיינדליכען באָדען? יאָ, האט ער זיך אליין געענטפערט; ער האלט זיך אויף אומעטום וואו מ'פיהלט נאָר זיין אנוועזענהייט. אין יהוה'ס אנוועזענהייט אין באבילאָניען האט דער איד געפיהלט אין זיין שווערען גורל. איז דען ניט דער גלות די שטראף פון יהוה, וועלכע א גאנצע רייה פון נביאים האבען לאנג שוין פאראויסגע־זאגט? דער איד האט איצט באדארפט געהן נאך איין טריט ווייטער און זאגען: „קאן ניט אזא גאט, וועלכער האט קענטיג אן אינטערעס אין באבי־לאָניען, האבען א מאכט אויך אין און איבער באבילאָניען? האט דען ניט ירמיה, וועמען מיר האבען געהאלטען פאר א פאררעטער, תמיד געזאגט, אז נבוכדראצר איז יהוה'ס קנעכט און אז מיט'ן פארטרייבען אונז אין גלות טוט ער נאָר יהוה'ס ארבייט?"

אומגעפעהר דורך אזא פראצעס פון דענקען איז די וועלט־באַטראַכטונג פון די נביאים, זייער השגה פון גאט'ס גייסטיגקייט און אלטוועלטליכקייט, פון זיין אויסשליסליך מאראלישער נאטור, פון זיין איינציגקייט און זיין השגחה — אלץ מעהר און מעהר איינגעדרונגען אין די ברייטערע קרייזען פון פאלק. דער מאנאטעאיזם פון די נביאים איז אויף אזא'ן אופן געוואָרען אין גלות דאס גייסטיגע אייגענטום פון די ברייטע מאסען. דאס איז נאַ־טירליך ניט געווען אזוי גרינג. מאנכע האבען פיליכט קיינמאל זיך ניט

געלאָזט איבערצייגען; מאַנכע זיינען דורך פאַלשע וועגען אַדער דורך פאַלשע פיהרער פאַרלאָרען געגאַנגען אין דעם געצענדיענסט פון דער כביבה. ווי שטאַרק עס איז געווען די פאַרפיהרערישע ווירקונג פון דעם באַבילאָנישען קולט אין סאַמע צענטער פון דער אידישער קאָלאָניע, זעהען מיר פון א נביא ביים ענד פון גלות (ישעיה מ פון 20 אָן; מ"ד 12—20). דער פּראָצעס פון איבערנעמען די אמת'ן פון די נביאים איז געווען א לאַנגזאַמער, אָבער דערפאַר א גרינטליכער.

## די נייע "שטעלונג צו גאָט און צו דער וועלט.

דער גלות האָט געבראַכט ניט בלויז א ריכטיגע אויפפאַסונג פון גאָט'ס כאַראַקטער און זיין שייכות צו זיין פאָלק און צו דער וועלט, נאָר ער האָט אויך געבראַכט די דערקענונג פון דער אמת'ער שייכות פון דעם יחיד צו גאָט. די אַלטע פּאָפּולערע אויפפאַסונג איז געווען, אַז יהוה איז דער באַשיצער פון דער נאַציאָן אַלס א גאַנצע. דער באַנד וואָס האָט פאַרבונדען גאָט און פאָלק איז געווען די נאַציאָנאַלע פאָרם פון דעם איסור'ליכען קולט. דער ספר דברים האָט געהאָלפען אַנטוויקלען דעם אינדיווידואַליזם מיט זיין לעהרע פון הייליגקייט געגען גאָט, ער האָט איהם אָבער פּאַקטיש געשעדיגט דורך דעם וואָס כ'האָט דעם קולט קאָנצענטרירט און איינגעפיהרט אין איינ־ציגען אופן פון דינען צו גאָט. אויך די באַנייאונג פון בונד אויף דעם בוך פון דער תורה אונטער יאשיהו'ן איז געווען שייך דער נאַציאָן אַלס א גאַנצע. יאשיהו'ס נאָכפאָלגער האָבען פאַרלאָזען „דאָס בוך פון דער תורה," אָבער דער גאַנג פון די געשעהענישען האָט דוקא פאַרשטאַרקט זיין גייסטיגע לעהרע. ווארים אויב יהוה איז געווען דער גאָט פון די אידען אין באַבי־לאָניען, האָט זיין שייכות צו זיי געמוזט זיין אַן אנדערע ווי לויט די פריי־הערדיגע השגות. דאָ זיינען זיי געווען א פאָלק נאָר אויף אַזוי ווייט ווי זיי האָבען געהאַט א שותפות'ע רייכע פאַרגאַנגענהייט. זיי זיינען געווען צעשפּרייט אין צעבראָכענע און הילפלאָזע גרופּעס, ניט האָבענדיג קיין בית־דען פון קולט. וואָס זיינען נויטיג געווען צו געווינען גאָט'ס ליטוּעלינקייט אין דאָך, ווי מיר האָבען איבען געזעהן, האָבען די אידען געפיהלט, אַז יהוה איז נאָך אַנוועזענד ביי זיי. זיי האָבען דעריבער געמוזט נאָכטראַכטען וועגען דער נייער סיטואַציע. יעדער ערנסטער איד האָט געמוזט טראַכטען

אומגעפעהר אזוי: „די נאציאָן איז מעהר ניטאָ: יהוה מוז דערפאר זיין עפעס מעהר ווי דער גאָט פון דער נאציאָן. די שבטים, קלאַנס, פאַמיליען, זיינען אלע צעבראָכען: ער איז דעריבער ניט בלויז א גאָט פון שבטים און פאמיליען, נאָר ער איז מיין אייגענער גאָט. ניט איין ליידענדע נשמה, אין איהר בענקשאפט נאָך דער הייליגער וואוינונג פון יהוה איז דעמאָלט געווען אימשטאנד צו זאָגען אין דעם גייסט פון דעם תהלים־דיכטער (תהלים מ"ג):

„שיק דיין ליכט און דיין אמת;
זאָלען זיי מיך פיהרען;
זאָלען זיי מיך ברייגגען צו דיין הייליגען בארג
און צו דיינע וואוינונגען;
איך וועל דאַן געהן צום מזבח פון גאָט,
צו גאָט, מיין גרעסטע פרייד,
און איך וועל דיך לויבען מיט א הארף,
אָה, גאָט, מיין גאָט!"

אזוינס האט פאר דעם גלות ניט געקאנט געזאגט ווערען.

דער דאָזיגער געדאנק פון גאָט׳ס דירעקטער שייכות צו דעם יחיד איז ניט געווען ניי ביים אידישען פאָלק. די נביאים פון פאר׳ן גלות האבען איהם שוין אויסגעדריקט וואס ווייטער אלץ שטארקער. אבער די נביאים זיינען תמיד געווען איינצעלנע און אויסערגעוועהנליכע. ערשט דער גלות האט פון זייער גאָלד געמאכט מטבעות, גאנגבארע ביי אלעמען.

דער גלות האט ניט בלויז געענדערט די שטעלונג פון דעם אידען צו זיין גאָט, נאָר ער האט אויך געענדערט זיין שטעלונג צו דער ברייטער וועלט ארום. לעבענדיג צווישען מעכטיגערע און ציוויליזירטערע פעלקער ווי זיי, האבען די אידען מעהר ניט געקענט איגנארירען זייערע שכנים אדער זיי באטראכטען בלויז אלס ציל פון יהוה׳ס צאָרן. אנהייבענדיג מיט׳ן גלות־בבל שפּילען די פעלקער א גרויסע ראָלע אין די רייד פון די נביאים. די אידען האבען אנגעהויבען טראכטען מכוח יהוה׳ס שייכות צו די פעלקער ארום און מכוח דער ראָלע, וואס זיי, אלס זיין אויסגעוועהלט פאָלק, זיינען גערופען צו שפּילען ביי דער פארווירקליכונג פון גאָט׳ס ציל אין דער וועלט־געשיכטע. אין גלות איז דערפאר אויך אויפגעקומען א ברייטע רעליגיעזע געשיכטס־פילאָזאָפיע, וועלכע האט געפונען איהר אויסדרוק אין דעם גרויסען אנאָנימען נביא (ישעיה פון קאפּ. מ און).

## נייע אופנים פון גאָט־דינסט.

מיר האָבען פריהער דערמאָנט, אז די אידען אין גלות האָבען ניט גע־האָט קיין אויסערליכע מיטלען פון קולט, דורך וועלכע צו קריגען לייטזעליג־קייט אין גאָט'ס אויגען. קרבנות האָט מען מעהר ניט געקאָנט ברייננען. אפילו אויב דער בית־המקדש וואָלט געשטאַנען, וואָלטען זיי ניט געקאָנט קומען צו איהם. אָבער מאַנכע מצוות פון יהוה האָט מען נאָך אין גלות אויך געקאָנט מקיים זיין. מ'האָט דערפאר זיך געהאַלטען אָן זיי נאָך פעס־טער ווי פריהער. צוויי פון זיי האָבען איצט באַקומען א נייע באַדייטונג, דאָס זיינען געווען: מילה און שבת. אין גלות זיינען זיי געוואָרען דער „במקום" פאר קרבנות, די ערשטע מצוות פון יודענטום און די הויפט־סימבאָלען פון דער רעליגיאָן פון יהוה און פון דער צוגעהעריגקייט צו דער אידישער געזעלשאַפט.

מילה איז געווען א מנהג, וועלכען א גרויסער טייל פון די איינוואוינער פון כנען האָבען לכתחילה געהאַט בשותפות מיט די עגיפּטער און אנדערע אפריקאַנישע פעלקער. די אורשפּרינגליכע באַדייטונג דערפון ווייסען מיר היינט ניט. עס איז וואהרשיינליך, אז ביי אידען איז די באַשניידונג געווען א שבט־צייכען צוצולאָזען אינגלעך אָדער יונגע מענער אלס פולע מיטגלידער אין דעם קלאַן און אין חברותא מיט יהוה. דער יהוי'סט גיט איבער א טראַדיציע, אז משה האָט איינמאָל ארויסגערופען יהוה'ס צאָרן, וועלכער איז ערשט איינגעשטילט געוואָרען ווען משה'ס זוהן איז באַשניטען געוואָרען (שמות ד 24—26). דער אלהי'סט האָט אן אנדער טראַדיציע. לויט איהם איז דער מנהג איינגעפיהרט געוואָרען פון יהושע'ן אין גלגל, כדי צו באַזיי־טיגען דעם פאָרוואורף פון עגיפּטען*). ביי איהם, פונקט ווי ביי יהוי'סט איז דער מנהג א טייל פון דער פאָלקס־רעליגיאָן. אין די עשרות הדברות, ווי אויך אין קיין אנדערע פון די אַלטע געזעצביכער, ווערט מילה ניט דער־מאָנט. די שטעלונג פון די נביאים צו מילה איז קענטיג געווען דיזעלבינע ווי צו קרבנות. פון עמוס, הושע, ישעיה ווערט דער מנהג ניט דערמאָנט. בעת ירמיה גיט אן אנדייטונג, אז אלס צייכען אין'ם פלייש האָלט ער ניט פיעל דערפון. גלייכצייטיג אָבער מוסר'ט דער נביא דאָס פאָלק אז זיי זאָלען מל זיין צו יהוה די פאָרהויטען פון זייערע הערצער (ירמיה ד 4;

*) זעה אין באנד 1, ז. 220, 221.

ט 26). עס קאן זיין, אז ירמיה האט אריינגעטאן דערמיט א סימבאלישע באדייטונג אין דעם דאזיגען צייכען פון פלייש.

אין פאלעסטינא, וואו אסך פעלקער ארום האבען פראקטיצירט דעם מנהג, האט ער ניט געקאנט האבען קיין גרויסע נאציאנאלע באדייטונג פאר די אידען. אנדערש אבער אין גלות־בבל. די מזרח־סעמיטען האבען פון דעם מנהג ניט געוואוסט. ער איז דעריבער דארטען געווארען א צייכען, וואס האט אפגעשיידט די אידען פון די גוים ארום. יחזקאל האט קיין די־רעקטע געזעצען ניט פארגעשריבען וועגען דעם, אבער אין פארשידענע שטע־לען דריקט ער אויס זיין פאראכטונג פאר די ע ר ל י ם. אין דער אונ־טערוועלט („שאול") געפינען זיך לויט איהם צוויי באזונדערע אפטיילונגען פאר באשניטענע און פאר ערלים (כ"ח 10; ל"א 18; ל"ב 19—32). די העכסטע באדייטונג האט אבער מילה באקומען אין דער פריסטערליכער שריפט פון חומש, וואס איז א פראדוקט פון גלות־בבל*). לויט דער דאזי־גער שריפט איז מילה דער צייכען, מיט וועלכען גאט האט געשלאסען זיין בונד מיט אברהם'ען און זיינע קינדער נאך איהם אויף אייביגע דורות (בראשית י"ז).

שבת איז אין זיין סאמע ערשטען אורשפרונג געווען א שותפות'ע אינ־סטיטוציע פאר די אידען און די באבילאניער. עס הייסט ניט, אז די אידען האבען עס לכתחילה געבארגט ביי די באבילאניער, נאר ביי די אידען, פונקט אזוי ווי ביי די באבילאניער, איז דער שבת געבליבען נאך פון דער נאמא־דישער צייט, פון דער צייט ווען זיי האבען ארומגעוואנדערט מיט זייערע סטאדעס אין מדבר ביים שיין פון דער לבנה. דער 15טער טאג אין חודש, ווען די לבנה ווערט פול, האט ביי די באבילאניער געהייסען „שאבאטום" און איז געווען „א טאג צו בארוהיגען דאס הארץ" (פון די געטער). ווארים ביי די באבילאניער האט געשפילט א גרויסע ראלע דאס איינטיילען די טעג אין מזל'דיגע און שלים'מזל'דיגע.**) כדי אויסצומיידען אן אומגליק אין די שלים'מזל'דיגע טעג האט מען געמוזט מפייס זיין די געטער מיט קרבנות און מ'האט זיך אויך געמוזט היטען פון טאן ארבייט. די באבילאניער הא־בען געהאט אסך שלים'מזל'דיגע טעג, און „שאבאטום", דער טאג פון האלב־חודש, איז געווען איינער פון זיי. וועגען אזעלכע טעג שטעהט עס אין א

*) זעה אין באנד 2, ז. 244 אין דער באמערקונג.

**) ביי אונז אידען איז דער דאזיגער אבערגלויבען געבליבען עד היום. אזוי זיינען מאנטאג און מיטוואך שלים'מזל'דיגע טעג, אויך דער טאג פון יאהר־צייט.

באבילאנישער אויפשריפט, אז דער „פאסטוך פון פיעל פעלקער" (הער מלך) זאל ניט עסען קיין פלייש געבראטען אויף קויהלען און קיין שפייז וואס איז געקומען אין באריהרונג מיט פייער, זאל ניט איבערבייטען זיינע קליידער און ניט טראגען קיין ווייסען מלבוש, זאל ניט פאהרען אין קיין וואגען און ניט ריידען וועגען אפיציעלע ענינים; קיין זעהער זאל ניט געבען קיין אראקעל און קיין רופא זאל ניט צולעגען זיין האנט צו א קראנקען. שבת איז בכן געווען ביי די באבילאניער אן אסקעטישער טאג, א מין תענית.

אין די עלטערע היסטארישע ביכער און אויך ביי די עלטערע נביאים שטעהט שבת צוזאמען מיט חודש (מלכים ב, ד 23; ישעיה א 13; הושע ב 13; עמוס ח 5). עס זעהט דערפון אויס, אז אויך דער אידישער שבת איז לכתחילה געווען פארבונדען מיט די פאזען פון דער לבנה. די העכערע אידישע רעליגיאן האט אבער קענטיג געזוכט פון די אלטע צייטען אן אויס־צומיידען אלין וואס האט געהאט א שייכות צו דעם קילט פון דער לבנה. ראש חודש, וואס איז אין די אלטע צייטען געווען א פאלקס־יום־טוב (זעה די פריהער ציטירטע שטעלען און אויך שמואל א, כ), שטעהט דעריבער אומישנע ניט צווישען די ימים־טובים אין די געזעצביכער. פארקעהרט ווי־דער האט שבת שוין אין דער עלטערער געזעצגעבונג פארלארען זיין שייכות צו די פאזען פון דער לבנה און צום חודש און איז געווארען א רוה־טאג פון דער וואך. פון באבילאנישען שבת איז בלויז געבליבען ביי די אידען דאס צוריקהאלטען זיך פון ארבייטען, בעת אבער ביי די באבילאניער איז דער מאטיוו געווען אבערגלויבען, ווייל עס איז ניט מזל'דיג צו ארבייטען אין דעם טאג, האבען די אידען אריינגעבראכט דערין א סאציאלען און הומאניטארישען מאטיוו. שוין אין איינעם פון די עלטסטע שטיקער געזעצ־געבונג פון חומש שטעהט עס, אז מ'זאל דעם זיבעטען טאג ניט ארבייטען „כדי עס זאל רוהען דיין אקס און דיין אייזעל און עס זאל זיך אפעטעמען דער זוהן פון דיין דינסט און דער גר" (שמות כ"ג 12). דער אידישער שבת, ווי מיר זעהען דא, האט שוין פון אנהויב אן זיך אפגעשיידט פון דעם באבילאנישען און איז אויסגעגאנגען אויף אן אייגענעם אריגינעלען וועג. זיין העכסטע אנטוויקלונג האט ער אבער ערשט דערגרייכט אין גלות. כל זמן די אידען זיינען אויף זייער לאנד געזעסען האט שבת קיין ראל ניט געהאט שפילען לגבי די גרויסע נאציאנאלע ימים־טובים. אין גלות אבער, וואו די נאציאנאלע ימים־טובים האבען ניט געקאנט געפראוועט ווערען אהן א נאציאנאלען קולט, איז שבת געוואקסען אויף זייער חשבון אין באַ־דייטונג.

אין דער באבילאנישער סביבה האבען די אידען, קאן זיין, זיך אפגעלע־רענט פון זייערע שכנים צו זיין שטרענגער אין היטען שבת. פילייכט ליגט א השפעה פון דער באבילאנישער סביבה אין דעם שטרענגען פארבאט פון דער פריסטערליכער שריפט ניט צו קומען שבת אין קיין שום באריהרונג מיט פייער. פון דער אנדערער זייט אבער האט דער אידישער שבת דוקא אין באבילאניען זיך אנטוויקעלט ווייטער אויף זיין אייגענעם אריגינעל־אידישען וועג. אז אנאנימער נביא פון נאכ'ן גלות באטאנט אזוי שטארק, אז שבת איז ניט, ווי ביי די באבילאניער, א תענית, נאר דוקא א טאג פון פארגעניגען („וקראת לשבת עונג." ישעיה נ"ח 13). ווייל מ'האט אין גלות ניט געקאנט מקריב זיין קיין קרבנות, איז דעריבער פארטיפט געווארען דער גייסטיגער אינהאלט פון שבת און ער איז אלץ מעהר און מעהר געווארען א טאג פון גייסטיגע תענוגים.

יחזקאל איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט צוגעשריבען צו שבת אן אבסטראקטע באדייטונג. „און אויך מיינע שבתים האב איך זיי געגע־בען פאר א צייכען צווישען מיר און זיי, צו וויסען, אז איך יהוה הייליג זיי" (יחזקאל כ 12). שבת איז, הייסט עס, לויט יחזקאל דער צייכען, וואס שיידט אפ די אידען פון די גויים. דעם דאזיגען געדאנק יחזקאל'ס צוזא־מען מיט זיין פראזעלאגיע האט איבערגענומען די פריסטערליכע שריפט פון חומש. פונקט ווי מילה איז לויט איהר דער צייכען, אויף וועלכען גאט האט געשלאסען דעם בונד מיט אברהם'ען, אזוי איז שבת דער איינציגער צייכען, אויף וועלכען גאט האט געשלאסען דעם בונד מיט די אידען ביים בארג סיני*). איינער פון די רעדאקטארען פון ספר ירמיה אין אדער נאך דעם גלות האט צוגעשטעלט א שטיק, וואו ער זאגט, אז אויב די מלכים פון יהודה צוזאמען מיט'ן פאלק וואלטען געהיט שבת, וואלט דער גאנצער חורבן ניט געקומען (ירמיה י"ז 19—27). און ביי א נביא פון נאכ'ן גלות איז שבת דער ערשטער סימן פון דינען צו יהוה און פון געהערען צום אי־דישען פאלק (ישעיה נ"ו).

ווי עס ווייזט אויס, פלעגען די אידען אין גלות צוזאמענקומען שבת אין פארזאמלונגען און לייענען דאס בוך פון דער תורה (ספר דברים) און די געשריבענע ביכער פון די נביאים, וועלכע האבען דעמאלט באקומען א וויכ־טיגערע באדייטונג אין דעם אידישען לעבען. אויך די תעניתים זיינען פון אנהויב גלות־בבל אן געווארען אן אלגעמיינע רעליגיעזע אינסטיטוציע ביי

*) פארגלייך די פראזעלאגיע אין יחזקאל כ 12 און אין שמות ל"א 18.

די אידען (עזרא ח 21; נחמיה א 4; זכריה ז 3—5). אויף אזא'ן אופן איז געלעגט געווארען אין גלות דער יסוד פון א נייער רעליגיעזער געמיינדע. דאס וואס האט געסטראשעט צו צעשטערען די מלוכה פון יהוה האט זיך ארויסגעוויזען אלס בעסטער מיטעל פאר איהר ווידעראויפבויאונג.

6.

## יחזקאל'ס לעהרע און ווירקונג.

### י ח ז ק א ל ' ס ב א ד י י ט ו נ ג.

דער אמת'ער פיהרער און דורכברעכער פון נייע וועגען אין אלע ריכ־טונגען פון אידישען געדאנק אין דער תקופה פון גלות־בבל איז געווען יחזקאל. באהערשענדיג די גאנצע אנטוויקלונג, שטהעט זיין געשטאלט אין פארדערגרונט און ווערט אליין קלערער דערקענט אין דער דאזיגער באדייטונג, וואס מעהר מ'לערענט זיך אויס צו פארשטעהן יענע צייטען און די אייגענ־ארטיגקייט פון זייער גייסטיגער אנטוויקלונג. ער ווערט דער גייסטיגער פאטער און פיהרער פון די פארטריבענע אידען. ער האט געלערענט זיינע ברידער אויסצוטייטשען דעם חורבן פון דער שטאדט אלס פארדינטע שטראף פאר דער מאראלישער פארדארבענקייט און פאר די קולט־זינד פון ישראל; אבער ער האט גלייכצייטיג אויך געשטארקט זייער בטחון אין גאט און האט פארהיט, אז זיי זאלען זיך ניט מייאש זיין פון א בעסערער אידישער צו־קונפט. ער האט זיי אפגעריסען פון דער פארגאנגענהייט און איהרע אידע־אלען און האט זיי אנגעוויזען נייע צילען און א נייעם וועג, אויף וועלכען זיי וועלען ווידער געפינען גאט'ס גנאד. דאס הייליגע לאנד ווידער צו קרי־גען און דעם קולט פון יהוה דארטען פון דאס ניי אויפריכטען, דאס זיינען די צילען פון די פארטריבענע אידען, און דער פארשטארקטער בטחון, וואס יחזקאל האט ניי באגרינדעט, אז דאס וועט זיך זיי איינגעבען, איז זייער גייסטיגער אנהאלט. און דעם ישראל, וואס האט געזאלט ניי געשאפען ווע־רען אויף דעם היימישען בארען פון די פאטערס האט ער אנגעוויזען די וועגען, וואס געהענדיג אויף זיי וועט ער ניט פארלירען די ווידערגעפונענע גנאד פון גאט. ער האט פארגעצייכענט דעם פלאן, וואס דאס יודענטום פון נאכ'ן גלות האט זיך געשטעלט אלס אויפגאבע דורכצופיהרען: זיך

ארויסצואווייזען דורך א ריכטיגען קולט אלס דאָס הייליגע פאָלק פון הייליגען גאָט, כדי מ'זאָל מעהר ניט ליידען פון גאָט'ס צאָרן און עס זאָלען מקוים ווערען די הבטחות פון די נביאים. פונקט ווי ער האָט צוגעגרייט די הערשאַפט פון דער תורה, אזוי האָט ער אויך, צייכענענדיג אין פעסטע ליניען דאָס בילד פון דער צוקונפט, באַרייכערט די משיח־האָפענונג מיט נייע שטריכען און האָט אויף אזא'ן אופן פאָרמולירט יידע געדאַנקען, וועלכע קומען פון איין שורש, וועלכע דערגענצען זיך איינער דעם אַנדערען און אויף וועלכע עס האָט זיך אויפגעבויט דער גלויבען און די זיטע פון יודענטום.

## זיין כאַראַקטער און זיין אויפטריט.

יחזקאל האָט פאַראייניגט אין זיין כאַראַקטער יענע מעלות, וועלכע האָבען איהם געמאַכט פּאַסיג צו זיין א פיהרער פון זיין דור און פון די דורות באַלד נאָך איהם, אָבער וועלכע רעקאָמענדירען איהם ניט אזוי שטאַרק צו אונזער היינטיגער צייט. יענע אינערליכע שפּאַנונג, זיך גרעניצענדיג כמעט מיט משוגעת, וועלכע האָט איהם געמאַכט זיצען זיבען טעג, באַטויבט און שטום, צווישען די אידישע קאָלאָניסטען אין תל־אביב, איידער ער האָט איבערגעגעבען זיין שטראָפענדע שליחות (ג 15), — קוקט אויס משונה'דיג אַנדערשוואו, ניט אָבער אין דער אָנגעשפּאַנטער אַטמאָספערע פון גלות. זיין שפּראַך קלינגט אָפט ווי בלויז א גוזמא'דיגע מליצה, ווען מ'שאַצט ניט אָפּ די סיטואַציע, וואָס האָט זי ארויסגערופען (פאַרגלייך, למשל, קאַפּ. ט"ז). זיין איבער'חזר'ען זיך און זיין איבערגעבען די קלענסטע פּרטים זיינען לאַנגווייליג בלויז פאַר דעם, וועלכער באַגרייפט ניט ווי טעמפּ זיינע לעזער זיינען געווען. יחזקאל איז ניט געווען קיין אָראַטאָר, אויך ניט קיין בעל־מליצה, נאָר אַן אָרגאַניזאַטאָר און א פּראַקטישער מאַן. זיינע ווערטער האָבען אַפּעלירט צו די מענשען פון זיין דור, ווייל זיי האָבען אנערקענט זייער אמת און זייער נוצליכקייט. ער איז געשטאַנען אזוי נאָהענט צו זיי, אז ער האָט געקאָנט קלאָר אָפּשאַצען און איז געווען בכוח צו באַפרידיגען זייערע גייסטיגע באַדערפעניששען. די טיפערע קוואַלען אָבער פון יחזקאל'ס השפעה זיינען געווען מעלות, וועלכע האָבען א ווירקונג אין אַלע צייטען. זיין שטאַרקע שפּאַנונג איז געווען דער אויסערליכער אויסדרוק פון א מאָראַלישער ערנסטקייט, וועלכע איז געקומען פון א שאַרפען חוש פאַר גערעכטיגקייט. געגענערשאַפט האָט איהם קיינמאָל ניט אָפּגעשראָקען, נאָר האָט נאָך בולט'ער ארויסגעבראַכט זיין פעסטע איבערגעבענקייט צום אמת

(ג 9). א געוויסער פיערדיגער אויסדרוק האט כאראקטעריזירט אלץ וואס ער האט געטאן. צוגלייך דערמיט האט זיין הויכע השגה פון גאט'ס דערהויבענקייט און הייליגקייט ארויסגעבראכט אין זיין הארץ א טיפע הכנעה, וועלכע דריקט זיך אויס אין דעם אויסדרוק „מענשען־זוהן" (בן אדם), מיט וועלכען ער רעדט אלעמאל פון זיך.

אוועקגעפיהרט אין באבילאניען מיט דעם גלות יהויכין אין יאהר 597 איז יחזקאל קענטיג געבליבען שטיל ביז דעם יאהר 592, ווען ער האט, ווי ישעיה, באקומען דעם קלארען רוף אויפצוטרעטען אלס נביא. זיין באריכט פון דער דאזיגער וויכטיגער געשעהעניש אנטפלעקט פאר אונז די מעכטיגע מאטיווען, וועלכע האבען איהם דערמאלט באאיינפלוסט. פון איין זייט האבען איהם געדריקט די אפענע דומהייטען און טעותים פון די אידען, וועלכע זיינען געווען אין גלות, און באזונדערס פון די, וועלכע זיינען געבליבען אין יהודה; פון דער אנדערער זייט ווידער האט דער כאראקטער און ווילען פון יהוה זיך אזוי שטארק איינגעדריקט אין זיין עמפינדליכען גייסט, אז ער האט, ווי קיינמאל נאך ניט פריהער, באגריפען דעם געוואלדיגען היפוך צווישען דעם געטליכען אידעאל און דער מענשליכער ווירקליכקייט. פון איצט אן איז די עובדא פון זיין לעבען געווען „צו געהן צו דעם הויז פון ישראל און צו ריידען יהוה'ס ווערטער צו זיי" (ג 4), כדי זיי זאלען מיטיג זיין יענעם געטליכען אידעאל. ביז דעם יאהר 586, ווען ירושלים איז חרוב געווארען, האט ער זיך אפגעגעבען מיט'ן באקעמפען די פאלשע האפענונגען פון א באפרייאונג פון דער באבילאנישער הערשאפט, האפענונגען וואס האבען באהערשט די געבליבענע פון זיין פאלק אין ארץ ישראל און אויך אסך פון די אידען אין מזרח*). זיין שליחות, פונקט אזוי ווי ירמיה'ס, איז באשטאנען, אונטער די אומשטענדען, אין פארדאמען און אין פראקלאמירען דעם חורבן וואס וועט באלד קומען. אין אנהייב האבען זיינע גלות־ברידער, וועלכע זיינען געווען פול מיט דער האפענונג אויף א באלדיגער באפרייאונג, איהם צוריקגעוויזען און האבען געברויכט פערזענליכע געוואלד געגען איהם (ג 25). די שטעלונג פון דעם פאלק צו איהם האט זיך אבער אין גאנצען געענדערט, ווי מיר האבען שוין אויבען דערמאנט, ווען זיין נביאות איז מקוים געווארען, ווען די שרעקליכע בשורה איז געקומען, אז „די שטאדט איז געשלאגען." פון דאן אן האבען איהם פארעהרט און איהם אויפמערקזאם צוגעהערט אלע אידען פון באבילאניען. און זיין השפעה האט דערגרייכט

*) זעה אויבען ז. 176.

זיין פאלק איבער דער גאנצער וועלט. ער האט אויף אזא'ן אופן באקומען א געלעגענהייט וואס קיין אנדער נביא, אחוץ פיליכט ישעיה, האט עס ניט געהאט.

אין דער פארשידענקייט פון די מעטאדען, וועלכע ער האט אנגעווענדט כדי צו מאכען א רושם מיט זיינע רייד, שטייגט ער אריבער אלע אנדערע נביאים. פונקט ווי ירמיה, האט ער אפט אויפגעזוכט גרופען פון אידען און האט זיך באמיהט זיי צו דערגרייכען דורך עפענטליכע רעדעס. מיר קענען זעהן, ווי ער טופעט מיט די פיס און זשעסטיקולירט מיט די ארעמס, כדי צוצוגעבען קראפט צו זיינע ווערטער (ו 6). נאך אפטער, פיליכט, פלעגען אידישע דעפוטאציעס איהם באזוכען אין דערהיים צו דיסקוטירען געוויסע פראגען (י"ד). אין דער ליטערארישער אטמאספערע פון באבילאניען האט ער אבער דאס רוב זיך באנוצט מיט'ן שיקען צושריפטען צום עולם, און קאפיעס דערפון זיינען וואהרשיינליך אויך פארטיילט געווארען צווישען די אידען פון ארץ ישראל און עגיפטען; ווארים יחזקאל האט געפיהלט, אז אויך זיי שטעהען אונטער זיין גייסטיגער השגחה. אין אלץ וואס ער האט געשריבען האט דער שטארק דראמאטישער עלעמענט, וועלכער כאראקטעריזירט יעדע זאך וואס ער האט געטאן, געפונען אן אויסדרוק אין פארשידענע שטארקע בילדער, מיט וועלכע ער באנוצט זיך. ניט צופרידען מיט ווערטער, האט ער אפט פארגעשטעלט זיינע נבואות דורך קאנקרעטע האנדלונגען. כדי צו איבערצייגען זיין פאלק, אז דער אונטערגאנג פון ירושלים איז אומפארמיידלער, האט ער אפגעמאלט אויף א ציגעל די שטאדט אין א צושטאנד פון באלאגערונג און האט פארגעשטעלט מיט קאנקרעטע מעשים אלע פרטים פון איהר ערטאבערונג (ד 1—3). אן אנדערט מאל איז ער באפוילען געווארען זיך אפצושאלען גאר זיינע האר און צו פארברענען איין דריטעל אין פייער, איין דריטעל צו צעקלאפען מיט'ן שווערד און דעם געבליבענעם דריטעל צו צעשפרייטען אין אלע ווינטען. פון אט די לעצטע האט ער געזאלט באהאלטען נאר א הייפעלע, צו סימבאליזירען אויף אזא'ן אופן דעם גורל וואס ווארט אויף זיין פאלק (ה). ווידער אן אנדערט מאל דערצעהלט ער אונז, אז אין דער אנוועזענהייט פון א פארגאפטען עולם האט ער אוועקגעטראגען אלע זיינע זאכען פון הויז אויף א פלאץ ביי דעם מויער פון שטאדט און האט דאן אויסגעגראבען א לאך אין וויכען ליים, דורך וועלכער ער האט אין דער פינסטערניש פון דער נאכט ארויסגעטראגען זיינע זאכען. האנדעלנדיג אויף אזא'ן אופן געמאכט זיינע גלות־ברידער נייגעריג אויף דער העכסטער מדרגה, האט ער זיי דאן דערקלערט, אז פונקט אט אזוי וועלען

זייערע אויפשטענדישע ברידער אין ירושלים זוכען באלד צו אנטלויפען אין דער פינסטער פון זייער פאראורטיילטער שטאדט (י״ב 1—16).

## זיין באטראכטונג פון דער פארגאנגענהייט.

מיר האבען שוין אויבען באמערקט*), אז יחזקאל פארמיטעלט דורך זיין לעהרע דעם ברוך מיט דער אלטער פארגאנגענהייט און איהרע אידעאלען. אין קיין אנדער פונקט האט ער ניט דייטליכער פארמירט פאראויס די שטימונג און דעם געדאנק פון דעם יודענטום פון נאכ׳ן גלות. און גראד אט דא שטעהט זיין איבערצייגונג פולקום פעסט שוין פאר׳ן חורבן פון דער שטאדט. יחזקאל האט נאטירליך ניט ניי באשאפען יענעם קוק, וועלכער באטראכט די גאנצע פארגאנגענהייט פון פאלק פון א רעליגיעזען שטאנדפונקט, א באטראכטונג, וואס איז בעצם פרעמד דער אידישער פארגאנגענהייט, פארשטעהט זי דעריבער ניט און מוז זי איבערטייטשען אדער זי פארווארפען אלס זינדיג. שוין הושע האט אין די צייטען פון דער אונטערגעהענדער צפון־מלוכה איינגעפיהרט דעם דאזיגען אופן פון באטראכטען די פארגאנגענהייט. ער האט פארדאמט די גאנצע תקופה זינט די אידען האבען זיך אין זייער לאנד באזעצט אלס א זינדיגע. אין יענע טיילען פון זיין בוך, וועלכע באשעפטיגען זיך מיט דער אידישער פארגאנגענהייט, שליסט זיך דעריבער יחזקאל אן דייטליך אן הושע׳ן הן אין אינהאלט און הן אין אויסדרוק. פונקט אזוי שליסט ער זיך אויך אן אן דעם ספר דברים. ווארים ערשט דער ספר דברים האט געשאפען די מעגליכקייט דורכצופיהרען קאנסעקווענט אזא באטראכטונג דערמיט וואס ער האט די צענטראליזאציע פון קולט אין בית־המקדש פון ירושלים אריבערגעטראגען אין דער צייט פון זיין גרינדונג אונטער שלמה׳ן און דערמיט געשאפען א מאס, מיט וועלכער עס לאזט זיך מעסטען די פרומקייט און רעכטפערטיגקייט פון דער פארגאנגענהייט. יחזקאל געהט דא בכן אין די פוסטריט פון די נביאים און פון דעם ספר דברים, אבער ער געהט אוועק פיעל ווייטער ווי זיי. ווארים הושע רעדט פון יוגענד־ליבע פון ישראל צו יהוה אין דער אוראלטער, נאמארישער צייט (הושע ב 17). אזעלכע אויסדרוקען געפינען מיר אויך ביי ישעיה און ירמיה (ישעיה א 21; ירמיה ב 2), בעת דער ספר דברים זאגט נארניט ווענען דעם אידישען מצב פאר שלמה׳ן און ווענען דעם מצב פון שלמה׳ן

---

*) זעה אויבען ז. 247.

ביז יאשיהו'ן גיט ער נאר אן אומדירעקטען אורטייל. לויט די נביאים פאר יחזקאל'ען זיינען, הייסט עס, די אידען פארדארבען געווארען ערשט ווען זיי האבען זיך באזעצט אין זייער לאנד. יחזקאל אבער דערקלערט די גאנצע אידישע פארגאנגענהייט אלס זינדיג, אלס אן אוועקקערונג פון גאט. פון ערשטען אנהויב אן האבען די אידען עובר געווען אויף גאט'ס „געזעצען" און „משפטים." שוין אין מצרים האבען די אידען ווידערגעשפעניגט געגען גאט און האבען ניט אוועקגעווארפען די עגיפטישע געצען. נאר פון זיין הייליגען נאמען וועגען האט זיי יהוה געשאנעוועט, זיי ארויסגעפיהרט פון מצרים אין מדבר און האט זיי געגעבען זיינע געזעצען און משפטים, וועלכע דער מענש זאל מקיים זיין און לעבען דורך זיי. אבער אויך אין מדבר זיינען די אידען געווען ווידערשפעניג געגען גאט, האבען פארלאזען זיינע געזעצען און האבען געדינט אפגעטער. יהוה האט דעריבער שוין געשווארען אין מדבר זיי צו צעשפרייטען צווישען די פעלקער. נאר אויס מיטלייד מיט זיי און כדי זיין הייליגער נאמען זאל ניט פארשוועכט ווערען האט גאט ניט געמאכט קיין כליה פון זיי אין מדבר און האט זיי אין זייער לאנד געבראכט. ניט קוקענדיג אויף דעם אבער האבען אויך די קומענדיגע דורות ניט געפאלגט גאט און האבען געשאכטען זייערע קרבנות אויף יעדען היכען בערגעל אין אונטער יעדען גרינעם בוים (קאפ. כ). ישראל איז דעריבער פאר יחזקאל'ען א הויז פון ווידערשפעניגקייט (ב 5—7), וואס האט קיינמאל אין זיין געשיכטע ניט פארדינט גאט'ס הילף און לייטזעליגקייט.

די דאזיגע פארדאמונג פון דער אידישער רעליגיעזער פארגאנגענהייט ברייננגט נויטווענדיג מיט זיך אויך די פארדאמונג פון דער פאליטישער פארגאנגענהייט. ניט בלויז זיינען די גלענצענדע ערינערונגען אן די פארגאנגענע צייטען פארבונדען מיט די אלטע קולט-פלעצער, נאר דער גאנצער פרואוו זיך צו אנטוויקלען פאליטיש ווי די אנדערע פעלקער און אין קאנקורענץ מיט זיי איז געווען אן אפקעהרונג פון גאט, ווייל די אויפגאבע פון ישראל איז געווען זיך ארויסצואווייזען אלס יהוה'ס הייליג פאלק. ישראל האט דאן פארפעהלט זיין אויפגאבע. די גלענצענדע אויפטואונגען פון פארצייטען, וועלכע האבען געלעבט אין דעם זכרון פון פאלק, זיינען דערמיט בלאס געווארען אדער האבען זיך פארוואנדעלט אין מיאוס'ע פלעקען.

א נייע באטראכטונג פון דער פארגאנגענהייט קומט שטענדיג אויף ביי אלע לעבענספעהיגע פעלקער. אבער דער נייער קוק אויף דער פארגאנגענהייט פון ישראל האט באדייט מעהר ווי בלויז אן ענדערונג אין דעם געשיכטליכען אורטייל. ער האט באדייט די פולשטענדיגע אנטזאגונג פון דער

פארגאנגענהייט און איהרע אידעאלען און די צואווענדונג צו נייע אידע־אלען.

## זיין לעהרע פון דער אחריות פון דעם יחיד.

מיר האבען שוין געזעהן אין פריהערדיגען קאפיטעל, אז מיט דעם אונ־טערגאנג פון דער פאליטישער ארגאניזאציע פון דער אידישער נאציאן איז דער יחיד דערהויבען געווארען צו א נייער, הויכער פאזיציע, וואס ער האט פריהער קיינמאל ניט פארנומען. דער איינצעלנער איד האט דערפיהלט זיין באדייטונג און זיין שייכות צו גאט. און יחזקאל מיט זיין לעהרע פון דער אחריות פון איטליכען יחיד פאר זיינע אייגענע מעשים איז געווארען דער טעא־רעטיקער פון דעם דאזיגען גייסטיגען אינדיווידואליזם. „די זעל וואס זינדיגט, די שטארבט; א זוהן ליידט ניט פאר די זינד פון דעם פאטער, און א פאטער ליידט ניט פאר די זינד פון דעם זוהן.“ און ניט בלויז איז דער יחיד ניט פאראנטווארטליך פאר אן אנדערען'ס מעשים, נאר אויך זיינע אייגענע מעשים וואס ער האט פריהער געטאן ווערען ניט גערעכענט, אויב ער האט זיך היינט פארנומען אויף אן אנדער וועג. דעם צדיק קאן גאר ניט העלפען זיין אמאליגע צדקות, אויב ער געהט איצט אויף א שלעכטען וועג; ווען דער רשע ווידער טוט תשובה, וועט ער לעבען און זיינע אמאליגע זינד וועלען ניט דערמאנט ווערען; ווארים גאט וויל ניט, אז דער רשע זאל שטארבען, נאר אז ער זאל טאן תשובה און בלייבען לעבען (י"ח).

מיט דער לעהרע, אז דער מענש איז פאראנטווארטליך נאר פאר זיינע אייגענע מעשים, האט יחזקאל צעשטערט דעם גלויבען פון פאלק, אז מען איז איצט גוט און פרום, נאר מ'ליידט פאר די זינד פון די עלטערן, א גלויבען וואס האט געפונען זיין אויסדרוק אין דעם באקאנטען ווערטיל: „די פא־טערס האבען גענעסען זויערע ווינטרויבען און די זיהן האבען געקר־אגען האיליגע צייהנער“ (י"ח 1). און מיט דער איבערצייגונג, אז גאט וויל ניט אז דער רשע זאל שטארבען, נאר אז ער זאל תשובה טאן און לעבען, האט יחזקאל פארטריבען יענע שטימונג, וועלכע האט נעגלויבט, אז מ'וועט מוזען אין גאנצען אונטערגעהן אונטער דעם דרוק פון די אייגענע זינד און פון די זינד וואס מ'האט גע'יריש'עט פון די פאטערס (ל"ד 10, 11). די געוויסקייט, אז מ'האט א גאט, וועלכער איז גענייגט מוחל צו זיין האט אריינגעגעבען דעם פאלק כוחות אריבערצוטראגען די נגענוווארט און צו דערוווארטען א נייע, גליקליכערע צוקונפט.

אויך אין דעם פרט פון גייסטיגען אינדיווידואליזם געהט יחזקאל איז די פוסטריט פון זיינע פארגעהער. שוין ירמיה האט אויסגעדריקט דעם געדאנק פון דער פערזענליכער אחריות פון יעדען יחיד (ירמיה ל"א 28, 29). יחזקאל האט אבער גרינטליכער אויסגעארבייט דעם דאזיגען געדאנק, און זיין לעבעדיגע און שארפע אילוסטראציע מאכט א שטארקערען רושם איידער די קורצע דערקלערונג פון זיין לעהרער.

## זיין פלאן פאר דער אידישער צוקונפט.

איינע פון די פיעל אומדערקלערליכע זאכען איז די איינשטימיגקייט און געוויסקייט, מיט וועלכער די נביאים פון יענער פעריאדע האבען דערקלערט, אז זייער פאלק וועט זיך צוריקקעהרען אין זיין לאנד און דארטען ווידער אויפגעריכט ווערען. אין פרטים זיינען זייערע בילדער פון דער צוקונפט פארשידען, אבער בנוגע צו די הויפט־פאקטען שטימען זיי פולקום איין. נאך פאר דעם חורבן פון ירושלים האט יחזקאל נביאות געזאגט, אז יהוה וועט זיכער צונויפזאמלען זיין צעשפרייט פאלק. שפעטער, ווען די הייליגע שטאדט איז געלעגען אין חורבות, און די אידען זיינען געווען אין גלות אדער אין קבר, האט ער ווידער איבערגע'חזר'ט דיזעלביגע נביאות אין דעם באקאנטען משל פון דעם טאל מיט די פארטריקענטע ביינער. איז דעם דאזיגען משל האט ער דערקלערט, אז די אידישע נאציאן, וועלכע איז דעמאלט געווען מאראליש און פיזיש טויט, וועט ווידער אויפגעלעבט ווערען דורך יהוה און באשאנקען ווערען מיט א נייעם און גלענצענדערען לעבען (ל"ז 1—14); און אין דערזעלביגער צייט וועלען אלע פעלקער, וואס זיינען געווען אידישע שונאים, לגמרי פארטיליגט ווערען. צוליב זיין כבוד, וואס איז אזוי שטארק פארשוועכט געווארען דורך די, וועלכע האבען איהם רעפרעזענטירט פאר דער וועלט, וועט זיי יהוה געבען א נייע הארץ פון פלייש, אנשטאט זייער אלטע הארץ פון שטיין (ל"ו 21—26). ער וועט ווידער באנייען דעם אלטען און געבראכענעם בונד און ער גופא וועט זיך צוריקקעהרען צו וואוינען פון דאס ניי אין ירושלים צווישען זיין פאלק (ל"ז 26—28). עס איז אויך אינטערעסאנט צו באמערקען, אז אין יחזקאל'ס צוקונפט־בילד פון דעם ניי אויפגעשטעלטען אידישען קעניגרייך האבען די אידען פון צפון ישראל א חלק פונקט ווי די אידען פון יהודה (ל"ז 16—22). איטליכען פון די אלטע שבטים וועט צוגעטיילט ווערען א באשטימטע שטיק לאנד אין ארץ ישראל (מ"ז 13). איבער דעם פאראייניגטען פאלק וועט

רעגירען יהוה׳ס טרייער קנעכט, אן אפגעשטאמטער פון דער קעניגליכער פאמיליע פון יהודה, וועלכער וועט זיין באהערשט פון דיזעלבינע דערהויבענע כונות ווי דער גרויסער ערא־בערער־קעניג פון ישראל, דוד (ל״ד 23, 24 ; ל״ז 24—48). יחזקאל שילדערט דעם אומאונטערבראכענעם פרידען און דאס אומבאגרעניצטע גליק, וואס וועט סוף־כל־סוף קומען צו דעם צוריק אויפגעריכטען פאלק, נאך אין גלענצענדערע פארבען ווי די פריהערדינע נביאים (ל״ד 24—29 ; ל״ו 8—15). ער האט אבער ניט פארמאכט זיינע אויגען אויף די פעהלערן פון זיין פאלק און האט אנערקענט, אז עס איז נויטיג געווען א לאנגער פראצעס פון רייניגונג איידער די אידען וועלען ווערט זיין צו ווערען בירגער פון דער מלוכה, וועלכע יהוה האט בדעה אויפצושטעלען מיט ירושלים אלס איהר צענטער.

זיך באנוצענדיג מיט דער ערפאהרונג פון דער פארגאנגענהייט און געגענדיג אין דער ריכטונג צו א גרעסערען צערעמאניאליזם, וואס האט זיך אויסגעדריקט אין ספר דברים און אין דער רעפארם פון יאשיהו, האט יחזקאל פארגעצייכענט פאר דער צוריק־אויפגעשטעלטער מדינה א פלאן, וואס האט באצוועקט אויסצובעסערען די חסרונות פון דעם פריהערדיגען סיסטעם און אויסצודריקען דורך פארם און צערעמאניע די אמת׳ען, וועלכע ער האט געהאלטען פאר וויכטיג. נאטירליך איז דער פלאן איז אלגעמיין אויסגעלעגט געווארען לויט דער אידישער מלוכה און דעם בית־המקדש פון פאר דעם גלות, מיט וועלכע ער איז אזוי גוט באקאנט געווען; אבער זיין פרוכטבארער גייסט האט פארגעשלאגען אסך זאכען, וואס זיינען געווען לגמרי ניי, און ניט ווייניג זאכען, וואס האבען זיך ארויסגעוויזען אלס אומפראקטיש לויט די ממשות׳דיגע פאקטען. זיין כונה זעהט זיך אבער באשיינפערליך. מיט׳ן פארשרייבען געזעצען מיט אלע זייערע פרטים האט ער געציעלעוועט צוצומאכען אלע עפענונגען אין דער תורה פון ספר דברים, דורך וועלכע דער אלטער געצענדינסט האט זיך אריינגעכאפט, און ארומצוריינגלען די מיטגלידער פון דער אויפגעשטעלטער געמיינדע מיט השפעות, וועלכע האבען געזאלט פארזיכערען זייער פולע אנטוויקלונג.

לויט דער דאזיגער זעהונג יחזקאל׳ס איז דער צענטער פון דעם לעבען פון דער געמיינדע געווען ניט דער פאלאץ, נאר דער בית־המקדש, וואו עס האט געוואוינט יהוה, דער אנערקענטער קעניג פון ישראל. כדי אויסצוהיטען זיין הייליגע וואוינונג פון א צו נאהענטער באריהרונג מיט דעם לעבען פון דער שטאדט און כדי צו באטאנען די אידעע פון זיין הייליגקייט האט דער בית־המקדש געזאלט זיין ארומגערינגעלט מיט צוויי

רייהען פון ברייטע הויפען, איינגעשלאָסען דורך מויערן ארום און באוואכט דורך גרויסע טויערן. דעם דאָזיגען שטח פון אינוועניג האָט, אין היפוך צו דעם פריהערדיגען מנהג, קיין פרעמדער (בן נכר) ניט געטאָרט מיט זיין פוס באטרעטען; אפילו די ניט־אידישע קנעכט, וועלכע האָבען פאר'ן גלות געטאָן גראָבע ארבייט אין בית־המקדש, האָבען געזאָלט אויסגעשלאָסען ווערען. זייער פּלאַץ האָבען געזאָלט אויספילען די לויים, וועלכע האָבען לויט'ן געזעץ פון ספר דברים געקאָנט ווייטער נעמען אַנטייל אין דער עבודה פון בית־המקדש*). אזוי אָבער ווי זיי זיינען פריהער געווען פארבונדען מיט די במות, האָבען זיי געזאָלט דערקלערט ווערען אלס גייסטליכע פון א ני־דעריגערען ראַנג (יחזקאל מ"ד 10—14). די העכערע פונקציעס האָבען פון איצט אָן געזאָלט דורכגעפיהרט ווערען נאָר דורך די זיהן פון צדוק, דאָס הייסט: פון די אורשפּרינגליכע כהנים פון דעם בית־המקדש אין ירושלים. די צאָהל פון די קרבנות אין נאָמען פון דער נאַציאָן זאָל אסך פארגרעסערט ווערען, און דער ריטואַל זאָל פּינקטליכער אויסגעארבייט ווערען; בעת די פּריוואַטע קרבנות פון די פריהערדיגע צייטען זיינען כמעט אין גאַנצען פאר־שוואונדען. א וויכטיגער פּלאַץ, וואָס זיי האָבען פריהער קיינמאָל ניט פאר־נומען, איז אויך אָפּגעגעבען געוואָרען צו די זינד־אָפּפער. פאר דעם אָנהויב פון ערשטען און זיבעטען חודש (ניסן און תשרי) זיינען באַשטימט געוואָרען ספּעציעלע זינד־אָפּפער. פּאַקטיש האָבען כמעט אַלע קרבנות, וואָס מ'האָט מקריב געווען אין נאָמען פון דער נאַציאָן, געזאָלט איצט זיין פון אַט דער נאַטור. פון איצט אָן האָט די לעהרע פון די נביאים בנוגע צו דער שרעק־ליכקייט פון זינד געזאָלט איינגעקריצט ווערען אין די הערצער פון פאָלק דורך דעם ריטואַל פון בית־המקדש.

אין יחזקאל'ס סיסטעם פארטונקעלט די כהונה לגמרי די מאָנאַרכיע. די הויפּט־ראָלע פון דעם פירשט, וועלכער שטעלט פאָר דעם אַמאָליגען קעניג, האָט געזאָלט זיין צו פארזאָרגען די נאַציאָן מיט די קרבנות, וועלכע האָבען געזאָלט פון איהרט וועגען געבראַכט ווערען. פאר אַט דעם צוועק בלויז האָט ער געזאָלט קריגען א באַשטימטע הכנסה פון פאָלק. זיין רעכט פון אַמאָל איינצוזעצען כהנים און זיי צו זאָגען א דעה איז פאַרשוואונדען. די לאַגע איז פונקט פארקעהרט: דער פירשט איז ניט מעהר ווי א דינער פון היילִיגטום. אין דער נייער חלוקה פון דער טעריטאָריע פון יהודה טיילט יחזקאל צו צו די כהנים און די לויים דאָס ווינשענסווערטסטע שטיק לאַנד

*) דברים י"ח 6—8. פארגלייך אויבען ז. 134.

ארום דעם בית־המקדש. אויף אזא׳ן אופן האָט אָט דער ענערגישער כהן־נביא פון גלות פאָרמולירט די ערשטע קאָנסטיטוציע פון א ריין גייסטליכער מדינה. נאַטירליך האָט מען די דאָזיגע קאָנסטיטוציע אוועקגעלעגט אָן א זייט ביז דער צווייטער בית־המקדש איז אויפגעבויט געוואָרען; אָבער פיל דאָן אָן זיינען פיעל פון איהרע פאָרשלאָגען אָנגענומען געוואָרען אין גאַנצען אָדער אין א מאָדיפיצירטער פאָרם.

מ׳מעג באמת זאָגען, אז יחזקאל האָט אויפגעצייכענט א רויהען פּלאַן, וועלכער איז, אין אן אויסגעאַרבייטער פאָרם, געוואָרען דער פּראָגראַם פון די שפּעטערע דורות. מיט איהם האָט זיך אָנגעהויבען די קאָדיפיצירונג און לאַנגזאַמע אויסברייטונג פון די עלטערע ריטועלע געזעצען, וועלכע האָבען דערגרייכט זייער העכסטען פונקט אין די גענוי מיט די קלענסטע פרטים אָנגעגעבענע דינים פון די סופרים. די מעהרסטע אידעען, וועלכע זיי האָבען באַטאָנט: די אויפהייבונג פון דער כהונה, די הייליגקייט פון בית־המקדש, די גענויע אָפּשיידונג צווישען „טהור" און „טמא" און די קרבנות מכפּר צו זיין אויף די זינד — פאַרנעמען אויך א בולט׳ען פּלאַץ אין יחזקאל׳ס סיסטעם. ער פאַרנעמט דעריבער א באַדייטענדע פּאָזיציע אַלס פאַרמיטלער צווישען דעם עלטערען און איינפאַכערען קאָדעקס, וואָס איז אנטהאַלטען אין ספר דברים און אין ספר הברית*), און די מעהר אין פרטים אויסגעאַרבייטע דינים פון „תורת כהנים." דורך שפּעטערע אומשטענדען איז יחזקאל׳ס פּראָגראַם אין אַכד פרטים מאָדיפיצירט געוואָרען. דער מאָג איז נאָך ניט געוועזען געקומען, ווען וועלכער ניט איז סיסטעם פון געזעצען זאָל באַטראַכט ווערען פאַר ענדגילטיג, וואָס קאָן שוין מעהר ניט געענדערט ווערען. יחזקאל׳ס תקנות זיינען רעווידירט געוואָרען פונקט אזוי פריי ווי ער האָט מאָדיפיצירט די תקנות פון ספר דברים. „די תורה" איז נאָך געוועזען אין א פּראָצעס פון פאָרמירונג. צום ביישפּיל, די מאַכט און די פליכט, וועלכע יחזקאל האָט צוגעטיילט צו דעם פירשט פון דור׳ס הויז, האָט צוגענומען דער כהן גדול, אז אמט וואָס דער כהן־נביא פון גלות האָט אין זיין פּראָגראַם ניט אריינגענומען. שפּעטערע דורות האָבען אויך אָנגענעבען אז אנדער היסטאָרישען גרונט פאַרוואָס די לויים, די כהנים פון די במות, זיינען אונטערוואָרפען געוואָרען אונטער די „בני צדוק" — די אורשפּרינגליכע כהנים פון ירושלים. די פּריסטערליכע שריפט פון תורה, וועלכע עזרא האָט געבראַכט פון בבל קיין ארץ ישראל, איז מייחס די כהנים פון ירושלים

*) זעה אין באַנד 1, ז. 289.

צו אהרן'ען. וועמען גאט זאל שוין האבען אויסגעקליבען אין מדבר פאר דעם הויפט־דינער אין זיין הייליגטום. אסך אנדערע תקנות, וועלכע האבען באַ־צוועקט צו פארגרעסערען די הכנסות פון בית־המקדש און פון זיינע דינער, זיינען צוגעלעגט געווארען, ווען עס זיינען אויפגעקומען נייע באדערפעניסען און דער ריטואל איז געווארען מעהר קאמפליצירט. פון דער אנדערער זייט זיינען פיעל פון די אומפראקטישע עלעמענטען אין יחזקאל'ס פלאן, ווי למשל די אייגענווילליגע צעטיילונג פון דער טערריטאריע פון ארץ ישראל און דער פלאן פון דעם בית־המקדש פשוט איגנארירט געווארען אין די שפע־טערדיגע צושטענדען. עס איז דערפאר געווען ניט מעהר ווי נאטירליך, וואס אין דעם ערשטען יאהרהונדערט (נאך דער קריסטליכער צייט), ווען די טראדיציע וועגען דעם אורשפרונג פון דער תורה איז שוין געווען אלגעמיין אנגענומען ביי די אידען, האבען זיי דערקענט די פיעל חילוקי־דעות צווישען יחזקאל און דעם נאך מעהר אויסגעארבייטען געזעצבוך פון „תורת כהנים" און האבען געשטעלט אין פראגע די אויטאריטעט פון דעם נביא*). אין דעם ליכט פון דער היסטאריע אבער פיגורירט ער אלס דער גרעסטער פון פיעלע, וועלכע האבען אין דער קריטישסטער צייט פון גלות געטראכט פון דער צוקונפט פונקט ווי פון דער געגענווארט און האבען געשאפען יענע סיסטעמען פון געזעצען, וועלכע זיינען אין זייער ענדגילטיג־רעווידירטען און צוזאמענגעשטעלטען נוסח געווארען דער ריכט־שנור פון יודענטום. יחזקאל איז געווען דער טעפער, וואס האט איבערגענומען די געצייג פון די פריהערדיגע כהנים און נביאים און האט אויפ'ן ראד פון זיין צייט מארע־לירט דאס אויסערליכע רעליגיעזע לעבען פון זיין פאלק.

## 7.

## די לעצטע יאהרען פון דער באבילאנישער הערשאפט.

נאך א מעכטיגער דריי און פערציג יעהריגער הערשאפט, איז דער גרוי־סער נבוכדראצר אין יאהר 561 געשטארבען, איבערלאזענדיג א גוט ארגא־ניזירטע אימפעריע, וואס פון אויבען אויף האט זיך געדוכט, אז זי איז געווען בכוח זיך צו האלטען הונדערטער יאהרען. אבער אין וועניגער ווי א פערטיל

---

*) אמר רב יהודה אמר רב ברם זכור אותו האיש לטוב וחנניה בן חזקיה שמו שאלמלא הוא נגנז ספר יחזקאל שהיו דבריו סותרים דברי תורה מה עשה העלו לו ג' מאות גרבי שמן וישב בעליה ודרשן, שבת י"ג עמוד ב, מנחות מ"ה עמוד א.

יאָהרהונדערט האָט זי געטיילט דעם גורל פון דער אשורישער אימפעריע.

נבוכדראַצר'ס נאָכפאָלגער איז געווען זיין זוהן אויל־מרודך (באַבילאָניש, „אמיל־מאַרדוק," דער מאַן אָדער קנעכט פון מאַרדוק). דער נייער הערשער איז קענטיג געווען איינער פון די פיעל שוואַכע פּראָדוקטען פון אָריענטאַלישען הארעם. לויט גריכישע קוועלען איז ער געווען שוואַך אין כאַראַקטער און דעספּאָטיש אין זיין הערשאַפט. דאָס האַרמאָנירט ניט גוט מיט דעם באַריכט אין ספר מלכים (ב, כ"ה 27—30). לויט וועלכען אויל־מרודך האָט באַפרייט דעם קעניג יהויכין, נאָכדעם ווי דער לעצטער איז געזעסען 37 יאָהר אין באַבילאָנישע געפענגענישען, און האָט איהם געגעבען א פּלאַץ ביים קעניגליכען טיש. די באַפרייאונג פון יהויכין איז נאַטירליך געווען איינע פון אסך עהנליכע האַנדלונגען. פיליי cht האָט אויל־מרודך ניט געהאַט אזא שטאַרקען יראת־הכבוד פאַר דער הערשענדער פּריסטערליכער פּאַרטיי, פון וועמען די שטרענגע שטראָף האָט געשטאַמט. יעדענפאַלס איז זיין רעגירונג געווען זעהר א קורצע און האָט זיך טראַגיש געענדיגט. ער איז דער'הרג'עט געוואָרען אין אן אויפשטאַנד אָנגעפיהרט דורך זיין שוועסטער'ס מאַן נעריגליסאַר („נערגאַל־שאַר־אוצור", נרגל, באַשיץ דעם קעניג !). וועלכער האָט נאַטירליך פאַרנומען זיין פּלאַץ אויפ'ן טראָן (556-560).

דער נייער הערשער איז וואַהרשיינליך געווען „נרגל־שראַצר" פון ירמיה (ל"ט 13), וואָס איז געווען איינער פון די הויכע באַאַמטע, אין וועמעס רשות ירושלים איז איבערגעגעבען געוואָרען נאָך דער עראָבערונג. אויב דאָס איז ריכטיג, איז ער געווען פון נבוכדראַצר'ס דור, און זיין קורצע פיער־יעהריגע רעגירונג איז געענדיגט געוואָרען, קען זיין, דורך זיין הויכען עלטער. זיין נאָכפאָלגער איז געווען זיין זוהן לאַבאַסי־מאַרדוק, וועלכער האָט רעגירט בלויז 9 חדשים (556), ווען ער איז אומגעבראַכט געוואָרען דורך א קאָנספּיראַציע פון אַדעלינגע.

איינער פון די אנטיילנעמער אין דער פאַרשווערונג איז געווען א מאַננאַט מיט'ן נאָמען נאַבאָניד („נאַבו־נאַאיד," נבו איז דערהויבען), וועלכער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אלס קעניג און האָט רעגירט ביז דעם צוזאַמענפאַל פון דער אימפעריע (556-539). פון איהם האָבען מיר וויכטיגע פערזענליכע אויפשריפטען: מ'האָט אויך געפונען אסך מסחר־מאַוולען פון זיין צייט. ער איז באַרימט אלס אויספאָרשער פון אַלטע חורבות און ווייערע באַגראָבענע דאָקומענטען, און אויך אלס בויער און באַנייער פון טעמפּלען. זיין הויפּט־אויסצייכענונג איז אָבער דאָס וואָס ער האָט געשאָנקען

מעהר אויפמערקזאמקייט צו די טעמפלען פון די געטער אויסערהאלב דעם באצירק פון בבל ווי צו די טעמפלען פון דער הויפטשטאדט גופא. מ׳מוז נאך צולעגען דערצו דעם פאקט, אז ער האט פארגעצויגען צו וואוינען ניט אין דער הויפטשטאדט, נאר אין א פארשטאדט מיט׳ן נאמען ט ע מ א. די קאמאנדע פון דער ארמיי איז געפאלען צו זיין זוהן בלשאצר („בעל־שאר־אוצור," בל, באשיץ דעם קעניג!), וועמעס נאמען איז אונז באקאנט פון ספר דניאל און וועלכער האט געשפילט זיין ראלע גוט ביז׳ן ענד.

איז זיין אינערליכער פאליטיק געווען פאפולערער ביים פאלק ווי די אינערליכע פאליטיק פון זיינע פארגעהער? עס ווייזט אויס, אז לכל הפחות א געוויסע צייט איז זי עס טאקע אזוי געווען. אבער דאס וואס ער האט אסך בילדער פון די געטער אריבערגעפיהרט פון זייערע אלטע הייליגטימער אין נייע פלעצער, וואו זיי וועלען בעסער אויפגעפאסט ווערען, האט געמוזט ארויסרופען א ביטערע נעגענערשאפט צו איהם אין יענע אלטע הייליגע פלעצער. אויך זיינען אסך פון זיין פאלק קענטיג ניט געווען צופרידען דער־מיט וואס ער האט זיך אפגעגעבען מעהר מיט די אלט־באבילאנישע געטער איידער מיט מרודך און נבו. און בכלל איז באלד געקומען א צייט, וואס האט געפאדערט פון דעם הערשער פון באבילאניען מעהר ווי פרומקייט און טעמפעל־בנינים, און דאס פאלק פון דער הויפטשטאדט איז צום סוף געווא־רען גלייכגילטיג צו א קעניג, וועמעס געשמאק איז געלעגען אין אויסגראבען אלטע טעמפלען און חורבות פון אונטער דר׳ערד.

8.

## כורש און די פערסער.

מיר זיינען איצט אנגעקומען ביי א צייט־פונקט, ווען דער אלטער סעמיטישער רעזשים אין מערב־אזיען מאכט פלאץ פאר מדי־פרס, אדער אין א ברייטערען זין פאר די אריער. מיט די האבען מיר זיך שוין פריהער־באקאנט אלס הויפט־פאקטאר אין דער צעשטערונג פון נינוה. איצט וועלען מיר דארפען באטראכטען זיי און זייערע קרובים די פערסער אלס שותפים אין נאך א גרעסערער אונטערנעמונג. ביידע, די מעדער און די פערסער, זיינען געווען פון דער איראנישער ראסע. די איראניער זיינען געווען איינער פון די פיעל צווייגען פון דער אינדא־איראפעאישער פעלקער־פאמיליע. די איראניער צוזאמען מיט זייערע קרובים, דאס סאנסקריט־ריידענדע פאלק

פון הינדוסטאן, האבען צונויפגעשטעלט דאס וואס ווערט אין ענגערען זין באצייכענט אלס „אריער.“ זיי זיינען אויך געווען נאהנט פארבונדען מיט די סקיטען און די ארמעניער. דעם צושטאנד פון די איראניער אין דער פאר־היסטארישער צייט ווייסען מיר ניט. פון דער היסטארישער צייט ווייסען מיר, אז צוזאמען מיט די מעהר אדער ווייניגער ציווילעזירטע מיטגלידער פון דער ראסע, וואס האבען זיך באזעצט אין איראן גופא, האט אייך א גרויסע צאהל פון פארוואנדטע נאמאדען זיך ארומגעטריבען אין די סטעפעס פון צפון. פון די באזעצטע שבטים שטאמט דער נאמען „איראן“ (אריאנא).

דאס לאנד ציהט זיך פון דעם טיגריס (חידקל) ביז צום אינדוס און פון דעם פערסישען גאלף ביז צו די היינטיגע רוס־ישע גרעניצען אין אזיען. אין דרום־מערב־ווינקעל פון די הויכלענדער פון איראן איז געלעגען דער קליינער דיסטריקט, וועלכער איז באקאנט געווען אין דער אלטער צייט אלס פערסיס. ווען די דאזיגע געגענד איז באזעצט געווארען פון יענעם צווייג פון דער איראנישער ראסע, וועלכער האט איהר געגעבען דעם נאמען, איז ניט זיכער. יעדענפאלס שטעלען די פערסער פאר א שפעטערע וואנדערונג פון די איראניער צו מערב איידער די מעדער.

כורש, דער גרינדער פון דער פערסישער אימפעריע, ווערט באצייכענט אין די אויפשריפטען אלס „קעניג פון אנשאן,“ אדער „אנזאן.“ כורש אין זיין אויפשריפט גיט אונז א לאנגע ליסט פון זיינע אורפאטערס, וועלכע האבען, פונקט ווי ער, רעגירט אין אנשאן, און ער דערצעהלט אונז, אז ער איז געווארען קעניג אין יאהר 559 פאר דער קריסטליכער ערא. אנשאן איז געווען א געגענד אין דרום פון עילם, שוין באקאנט אין די אלט־באבילאנישע צייטען. עס איז העכסט וואהרשיינליך, אז נאכדעם ווי אשור איז געווארען אפגעשוואכט, איז די דאזיגע געגענד פון עילם פארנומען געווארען פון א פערסישער קאלאניע און איז געווארען א קעניגרייך. אין אן אויפשריפט פון נאבאניד ווערט דערצעהלט, אז כורש דער קעניג פון אנזאן, דער אומבאדייטענדער וואסאל פון אסטיאגעס (דעם קעניג פון מדי), האט צושלאגען מיט זיין קליינעם חיל די צאהלרייכע סקיטען (אומיאן־מאנדא). אין נאך אן אויפשריפט שטעהט עס, אז „דאס פאלק פון אסטיאגעס האט רעוואלטירט געגען איהם, האט איהם געפאנגען גענומען און איבערגעגעבען צו כורש'ן אין די הענט. כורש האט מארשירט געגען דער הויפטשטאדט עקבאטאנא, האט צוגענומען דאס זילבער, דאס גאלד און דאס פארמעגען פון דער טעריטאריע פון עקבאטאנא און האט עס געבראכט אין אנשאן.“

דאס איז געשעהן אין יאהר 549. דא איז כדאי צו באמערקען צוויי זאכען. ערשטענס, אז אסטיאגעס האט געהאט א געגענערשאפט צו זיך אין מדי גופא, און צווייטענס, אז די מעדער ווערען אנגערופען אין די אויפשריפטען מיט א נאמען וואס באדייט „גרויסע הארדען" (אומאן־מאנדא) און איז אן אלגעמיינע באצייכענונג פאר די נאמאדען, ווי די קימערער און סקיטען, וועלכע האבען פון אסר־חדן'ס צייט אן זיך געשטופט אין מערב־אזיען. ער זעהט דערפון אויס, אז אסטיאגעס גופא איז געווען א סקיט, וועלכער האט פארנומען דעם פלאץ פון דעם מעדער קיאקסארעס, נאכדעם ווי די סקיטען האבען זיך באזעצט אין א גרויסער צאהל אין מדי און האבען טיילווייז זיך פאראייניגט מיט דער עלטערער באפעלקערונג.

ארום יאהר 585 (פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג) איז לויט די גריכישע היסטאריקער געשלאסען געווארען אן אפמאך צווישען נבוכדראצר פון בבל, אליאטעס פון לידיען און קיאקסארעס פון מדי, דעם עראבערער פון נינוה. דער דאזיגער אפמאך האט געבראכט ארום דרייסיג יאהר פון א פארהעלטענישמעסיגען פרידען און פון פראספעריטעט אין מערב־אזיען. עס איז אבער געווען א באוואפענטער פרידען. נבוכדראצר האט אויסגע־נוצט די שטילע יאהרען צו באפעסטיגען זיין הויפשטאדט און זיין לאנד גע־גען זיין בונד־חבר פון צפון. מיט דעם פאל פון נבוכדראצר'ס הויז און מיט דער טראן־באשטייגונג פון נאבאניד איז איבערגעריסען געווארען די פריינד־ליכע פארבינדונג צווישען בבל און דער מלוכה פון מדי. אזא מלוכה ווי מדי, וועלכע איז אויפגעקומען אזוי פלוצלונג און איז געווען צוזאמענגע־שטעלט פון פארשידענע עלעמענטען, האט געמוזט שנעל צוזאמענפאלען, ווען די מאכט וואס האט זי צוזאמענגעהאלטען איז אריינגעקומען אין די הענט פון א שוואכען הערשער. אסטיאגעס, דער נאכפאלגער פון קיאק־סארעס, האט, ווי עס ווייזט אויס, פארמאגט ווייניג פון די פעהיגקייטען פון זיין פארגעהער. ס'איז אויך קיין ספק ניט, אז די אלטע מעדישע באפעלקערונג האט נאר געווארט אויף א שטארקען מאן, ארום וועלכען זיך צונויפצוזאמלען כדי אראפצואווארפען פון זיך דעם פארהאסטען יאך פון פרעמדען עראבערער. דאס הארמאנירט זעהר גוט מיט דעם פאקט וואס העראדאט דערצעהלט, אז אסך מעדער זיינען אריבערגעגאנגען צו כורש'ן.

פון איצט אן איז די וועלט־מלוכה געווען מעדיש־פערסיש. איהר מא־ראלישער כוח איז אבער דער עיקר געווען פערסיש. אין יאהר 546 טרעט כורש אויף צום ערשטען מאל מיט'ן טיטעל „קעניג פון פערסיען."

דער נייער עראבערער האט פאראייניגט אין זיך צוזאמען מיט דער

פעהיגקייט פון א גרויסען קאמאנדיר אויך די געניטקייט פון א דיפלאמאט און די חכמה פון א קלוגען שטאטסמאן. ער האט געוואוסט צו ווארטען פונקט אזוי גוט ווי צו מאכען א פלוצליכען אנפאל. אין יאהר 547 איז ער אריבערגעגאנגען דעם טיגרים און האט איינגענומען און אונטערווארפען די ברייטע פלאכלענדער פון מעסאפאטאמיען אין צפון־זייט פון בבל, וועלכע האבען אמאל געהערט צו אסטיאגעס און זיינען נאכהער צייטווייליג פארנומען געווארען פון נאבאניד. אויף אזא'ן אופן האט ער גאנץ פריה אין זיין קאריערע אויפגעשטעלט א באזיס פאר אן אטאקע אויף זיין נאך מעכטיגען קאנקורענט; אבער עס איז ניטא קיין זיכערע ראיה, אז ער האט געוואגט די אטאקע אין יענער צייט. איינזעהענדיג דעם אומבאצווינגליכען כאראקטער פון די גרויסע מויערן, וואס האבען ארומגערינגעלט בבל, האט ער קענטיג זיך צוריקגעהאלטען דערווייל פון עראבערונגען אין יענער ריכטונג. אנשטאט דעם האט ער, ווי עס ווייזט אויס, געזוכט דורך אינטריגעס נאך מעהר אפצוקיהלען די לוידארימע געטריישאפט, וואס די באבילאניער האבען געפיהלט פאר זייער מאדנעם קעניג.

אונטערדעסען האט כורש, אין יאהר 546, צוגעווענדט זיין אויפמערקזאמקייט צו דער אלטער שטרייטיגקייט צווישען די מעדער און די לידיער, וועלכע זיינען, אונטער זייער רייכען קעניג קרעזוס, געווען די הערשער פון צענטראלען טייל פון קליינאזיען. דער קעניג פון לידיען האט געמאכט דעם אנפאל, און אין קאפאדאסיען איז פארגעקומען א שלאכט אהן אן אנטשיידונג. ווען קרעזוס האט זיך צוריקגעצויגען, מיינענדיג, אז די מלחמה איז איצט אפגעשטעלט, איז איהם כורש נאכגעגאנגען, האט צעשלאגען זיין ארמיי און האט באלד געהאט אין זיינע הענט זיין הויפשטאדט, סארדים. די גריכישע קאלאניעס אין קליינאזיען זיינען געווען די נעכסטע אטאקירט צו ווערען. מאנכע פון זיי האבען זיך אונטערווארפען מיט'ן גוטען ווילען, בעת אנדערע האבען ארויסגעוויזען א מוטיגען ווידערשטאנד; אבער דער מאנגעל אין א פאראייניגטער ארגאניזאציע צווישען די גריכען האט נעהאלפען כורש'ן, אזוי אז ער האט באלד אויסגעשפרייט זיין הערשאפט ביז דעם עגעאישען ים. נאכדעם ווי ער האט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין הויפטשטאדט האט זיין ארמיי באקעמפט מיט ערפאלג די האלב־ציווילעזירטע הארדען אין מזרח־זייט פון זיין אימפעריע. ערשט אין יאהר 538 זיינען די באדינגונגען געווען רייף פאר דער עראבערונג פון דער שטאלצער הערשערין פון אונטערסטען פרת. דער רעזולטאט פון דעם קאמף, וואס האט געזאלט באלד אויסברעכען, איז קלאר געווען פאר איינעמען, וועלכע האבען

אנערקענט, אז די פערסישע וואפען שטייגען אריבער די וואפען פון יערע אנדערען פאלק אין דרום־מערב־אזיען. פאר די וואס האבען געוואוסט די אינערליכע שוואכקייט און קארופציע פון דער באבילאנישער אימפעריע איז געווען קלאר, אז די פרוכט, אויף וועלכער כורש האט אזוי לאנג געווארט, איז צייטיג געווען.

9.

## נבואה אין די לעצטע יאהרען פון דער באבילאנישער הערשאפט.

ישראל האט אנגעהויבען אין באבילאניען א נייע גייסטיג לעבען אין אמת'ן זין פוןווארט. אין קנעכטשאפט האט ער געלערענט אזוינע זאכען, וואס ער וואלט קיינמאל ניט געלערענט אין פרייהייט. זיין געפענגעניש איז באלד געווארען זיין שולע, וואו עס האבען זיך אויך זיינע לעהרער דערצויגען. זיי זיינען דארטען געווארען ברייטער און טיפער און האבען זיך געשטעלט איבער זיך, איבער זייער פאלק, איבער זייער צייט און איבער דער וועלט גופא. די מאראלישע השפעות פון גלות האבען געווירקט אין אידישען לעבען לאנג פריהער איידער די פאנטאזיע פון די זעהערס האט פול ערוואכט. און דער טויט פון נבוכדראצר און די אויפרודערונג וואס איז נאכהער געקומען האבען אויפגעבלאזען דעם צאנקענדען נביא'ישען פייער; און ער האט דאן אויפגעפלאמט העלער ווי ווען עס איז. נייע געדאנקען זיינען אויסגעדריקט געווארען אין די העכסטע פאעטישע פארמען: נייע השגות וועגען יהוה, וועגען זיין מאכט און השגחה און ציל, וועגען דעם גורל פון ישראל און פון דער וועלט.

די הערשאפט פון נבוכדראצר איז געווען אזוי לאנג און דריקענד, אז די פארטריבענע אידען האבען געקוקט אויף זייער באפרייאונג ווי אויף א פאסירונג פון דער אומבאשטימטער צוקונפט. אבער נאך זיין טויט איז, לויט דער מאדע פין אלטען מזרח, געווען אומעטום אן אומרוהיגקייט און אויפרעגונג. וואס ווייטער האט מען אלץ מעהר געזעהן ווי אינערליך שוואך דער כאלדעאיזם איז. די קאנספיראציעס און רעוואלוציעס וואס זיינען געקומען נאכהער האבען נאר געקאנט פארשטארקען די אומרוהיגקייט, און דער כאראקטער און די אויפפיהרונג פון נאבאניד האבען נאך צוגעהאלפען דערצו. עס איז וואהרשיינליך אז אין אנהויב פון נאבאניד'ס רעגירונג איז געשריבען געווארען און איז ארומגעגאנגען פריוואט צווישען די אידען אין גלות דאס שטיק אין ישעיה י"ג—י"ד 23. די טעמע פון דער נבואה איז די

צעשטערונג פון בבל דורך מדי, און די השפּעה פאַר דעם האָט זי באַקומען פון דעם אַגרעסיווען גייסט וואָס די מעדער האָבען אַרויסגעוויזען אונטער דער סקיטישער הערשאַפט. מיר וויסען פון נאַבאָניד׳ן, אַז דער צפון־גרענעץ פון באַבילאָניען איז באַאומרוהיגט געוואָרען פון אַסטיאַגעס׳עס אונטערטאַנען, און אַז ערשט ווען כורש האָט זיך אַריינגעמישט איז געקומען א פאַרלייכטערונג. דער אַלגעמיינער שרעק פאַר די מעדער האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין דעם שרעק וואָס נאַבאָניד גופא האָט געפיהלט פאַר זיי. אַז די צייט און ניט קיין אַנדערע איז דער דאַטום פון דער נבואה איז וואַהרשיינליך: (1) ווייל די מעדער און ניט די פּערסער ווערען אָנגערופען אַלס די פיינד פון בבל; (2) ווייל דער אופן פון מלחמה־פיהרונג, וואָס ווערט צוגעשריבען דעם פיינד וואָס וועט אָנפאַלען אויף בבל (י״ג 15־19) איז ניט געווען פון כורש׳עס אַרמייען, נאָר גיכער קאָן מען דערוואַרטען אַזאַ מלחמה־פיהרונג ביי סקיטישע האָרדען; און (3) ווייל עס ווערט גערעדט פון א פיינד „וואָס קומט פון א ווייטען לאַנד, פון דעם ברעג הימעל,“ אַן אויסדרוק וואָס פּאַסט ניט פאַר מדי־פּרס.

די דאָזיגע נבואה זאָגט מיט זיכערקייט פאָראויס די צעשטערונג און פאַרוויסטונג פון בבל (י״ג 19־22; י״ד 22, 23) און די ווידעראויפלעבונג פון ישראל אין זיין אייגענעם לאַנד (י״ד 1, 2). אָבער נאָך וויכטיגער איז די כאַראַקטעריסטיק פון דער באַבילאָנישער וועלט־מאַכט, וועלכע ווערט געגעבען מיט אַזאַ לירישען גלאַנץ אין דער אָדע וואָס איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין דער נבואה. דער פּאָעט האָט דאָ אין זינען געהאַט ניט בלויז דעם כאַלדעאישען רעזשים פון זיין צייט. ווען ער שילדערט אין דעם דראַמאַטישסטען שטעל פון תנ״ך ווי דער אונטערדריקער פון די פעלקער איז ענדליך שטיל געוואָרען דורכ׳ן טויט, און זיינע פריהערדיגע וואָפּלען אויף דער גאַנצער ערד זיינען מלא־שמחה מיט זייער באַפרייאונג, און אַלע טויטע טיראַנען שטעהען אויף איבעראַשט, ווען דער קעניג פון אַלע קעניגען קומט צו זיינע חברים אין דער אונטערוועלט („שאול“) — דענקט ער ביי דער גאַנצער שילדערונג פון דער היסטאָרישער טיראַניי פון אשור און בבל, וועלכע קריגט איהר לאַנג־אָפּגעצויגענעם, דאָך פון גאָט פאָראויסבאַשטימטען מישפּט. „ווי האָט אויפגעהערט דער אונטערדריקער, שטיל געוואָרען דער שטורעמדיגער! יהוה האָט צעבראָכען דעם שטעקען פון די רשעים, דעם צעפּטער פון די געוועלטיגער, וואָס האָט געשלאָגען די פעלקער מיט צאָרן, קלעפּ אָהן אַן אויפהער, וואָס האָט טיראַניזירט די נאַציאָנען, ניט אויפגעהערט זיי צו פאַרפאָלגען. רוהיג, שטיל איז איצט די גאַנצע ערד; זיי ברעכ־

כען אויס אין געזאנגען.... אין דער אונטערוועלט איז אראפּגעשליידערט געווארען דיין שטאלץ, דער קלאנג פון דיינע הארפען... די וואס זעהען דיך וועלען זיך איינקוקען אין דיר, וועלען דיך באטראכטען: איז דאס דער מאן וואס האט די ערד געמאכט ציטערען, וואס האט מלוכות צעטרייסעלט, וואס האט די וועלט פאר א מדבר געמאכט און איהרע שטעדט צעשטערט, וואס האט זיינע געפאנגענע ניט געלאזט געהן אהיים?" (י"ד 4־21).

פון א גאנץ אנדער ליטערארישען טיפּ איז א לאנגע נבואה (ירמיה נ 1—נ"א 58), וועלכע ווייזט קלאר אז אויף דערזעלביגער היסטארישער סיטואציע. קענטיג צוליב עפּעס אן עהנליכקייט אין סטיל איז זי צוגעשטעלט געווארען צו ירמיה'ס נבואות. די מערער ווערען דא אנגערופען די „מלכים פון מדי" (נ"א 11, 28; נ 41), אן אויסדרוק וואס ווייזט אויף די האלבאומאפּהענגיגע נאמאדען־הויפּטער פון די שפּעטערע מעדישע צייטען. נאך מעהר בפירוש שטעהט דא וועגען די אנגרייפער, אז זיי קומען פון צפון־לאנד*) און אז זיי זיינען א פארזאמלונג פון גרויסע נאציאנען (נ 9, 41), אזעלכע ווי עס האבען געהערט צו דער האלב־ארגאניזירטער אימפּעריע פון מדי פאר כורש'עס צייט. דער אלגעמיינער טאן פון דער נבואה איז פול מיט דערביטערונג און נקמה און אונטערשיידט זיך דערין פון דעם אומפּארטייאישען כאראקטער פון ישעיה מ—נ"ה. נבוכדראצר גופא (ווענען ירמיה האט גערופען „דער קנעכט פון יהוה") ווערט דא פארגעשטעלט אלס א לייב וואס האט צעריבען די ביינער פון דעם פארפאלגטען שאף ישראל, נאכדעם ווי אן אנדער לייב, אשור, האט אויפגעפרעסען זיין פלייש (נ 17). דעריבער וועט געגומען ווערען נקמה פון דעם מלך פון בבל, פונקט ווי עס איז גענומען געווארען נקמה פון דעם מלך פון אשור (נ 18). אז דער פארפאסער פון דער נבואה האט געשריבען אין באבילאניען איז צו זעהן פון זיין געגויער באקאנטשאפט מיט יענעם לאנד.**)

אן אנדער נבואה (ישעיה כ"א 1—10) געהערט אין מיטען צווישען דער

*) להיפּוך צו דעם ווערט געזאגט וועגען כורש'ן און די פּערסער, אז זיי קומען פון מזרח (ישעיה מ"א 2; מ"ו 11).

**) עס איז כדאי צו באמערקען ווי דער פארפאסער באנוצט זיך דא אין מאנכע פאלען מיט דעם „את־בש", אן אופן פון שרייבען, וואו דער לעצטער אות פון אלף־בית ווערט געשטעלט אנשטאט דעם ערשטען, דער צווייט־לעצטער אנשטאט דעם צווייטען, א. אז. וו. „לב־קמי" שטעהט דא אויף אזא'ן אופן פאר כשדים (נ"א 1) און „ששך" פאר בבל (נ"א 41). די ארט מיסטעריעזע שריפט איז פּראקטיצירט געווארען אין די באבילאנישע שולעס און פון דארטען האט מען עס זיך געלערענט.

מעדישער פעריאָדע און דער צייט פון כורש'עס אויפטריט נעגען בבל. דער שטאַנדפונקט פון דעם פאַרפאַסער זעהט זיך קלאָר אין פסוק 2: „שטייג ארויף, עילם! באַלאַגער, מדי!“ עילם ווערט דאָ געברויכט פאַר „אַנשאַן“*), איידער כורש האָט אָנגענומען דעם טיטעל „קעניג פון פרס.“ די שילדערונג אין דער נבואה איז שטאַרק דראַמאַטיש. דער נביא זעהט ווי בבל ווערט באַלאַגערט דורך די פערסער און די מעדער (פסוק 1, 2), און ער שטעהט צעטומעלט פון דער געוואַלדיגער קאַטאַסטראָפע וואָס האַלט אין אָנקומען (פסוק 3, 4). ווי אומרוהיג און נייגעריג אַלע זיינען צו וויסען דעם רעזולטאַט פון דער באַלאַגערונג ווערט געשילדערט אין די רעפּאַרטען, וועלכע א מאַן אויף דער וואַך גיט כסדר. ענדליך ענטפערט ער: „געפאַלען, געפאַלען איז בבל!“ (פסוק 5-9). דער נביא גיט דאָן די ידיעה איבער צום נייגערינגען פאָלק. מ'פיהלט דאָ, אז וואָס מעהר דער פאַל פון בבל דערנעהנטערט זיך, אַלץ ניכטערער און איידעלער ווערט דאָס וואָרט פון דער נבואה.

## 10.

## דער גרויסער אַנאָנימער נביא.

אין די שטיקער נבואה, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס ארומגערעדט, איז די צעשטערונג פון בבל די הערשענדע טעמע. אָבער אין דעם לעצטען און גרעסטען ווערק פון גלות זעהט זיך די דאָזיגע פּאָסירונג ניט אזוי שטאַרק אָן. דאָס איז דאָס ווערק וואָס איז צוגעשטעלט צו ישעיה פון קאַפּ. מ אָן. מ'האָט געזוכט א באַצייכענונג פאַר דעם דאָזיגען אַנאָנימען נביא. מאַנכע האָבען איהם אָנגערופען „דער גרויסער אַנאָנים“. ביי די מעהרסטע פאָרשער אָבער ווערט ער היינט באַצייכענט אַלס „דער צווייטער ישעיה“, עס הייסט: דער פאַרפאַסער פון צווייטען טייל ישעיה. פיעל וויכטיגער איידער די צעשטערונג פון בבל זיינען פאַר אָט דעם נביא די נייע אויסזיכטען וואָס עפענען זיך דורך איהר, די נייע וועלט־היסטאָרישע עפּאָכע וואָס דאַרף זיך אָנהייבען מיט דעם נצחון פון כורש, דעם געזאַלבטען פון יהוה. פונקט ווי די נביאים זיינען געקומען אין די פריהערדיגע צייטען מיט א שליחות פון גאָט צו דערקלערען זייער פאָלק די וועלט־היסטאָרישע געשעהענישען פון זייערע צייטען, אזוי איז אויך איצט געקומען דער גרויסער אַנאָנימער נביא פון גלות צו

---

*) זעה אויבען ז. 261.

לערנען זיין פאלק ווי זיך פאנאנדערצוקלייבען אין די שטורמדיגע באוועגונגען פון זיין צייט.

די פרייד מיט בבל'ס מפלה, וואס הערט זיך אין די פריהער ציטירטע שטיקער נבואה, איז ניט געווען קיין אלגעמיינע ביי די פארטריבענע אידען. אין כלל גענומען האבען כורש'עס נצחונות גאר ניט אויפגערודערט שטארק די אידען פון גלות און האבען גאר ניט ארויסגערופען אין זיי קיין גרויסע האפענונגען. אין משך פון דעם פופציג־יעהריגען גלות האבען זיי זיך קענטיג צוגעוועהנט צום לעבען אין דער פרעמד און די בענקשאפט נאך דער אלטער היים איז געווארען אפגעטעמפט אין זיי. דערצו האבען זיי געמענט טראכטען, אז אז ערך מיט 70 יאהר צוריק איז אויך געפאלען א אידישער שונא, אשור, און די אידען איז דערפון א קנאפע טובה ארויסגעקומען. אפילו אויב דער פערסער זאל שוין טאקע באמת איינגעמען די אומבאצווינגליכע בבל, האבען זיי נאך אלין ניט געקאנט שעפען דערפון קיין פיעל נחמה. זיי האבען ניט געוואלט גלויבען, אז כורש איז יהוה'ס אינסטרומענט, דורך וועלכען ער וועט פארווירקליכען זיינע הבטחות. פון ישראל האט דאך געמוזט ארויסוואקסען דער העלד, וועלכער האט געזאלט צעברעכען דעם יאך פון די פעלקער און אויפשטעלען דוד'ס קעניגרייך; פון אויפבויען ציון דורך א פערסער מוז דאך ארויסקומען גאר אז אנדער זאך.

צו באקעמפען די דאזיגע געדאנקען און די דאזיגע שטימונג איז ארויסגעטראטען דער גרויסער אנאנימער נביא פון גלות. הערט אויף צו טרויערען, די גאולה שטעהט ביי דער טיר. ליידט ניט מעהר אין זיך גופא, ווארים אייער גאט נעמט אראפ פון אייך די לאסט פון דער פארגאנגענהייט און פארגיט אייערע זינד; ווענדט זיך צו צו דאס נייע וואס ער שאפט. כורש איז זיין משיח, וועמעס נצחון־מארש ער האט געפיהרט, וועמען ער האט גערופען דורכצופיהרען זיין ווערק. איז דען דאס א דערנידעריגונג, אז ישראל ווערט באפרייט דורך א פערסער? איז דען דאס גיכער ניט א באווייז פון דער וועלט־באהערשענדער מאכט פון דעם גאט פון יעקב, וואס ער רופט זיינע ווערקצייג פון די ענדען פון דער וועלט דורכצופיהרען זיין ווילען? ווער, אויב ניט יהוה, האט געקאנט שיקען כורש'ען? יהוה אליין האט געוואוסט און געזאגט פאראויס די געשעהענישען וואס קומען איצט פאר; ער האט זיי צוגעגרייט און באשלאסען לויט זיין פלאן ווערען זיי אויסגעפיהרט. ער שטרעקט צו אייך אויס די האנט, נעמט זי אן, פרעהט זיך מיט דער גאולה, וואס איז נאהנט, גרייט זיך אהיים צו פאהרען.

דאס איז א גאנץ אנדערע שפראך ווי יחזקאל'ס. אנשטאט זיך אריינצולאזען אין באנטאסטישע און קליינליכע צוקונפטס־בילדער, ווערט דא אנגעוויזען אויף יהוה'ס ווערק אין דער שטורמדיגער געגענווארט. די גאולה האלט שוין אין פארווירקליכט ווערען, זי שפראצט און וואקסט, מ'קאן זי שוין מיט דער האנט אנגעמען. דא ווערט אויך א גאנץ אנדערע שטעלונג גענומען צו דער וועלט־היסטארישער עפאכע אידער עס פלעגען טאן די אמאליגע נביאים אין עהנליכע פאלען. גאנץ אנדערש ווערט דא באגריסט דער פערסער אידער אמאל דער אסיריער פון עמוס און דער כאלדעער פון ירמיה. זיין צעשטערענדע ארבייט האט דער וועלט־גאט שוין אפגעמאן אין ישראל, איצט בויט ער איהם ווידער אויף. אונזער נביא איז ווי שיכור פון דעם געדאנק פון דער איינהייט פון גאט. דאס וואס ביי איהם ברעכט זיך דורך איז ניט דער מאנאטעאיזם אלס אזעלכער. שוין עמוס'ען איז אויפגעגאנגען דער געדאנק פון דעם יהוה, וועלכער עקסיסטירט אויך נעגען און אהן זיין פאלק, און ישעיה האט געקענט דעם הייליגען, וואס מיט זיין געטליכער מאיסטעט איז פול די גאנצע ערד. אבער זייער מאנאטעאיזם האט נעהאט אלס יסוד פערזענליכע נביאי'שע איבערלעבונגען, דורך וועלכע זייער גאט האט זיי גובר געווען אין באצוואונגען, און וואס מעהר זיי האבען באטראכט דעם גאנג פון דער היסטאריע, אלץ מעהר האבען זיי געפונען, אין זייער אינערליכען קאמף, א באשטעטיגונג פאר דעם דאזיגען גלויבען. זיי האבען קיין צייט ניט געהאט צו געבען דער דערקענטעניש א טעארעטישע געשטאלט. פאר דעם אנאנימען נביא פון גלות איז דער מאנאטעאיזם אן איבערגענומענע ירושה, פאר וועלכער ער פיהרט ניט מעהר קיין אינערליכען קאמף. ער איז דער עריטטער, וועלכער געניסט אהן א קאמף פון דער דערקענטעניש און ציהט אלע שלוסען פון איהר. און אין אלץ וואס ער זאגט רוישט די הימנע פון דעם איינאייניגען, אלייניגען און אלמעכטיגען גאט. וואס איהם דערהייבט און באגייסטערט דערביי איז די זיכערקייט, אז אט דער וועלט־גאט איז און בלייבט א ו נ ז ע ר גאט. ער האט טאקע, אמת, פארטריבען ישראל און צעשטערט זיין מלוכה. אבער דעם געבליבענעם רעסט, וואס איז אין שטויב צעטראטען, וואס איז פארשמאכט און פארצווייפעלט, ווייזט ער זיין גנאד; דער עלענדער ווארט איז איהם טייער. מיט ריכזיכט אויף איהם פיהרט ער אן דעם גאנג פון דער וועלט. ער האט אמאל אויסדערוועהלט ציון, און ער פיהלט ציון'ס ליידען ווי זיינע אייגענע. זיין נאמען און זיין כבוד זיינען פארבונדען מיט זיין מקדש, זיין שטאדט, זיין

פאָלק, און מיט יעדען איינציגען וואָס רופט איהם אָן. די שאַנד פון זיין פאָלק פאַלט אויף איהם גופא צוריק, און, ברייגנענדיג ישראל צו זיין עהרע, ברייגנט ער זיך גופא צו עהרע.

דער אמת׳ער, אינערליכער גרונט פאַר דער האָפענונג פון די אידען ליגט אבער דעריין, וואָס זיי זיינען גערעכט. אין נאָמען פון דער גערעכטיגקייט מוז יהוה זיי אויסלייזען און זיי פיהרען צו אַ נצחון. עס איז אמת טאַקע קיין עולה ניט וואָס ער האָט זיי שווער געפּרואווט; זיי האָבען עס פון איהם כשר פאַרדינט. לגבי איהם איז זייער שולד אומבאַשטריטען. אבער זיי האָבען דאָ צו טאָן ניט בלויז מיט גאָט, נאָר אויך מיט די פעלקער. די וועלטגעשיכטע ווערט באַטראַכט פון דעם דאָזיגען נביא אלס אַ פּראָצעס צווישען די אידען און די גויים. אין אָט דעם פּראָצעס האָבען די אידען מאָמענטאַן פאַרלאָרען, אבער זיי זיינען גערעכט; לגבי די גויים פאַרטרע־טען זיי די גוטע זאַך, די זאַך פון יהוה. זיי אַליין קענען און דינען איהם. צווישען זיי אַליין גילט זיין רעכט און זיין אמת. זיי קענען דעריבער ניט בלייבען אויף תמיד פאַרלאָרען, וואָרים דאַן וועט דאָך אַנהאַלטען דער נצחון פון דעם שקר איבער דעם אמת. דאָס רעכט פון זייער זאַך, וואָס איז איצט פאַרטונקעלט דורך דער שטראָף פון זייערע זינד און דורך דעם נצחון פונ׳ם היידענטום, מוז אין דער ליכטיגקייט אַרויסקומען און אויך אויסערליך קריי־גען אַנערקענונג דורך אַ געטליכען משפּט, וואָס די גאַנצע וועלט וועט זעהן.

פאַראורזאַכט דורך דעם חורבן טראַכט דער פאַרפאַסער פון צווייטען טייל ישעיה וועגען דעם אומצעשטערבאַרען, אייביגען מהות פון זיין פאָלק. עס געפינט עס אין דער ל ע ה ר ע, אין דעם ר ע כ ט, אין דעם א מ ת, דאָס הייסט: אין דער רעליגיאָן פון יהוה ווי די נביאים האָבען זי פאַר־שטאַנען און געפּרעדיגט און ווי זי איז איצט געוואָרען ביי די פאַרטריבענע אידען דאָס פאַרטיגע אייגענטום פון אַלעמען. אין דעם פאַקט, וואָס זיי און נאָר זיי באַזיצען דעם אמת, זעהט ער דעם מקור פון זייער טרייסט און זייער האָפענונג, די ערבות און דעם משכון, אַז זיי וועלען אויפשטעהן תחית המתים פון דעם קבר פון גלות. ניטאָ קיין גאָט אחוץ יהוה און ישראל איז זיין נביא — דאָס איז זיין טריאומפירענדער קרעדאָ. דער נאַציאָנאַלער זעלבסטגעפיהל איז אויסערגעוועהנליך שטאַרק אין איהם, אבער דאָך איז ער ניט ענגהערציג, ווייל די נאַציאָנאַלע און די אוניווערסאַלע האָפענונגען שמעל־צען זיך צוזאַמען אין זיין צוקונפט־בילד, ווייל דאָס באַזונדערע פאַרהעל־טעניש פון ישראל צו יהוה איז ביי איהם נאָר אַ פאַרשטופע, ווייל די גע־

שיכטע פון ישראל פליסט אריין אין דער וועלט־געשיכטע. דאָס וואָס ישראל באַזיצט דעם אמת מאַכט שוין ממילא אלס זיין עובדא איהם מפרסם צו זיין צווישען די פעלקער; דער אמת זיגט איבער דעם היידענטום אום אויך די היידען אויסצולייזען. דער גלות האָט געמאַכט ישראל פאַר דעם שליח פון דער וועלט־רעליגיאָן. אָבער כדי צו לערנען דער וועלט אַנערקענען דעם איינאיינציגען גאָט, כדי צו ווערען דאָס ליכט פון די פעלקער מוז ישראל ווידער אויפגעריכט ווערען אלס פאָלק און מלוכה. ער קעהרט זיך צוריק אהיים פון דער געפאַנגענשאַפט, דורכ'ן מדבר געפיהרט פון זיין גאָט, וועל־כער מאַרשירט אריין אלס טריאומפירענדער זיגער אין דער יום־טוב'דיג אויסגעפוצטער ציון. אָבער דער משיח־געדאַנק טרעט צוריק געגען דעם גע־דאַנק פון גאָט'ס קנעכט („עבד יהוה"), פונקט אויך ווי די אויפגאַבע צו צע־שטערען בבל ווערט געלאָזען פאַר דעם פערסער. ישראל באַזיגט די וועלט ניט מיט דעם שווערד, נאָר מיט דעם וואָרט.

מיט פליים ווערט דער בליק אין צווייטען טייל ישעיה אָפּגעווענדט פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוגעווענדט צו דער צוקונפט. נאָר אין אייניגע שטעלען איז דאָס אַנדערש. דאָ ווערט צו א פּראָבלעם דאָס וואָס ווערט בלי ספק אָנגענומען אלס גערעכטע שטראָף: דער טראַגישער גורל פונ'ם פאָלק אין דער פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט. דער באַזיץ פון דעם אמת און די עובדא איהם צו פאַרשפּרייטען האָט ניט געראַטעוועט דעם קנעכט פון יהוה פון א שענדליכען חורבן און האָט ארויסגערופען די פאַראַכטונג פון די היידען. דורך זיין גורל ערשיינט ישראל אין די אויגען פון דער וועלט אלס דער פון גאָט פאַר'משפּט'ער, ווי א מצורע אָבער א פאַרברעכער פאַראורר־טיילט צום טויט. אָבער ער איז ניט קיין פאַרברעכער, ער איז אומשולדיג און קומט אָפּ א שטראָף וואָס די גויים האָבען פאַרדינט. א באַפרידיגענדע לייזונג ווערט דערמיט ניט געגעבען. מ'פיהלט אָבער, אַז דער קנעכט פון יהוה מוז מיט אַן אינערליכער נויטווענדיגקייט ווערען דער מאַן פון שמער־צען, אַז נביא און מאַרטירער געהערען צוזאַמען, אַז דער אמת זינגט דורך דאָס בלוט פון זיינע עדות; און אויך דאָס לאָזט זיך דורכבליקען, אַז יהוה האָט באמת ניט אוועקגעקערט זיין פּנים פון דעם עלענדען, אַז די צוזאַמענ־געהערינקייט מיט איהם איז דורך זיינע ליידען ניט צעשטערט, נאָר אדרבה פאַר'חתמ'עט געוואָרען. צום ענד קומט אויך דאָ, אלס נאָכשפּיל פון דער טראַגעדיע, דער ארויסבליק אין דער צוקונפט; דער קנעכט פון יהוה ווערט דאָן גרויס און דערהויבען. די וועלט געהערט צו איהם און די פעלקער שטע־

העז ווי געפלעפט. דערזעהענדיג עפעס אזוינס, פון וואס זיי האבען קיינמאל ניט געהערט און מ'האט זיי קיינמאל ניט דערצעהלט.

דער אויפטריט פון דעם גרויסען אנאנימען נביא פון גלות איז ניט געבליבען אהן א ווירקונג. זיינע האפענונגען זיינען, אמת טאקע, מקוים געווארען נאר אין זעהר א באשיידענעם טייל. די פארטריבענע אידען האבען נעמעגט זיך צוריקקערען און לעבען אלס קליין פאלקעל און אלס פערסישע אונטערטאנען אין און ארום ירושלים. אבער די האפענונגען זיינען געבליבען. דער געדאנק, אז א ווענדונג צום גליק איז נאהנט און דער בטחון אין דעם דערהויבענעם באשעפער פון דעם הימעל און דער ערד, „עלכער וועט ברייגנען דאס דאזיגע גליק, האבען אסך ביינעטראגען דערצו אויפצוהאלטען דאס קליין אינזעלע יהודה אין מיטען דעם ברוזענ־דיגען שטראם פון דעם פעלקער־ים ארום, און האבען אויך ארומגערינגעלט די אידען אין צעשפרייטען גלות מיט א פעסטער וואנט, ווען דער גלאנץ און רייכטום, די מאכט און די העכערע בילדונג פון די העלענען זיינען פיינדליך אדער מיט דעם כוח פון זייער אנציהונג אריינגעדרונגען אין יעדער נשמה. און בעת מ'האט געמוזט לייענען די פריהערדיגע נביאים, כדי זיך צו לאזען איינשרעקען דורך זייערע ווארנונגען זיך ניט אוועקצוקערען פון גאט, איז גע־ווען דער גרויסער אנאנימער נביא פון גלות דער נביא פון טרייסט, פון „ישועה", וועמעס טרייסטענדיגע הבטחות האבען דערגענצט די שטראף־רייד פון די עלטערע נביאים.

# 1.

## די ערָאבערונג פון בבל און די פּאָליטיק פון כורש.

אין אָקטאָבער פון יאָהר 533 (פאר דער קריסטליכער ערא) האָט כורש ענדליך ארויסמארשירט מיט זיינע זיגרייכע ארמייען נעגען דער וואקעלדי־נער הויפּטשטאָדט פון דרום־מערב־אזיען. אָנגעהויבען האָט ער זיינע מלחמה־אָפּעראציעס פון מעסאָפּאָטאָמיען, די פרוכטבארע טעריטאָריע צווישען די אויבערסטע וואסערן פון פרת און חידקל, וועלכע ער האָט עראָבערט אין יאָהר 547. פּערסישע אינטריגעס, אונטערגעהאָלפען דורך דער אומצופרי־דענקייט און פארדעכטיגקייט וואָס נאָבאָניד'ס מאָדנע אויפפיהרונג האָט ארויסגערופען ביי די באבילאָניער, האָבען צוגעגרייט דעם וועג פאר א לייכ־טער עראָבערונג. אויפ'ן צפון־גרעניץ פון באבילאָניען, נעבען א נעוויסען טייך, איז אויסגעפאָכטען געוואָרען א שלאכט צווישען די פּערסער און די באבילאָניער. די באבילאָנישע ארמיי איז צעשלאָגען נעוואָרען און נאָבאָניד איז אנטלאָפען פון שלאכט־פעלד. איינינע טעג נאָכדעם האָט די צפון־באָ־בילאָנישע שטאָדט סיפּאר זיך אונטערגעגעבען אָהן א ווידערשטאנד צו גאָבריאס, דעם קאָמאנדיר פון כורש'עס ארמייען. אין צוויי טעג ארום האָט דער פּערסישער גענעראל שוין נעהאָט אין זיין האנט די הויפּט־שטאָדט בבל. לויט ווי די אזוינערופענע נאָבאָניד־כורש־כראָניק באריכטעט זיינען די טויערן פון שטאָדט נעעפענט געוואָרען צו די פּערסער אָהן א שלאכט. דעם איינציגען ווידערשטאנד, אויב אזעלכער איז איבערהויפּט נעווען, האָט ארויס־געוויזען דער גארניזאָן, וואָס האָט געהאלטען פארנומען דעם גרויסען טעמ־פעל און די טויערן פון שטאָדט. הערָאדאָט דערצעהלט א גאנצע געשיכטע, אז כורש האָט אָפּגעצווינגען די וואסערען פון דעם פרת אין דעם גרויסען באָסין וואָס נבוכדראצר האָט געלאָזט מאכען און האָט ארייננעמארשירט אין שטאָדט אין א צייט ווען די איינוואוינער זיינען געווען אזוי פארנומען מיט זייערען א יום־טוב, אז זיי האָבען פארגעסען צוצומאכען די וואסער־טויערן. אין דעם קלאָרען ליכט אבער פון די אנטדעקטע אויפשריפטען זעהט מען באשיינפערליך, אז די דאָזינע געשיכטע שטעהט ניט אויפ'ן ריכטיגען אָרט. גיכער באציהט זי זיך אויף דער צווייטער עראָבערונג פון בבל דורך דריוש, **ארום צוואנציג יאָהר שפּעטער.**

די אויפשריפט פון כורש'ן באריכטעט, אז נאבאניד איז געווען צווישען די געפאנגענע. לויט די גריכישע טראדיציעס איז ער פארטריבען געווארען קיין קארמאניא. ארום צוויי וואכען נאכדעם ווי בבל איז ערָאבערט געווארען פון זיין ארמיי, האט כורש געמאכט זיין טריאומפירענדען איינטריט אין שטאדט. די האפענונגען, וועלכע האבען באוואויגען די איינוואוינער זיך איבערצוגעבען אויף זיין חסד, זיינען ניט אפגענארט געווארען. „פרידען האט ער פראקלאמירט צו אלע באבילאניער" (כראניק פון נאבאניד־כורש). פארטיידיגענדיג היים די רעליגיאן פון די ערָאבערטע, האט ער צוריקגעבראכט צו זייערע הייליגע פלעצער די בילדער פון די געטער, וועלכע זיינען דורך נאבאניד'ן טראנספארטירט געווארען קיין בבל. אין דעם צילינדער, וועלכער שטאמט פון כורש'ן גופא, רעדט ער באריכות פון זיין מילדקייט צו זיינע נייע אונטערטאנען און פון זיין איבערגעבענקייט צו זייערע געטער. מען איז געווען זעהר פארזיכטיג קיינעם ניט צו טאן קיין עולות און צו רעספעקטירען די אינדיווידועלע רעכטען פון יעדען איינעם. די באפעסטיגונגען פון בבל, וועלכע נאבאניד האט פארנאכלעסיגט, זיינען צורעכטגעמאכט געווארען. די טעמפלען פון די געטער פון בבל זיינען באנייט און באשענקט געווארען. אסך מאל חזר'ט כורש איבער, אז ער גופא און זיין זוהן קאמביס, ווענען ער האט פארבונדען מיט זיך אלס קעניג פון בבל, זיינען טרייע דינער פון מארדוק, בעל און נעבא (מרודך, בל און נבו), די געטער פון זיינע נייע אונטערטאנען (כורש'עס צילינדער). ער פרעטענדירט פאקטיש אין זיין אויפשריפט, אז דער גרויסער מארדוק האט איבערגעגעבען א שליחות צו „כורש וועלכער דינט צו איהם." וואס פאר'ע מאנאטעאיסטישע טענדענצען דער ערָאבערער פון בבל האט ניט געמעגט האבען, האבען זיי קענטיג דאך ניט געהאט קיין גרויסען איינפלוס אין באשטימען דעם כאראקטער פון זיינע עפענטליכע האנדלונגען. די אויפשריפטען אנטפלעקען פאר אונז ניט בלויז כורש'עס אויסערגעוועהנליכע געניטקייט אלס דיפלאמאט, נאר אויך זיין פאליטיק בנוגע צו די אונטערווארפענע פעלקער. די דאזיגע פאליטיק זיינע איז געווען דער היפוך פון דער פאליטיק פון די אשורים און די כשדים, וועלכע האבען געזוכט צו באפעסטיגען זייער אויבערהערשאפט דורכ'ן צעדריקען די נאציאנען אונטער זיי אזוי פולשטענדיג, אז זיי זאלען מעהר ניט האבען קיין שום מעגליכקייט זיך צו שטעלען אנטקעגען; ווארים כורש, דורך זיינע האנדלונגען פון מילדקייט און טאלעראנץ, האט אפעלירט צו דער דאנקבארקייט און געטריישאפט פון די ערָאבערטע. עס איז געלעגען אין דער פראקטישער אנטוויקלונג פון דער דאזיגער פאליטיק דאס וואס ער און

זיינע נאָכפאָלגער באַלד נאָך איהם האָבען פיגורירט אלס די נאָמינעלע דיי־נער און גרויסמוטיגע באַשיצער פון די געטער פון די נאציאָנען, איבער וועל־כע זיי האָבען געהערשט.

די פירשטען פון די שטעדט און די פּראָווינצען פון מערב, וועלכע האָבען געצאָהלט טריבוט צו בבל, זיינען דעריבער געווען מלא־שמחה און האָבען זיך געאיילט צו שיקען געזאַנדטע צו קושען די פיס פון אָט דעם ניי־עם אויבערהאר אלס צייכען פון אונטערוואַרפונג. פּונקט אזוי וויכטיג, אין דעם ליכט וואָס זי וואַרפט אויף דער אידישער געשיכטע, איז כורש׳עס פּאָהויפּטונג, וואָס שטעהט באַלד נאָך דעם באַריכט וועגען דעם קבלת־פּנים, וועלכען מ׳האָט געמאַכט פאר די דאָזיגע געזאַנדטע: „די געטער, וועמעס היילגטימער זיינען פון לאַנג שוין געלעגען אין חורבות, האָב איך געבראַכט צוריק צו זייערע וואוינונגען און האָב זיי דאָרטען געלאָזט וואוינען אויף אלע־מאָל. אלע בירגער פון די דאָזיגע לענדער האָב איך צונויפגעזאַמעלט און זיי צוריקגעבראַכט אין זייערע היימען" (כורש־צילינדער). עס איז די נאַ־טירליכסטע זאַך ארויסצודרינגען פון דעם טעקסט, אז אלע פּארטריבענע, וועל־כע האָבען זיך געפונען אין זיינע ערָאבערטע פּראָווינצען, האָבען באַקומען אן אלגעמיינע ערלויבעניש זיך צוריקצוקעהרען אין זייערע געבורטס־לענדער און מיטצונעמען מיט זיך די זאַכען, וואָס די זשעדנע באַבילאָניער האָבען אוועקגערויבט פון די טעמפּלען.

פאר די אידען, פּונקט ווי פאר זייערע שכנים, איז כורש געוואָרען א מעכטיגער באַפרייער. ווארים אָהן ספק האָבען זיי אויך געקראָגען דיזעלבינע אלגעמיינע קאָנצעסיעס. כדי דורכצופיהרען די איינצעלהייטען פון דער פּאָליטיק, וועלכע דער גרויסער ערָאבערער האָט אזוי קלאָר אָנגעצייכענט, זיינען נויטיג געווען נאָך ספּעציעלע דעקרעטען. עס איז דערפאר מעהר ווי וואַרשיינליך, אז א דעקרעט, ספּעציעל בנוגע צו די אידען, איז געווען דער אָריגינאל פון דעם קעניגליכען באַפעהל, וואָס דער כראָניקער (דער מחבר פון דברי הימים און עזרא־נחמיה) ציטירט אין עזרא ו 3־5 פון אן עלטערען אראַמעאישען דאָקומענט. אין דעם דאָזיגען דאָקומענט ווערט איבערגעגעבען פון די מלוכה־פּאַפּירען, וועלכע מ׳האָט געפונען אין עקבאַ־טאנא, די הויפּטשטאָדט פון מדי, אין דער צייט פון דריוש: „אין ערשטען יאָהר פון קעניג כורש האָט דער קעניג כורש ארויסגעלאָזען א באַפעהל בנוגע צו דעם הויז פון גאָט אין ירושלים: זאָל דאָס הויז געבויט ווערען, דער פּלאַץ וואו זיי זיינען מקריב קרבנות, און די פונדאַמענטען זאָלען שטאַרק געלעגט ווערען; די הויך זעכציג איילען און די ברייט זעכציג איילען; דריי

רייהען פון שטיינער און א רייה פון נייעם האלץ, און די הוצאות זאלען געגעבען ווערען פון דעם קעניג'ס הויז! און אויך די גילדענע און זילבערנע כלים פון דעם הויז פון גאט, וואס נבוכדראצר האט ארויסגענומען פון טעמפעל וואס איז אין ירושלים און האט געבראכט אין בבל, זאלען קומען אויפ'ן פאריגען פלאץ אין טעמפעל וואס איז אין ירושלים און זאלען אוועקגעלעגט ווערען אין גאט'ס הויז." דעם איינפלוס פון דעם אידישען געדאנק און פון דער אידישער פארם פון אויסדרוק זעהט מען דא באשיינפערליך, אבער בכלל איז עס אין איינקלאנג מיט די באקאנטע דעקרעטען פון כורש'ן.

דערזעלביגער אראמעאישער דאקומענט, וועלכער ווערט ציטירט אין עזרא ה 13—16, באהויפטעט, אז כורש האט אנגענומען מיטלען, אז דער אידישער טעמפעל זאל ווידער אויפגעבויט ווערען. צו א געוויסען ששבצר, וועמען דער גרויסער קעניג האט באשטימט אלס גובערנאטאר פון יהודה, זיינען אנגעטרויט געווארען די גילדערנע און זילבערנע כלים, וועלכע כורש האט געפונען אין בבל און וועלכע זיינען אוועקגעשלעפט געווארען אהין דורך נבוכדראצר פון ערשטען בית־המקדש אין ירושלים. הגם דער דאזיגער באריכט שטאמט פון א שפעטערער צייט, דאך ווערט ער באשטעטיגט דורך דעם פאקט, וואס כורש באהויפטעט בפירוש אין זיינע אויפשריפטען, אז ער האט געשאנקען זיין אויפמערקזאמקייט צוריקצובריינגען די געצען, וועלכע ער האט געפונען אין בבל, אין זייערע אורשפרינגליכע טעמפלען. אזוי ווי די אידען האבען ניט געהאט קיין געצען, איז געווען די נאטירליכסטע זאך, אז די הייליגע כלים פון יהוה'ס טעמפעל זאלען צוריקגעקעהרט ווערען. אהן ספק איז כורש געווען באוואוינען אין זיינע האנדלונגען פון פאליטישע מאטיוען. אז זיין פאליטיק איז בכלל באשטאנען אין דעם צו זיין פריינדליך צו די באהערשטע פעלקער, האבען מיר שוין פריהער אנגעמערקט. וואס איז שייך די אידען איז אחוץ וואס מ'קאן זיך רעכענען מיט דער מעגליכקייט, אז ער האט דערקענט אין זייער רעליגיאן א קרובה'שאפט צו דער רעליגיאן פון די פערסער, האט ער געהאט נאך א באזונדערען גרונט זיי ארויסצואווייזען זיין קעניגליכע לייטזעליגקייט. עגיפטען איז געווען די דריטע און לעצטע פון יענע גרויסע אימפעריעס, וועלכע האבען געהאט פאראייניגט זייערע כוחות כדי איהם צו פארהאלטען ביים אנהויב פון זיין עראבערונגסקאריערע. ער האט שוין געהאט אין זינען די עראבערונג פון עגיפטען, וועלכע זיין זוהן קאמבים האט דורכגעפיהרט. צו דעם דאזיגען צוועק איז נויטיג געווען די געטריישאפט פון די מדינות פון פאלעסטינא. אויף אזא'ן אופן איז דער קאנפליקט צווישען דעם מזרח און דעם מערב ווידער געווארען אז

אנטשיידענדער פאַקטאָר אין דער געשיכטע פון די אידען. מיר האָבען שוין אויבען באַמערקט*), אז די חורבה פון בית־המקדש אין ירושלים איז געווען, מעהר ווי וועלכער עס איז אנדער היילינטום, דער רעליגיעזער צענטער פון די אידען פון צפון־ארץ־ישראל פונקט אזוי ווי פון די אידען פון יהודה. אויב די בענקשאַפט צו זעהן דעם בית־המקדש ווידער אויפגעבויט איז געווען אזוי שטאַרק ביי די פאַרטריבענע אידען אין באַבילאָניען אזוי ווי עס קלינגט אָפּ אין זייער ליטעראַטור, דאַן האָט די דאָזיגע בענקשאַפט נאָך געמוזט פיעל שטאַרקער זיין צווישען די אידען, וואָס זיינען געבליבען אין לאַנד. קיין האַנדלונג מצד פון כורש'ן איז דעריבער ניט געווען בעסער באַרעכענט צו געווינען די דאַנקבאַרע געטריישאַפט פון א סטראַטעגיש וויכטיגער קערפּערשאַפט פון זיינע אונטערטאַנען ווי צו פיגורירען אלס באַשיצער פון זייער היילינטום.

אזא פּאָליטיק איז אגב אורחא אויך געווען בכוח צוצוציהען די גרויסע צאָהל פון די אידען וואָס זיינען אנטלאָפען אין עגיפּטען. עס איז א פּאַקט, וועלכען עס איז כדאי צו דערמאַנען, אז דער עלטסטער נוסח פון כורש'עס דעקרעט בנוגע צו דער ווידעראויפבויאונג פון בית־המקדש דערמאַנט לחלוטין ניט וועגען א צוריקקערונג פון די אידען פון באַבילאָניען, נאָר נעמט בלויז אין באַטראַכט די אידען, וואָס לעבען אין דער פּראָווינץ יהודה (עזרא ו 3). דער פּערסישער מאָנאַרך האָט געזוכט צו לייזען א פּאָליטישען, ניט קיין ראַסען־פּראָבלעם. די פּאָליטיק, דורך וועלכער ער האָט פּרובירט גוט צו מאַכען דאָס וואָס די באַבילאָנישע ארמייען האָבען צעשטערט און אויף אזא'ן אופן צונויפצובינדען אין איין גאַנצעס אפילו די ווייטסטע פּראָווינצען פון זיין אימפּעריע, איז בכן געווען קלוג און ליבענסווערט פון יעדער זייט. די ווידעראויפריכטונג פון דער אידישער נאַציאָן, ווי דער גרויסער אַנאָנימער נביא פון גלות האָט קלאָר פּראָקלאַמירט, איז איצט אָפּגעהאַנגען בלויז פון דעם, צי די איינצעלנע מיטגלידער פון דער נאַציאָן זיינען געווען גרייט אדער זיינען ניט געווען גרייט צו מאַכען זייערע פּערזענליכע אינטערעסען א טפל צו די אינטערעסען פון זייער פאָלק און זייער רעליגיאָן. די פּאָליטישע מניעות זיינען לגמרי אָפּגעשאַפט געוואָרען; די אידען אין גלות האָבען געהאַט פולשטענדיגע פרייהייט זיך צוריקצוקערען אין זייער היים־לאַנד. מיר האָבען באמת א גוטען גרונט צו גלויבען, אז פאַר כורש'ן וואָלט געווען אנגענעהם אן אלגעמיינער צופלוס פון מענשען אין דער טעריטאָריע פון צענ־

---

*) זעה אויבען ז. 190

טראל־פּאלעסטינא. די אמת'ע פראגע פון דער צייט איז געווען: צי האָבען די אידען, און באזונדערס די אידען אין באבילאָניען, אויסגענוצט די געלעגענהייט?

2.

## די אויפלעבונג פון דער אידישער געמיינדע אין פּאלעסטינא.

די ווייט אָנגענומענע טראדיציע, אז אַ גרויסע צאָהל אידען האָבען זיך צוריקגעקערט פון באבילאָניען האָט אלס יסוד בלויז די צווייפעל־האפטע באהויפּטונג פון דעם כראָניקער. אזוי ווי ער האָט געלעבט מיט צוויי אָדער דריי הונדערט יאָהר שפּעטער, ווען די עריגערונג אָן די דאָזיגע ווייטע געשעהענישען איז שוין געווען זעהר מטושטש, איז פאר איהם געווען ניט מעהר ווי נאטירליך צו דענקען, אז דער יסוד פון יענעם בית־המקדש, וואס איז געווען אזוי הייליג פאר איהם, איז געלעגט געוואָרען דורך פרומע אידען פון גלות, וועלכע האָבען זיך צוליב דעם צוועק צוריקגעקערט, און ניט דורך יענע אידען, וועלכע זיינען אין לאַנד געבליבען און וועלכע ער, מיט זיין דור, האָבען שטארק פאראכטעט. די האָפענונגען, וועלכע זיינען אזוי אָפּט אויסגעדריקט אין די נבואות וואָס שטעהען אין ישעיה פון מ ביז נ"ה, האָבען בלי ספק איהם דערמוטיגט אָנצונעמען די דאָזיגע טעאָריע, וועלכע האָט זיך איהם אזוי גוט געלעגט אויפ'ן שכל (פארגלייך די שפּראַך פון עזרא א).

אָבער א נאָהענטער שטודיום פון ישעיה מ ביז נ"ה ווייזט אונז, אז די האלטונג פון זיינע גלות־חברים וועגען א צוריקקער אין יהודה האָט אָפּ־געקיהלט די נביאי'שע באגייסטערונג פון דעם פארפאסער פון די נבואות און האָט ביי איהם ארויסגערופען ערנסטע ספקות, צי זיי וועלען זיך אָפּ־רופען אויף דער געלעגענהייט? ער מאַכט זיי כסדר פארוואורפען פאר זייער איינגעשפּארטקייט (מ"ו 12; מ"ח 4). מעהר ווי אַלץ באַקלאָגט ער זיך וואָס עס פעהלען אויס פיהרער. „ניטאָ ווער עס זאָל זי פיהרען צווישען אלע קינדער וואָס זי האָט געבאָרען; און ניטאָ ווער עס זאָל זי אָננעמען ביי דער האַנט פון אלע קינדער וואָס זי האָט אויפגעהאָדעוועט" (נ"א 18). אויב טיילען פון קאפּ. מ—נ"ה זיינען געשריבען געוואָרען ניט לאַנג נאָך דער עראָ־בערונג פון בבל, דאַן דריקט אויס נ 2 די אַנטוישונג, וועלכע האָט אָנגע־פילט דאָס הארץ פון יהוה'ס שליח: „וואָרום בין איך געקומען און קיינער

איז ניט געווען, איך האָב גערופען און קיינער האָט ניט געענטפערט? איז מיין האַנט צו קורץ אויסצולייזען? אָדער האָב איך ניט קיין כוח צו ראַטעווען?" עס איז נויטיג אביסעל פאַנטאַזיע צו פאַרשטעהן וואָס עס האָט צוריקגעהאַלטען די אידען פון זיך צוריקקערען פון גלות. די לאַנגע, געפעהרליכע רייזע דורכ'ן מדבר, וואָס זיי אָדער זייערע פאָטערס האָבען געמאַכט אלס געפאַנגענע אונטער דער אַנפיהרונג פון זייערע באַבילאָנישע פאַנגערס, איז שוין אליין געווען גענוג צו מאַכען אָפּהענטיג אפילו די מוטיגסטע. פאַלעסטינא, מיט איהרע וויסטע חורבות און איהרע פאַררעטערישע שונאים, האָט מעהר אָפּגעשראָקען איידער צוגעצויגען. זייערע ברידער, וועלכע זיינען דאָרטען געבליבען, זיינען לויט די ווידערהוילטע דערקלערונגען פון ירמיה און יחזקאל געשטאַנען אסך נידעריגער איידער די וואָס זיינען פאַרטריבען געוואָרען, און זייער ראָלע אין דער געשיכטע פון נאָכ'ן גלות גיט אונז ניט קיין סמך צו ענדערען די דאָזיגע אָפּשאַצונג.

פון דער אַנדערער זייט האָבען זייערע היימען און זייערע פריינד, אַל'ן וואָס איז געווען טייער ביי זיי מיט דער אויסנאַם פון זייער געבורט־לאַנד — וואָס איז נאָך געווען וויסט — זיי צוגעבונדען צו דעם נייעם לאַנד וואָס זיי האָבען געמאַכט פאַר זייער נייע היים. אונטער כורש'עס הערשאַפט זיינען אַלע באַשרענקונגען, וועלכע האָבען פריהער געמאַנט עקסיסטירען געגען זיי, אָפּגעשאַפט געוואָרען, און זיי זיינען געווען פריי צו געניסען גלייך מיט די באַבילאָניער די געלעגענהייטען און די פאַרגעניגענס פון דעם רייכען טאָל פון דעם פרת. אלס פועל־יוצא פון זייער אייגענער ברירה האָט פאַר די מעהרסטע פון זיי דער גלות זיך קיינמאָל ניט געענדיגט. זיך האַלטענדיג אָן זייערע נאַציאָנאַלע אינסטינקטען, האָבען זיי ווייטער געלעבט אין זייערע קאָלאָניעס פאַר זיך אליין, אויפהאַלטענדיג זייער געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציע, זייערע מנהגים און זייער רעליגיאָן אין בילדענדיג אסך איינצעלנע קיבוצים אין דער גרויסער פערסישער אימפּעריע. די לעצטע אויסגראָבונגען אין ניפור האָבען ארויסגעבראַכט אויף דער ליכטיגקייט א מאַסע טאָוולען אין פלעקלעך־שריפט פון די רעגירונגען פון ארתחשסתא (אַרטאַקסערקסעס) און דריוש. די דאָזיגע טאָוולען טראָגען אסך באַקאַנטע אידישע נעמען, אזעלכע ווי שביתון (סאַמישאַנו), נתניאל (נאַטאַן־אילי), שמעון (שאַמאַקונו), גדליה (גאַדאַליאַמאַ), און מנחם (מינאַח־חומי). מ'האָט אויך געפינען שפורען פון א גרויסער אידישער קאָלאָניע אין ניפור לאַנג נאָך דער קריסטליכער ערא. באַבילאָניען, ווי עס איז וואויל באַקאַנט, איז אין אַנהויב פון דער קריסטליכער ערא אויך ווייטער אנערקענט געווען אלס

איינער פון די דריי באַדייטענדסטע צענטערם פון יורענטום. פון דאָרטען האָבען זיך די אידען שנעל פאַרשפּרייט אין עקבאַטאַנאַ, שושן, און אנדערע גרויסע שטעדט פון דער פּערסישער אימפּעריע. אין משך פון דעם קומענ־דען יאָהרהונדערט האָבען די דאָזיגע אידען פון מזרח געוויס ווייט אריבער־געשטיגען אין רייכקייט און אינטעליגענץ, און וואהרשיינליך אויך אין צאָהל, זייערע ברידער אין יהודה. הגם זיי האָבען צוליב פאַרשידענע טעמים נים געוואָלט זיך צוריקקערען, האָבען זיי אבער בשום אופן ניט פאַרלאָזען אלע דעם גלויבען פון זייערע פאָטערס. דער צענטער פון זייער אינטערעס איז נאָך אלץ געווען ירושלים, און זיי זיינען תמיד גרייט געווען צו העלפען מיט זייערע געשאַנקען די ארבייט פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ווען די צושטענדען זיינען מיט דער צייט געוואָרען אומגינסטיג אין מזרח, אדער גינסטיגער אין יהודה, האָבען אסך פון זייערע קינדער און קינדסקינדער־אויסגענוצט די געלעגענהייט זיך צוריקצוקערען אין זייער אלטען היים־לאַנד.

אחוץ דעם צוזאַמענהאַנג, וואָס דער כראָניקער גיט זיי איז ניטאָ קיין סמך אָנצונעמען, אז די ליסט איז עזרא ב און איהר פּאַראַלעל, נחמיה ז, אנטהאַלטען א צענזוס פון די אידען, וועלכע האָבען זיך צוזאַמען צוריק־קערט גלייך נאָך דעם יאָהר 538 (פאַר דער קריסטליכער צייטרעכענונג). לויט זיין איבערשריפט ווערען אין דעם צענזוס אויסגערעכענט די אידען אין דער פּראָווינץ יהודה, וואָס האָבען זיך געהאַט צוריקגעקערט פון באַ־בילאָניען. עס שטעהט ניט בפירוש ווען זיי האָבען זיך צוריקגעקערט, אבער מ׳קאָן דאָס ארויסדרינגען פון דער ליסט פון די פיהרער, וואָס שטעהט די־רעקט נאָך דער איבערשריפט. די נעמען פון זרובבל און ישוע — פון וועמען מיר ווייסען, אז זיי זיינען געווען אין ירושלים לכל הפחות ארום יאָהר 520 — שטעהען די ערשטע. דאַן קומט נחמיה, וועלכער איז מיט דער גרעסטער וואהרשיינליקייט דערזעלביגער נחמיה, וואָס האָט זיך צוריקגע־קערט אין יאָהר 445, מיטנעמענדיג מיט זיך א סוויטע פון באַדינטע און מאַנכע אידען אזעלכע פרומע ווי ער גופא. דער נעכסטער אין דער ליסט, וואָס געפינט זיך אין ספר נחמיה, איז עזריה, וואָס איז אין העברעאיש דאָס־זעלביגע ווי עזרא. עזריה איז העכסט וואהרשיינליך געווען לכתחילה דער נאָמען פון דעם כהן, וועלכער איז געווען אזוי ענג פאַרבונדען מיט נחמיה׳ן. ער האָט, לויט עזרא ח 1—20, געפיהרט מיט זיך צוריק אידען פון גלות בבל פון פאַרשידענע משפחות, וועמעס נעמען שטימען גענוי מיט די נעמען פון די פריהער דערמאָנטע ליסטען. דער נאָמען „שריה" אין דעם פּאַראַלעל

פון עזרא ב 2 קאָן זיין א טעות פון יאָן איבערשרייבער אדער פון דעם כראָניקער, וועלכער האָט געהאַט אין געדאַנק עזרא ז 1, וואו שריה ווערט דערמאָנט אלס עזרא׳ס פאָטער. צווישען די נעמען פון אנדערע פיהרער, וועלכע האָבען, ווי עס איז צו דריננען פון דעם צוזאַמענהאַנג, געפיהרט צו־ריק גרופּען אידען פון גלות אין דער צייט ביז נחמיה און עזרא, קומט אויך פאָר מ ר ד כ י, וועלכער שטאַמט פון דעם נאָמען פון באַבילאָנישען גאָט מאַרדוק. מרדכי פיגורירט אויך אין דעם בוך אסתר אלס דער נאָמען פון א פּראָמינענטען אידען פון יענער תקופה. לכל הפחות איינער פון די נעמען אין ליסט, ב נ ו י, איז פון אלעמען אנגענומען, אז ער האָט א פּערסישען אורשפּרונג, שטאַמענדיג פון באַנא, גאָט. עס איז זיכער, אז א אידישער פיהרער האָט ניט געקאָנט טראָגען קיין פּערסישען נאָמען ביז די פּערסישע השפּעה איז שטאַרק געוואָרען אין דעם גלות־לאַנד לכל הפחות אין משך פון א דור. דער פאַקט, וואָס דעם דאָזיגען ניט־אידישען נאָמען טראָגט אויך א שבט איבער צוויי טויזענד אין צאָהל (עזרא ב 14), אויך דער פאַקט וואָס דער נאָמען פון דעם כהן ישוע איז געוואָרען א באַ־צייכענונג פאַר א שבט פון כהנים, ניין הונדערט און דריי־און־זיבעציג אין צאָהל (עזרא ב 36) — אט דאָס אלצדינג פיהרט אונז צו דער הנחה, אז דער צענזוס אין די דאָזיגע ליסטען איז גענומען געוואָרען שפּעט אין דער פּערסישער פּעריאָדע.

דער דאָזיגער שלום ווערט נאָך באַשטעטיגט דורך דעם כאַראַקטער פון די ליכטען גופא. א גרויסע צאָהל בירגער פון דער פּראָווינץ יהודה ווערען דאָרטען קלאַסיפיצירט לויט די שטעדט, וועלכע זיי באַוואוינען (עזרא ב 20—29, 33, 34; פאַרגלייך נחמיה ג); זיי ווערען באַצייכענט אלס די „זיהן“ פון גבעון אדער פון בית־לחם אדער פון יריחו, אדער אויך אלס די „לייט“ פון מכמיש אדער בית־אל. אזוי ווי עס איז א פעסטגעשטעלטער פאַקט, אז די דאָזיגע נייגצעהן שטעדט זיינען זיכער ניט אלע געווען אין אידישע הענט פאַר דעם שפּעטערען טייל פון דער פּערסישער תקופה, קאָן מען דערפון בפירוש ארויסלערנען, אז דער צענזוס איז גענומען געוואָרען אין א צייט נעהנטער צו אלעקסאַנדער דעם גרויסען איידער צו כורש׳ן ווי מיר האָבען שוין אנגעוויזען. שטאַמט די לאַנגע ליסט פון די כהנים, זינגער, טויער־היטער, נתינים, און די קינדער פון שלמה׳ס קנעכט, אין איהר איצטיגער פאָרם, פון דעם כראָניקער (דעם מחבר פון דברי הימים) און זי ווייזט אויף א צייט ווען די עבודה און די אויסריכטונג פון בית־המקדש זיינען געווען העכער אנטוויקעלט אפילו ווי אין די טעג פון נחמיה

(פארגלייך נחמיה א—ו; אויך דעם כראָניקער׳ס ליסט, נחמיה י״ב).
עס איז דערפון קלאָר, אז די ליסטען אין זייער איצטיגען נוסח ווארפען ווייניג ליכט אויף דער צאָהל און דעם כאראקטער פון די, וועלכע האָבען זיך צוריקגעקערט באַלד נאָך דעם יאָהר 538. אז זיי זיינען געווען ווייניג און אומבאַדייטענד איז אויך בפירוש צו זעהן פון די איינציגע דאָקומענטען, וואס שטאַמען פון יענער צייט: די נבואות פון חגי און זכריה. ארום פערציג טויזענד האָבען זיכער דעמאָלט זיך ניט צוריקגעקערט, ווען עס ווערט ניט אַן אות דערמאַנט דערפון אין קיינעם פון אָט די נבואות, וועלכע שילדערען אזוי לעבעדיג די צושטענדען אין דער אידישער געמיינדע ארום יאָהר 520. ניט בלויז ווערט קיין זאך ניט געזאָגט וואס זאָל געבען עפּעס אן אָנצוהערעניש וועגען אן אלגעמיינעם צוריקקער, נאָר די נביאים רופען תמיד די אידען, צו וועמען זיי ריידען, „דאָס פאָלק פון דעם לאַנד״ („עם הארץ,״ חגי ב 4; זכריה ז 5), אָדער „די איבערגעבליבענע פונ׳ם פאָלק״ („שארית העם,״ חגי א 12, 14; ב 2; זכריה ח 6, 11, 12). זיי באַציהען זיך לויט דעם אויף זיי מיט דיזעלביגע אויסדרוקען, מיט וועלכע ירמיה האָט זיך באַצויגען אויף די וואס זיינען געבליבען מיט איהם אין יהודה נאָכ׳ן חורבן (ירמיה מ״ב 2, 15, 19; מ״ג 5; מ״ד 7, 12, 14). עטליכע דורות שפּעטער, ווען א דעפּוטאַציע האָט באַזוכט נחמיה׳ן אין שושן, איז זיין פראַגע ניט געווען: „וואס טוען די צוריקגעקערטע?״ נאָר „וואס טוען די אידען, דער שריד־ופליט וואס איז איבערגעבליבען פון דער געפאַנגענשאַפט?״ דער ענטפער פון די אידען, וועלכע זיינען געווען דירעקט געקומען פון פּאַלעסטינא, איז אויך א קלאָרער באַווייז, אז ביז דעמאָלט איז נאָך ניט געווען קיין אלגעמיינע צוריקקערונג פון די אידען פון באַבילאָניען (נחמיה א 1—3). די געמיינדע, אין וועלכער מיר ווערען אריינגעפיהרט דורך דעם אראַמעאישען דאָקומענט אין עזרא, ווי אויך דורך די נבואות פון חגי און זכריה און דורך די מעמוארען פון נחמיה, איז קליין, אָרים און פיהרט אָן א שווערען קאַמף פאַר איהר קיום. זכריה, אין יאָהר 520, באַטראַכט די יאָהרען נאָך כורש׳עס גרויסען נצחון אזוי נידערדריקענדיג פאַר ירושלים און די שטעדט פון יהודה פונקט ווי דער האַלבער יאָהרהונדערט פאַר דעם. אין א משך פון זיבעציג יאָהר איז געלעגען אויף זיי יהוה׳ס צאָרן, און קיין שטראַהל פון ליכט האָט זיך ניט באַוויזען צו צעטרייבען די פינסטערניש (זכריה א 12). אויב אפילו א העלפט פון פערציג טויזענד טרייע און פרומע אידען וואָלטען זיך צוריקגעקערט פון באַבילאָניען אין יאָהר 537, וואָלטען אזעלכע ווערטער געווען אוממעגליך. פונקט ווי דער גרויסער נביא פון גלות, אזוי דערמוטיגט נאָך

אויך זכריה: „אה, ציון, אנטרין דו וואס וואוינסט מיט דער טאכטער פון בבל“ (ב 11). דער אלגעמיינער צוריקקער פון די גולים איז נאך אין דער צוקונפט. אזוי ווי דעם נביא׳ס צוהערער, „דאס פאלק וואס איז געבליבען אין׳ם לאנד“, זיינען שווער־גלויביג, דערקלערט ער: „אזוי האט געזאגט יהוה פון די הערשארען: איך וועל העלפען מיין פאלק פון מזרח און פון דעם לאנד וואו די זון געהט אונטער; און איך וועל זיי ברייננגען און זיי וועלען וואוינען אין ירושלים“ (זכריה ח 8,7). דאן וועט די פוסטע ירושלים ווידער באזעצט ווערען און די שטעדט ארום איהר וועלען ווידער זיין באוואוינט און בליהענדיג (ז 7).

גלייכצייטיג איז עס ניט אויסגעשלאסען, אז מאנכע אידען פון גלות אין מזרח האבען זיך באנוצט מיט כורש׳עס ערלויבעניש זיך צוריקצוקערען פון באבילאניען און האבען אייך אזא׳ן אופן געגומען אן אנטייל אין בויען דעם בית־המקדש. דער ערשטער גובערנאטאר פון יהודה איז געווען ששבצר, וועמען דער כראניקער באצייכענט אלס „דער פירשט פון יהודה“ און וועמען ער אידענטיפיצירט, ווי עס ווייזט אויס, אלס א זוהן פון דעם געפאנגענעם אידישען קעניג יהויכין און דעריבער אלס זרובבל׳ס א פעטער (דברי הימים א, ג 16—19). עס איז וואהרשיינליך, אז ששבצר האט מיטגענומען מיט זיך אין זיין סוויטע מאנכע אידען. זיין נאכפאלגער, זרובבל דער זוהן פון שאלתיאל און דער אייניקעל פון יהויכין, איז בלי ספק געווען געבארען אין בבל. „געבארען אין בבל“ איז די וואהרשיינליכסטע באדייטונג פון זיין נאמען. יהושע, וועלכער האט געהערט צו דער הויפט־פאמיליע פון די כהנים האט געמוזט שטאמען פון איינעם פון די כהנים פון בית־המקדש, וועלכע זיינען צוזאמען מיט די קעניגליכע געפאנגענע אוועקגעפיהרט געווארען דורך נבוכדראצר׳ן אין בבל. אט די אלע פיהרער, ווי עס איז זיך אנצושטויסען פון דער ליסט אין עזרא ב (נחמיה ז), האבען געמוזט מיטברייננגען מיט זיך מאנכע פון זייערע ברידער זיי צו העלפען אין זייער ארבייט וואס זיי האבען געהאט צו טאן, זיך צוריקקערענדיג אין ירושלים. אויך זכריה דערמאנט „די פון גלות“ („הגולה“), און ער גיט די נעמען פון דריי מענער, חלדי, טוביה און ידעיה, וועלכע האבען לעצטענס זיך צוריקגעקערט פון בבל און האבען געבראכט מיט זיך זילבער און גאלד, קענטיג א בייטראג פון די אידען וואס זיינען דארטען געבליבען פאר דעם בנין פון בית־המקדש. צוזאמען האבען די ראווינע קליינע גרופּען אידען, וועלכע האבען זיך צוריקגעקערט אין פארשידענע צייטען אין פארלויף פון די פופצעהן אדער צוואנציג יאהר נאך דעם [illegible] נצחון

פון כורש׳ן, צוזאמענגעשטעלט אזא קליינעם טייל פון דער קאָלאָניע אין יהודה, אז די נביאים, ריידענדיג צום פאָלק, האָבען געקאָנט זיי איגנאָרירען. דאָך איז זייער אינטעלעקטועלע און רעליגיעזע השפעה געווען בלי ספק גרעסער ווי לויט זייער צאָהל.

אין ליכט פון די צושטענדען, וועלכע האָבען געהערשט אין פאַלעסטינא אין דער פריהיגער צייט פון גלות, איז קלאָר, ווי חגי און זכריה דייטען אָן, אז די געמיינדע, צו וועלכער זיי האָבען זיך געווענדעט, איז באַשטאַנען כמעט אין גאַנצען פון יענע אידען פון יהודה, כלב און ירחמאל*), וועלכע זיינען נאָכ׳ן חורבן געבליבען אין לאַנד און פון יענע, וועלכע זיינען אנטלאָפען אין די לענדער, וואָס ליגען אין שכנות מיט פאַלעסטינא. ווען ששבצר איז באַשטימט געוואָרען אלס גובערנאַטאָר פון יהודה און די מילדע פאָליטיק פון כורש׳ן איז באַקאַנט געוואָרען, האָבען בלי ספק אסך אידען, וועלכע האָבען געפונען א מקום־מקלט צווישען די פעלקער ארום און וועלכע האָבען געוואָרט אויף א גינסטיגער געלעגענהייט זיך צוריקצוקערען, זיך צוזאַמענגעקליבען ארום ששבצר׳ס פאַהן. אין עגיפּטען האָבען זיכער זיך געפונען טויזענדע אזוינע גלות־אידען, וועלכע זיינען געווען אין א באַשטענדיגען פאַרקער מיט זייערע ברידער אין פאַלעסטינא, און וועלכע זיינען געווען בלויז איינינגע טעג רייזע פון זייער געבורט־לאַנד**). אזוי ווי זיי זיינען ניט אוועקגעפיהרט געוואָרען אין גלות, זיינען זיי נאַטירליך גערעכענט געוואָרען אלס „דאָס פאָלק פון דעם לאַנד" אָדער אלס „די איבערגעבלינע פונ׳ם פאָלק."

אַט די אַלע פאַקטען, וואָס מיר האָבען דאָ צוזאַמענגענומען, גיבען אונז דעם ריכטיגען אויכ:אַנגס־פּונקט צו פאַרשטעהן די געשיכטע פון דער אויפגעלעבטער אידישער געמיינדע אין משך פון די קומענדיגע צוויי יאָהרהונדערטען. די מעגליכקייטען, וואָס דער גרויסער אנאָנימער נביא פון גלות האָט געזעהן אין זיין גייסט, זיינען נאָר טיילווייז פאַרווירקליכט געוואָרען. יהוה, דורך זיין „משיח," כורש, האָט צוגעגרייט דעם וועג; א געוויסע צאָהל אידען האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט; אָבער די גרעסטע צאָהל פון די אידען אין באַבילאָניען, זיינען, ווי דער גרויסער נביא האָט מורא געהאַט, ניט געווען דערוואַקסען צו דעם אָפּפער. דער וואוקס פון דער געמיינדע אין יהודה, דערנאָך ווי זי האָט געקראָגען איהרע ערשטע צוגעקומענע, איז געווען לאַנגזאַם, און איהר לעבען איז געווען א לאַנגער, שמערצליכער קאַמף

*) זעה אויבען ז. 199

**) זעה אויבען, ז. 200, 201.

פאר איהר קיום. דער אויסדרוק „אויפלעבונג“ באשרייבט בעסער די ממשות'דיגע פאקטען ווי דער אויסדרוק „צוריקקערונג“: ווארים קיין פלוצליכע אומענדערונגען זיינען ניט פארגעקומען לטובה פון דער קליינער אידישער קאלאניע אין יהודה גלייך נאך דעם יאהר 538. דריוש דער ערשטער, ניט כורש, האט רעארגאניזירט די פערסישע אימפעריע. בלויז מיט דער צייט האבען די אידען פון פאלעסטינא באקומען א פולען באגריף פון דער וואונדערליכער ענדערונג, וואס איז געקומען אויף זייער פאליטישען האריזאנט. אורטיילענדיג פון שפעטער, ווי אויך פון די באריכטען פון דעם כראניקער, האט מען זיי אין אנהויב בלויז ערלויבט צו האבען אן אייגענעם אידישען גובערנאטאר. די מילדערע הערשאפט פון פערסיען האט זיי געגעבען נייע געלעגענהייטען זיך צו אנטוויקלען. מיט אן אנערקענטען פיהרער זיינען זיי געווען אין א בעסערער לאגע זיך צו פארטיידיגען געגען זייערע פיינדליכע שכנים. זייערע הערצער זיינען בלי ספק אויך דערפרעהט געווארען זעהענדיג ווי גרופען אנטלאפענע אידען קומען צוריק פון עגיפטען. אין מאנכע צייטען האבען אויך אויפגעפלאמט אין זיי האפנונגען אויף א פולשטענדיגער נאציאנאלער אויפלעבונג, ווען פארטריבענע אידען פלעגען קומען פון דער ווייטער בבל, באלאדען מיט מתנות פאר זייערע ארימע ברידער אין יהודה (זכריה ו 9—15). וויכטיגער ווי אלץ אבער איז געווען דאס וואס די דאזיגע צוריקגעקערטע פון גלות האבען געבראכט די רייכע פרוכט פון דעם העכערען רעליגיעזען לעבען וואס זיי האבען אנטוויקעלט אין דעם מזרח. מיר האבען אויף אזא'ן אופן א גוטען יסוד צו גלויבען, אז אין אט דער פריהיגער פעריאדע האט זיך אנגעהויבען פיהלען אין יהודה יענע מעכטיגע רעליגיעזע השפעה פון די באבילאנישע אידען, וועלכע האט שפעטער געענדערט פון גרונט אויס דעם כאראקטער פון דער געמיינדע אין יהודה.

מיר האבען שוין אויבען געזעהן, אז אין דער צייט פון גלות בבל איז א פראסטער מזבח אויפגעשטעלט געווארען און גאט'ס־דינסטען פלעגען אפגעהאלטען ווערען אויפ'ן ארט פון דעם חרוב'ען בית־המקדש. כורש'עס דעקרעט, וואס האט געמוזט ארויסגעגעבען ווערען ארום יאהר 538 (פאר דער קריסטליכער ערא), לייענט זיך: „וואס איז שייך דאס הויז פון גאט אין ירושלים, זאל דאס הויז געבויט ווערען, דער פלאץ וואו זיי זיינען מקריב קרבנות און זאלען זיינע פונדאמענטען שטארק געלעגט ווערען.“ אויך חגי הנביא רעדט וועגען א סדר הקרבנות, וואס איז געווען אין קראפט נאך איידער מ'האט אנגעהויבען בויען דאס הויז פון גאט (חגי ב 14). אזוי ווי זיין פונדאמענט איז געלעגט געווארען אין יאהר 520, אלס רעזולטאט פון

חגי׳ס נביאי׳שער טעטיגקייט, איז דערפאר שווער צו באמערקען א באשטימ־טען רעליגיעזען פראגרעס אין די ערשטע אנדערהאלבען יאהרצענדליג פון דער פערסישער תקופה. עס קאן גריילעך זיין, אז די פארמאליטעט פון לעגען א פונדאמענט פאר דעם בית־המקדש איז מען שוין דורכגעגאנגען אונטער ששבצר׳ס אנווייזונג, גלייך נאך דעם יאהר 538, אזוי אז עס זאלען באפרי־דיגט ווערען די תנאים פון כורש׳עס דעקרעט. עס לעגט זיך אויך אויפ׳ן שכל אנצונעמען מיט דעם כראניקער, אז די פרומע אידען, וועלכע האבען זיך צוריקגעקערט פון באבילאניען, האבען פון דעמאלט אן איינגעשטעלט א פשוט׳ען אבער רעגעלמעסיגערען גאט׳ס־דינסט אויפ׳ן הייליגען ארט פון בית־המקדש (עזרא ג; פארגלייך חגי ב 10—16; זכריה ז); און אז זיי האבען וואהרשיינליך געמאכט מאנכע הכנות אויפצובויען צוריק דעם בית־המקדש. אין איין טייל פון דעם אראמעאישען דאקומענט באהויפטען די אידען פון חגי׳ס צייט, אז מ׳האלט שוין אין בויען דעם בית־המקדש זינט דער צייט פון כורש׳עס נצחון (עזרא ה 16). פון דעם צוזאמענהאנג אבער און פון חגי׳ס בפירוש׳ער דערקלערונג, אז פאר דעם יאהר 520 איז ניט א שטיין געלעגט געווארען אויף א שטיין (ב 15), ווייזט אויס, אז יענע באהויפ־טונג פון די אידען איז געמאכט געווארען כדי אפצואווענדען די סכנות פון דעם מאמענט. דער גרונט פארוואס מ׳האט ניט אויפגעטאן עפעס ממשות׳־דיגעס איז וואהרשיינליך ניט געווען געלעגען אזויפיעל אין דער געגנער־שאפט פון „דעם פאלק פון לאנד" (ווי דער כראניקער האלט אין עזרא ד 1—6); ווארים ביז נחמיה׳ס צייט האט מען די שומרונים ערלויבט צו דינען גאט צוזאמען מיט די אידען פון ירושלים. ווי עס איז צו זעהן בפירוש פון חגי׳ס רייד, איז דער גרונט גיכער געווען וואס די קליינע געמיינע איז נאך געווען שרעקליך שוואך הן אין מיטלען, הן אין איינפלוס. עס איז געווען ניט מער ווי נאטירליך, אז באלד ווי כורש האט זיי געגעבען די ערלויב־ניש זאלען זיי זיך צוערשט אפגעבען מיט׳ן בויען בעסערע הייזער, וואס זאלען באשיצען זיי און זייערע פאמיליען פון דעם אומפריינדליכען קלימאט פון פאלעסטינא. די דאזיגע ארבייט האט געפאדערט א היבשע צייט, ווא־רים די אנטלאפענע וואס האבען זיך צוריקגעקערט האבען געמוזט אנהיי־בען אלס פיאנערען און די וואס זיינען פון פריהער געבליבען אין יהודה זיינען געווען ארים און וויסט. זייער קיום איז אפגעהאנגען פון דער ערד־הכנסה, און אין יענע ערשטע יאהרען פון דער פערסישער פעריאדע האבען זייערע ארבייטען ווינציג פרוכט געטראגען. ארום יאהר 527 האבען די פערסישע ארמייען אנגעהויבען מארשירען קיין עגיפטען דורך פאלעסטינא,

און א טייל פון דער לאסט פון אויסהאלטען זיי איז בלי ספק געפאלען אויף די אידען. טרויעריג און דריקענדיג האט אויסגעזעהן דער היפוך צווישען די באגייסטערטע הבטחות פון דעם אנאנימען נביא פון גלות און דער הארטער ווירקליכקייט. ערינערונגען אן דעם גלאנץ און פראכט פון דעם פריהערדיגען בית־המקדש זיינען נאך געלעגען אין זייער זכרון, און זיי האבען קיין הארץ ניט געהאט אויפצושטעלען אזא'ן אומבאדייטענדען בנין ווי זיי האבען געהאט ביי דער האנט. „עס איז נאך ניט געקומען די צייט פאר גאט'ס הויז געבויט צו ווערען," איז געווען דער געוועהנליכער אנגענו־מענער שלום (חגי א 2). ערשט אין יאהר 520 איז אויפגעשטאנען דער מאן, וואס האט פראקלאמירט, אז איצט איז דער אנגענומענער טאג פון גאט.

## 3.

## די ווידעראויפבויאונג פון דעם בית־המקדש.

אין יאהר 529 (פאר דער קריסטליכער צייט) איז כורש, דער גרינדער פון דער פערסישער אימפעריע, געשטארבען. די וויכטיגסטע פאסירונג אין דער הערשאפט פון זיין זוהן און נאכפאלגער, קאמביס, איז געווען די עראָ־בערונג פון עגיפטען, וועלכע איז אין יאהר 525 געווען געענדיגט. דורך זיינע כמעט וואהנזיניגע מעשים פון אכזריות האט דער נייער קעניג דער־ווייטערט פון זיך זיינע אונטערטאנען און האט זיי געטריבען צו אן אויפ־שטאנד. אין יאהר 522 (אדער אין יאהר 521), ווען ער האט געהאלטען אין זיך צוריקקערען פון עגיפטען אין זיין הויפטשטאדט, האט ער געקרא־גען די ידיעה, אז א געוויסער גוימאטא, באקאנט ביי די גריכען אלס גאמא־טעס, דער מאגיקער, האט זיך אנגענעבען אלס דער ברודער באררעס, וועל־כען קאמביס האט געלאזט אין געהיים אומברייננען, און אז ער האט צוגע־צויגען צו זיין פאהן די מעהרהייט פון פאלק אין דער אימפעריע. הגם קאמביס האט געהאט אונטער זיין קאמאנדע א גוט איינגעשולטע ארמיי, האט ער, שוין זייענדיג אויפ'ן וועג צוריק אזוי ווייט ווי ביז חמת אין סי־ריען, בעסער זיך גענומען דאס לעבען איידער צו קעמפען פאר דעם טראָן מיט דעם באטריגער.

ווען גוימאטא איז געבליבען אהן אן אפענעם טראָן־קאנקורענט, האט זיך איהם איינגענעבען, דורך קאנצעסיעס צום פאלק און דורך א סיסטעם פון טערור, אויפצוהאלטען זיין ממשלה עטליכע חדשים. דאך אין הערבסט

פון יאהר 521 האבען די פערסישע אדעליגע געמאכט א קאנספיראציע און האבען דער׳הרג׳עט דעם באטריגער. דער אנפיהרער פון די קאנספיראטארס איז געווען דריוש (דאריוס), וועלכער האט פרעטענדירט צו שטאמען, דורך א פאראלעלער אפצווייגונג, פון דער קעניגליכער פאמיליע פון די אכעמע־נידען, פון וועלכער כורש איז ארויסגעקומען. ער איז תיכף אויסגעוועהלט געווארען דורך זיינע קאלעגען צו פארנעמען דעם לעדיגען טראן. זיין ערשטע האנדלונג איז געווען צו פארשטארקען זיין פאזיציע דורך דער הייראט מיט אטאסא, די טאכטער פון כורש. כדי ער זאל קריגען די פולקומע הערשאפט איבער דער גאנצער פערסישער אימפעריע האט זיך פון איהם געפאדערט גרעסערע פעהיגקייט, ווי פון איהר באגרינדער, ווארים עס זיינען אויפ־געשטאנען דעמאלט אסך קרוין־פרעטענדענטען, און גוימאטא׳ס טויט איז געווען דער סיגנאל פאר אן אויפשטאנד אין פיעל טיילען פון דער אימפע־ריע. אין שושיאנא האט א געוויסער אטרינא אנגעפיהרט אן אויפשטאנד, וואס איז שנעל אונטערדריקט געווארען, אבער באלד איז אין דערזעלבי־גער פראווינץ ארויסגעבראכען אן אנדער אויפשטאנד. א שטארקערע מרידה האט געפלאקערט אין באבילאניען אונטער דער פיהרערשאפט פון נידינטובעל, וועלכער האט אנגענומען דעם פאפולערען טיטעל נבוכדראצר דער דריטער. בעת דריוש איז פערזענליך געווען פארנומען מיט׳ן אונטערווארפען די בא־בילאניער, איז אויפגעשטאנען צווישען די מעדער, איינער א פראארטעס, וועלכער האט אנגענומען דעם היסטארישען נאמען פון קיאקסארעס. ביידע פיהרער האבען געהאט א גרויסע צאהל אנהענגער. אין זומער פון יאהר 520 איז בבל ערא בערט געווארען פון דריוש׳ן, און ער האט דאן געקאנט פערזענליך זיך אפגעבען מיט׳ן אנטערווארפען די מעדער. די באבילאניער האבען באלד ווידער מורד געווען אונטער דער פיהרערשאפט פון אן אנדער, פרעטענדענט, וועלכער האט זיך אויך א נאמען געגעבען נבוכדראצר דער דריי־טער. אין דער דאזיגער פעריאדע פון מהומות און צעמישונג האבען פיעל פון די ווייטע פראווינצען אויסגענוצט די געלעגענהייט ארויפצואווארפען פון זיך דעם פערסישען יאך. אין אזא פארפלאנטערטער לאגע האט ניט אויסגע־וויזען, אז דער יונגער דריוש וועט סוף כל סוף האבען ערפאלג. עס איז געווען זעהר צווייפעלהאפט, צי די פערסישע אימפעריע, וועלכע איז געווען צונויפגעשטעלט פון פארשידענארטיגע עלעמענטען און וועלכע איז ניט גע־ווען אין גאנצען ארגאניזירט, וועט קאנען ווייטער אויפגעהאלטען ווערען. ערשט אין פריהלינג פון יאהר 519 איז עס קלאר געווארען, אז דריוש האט באהערשט די סיטואציע.

עס איז ניט געווען בלויז א צופאל וואס די נביאים חגי און זכריה זיינען אויפגעטראטען מיט זייערע אויפמונטערונגען און פאראויסזאגונגען אין הערבסט פון יאהר 520, ווען יעדע בשורה וואס איז געקומען פון מזרח האט דערצעהלט פון א נייעם אויפשטאנד און פון א גרעסערער פאליטישער מהומה, אזוי אז עס האט זיך געדוכט, אז די פערסישע אימפעריע האלט אט אט ביים צעריסען ווערען אויף פיצלער. כמעט יעדע נבואה פון פריהערינע צייטען, וועלכע האט זיך דערהאלטען, איז ארויסגערופען דורך עפעס א פאליטישען אדער א סאציאלען קריזיס. די נבואות פון חגי און זכריה זיינען אין דעם פרט קיין אויסנאם ניט. מעהר ווי צוויי הונדערט יאהר איז דאס פאליטישע לעבען פון יהודה באשטימט געווארען דורך דער השפעה וואס איז געקומען פון יענער זייט פרת. א גרויסער טייל פון דער אידישער נאציאן האט זיך נאך געפונען אין דעם טאל פון די גרויסע טייכען. עס וואלט באמת געווען א געוואלדיגער חידוש, אויב די אנגעשטרענגטע געפיהלען פון דער געמיינדע אין ארץ ישראל וואלטען ניט שטארק באריהרט געווארען פון די מעכטיגע קאנוואולסיעס, וועלכע האבען דעמאלט צעטרייסעלט די וועלט.

ניט ווייניג אפשפיגלונגען פון די דאזיגע גרויסע וועלט־באוועגונגען געפינען זיך אין די נבואות פון חגי און זכריה. חגי, צום ביישפיל, דערקלערט, אז יהוה וועט באלד צעטרייסלען דעם הימעל און די ערד און דעם ים און די טריקעניש און די פעלקער (ב 6—9). אין א צווייטער שליחות ווידערהוילט ער דעם געדאנק און לענט צו, אז „יהוה וועט איבערקערען דעם טראן פון מלוכות און וועט פארטיליגן די שטארקייט פון די מלוכות פון די פעלקער; און ער וועט איבערקערען דעם רייטוואגען און זיינע רייטערס; און פערד און זייערע רייטערס וועלען ארונטערנידערען איטליכער דורך דעם שווערד פון זיין ברודער“ (ב 22). מ׳קאן זיך ניט פארשטעלען קיין לעבעדיגערע אפשפיגלונג פון די איינדרוקען, וועלכע די רעוואלוציאנערע כוואליעס וואס האבען זיך געטראגען איבער דער פערסישער אימפעריע האבען געמאכט אויף דעם גייסט פון דעם נביא. אויך חגי׳ס קאלעגע, זכריה, קוקט ווייטער פון די גרעניצען פון יהודה, כדי צו לייענען דארטען איהר גורל. דער מלאך, וועלכער ניט זיין שליחות איבער, קומט פון ארומגעהן איבער דער ערד (א 11). זכריה זעהט ששין די פיער שמידען, וועלכע זיינען געקומען צו צעברעכען די הערנער פון די פעלקער, וואס האבען צעשפרייט יהודה (ב 1—4). זיינע דערמונטערונגען צו די אידען פון בבל, אז זיי זאלען שנעל [illegible], גיבען אן [illegible]. אז ער האט באטראכט דעם מאמענט

פאר אויסערגעוועהנליך ווינציגע (ב 11). אין קאפ. ו 1—8 ציהט דער נביא די אויפמערקזאמקייט צו די גרויסע פאליטישע באוועגונגען, וועלכע האבען דעמאלט אויפגערודערט די וועלט.

די איבערראשענדע געשעהענישען, וועלכע זיינען פארגעקומען נאהענט צום צענטער פון דער פערסישער אימפעריע, האבען בלי ספק אויך אויפגעוועקט די צוהערער פון די נביאים. די אפגעלאזענקייט, וועלכע האט פאראליזירט די ארימע אידישע געמיינדע איז סוף־כל־סוף געווען געבראכען. עס האט אויסגעוויזען, אז א נייע עפאכע האלט זיך ביים עפענען. א שלעכט געוויסען און א טריקעניש, וועלכע די אידען האבען אלעמאל באטראכט אלס א קלארען באווייז פון יהוה׳ס צארן (זעה עמוס ד 4—11; מלכים א י״ח), האבען שוין אויפגעוועקט דאס געוויסען פון די מעהר נאכדענקענדע (חגי א 6, 9־11; ב 16, 17). די באדינגונגען זיינען סוף־כל־סוף געווען רייף צו בויען דעם בית־המקדש. אלץ וואס מ׳האט באדארפט איז געווען איינעם וואס זאל נעמען די איניציאטיווע. דאס דעגענערירטע הויז פון דוד, מיט דער אויסנאם פון יאשיהו, האט ארויסגעוויזען וועניג ענערגיע אין די שפעטערע טעג פון דער מלוכה פון יהודה און נאך ווייניגער רעליגיעזע איבערגעבענקייט. ששבצר און זרובבל באווייזען ניט מיט קיין זאך, אז זיי זיינען געווען אן אויסנאם. דער איינציגער גרונט פאר וואס די אויגען פון די מעהר אמביציעזע אידען זיינען געווען געריכטעט אויף זרובבל, איז געווען דער פאקט וואס ער איז געווען דער געזעצליכער יורש פון דעם טראן אין יהודה. די גרויסע אויפטואונגען פון דער פארגאנגענהייט זיינען דורכגעפיהרט געווארען אויף דער אנרעגונג פון די נביאים, און עס האט זיך זעהר געפאסט, אז אן ערנסטער נביא פון יהוה זאל אויך איצט אויפוועקען דאס פאלק און זיינע פיהרער.

חגי האט זעהר קלוג אויסגעקליבען פאר זיין אפיעל דעם ערשטען טאג פון זעקסטען חודש (אין יאהר 520 פאר דער קריסטליכער ערא), ווען דאס פאלק איז געווען פארזאמעלט צו פייערען ראש חודש. מ׳געפינט ניט אין חגי׳ס נבואות די ליטעראַרישע שענקייט און אריגינאליטעט פון זיינע פארגעהער; אבער זיי צייכענען זיך אויס מיט א געוויסער דירעקטקייט און פראקטישקייט, צוגעפאסט צו א סיטואציע, וואס האט געפאדערט ניט מליצות, נאר מעשים. ווען ער איז צום ערשטען מאל געשטאנען פאר דעם פארזאמעלטען פאלק איז זיין שליחות געווען: „זרובבל דער גובערנאטאר און יהושע דער כהן גדול, די פיהרער פון דער אידישער געמיינדע, הערט זיך

ניט צו צו די ווערטער פון אט דעם נידערגעדריקטען און אפגעלאזענעם פאלק. ווען זיי זאגען: די צייט איז נאך ניט געקומען צו בויען גאט'ס הויז. באטראכט נאר, מענער פון יהודה, צי דאס איז ריכטיג פון אייך צו געניסען פון אייערע באקוועמע היימען בעת דאס הויז פון יהוה ליגט אין חורבות. קלערט נאך און איהר וועט איינזעהן, אז יהוה האט עס געשיקט צו אייך דאס שלעכטע גערעטעניש און די שלעכטע צייטען צו ווייזען זיין אומצופרידענקייט מיט אייער אויפפיהרונג און אייך אויפצואוועקען צו מעשים. זיין באפעהל צו אייך איז: שטייגט ארויף אויפ'ן בארג און ברייגנט האלץ און בויט דעם בית־המקדש לויט אייערע מיטלען, און איהר מעגט זיכער זיין, אז איך וועל דערמיט צופרידען זיין און וועל זיין געעהרט דורך דער טרייקייט פון מיין פאלק" (חגי א 2—8).

דאס פאלק האט זיך תיכף און הארציג אפגערופען. דעם 24טען טאג פון דעם זעקסטען הודש האט זיך די ארבייט אנגעהויבען. חגי, וועלכער איז געווען דער באוועגענדער גייסט אין דער גאנצער ארבייט, האט באלד פארזיכערט דעם פאלק: „ווייל איהר האט געפאלגט יהוה'ס באפעהל, איז ער מיט אייך אין אייערע אונטערנעמונגען" (א 13). א חודש שפעטער, ווען דאס פאלק האט געוויזען צייכענס פון מוטלאזיגקייט, האט ער זיי איבערגעגעבען אום סוכות אן אנדער שליחות: „ווער פון אייך, וועלכער האט געזעהן דעם ערשטען בית־המקדש אין זיין גלאנץ, מאכט אוועק מיט דער האנט אט דעם באשיידענעם בנין וואס מיר האלטען אין בויען? זייט מוטיג, איהר פיהרער פון פאלק! יהוה, וועלכער האט ארויסגעפיהרט אייערע אורעלטערן פון מצרים און האט געשלאסען א בונד צו זארגען פאר אייך, איז נאך צווישען אייך. אט באלד וועט ער איבערקערען די באשטעהענדיגע פאליטיישע צושטענדען. די היידנישע פעלקער, וועלכע אונטערדריקען אייך איצט, וועלען קומען צו אייך, ברייגנענדיג זייערע אוצרות צו באשענען אט דעם באשיידענעם בנין, אזוי אז זיין גלאנץ וועט פיעל אריבערשטייגען דעם גלאנץ פון דעם ערשטען בית־המקדש. דעמאלט וועט יהוה, אנשטאט דער איצטיגער צעריסענקייט, געבען פרידען צו דער דאזיגער שטאדט" (ב 3—9).

עס איז געווען אין קומענדיגען חודש, אז זכריה איז צום ערשטען מאל ערשינען פאר דעם פאלק, מעגליך ביי אן אנדער מאמענט פון נידערגעשלאגענקייט. רופענדיג זיי צו טאן זייער פליכט, פארזיכערענדיג זיי גאט'ס הילף און פארשטארקענדיג זיינע ווערטער מיט באקאנטע לעהרען און אילוסטראציעס גענומען פון די שריפטען פון די פריהערדיגע נביאים און פון די איבער־

לעבונגען פון דעם אידישען פאלק אין די אמאליגע צייטען (א 1—6). אונטער דער באגייסטערונג פון די דאזיגע צוויי נביאים האט די צוגרייטונג פאר דער אויפבויאונג פון בית־המקדש לאנגזאם פראגרעסירט, ביז דער פונדאמענט איז געלעגט געווארען, אין דעם נײַנטען חודש אין יאהר 520 (עזרא ה 2; חגי ב 18). אין אשור און בבל פלעגט אזא צערעמאניע זיין א גרויסער יום־טוב. עס איז אן אינטערעסאנטע פראגע, צי די אידען האבען נאכגעמאכט זייערע פריהערדיגע הארען אזוי ווייט צו מאכען אויפ'ן ווינקעלשטיין אויפשריפטען, באשרייבענדיג די ארבייט און פאראייביגענדיג די נעמען פון זרובבל און יהושע. חגי האט על־כל־פנים אויסגענוצט די געלעגענהייט צו האלטען נאך צוויי רעדעס. די ערשטע רעדע איז געווען אדרעסירט צום פאלק. זיך ווענדענדיג צו מאנכע כהנים, האט ער געפרעגט: „ווען די פאלע פון א ראק פון איינעם פון אייך, אין וועלכער עס ווערט געטראגען הייליג פלייש, ריהרט אן געוועהנליכע שפייזען, וועלען זיי ווערען הייליג?" נאטירליך האבען זיי געענטפערט, „ניין". „אדער אויב איינער, וועלכער איז טמא דורך באריהרונג מיט א טויטען קערפער, וועט אנריהרען אט די שפייזען, וועלען זיי טמא ווערען?" אז די כהנים האבען געענטפערט, „יא", האט ער דאן אילוסטרירט: „אט אזוי איז דאס דאזיגע פאלק טמא הן אין זייערע מעשים און הן אין זייערע קרבנות, פארדארבען ווי זיי זיינען געווען דורך זייער אייגעננוציגקייט און ניט געהייליגט דורך קיין אמת'ן קרבן. דורך אומגערעטעניש, טריקעניש און האגעל האט יהוה גע־זוכט איינצוקריצען דעם אמת אין אייער הארץ. אבער איצט, אז דער פונדא־מענט פון בית־המקדש איז געלעגט, איז אלץ געענדערט. פון איצט אן וועט ער אייך בענטשען מיט שפע. און בנוגע צו דיר, זרובבל, דערקלערט יהוה, אז אין דער קומענדיגער איבערקערעניש פון די היידנישע פעלקער האט ער דיך אויסגעקליבען צו טאן א ספעציעלען דינסט פאר איהם, און דעריבער וועט ער דיך האלטען און באשיצען פונקט ווי א קעניג האלט טייער זיין זיגעל־רינג" (ב 6—23).

## 4.

## די האפענונגען און אנטוישונגען פון די בויער פון בית־המקדש.

קיין רעדעס פון חגי האבען מיר מעהר ניט, אבער צוויי חדשים נאכדעם ווי עס איז געלעגט געווארען דער פונדאמענט פון בית־המקדש האט זכריה געגעבען א סעריע זעהונגען, אדער, ריכטיגער, אלעגאריעס, וועלכע האבען

באצוועקט אויפצואוועקען האפענונגען אין די הערצער פון פאלק. כאטש ביידע נביאים זיינען אויסען געוועזן איין זאך, זיינען אבער זייערע מעטאדען פון באלעהרען דאס פאלק געוועזן זעהר פארשידען. דער אונטערשייד קאן צום טייל דערקלערט ווערען דורך דעם פאקט, וואס בעת חגי איז געוועזן אן איינפאכער איד (חגי ב 11), איז זכריה געוועזן א כהן לויט געבורט. פון דעם כראניקער ווייזט אויס, אז אין דער צייט פון דעם כהן גדול יהושע איז ער געשטאנען בראש פון דער כהנים־מישפחה (נחמיה י"ב 4, 16). אין זיין ערשטער רעדע, מיט וועלכער ער הייבט אן זיינע נבואות, ווייזט ער ארויס דעם יראת־הכבוד פאר דער פארגאנגענהייט און דער ליטעראטור פון זיין פאלק, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר כהנים. פונקט ווי יחזקאל, צו וועמען ער איז עהנליך אין אזוי פיעל פרטים, איז ער געוועזן א נביא לויט גייסט און ציל. אבער בנוגע צו דער פארם, אין וועלכער ער גיט זיין שליחות איבער, ווייזט ער ארויס זיין פריסטערליכע ערציהונג. נאכטועגדיג דעם ביישפיל פון דעם כהן־נביא פון גלות, האט ער פארגעצויגען זיך אויסצודריקען דורך טונקעלע סימבאלישע בילדער איידער דורך פשוט'ע באהויפטונגען. עס קאן גרייליך זיין, אז אויך די מורא טאמער וועט מען איהם פאר'מסר'ען ביי'ם פערסישען סאטראפ האט איהם באאיינפלוסט אויסצודריקען זיינע געדאנקען אזוי, אז נאר אידען זאלען איהם פארשטעהן. עס איז זעהר וויכטיג וואס דער ראטום פון זיין ערשטער זעהונג שטימט מיט יענעם דאטום, אין וועלכען עס האב זיך צום ערשטען מאל איינגעגעבען דריויש'ן צו אונטערדריקען די שטארקערע מרידות, וועלכע האבען צעטרייסעלט די אימפעריע. דער מלאך, וועלכער האט גערעדט צו דעם נביא באריכטעט, אז „די גאנצע ערד זיצט שטיל און איז רוהיג" (א 11). די האפענונגען, אז די וועלט־מעכטען וועלען צוזאמענפאלען און אז עס וועט זיך באלד אנהייבען דאס משיח־קעניגטום, יענע האפענונגען וואס האבען געפונען אן אויסדרוק אין חגי'ס נבואות מיט פיער חדשים צוריק און וואס האבען געהאט באוועגט די אידישע געמיינדע צו טעטיגקייטען — האבען איצט אויסגעזעהן ווי צערונען. דאס פאלק האט געפיהלט, אז כאטש זיי האבען געטאן זייער טייל אין אנהייבען בויען דעם בית־המקדש, איז זיי אבער יהוה ניט בייגעשטאנען. ווארים די דערהייבונג פון ירושלים האט איצט אויסגעזעהן ווייטער ווי ווען ניט איז פריהער. זייער גלויבען און זייער ענערגיע זיינען דערום שוואך געווארען. מ'האט נויטיג געהאט א נייע שליחות פון א נביא.

אין זיין ערשטער זעהונג דערוויסט זיך זכריה דורך דעם מלאך'ס שלוחים, אז הגם די פעלקער זיינען רוהיג און עס זעהען זיך ניט אויפ'ן האריזאנט קיין צייכענס פאר א שנעלער באפרייאונג פון ירושלים, דאך איז יהוה'ס אינטערעס אין זיין געליבטער שטאדט ניט שוואכער געווארען. ער האט זיך שוין צוריקגעקערט צו מאכען זיין וואוינונג אין זיין ווידעראויפגע־בויטען בית־המקדש און ער וועט נאך ברייגנען טרייסט און גליק צו זיין לאנד (א 8—17). אין דער צווייטער זעהונג שילדערט דער נביא, אין זיין אלעגאריע פון די פיער שמידען, ווי זיי וועלען פארטיליגען די פעלקער, וועלכע האבען צעשפרייט יהודה (ב 1—4). אין דער פאלגענדער זעהונג זעהט ער ווי איינער קומט ארויס אויסמעסטען ירושלים מיט דער כונה זי איבערצובויען אויף איהרע אלטע יסודות. באלד אונטערברעכט איהם א מלאך מיט דער פרעהליכער בשורה, אז אזוי גרויס וועט זיין די באפעלקערונג פון ירושלים, אז קיין מויערן וועלען זי ניט ארומרינגלען, נאר אנשטאט דעם וועט יהוה גופא זיין א מויער פון פייער ארום איהר און א גלאנץ אין איהר. מ'דארף ניט קיין פיעל פאנטאזיע צו הערען די ביטערע קלאגע אין דעם פאלק פארוואס זייער שטאדט איז נאך אהן א מויער און איז קענטיג פארנאכ־לעסיגט. אלס אמת'ער נביא, וואס ער איז געווען, האט ער זיי געמאכט א פארוואורף פארוואס זייערע דערווארטונגען פון יהוה זיינען געווען ענגע און מאטעריעלע; ער האט ווייטער אויפגעמונטערט די אידען פון באבילאניען צו אנטלויפען פון דער אויפגעשטאנענער שטאדט, וועלכע יהוה האט פאר־משפט צום אונטערגאנג, און צו זוכען א היים אין ציון, וועלכע איז איצט געבענטשט און באהיט דורך גאט'ס אנוועזענהייט און וועלכע איז באשטימט צו ווערען דער צענטער פון זיין אל־וועלטליכער מלוכה.

ווען זכריה האט אויפמערקזאם באטראכט דעם מצב אין ירושלים, האט ער דאן געזעהן פאר זיינע גייסטיגע אויגען ווי יהושע דער כהן גדול שטעהט פאר דעם מלאך פון יהוה און דער שטן שטעהט נעבען איהם און באשולדיגט איהם מיט די זינד פון דער כהונה און פון דער געמיינדע, וועלכע ער האט רעפרעזענטירט. דאן האט דער נביא געהערט ווי יהוה האט פארגעבען יהושע'ן די זינד, מיט וועלכע ער איז באשמוצט געווען, און האט איהם באַ־שטימט אלס הויפט פון זיין בית־המקדש, מיט דעם תנאי אויב ער וועט זיין געטריי צו זיין אויפגאבע. די פייערליכע הייליגונג און איינזעצונג פון דער פריסטערליכער פאמיליע ווערען אין דעם נביא'ס זעהונג באגלייט פון א ווידערהוילטער הבטחה, אז עס וועלען פארגעבען ווערען די זינד פון

דעם פאָלק, אַז יהוה וועט ווייטער זאָרגען פאַר דער עבודה פון זיין היילינג־טום און אַז באַלד וועט קומען זיין משיח־קנעכט, וועמען ירמיה האָט באַצייכענט אלס „דער שפּראָצלינג" („צמח", ירמיה כ"ג 5). די נעכסטע זעהונג שטעהט אויך אין נאָהענטער פאַרבינדונג מיט דער איינאָרדנונג פון דער עבודה אין בית־המקדש; וואָרים איהר הויפּט־סימבאָל איז די מנורה, וועלכע שטעלט פאַר דעם ווידעראויפגעבויטען בית־המקדש און זיין גאָט'ס־דינסט, געשטיצט דורך די צוויי געזאַלבטע, זרובבל און יהושע, די קעפּ פון דער ציווילער און רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע.

אין זיין לעצטער זעהונג קערט דער נביא זיך ווידער אום צו באַטראַכטען דעם פּאָליטישען אויסקוק. אין זיין פאַנטאַזיע זעהט ער ווי יהוה'ס שלוחים פון נקמה געהען ארויס צו צפון, געגען בבל און פּרס, און צו דרום, געגען אדום און עגיפּטען, צו פאַרניכטען די וועלט־מעכטען, וועלכע שטערען די פאַרווירקליכונג פון זיין, יהוה'ס, פּלאַן. די פּרטים פון דעם דאָזיגען וועלט־משפּט זיינען אומבאַשטימט. דער אַלטער קריגערישער גייסט פון דעם פאָלק איז פאַרשוואונדען. דער נביא איז א מאַן פון פרידען. דער צענטראַלער אמת וואָס ער פּראָקלאַמירט איז, אַז יהוה הערשט אין די ענינים פון די מענשען און אַז ער וועט אין זיין אייגענעם וועג אונטערדריקען די רשעים און פאַרטיידיגען די גערעכטע. חגי און זכריה האָבען קענטיג געהאָפּט צו זעהן מיט זייערע אייגענע אויגען די דערהייבונג פון דעם אידישען פאָלק. די אַטמאָספערע איז געווען אָנגעזאָפּט מיט דערוואַרטונג. נאַציאָנען זיינען אויפגעקומען און געפאַלען כמעט אין א טאָג. דער פאַקט אליין וואָס מ'האָט די אידען געלאָזען אנהייבען בויען זייער בית־המקדש האָט אויסגעזעהן ווי א וואונדער. עס איז דעריבער געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז זיי זאָלען עס באַטראַכטען אלס אַן אויפגאַב פאַר נאָך מעהר גרויסקייט און גלאַנץ. די דאָזיגע האָפענונג האָט געפונען אַן אויסדרוק אין א באַפעהל וואָס איז געקומען צו זכריה'ן, וואהרשיינליך גלייך נאָך דער לעצטער זעהונג. צום באַדויערען איז דער טעקסט געענדערט געוואָרען דורך שפּעטערע רעדאַקטאָרען. די הויפּט־געדאַנקען זיינען אָבער דאָך קלאָר. ער איז באַפוילען געוואָרען צו מאַכען, פון דעם גאָלד און זילבער וואָס איז געשיקט געוואָרען פון די באַבילאָנישע אידען, א קרוין און זי ארויפצוטאָן אויף זרובבל'ס קאָפּ. די באַדייטונג פון דער האַנדלונג איז, אין דעם ליכט פון דעם אַלטען אידישען מנהג, געווען קלאָר. און דעם נביא'ס ווערטער האָבען באַזייטיגט יעדען ספק: „דער בויער פון יהוה'ס בית־המקדש זאָל טראָגען דעם גלאַנץ און

זיצען און הערשען אויף זיין טראָן; און ביי זיין רעכטער האַנט זאָל זיין א כהן (יהושע), און אַן עצה פון פרידען וועט זיין צווישען ביידען". זיין שליחות וואַרפט אויך אסך ליכט אויף די האָפענונגען וואָס האָבען געלעבט אין די הערצער פון די אידען, צו וועמען ער האָט גערעדט. עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז זיי זאָלען גאַרען נאָך פּאָליטישער פרייהייט. אנדערע פעלקער האָט פאַר א געוויסער צייט זיך איינגעגעבען אראָפּ־צוואַרפען דעם יאָך פון פּערסיען און אַרויפצוטאָן די קרוין אויף פּרינצען פון זייער אייגען בלוט. יהוה איז געווען אַלמעכטיג. זיין פאָלק איז געווען אָפּגעקומען פאַר די זינד, וועלכע האָבען אַראָפּגעזעצט פון טראָן דאָס הויז פון דוד. איצט האָבען זיי באמת געטאָן יהוה'ס ווילען. פון זייער שטאַנד־פונקט האָט מען דערפאַר געקאָנט דערוואַרטען אומאָפּהענגיגקייט אונטער זרובבל, דעם געזעצליכען יורש פון דעם טראָן פון יהודה.

עס איז געווען צום גליק פון פאָלק, וואָס זיי האָבען, אונטער דער השפעה פון זכריה'ס פרידליכען גייסט, געלאָזען די ערפילונג פון זייערע האָ־פענונגען צו יהוה, ווארים די צוקונפט האָט זיי ניט געבראַכט קיין אומאָפּ־הענגיגקייט אונטער זייער געזעצליכען טראָן־יורש. וואָס איז שייך די פּרטים פון זייער אנטווישונג קענען מיר ניט מעהר ווי מאַכען השערות; מיר וויסען בלויז דעם פאַקט, אַז אין דעם מאָמענט ווען די קרוין איז געהאַלטען געוואָרען איבער זרובבל'ס קאָפּ, איז ער, און מיט איהם דוד'ס פאַמיליע, פאַרשוואונ־דען אויף תמיד פון עפענטליכען לעבען. שפּעטער, ווען די פראַגמענטאַ־רישע דאָקומענטען וואַרפען ווידער זייער צאַנקענדיג ליכט אויף דער אידי־שער געמיינדע, האָבען די כהנים גדולים, וועלכע האָבען געשטאַמט פון יהושע בן־יהוצדק, פאַראייניגט אין זייער האַנט די גאַנצע ציווילע ווי אויך די גייסט־ליכע מאַכט וואָס די געמיינדע אין יהודה האָט פאַרמאָגט.

דער אראַמעאישער דאָקומענט וואָס דער כראָניקער ציטירט איז א השלמה צו די פאַקטען וואָס מיר ערפאַהרען פון זכריה. ווען די ארבייט פון בויען דעם בית־המקדש איז געווען אַזוי ווייט פאַרגרעסירט, אַז מ'האָט געהאַלטען אין לעגען דאָס בויהאָלץ אויפ'ן פונדאַמענט (עזרא ה 8), דאָס הייסט בכן מעהרערע וואָכען, אויב ניט חדשים, נאָכ'ן לעגען דעם גרונט־שטיין, האָבען תתני, דער פערסישער סאַטראַפּ פון דער פּראָווינץ אויף דער אנדערער זייט פרת, מיט זיינע באַאַמטע באַזוכט ירושלים אויף זייער רייזע אַכטונג צו געבען אויף דאָס לאַנד. בלי ספק איז די סיבה פון זייער פאַר־מעלען באַזוך געווען א רעפּאָרט פון דער אומגעוועהנליכער טעטיגקייט פון

דער אידישער געמיינדע. די אימפעריע איז נאר וואס געווען צעריסען דורך אזויפיעל אויפשטאנדען, אז אויף יעדער אומגעוועהנליכער האנדלונג האט מען געקוקט מיט גרוים חשד. אין פארלויף פון דער חקירה־ודרישה האבען די אידישע פארשטעהער גע׳טענה׳ט, אז זיי בויען בלויז ווידער אויף דאס אלטע היילינטום און אז זייער האנדלונג איז אין פולען איינקלאנג מיט אן עלטערען דעקרעט פון כורש׳ן, וואס האט ערלויבט דאס צו טאן. זיי האבען פארגעשלאגען, אז מ׳זאל נאכזוכען די קעניגליכע ארכיוען, כדי דער אמת פון זייערע רייד זאל באשטעטיגט ווערען. צום גליק איז דריוש דער ערשטער, לויט ווי עס ווייזען זיינע אויפשריפטען וואס זיינען אנטדעקט געווארען אין עגיפטען און אין קליין אזיען, געווען גענייגט, פונקט ווי כורש, צו באשיצען די טעמפלען פון די פעלקער, איבער וועלכע ער האט געהערשט. עס קאן גרייליך זיין, אז וויסענדיג אט דעם פאקט האט דער סאטראפ ניט געשטערט די ארבייט אין ירושלים ביז ער האט ניט געקראגען אינסטרוקציעס פון דעם גרויסען קעניג. די אנוועזענהייט פון דעם סאטראפ און דער וואלקען פון חשד וואס איז געלעגען אויף דער אידישער געמיינדע ביז זייער טענה איז באשטעטיגט געווארען דורך כורש׳עס דעקרעט וואס איז אנטדעקט געווארען אין עקבאטאנא, איז געווען גענוג צו צעטרייבען די נעהיימע האפענונגען וועגען דערהייבען זרובבל׳ען צום אומאפהענגיגען קעניג. אויב דער תוך פון חגי׳ס און זכריה׳ס רעדעס איז באקאנט געווארען צו די פערסישע באאמטע, דאן האט מען בלי ספק גלייך געזעהן אראפצוזעצען זרובבל׳ען פון זיין שטעלע אלס גובערנאטאר. פון זכריה׳ס פריהיגע נביאות, אז זרובבל׳ען וועט זיין ערלויבט צו נעמען אן אנטהייל אין דער פארענדיגונג פון דעם בית־המקדש (ד 9), קאן מען זיך אנשטויסען, אז זיין אמט איז ניט געווען צו זיכער. אז זיין אויטאריטעט איז געווען שוואך, זעהט מען באשיינפערליך פון דעם נביא׳ס רייד (ד 6, 7). אויב ניט גלייך אויפ׳ן שטעל, ודאי וואהרשיינליך אין דער אלגעמיינער נייער ארגאניזירונג פון דער אימפעריע, וועלכע דריוש האט באלד דורכגעפיהרט, איז די פאמיליע פון דוד איז גאנצען באזייטיגט געווארען.

כאטש די וועלטליכע האפענונגען פון די אידען זיינען ניט ערפילט געווארען, האט מען זיי אבער ערלויבט צו פארענדיגען אומגעשטערט זייער בית־המקדש. עס איז כדאי צו באמערקען, אז אין זכריה׳ס לעצטע רעדעס, פון שפעטערען טייל פון יאהר 518, פארשווינדען די פאנטאסטישע בילדער און אלע באציהונגען צו זרובבל און צו א וועלטליכען קעניגטום. זייער פלאץ

פארנעמען פשוט'ע מוסר־רייד און הבטחות פון אן אל־וועלטליכער מלוכה פון גאט (ז ; ח). דער בית־המקדש איז קענטיג געווען אויף אזויפיעל פאר־טיג, אז מ'האט שוין איינגעשטעלט א טייל פון דער עבודה. דער דאזיגער פאקט האט ארויפגעבראכט די נאטירליכע פראגע, צי מ'זאל נאך האלטען דעם תענית פון פינפטען חודש, אלס ערינערונג אן דעם חורבן פון ירושלים און פון בית־המקדש. די פראגע איז פארמעל געשטעלט געווארען צו די כהנים און די נביאים פון דער שטאדט דורך א דעפוטאציע, וואס איז געקו־מען צום באזוך. זכריה האט געענטפערט אויף דער פראגע אין דעם אמת'ען גייסט פון א נביא גיכער ווי אין דעם גייסט פון א כהן. ער האט זיי גע־פרעגט וואס עס זיינען געווען די מאטיווען פון די תעניתים, וועלכע מ'האט נעהאלטען אין גלות. איז עס געווען צו דינען יהוה אדער צו באפרידיגען זייערע אייגענע פארלאנגען? אויב צוליב דער לעצטער סיבה, דאן וואס גיכער עס וועלען אויפהערען די זעלבסטזיכטיגע פארמאליטעטען אלץ בע־סער. איצט ווען די ווידעראויפגעלעבטע געמיינדע איז אריינגעטראטען אין א נייעם לעבען, איז די אמת'ע פראגע געווען : מעגען די אידען אויסמיידען די טעותים פון דער אמאליגער אידישער מלוכה און ברייננגען צו גאט ניט פוסטע פארמאליטעטען, נאר מעשים פון גוטסקייט, יושר און רחמנות, וועלכע שטעלען פאר די פאדערונגען פון דער אורשפרינגליכער לעהרע פון די נביאים? זייער צוקונפט איז געלעגען אין זייערע אייגענע הענט און איז אפגעהאנגען פון זייער הנהגה. די פונדאמענטען זיינען שוין געלעגט גע־ווארען פאר א גלענצענדער מדינה. יהוה איז געווען גרייט מיטצואווירקען אומעטום. אויב זיי וועלען זיך נאר ארויסווייזען טריי צו זייער געלעגענ־הייט, וועלען זייערע גרעסטע האפענונגען נאך מעהר ווי מקוים ווערען. צו דער געפייניגטער ירושלים וועט סוף־כל־סוף קומען פרידען, אזוי אז מענער און פרויען וועלען דערלעבען צו א הויכען עלטער. די טרויעריגע תעניתים פון דער פארגאנגענהייט וועלען ווערען פרעהליכע ימים־טובים. דער עיקר אבער, דער טאג האלט שוין אין קומען ווען אסך פעלקער און מעכטיגע נא־ציאנען וועלען עולה־רגל זיין קיין ירושלים צו דינען יהוה. דאן וועלען די גויים זוכען נייגיריג דעם פאראכטעטען אידען כדי צו לערנען פון איהם ווע־גען דעם אמת'ען גאט.

לויט דעם כראניקער איז דער בית־המקדש אין גאנצען פארטיג געווא־רען דעם דריטען טאג אין אדר פון יאהר 516 (פאר דער קריסטליכער ערא). בלי ספק איז דער חנוכת הבית געפייערט געווארען דורך קרבנות און דורך פא־

סענדע צערעמאָניעס. דער יום־טוב האָט געמוזט ארויסרופען ליב־געזאַנ־ געז, וואָס מאנכע פון זיי האָבען וואהרשיינליך זיך דערהאַלטען אין תהלים. קאפ. מ"ז דריקט אוים די געהויבענע שמחה וואָס די קליינע געמיינדע האָט געפיהלט ווען איהר אַרבייט איז פאַרטיג געוואָרען. זייער געפיהל, פונקט ווי זכריה'ס געפיהל אין דער דאָזיגער צייט, האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם קופּלעט (פסוק 2):

„גאָט קיניגט איבער די פעלקער,
גאָט זיצט אויף זיין הייליגען טראָן."

די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער ווידעראויפבויאונג פון בית־המקדש קאָן ניט צו הויך אָפּגעשאַצט ווערען. דאָס יודענטום האָט ווידער געהאַט א היים. דער געדאַנק, אַזוי אָפּט אויסגעדריקט אין זכריה'ס נבואות, אַז יהוה איז ווידער געקומען וואוינען צווישען זיי, איז געווען א קוואל פון פריד און האָפענונג ניט בלויז פאַר די אידען פון יהודה, נאָר אויך פאַר אַלע מיט־ גלידער פון דעם אידישען פאָלק, וואו נאָר זיי האָבען זיך געפונען. איצט ווען מ'האָט מקריב געווען טעגליכע קרבנות פאַר זייער נאַציאָן, האָבען זיי געפיהלט מיט א דערלייכטערונג, אַז די לאַסט פון דעם פאָלק'ס זינד, וואָס האָט זיי געדריקט, איז סוף־כל־סוף אַראָפּגענומען געוואָרען פון זיי. ווידער האָבען זיי געקאָנט אויפהייבען זייערע קעפּ אין דער אַנוועזענהייט פון די פעלקער. דער בית־המקדש האָט זיך אויך ארויסגעוויזען צו זיין א שטאַרקער באַנד, וואָס האָט אויפגעהאַלטען לעבעדיג אין האַרץ פון יעדען אידען דעם זין פון דער אחדות פון פאָלק, צוזאַמענבינדענדיג אויף דעם אופן אין אַן איינהייט אַלע צעשפּרייטע מיטגלידער פון דער נאַציאָן. דער בית־המקדש האָט אויך נעגעבען א באַשטימטע פאָרם צו זייער רעליגיעזער אַנטוויקלונג. דערהויבען העכער איבער אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, האָט דער בית־ המקדש און די עבודה אין איהם ארויסגערופען די אויפמערקזאַמקייט פון די פעהיגסטע אידישע גייסטער אין גלות, וואו די ריכטונג פון ריטואַליזם, וואָס איז אַזוי שטאַרק געוואָרען אין דער באַבילאָנישער פּעריאָדע, האָט איצט געהאַט די פולע ממשלה. דער פועל־יוצא איז געווען, אַז דאָס באַשיידענע הייליגטום, אויפגעבויט פון דער געדריקטער געמיינדע, האָט אין די אויגען פון די גלות־אידען פון אָנהויב אָן פאַרטונקעלט אין באַדייטונג דעם פרעכטיגע־ רען בית־המקדש פון שלמה'ן. מיט דער צייט האָבען די ארץ ישראל'דיגע אידען איבערגענומען פון די אידען פון גלות זייער געוואַלדיגען יראת־הכבוד פאַר דעם הייליגטום פון ירושלים, אַזוי אַז זיין פּרעסטיזש האָט פאַרטונקעלט אַלע אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס אין יהודה.

## ביבליאָגראַפיע.


Anneler, H., Zur Geschichte der Juden von Elephantine, 1912.

Duhm, B., Israel's Propheten, 1916.

Hoelscher, G., Die Profeten, 1914.

Jastrow, M., Hebrew and Babylonian Traditions, 1914.

Kautzsch, E., Abriss der Geschiche des alttestamentlichen Schrifttums, 1897.

Kent, Ch. F., A History of the Jewish People, 1914.

Kittel, R., Geschichte des Volkes Israel, 2te Auflage, II Band, 1912.

Koeberle, J., Der Prophet Jeremia, 1908.

Lehmann-Haupt, G. F., Israel, seine Entwicklung im Rahmen der Weltgeschichte, 1911.

McCurdy, J., History, Prophecy and the Monuments, 1914.

Meinhold, J., Sabbat und Woche, 1905.

Nagel, G., Der Zug des Sanherib, 1902.

Rogers, R. W., A History of Babylonia and Assyria, Vol. II, 1915.

Stade, B., Geschichte des Volkes Israel, Band I, 1887.

Stade, B., Biblische Theologie des Alten Testaments, Band I, 1905.

Steinthal, H., Zu Bibel und Religionsphilosophie (S. 16, Die Klagelieder Jeremiae), 1890.

Smith, H. P., Old Testament History, 1915.

Wellhausen, J., Israelitische und Judische Geschichte, 3te Ausgabe, 1897.

